# פון א ליטווישן שטעדטעל
# ביז'ן טענעמענט־הויז

ע ר צ ע ה ל ו נ ג ע ן

פ ו ן

## לעאָן קאָברין.

---

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1918

# אינהאַלטס פערצייכניס.

# אַ ליטווישׁ שטעדטעל.

(מיין אַלטע טאַטע־מאַמע געווידמעט).

---

.1

ערגעץ אין דער ליטא איז געלעגען דאָס קליין שטעדטעל ב... עס האָט געהאַט אַ בעפעלקערונג פון אַ פּאָר הונדערט הויז־געזינדען אידישע און פון אַ פּאָר צעהנדליג קריסטליכע; אַ מאַרק מיט קרעמלעך; אַן אַלטען, שוואַרצען פּוילישען קאָסטיאָל אין מיטען מאַרק; אַן אידישען אַפּטייקער, וועלכער וואָלט ביי די דאָרטיגע אידען פעררעכענט געווען אַלס גוי, ווען ער זאָל זיך ראש השנה און יום כפור אין דעם בית־המדרש ניט ווייזען; אַ אידישען לעהרער מיט זעהר אַ שעהנער כתב־יד, וועלכער האָט געלערענט „צוקען“ און „דריידלען“ אויף אידיש און רוסיש אַלע מיידלעך און בזוּרים פון'ם שטעדטעל פאַר 25 קאָפּיקעס אַ חודש; אַ רב — אָדער ווי מען האָט איהם דאָרט גערופען — אַ מ'צ; אַ פּאָר שוחטים; אַ מלוה — אַ וואָכערניק; אַ פּאָר בעלי־תפילה'ס; אַ באָד און עטליכע בתי־מדרשים, להבדיל. עס האָט אויך געהאַט אַן אורויאַדניק, אַ קיסר אין זיין מלוכה...

די דאָרטיגע אידען זיינען אַלע געווען „געשעפטס־לייט“, האָבען געצויגען זייער חיונה פון מסחור מיט'ן פּויער, געלעבט אַפילו זעהר אָרעם, אָבער מיט גרויס בטחון אין גאָט, ווי זייערע אור־עלטערען האָבען געלעבט. קיין גרעסערע חסדים ביי גאָט האָבען זיי ניט געבעטען ווי נור, אַז זייער אורויאַדניק זאָל אַ ווייך האַרץ האָבען און זאָל וועלען נעהמען... און גאָט איז טאַקע אַלע מאָל געווען אַן אל מלא רחמים. האָט ניט אָבגעטהאָן זיין חסד פון די דאָרטיגע אידען און זיי צוגעשיקט אורויאַדניקעס מיט ווייכע הערצער, און די דאָרטיגע אידען האָבען גע־

געבען מיט שמחה און געלויבט און געדאנקט זייער גאָט פאַר דעם חסד, און עס איז אַ וואויל לעבען ביי זיי געווען, אַ זיס, רוהיג לעבען!... מען האָט געגעסען ברויט מיט קרופּניק, אַמאָל פּערוויסטען און אַמאָל „פאַרעווען", אין מיטען וואָך, און אויף שבת און יום־טוב האָט גאָט אויך אַמאָל צוגעשיקט אַ שטיקעל פיש און אַ שטיקעלע פליישׁ.

די ווייבער פון די דאָרטיגע אידען זיינען קיין עקרות ניט געווען. די מאַנסבילען זיינען געווען היימישע, האָבען קיין קינדער זיי ניט געפעהלט, האָבען זיי „בן־זכר'ס" געפּראַוועט, „מזל־טוב'ס", און געשיקט די אינגלעך אין חדר אריין צו אַלט־פרענקישע מלמדים, וואו זיי האָבען אַ טראָפּען תורה און אַ סך שמיץ געכאַפּט, און פון'ם חדר אַוועק אויפ'ן מאַרק, צי אין די אַרומיגע דערפער, מסחור צו פיהרען...

די מיידלעך האָבען זיי אינ'ם שטוב געהאַלטען ביז צו דער חתונה. סיידען ווען מען איז שוין גאָר געווען געפאַלען, האָט מען דאָס מיידעל אין אַ גרויסע שטאָדט אוועקגעשיקט צו אַ שניידערין, די מלאכה צו לערנען, אַדער אַ שטעלע פון אַ דיענסט אַנצונעהמען.

בכלל אָבער האָבען זיך די דאָרטיגע אידען צופריעדען געלעבט, געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ גוטער גאָט, וואָס האָט געשפּייזט זייערע טאַטעס און זיידעס, וואָס שפּייזט די גאַנצע וועלט, וועט ער זיי אויך ניט פערלאָזען.

און האָט געדאַרפט אַ דאָרטיגער איד חתונה מאַכען זיינס אַ קינד, האָט גאָט געהאָלפען, צוגעשיקט איהם אויף דערויף, פיעל ער האָט געדאַרפט, דורך אַ וועקסעל, דורך אַ הלואה ביים וואָכערניק, און ס'רוב דורך נסים ממש. קורץ, קיין רוהיגערען און צופריעדענערען לעבען האָט מען זיך גאָר וויגשען ניט געדאַרפט...

די דאָזיגע רוהיגע צופריעדענקייט איז נור געשטערט געוואָרען, ווען אַ נייער אוריאַדניק איז אין דאָס שטעדטעל אָנגעקומען. דעמאָלט האָט אַ פּחד אָנגעכאַפּט די דאָרטיגע אידען. מיט איינמאָל האָבען זיי זיך צונויפגעקאָרטשעט, דעם רוקען איינגעבויגען, געטראָטען שטיל, גערעדט שטיל, אומגעקוקט זיך מיט שרעק אין די אויגען ווי געיאָגטע חיות, ביז ער האָט זיין ווייך האַרץ ניט געוויזען... דעמאָלט ערשט האָבען זיי דעם אָטהעם אָבגעכאַפּט, האָבען ווידער זייער רוקען

אויסגעגלייכט און געלעבט זיך ווייטער רוהיג און צופריעדען מיט דעם גרויסען בטחון אין'ם הארצען...

די דאָזיגע רוהיגקייט איז געשטערט געוואָרען אויך דאַן, ווען אימיצער איז אינ'ם שטעדטעל געשטאָרבען. דעמאָלט איז דאָס גאַנצע שטעדטעל צו דער לויה אַרויס, אייגענע און פרעמדע, פריינד און פיינד, און די גאַנצע לופט איז פערהילכט געווען פון ווייבערשע יללות און טענות. נאָך מעהר האָט דאָס שטעדטעל געקלאָגט, בעת מען האָט די דאָרטיגע בחורים צום „פריזיוו" גערופען. דעמאָלט זיינען די מאַמעס אויפ'ן בית־עולם געלאָפען, אין די קברים פון זייערע טויטע קרובים געקלאַפט און מיט פערצווייפעלטע קולות זיי געבעטען, צו ראַטעווען זייערע זיהן. איבער די גאַסען האָט זיך דעמאָלט אַ שרעקליכער יאָמער געטראָגען, אין די בתי־מדרשים האָט ער געהילכט, אין די הייזער...

אַ סך פון די דאָזיגע זיהן זיינען קאַליקעס געווען, מיט אויסגענאָסענע קעפּ, געבריכטע, הינקענדיגע, צוקרימטע, צוקריפּעלטע, שווינדזיכטיגע, זיי זיינען פערבראַקירט געוואָרען, „ריינע" אַרויס מיט „ווייסע בילעטען"...

און יענע בחורים, געזונדע און שטאַרקע, וואָס זיינען דיענען אוועק, — יענע, אַז זיי האָבען זיך דערנאָך צוריקגעקעהרט אין שטעדטעל פון'ם דיענסט, זיינען בעטראַכט געוואָרען פון די דאָרטיגע אידען אַלס מעהר „בראַק" ווי די פערבראַקירטע קאַליקעס, און זיי, די דאָרטיגע מאַמעס, האָבען אַ סך גערנער אויסגעגעבען זייערע אַ טאָכטער פאַר אַ קאַליקע, ווי פאַר אַ געזונדען בחור, וואָס איז אַ סאָלדאַט געווען. עפּעס האָט דער בחור אין'ם דיענסט זיין אידישען פּנים פערלאָרען; עפּעס האָט ער זיך צוריקגעקעהרט פון דער קאַזאַרמע גאָר אַ נייער מענש; עפּעס איז ער אַנדערש געגאַנגען, האָט אַנדערש גערעדט, אַנדערש געקוקט, ווי דער געוועהנליכער בחור אין'ם שטעדטעל... דערצו פלעגען זיי קומען פון דיענסט אויסגעלאָסענע און עס האָט אַ פּאָר מאָל געטראָפען, אַז די דאָזיגע אויסגעדיענטע סאָלדאַטען האָבען אָראָבגעפיהרט אַנשטענדיגע מיידלעך פון'ם וועג, און איינע פון זיי האָט דערנאָך געמוזט אַנטלויפען פון'ם שטעדטעל.

אַמאָל — אַמאָל האָט אויך געטראָפען, אַז די רוהיגקייט אין'ם שטעדטעל איז געשטערט געוואָרען פון אַן אַנדער זאַך, ווי למשל:

פון אַ מחלוקה'לע צווישען די דאָרטיגע אידען איבער דעם מ"ץ, איבער אַ שוחט, אַ חזן, איבער דעם מרחץ, צי איבער עליות אין בית־המדרש, להבדיל... לאַנג אָבער האָט אַזאַ מחלוקה'לע געוועהנליך ניט געדויערט: אַז דער געדעכטער און אומגערעכטער צד האָבען זיך גוט אָנגעפּאַטשט, און אַ פּאָר מנינים פּנים'ער זיינען צוקראַצט געוואָרען, און עטליכע צעהנדליג פינגער זיינען שיער ניט אָבגעביסען געוואָרען, האָט דער שוואַכערער צד אָבגעשטעקט דעם אוריאַדניק עטליכע ר"ט, און אַז יענער האָט גע'פּסק'ענט, האָט אַ דאָרטיגער איד די העזה נישט געהאַט עובר צו זיין אויף דעם פּסק דין.

---

2.

## זומער איןיּ שטעדטעל.

זומער איז דאָס שטעדטעל איינגעטונקט געוועזן אין גרינס... עס איז געלעגען אין אַ טהאָל: פון איין זייט אונטער אַ שוואַרצען וואַלד, וואָס האָט אויף איהם אַרונטערגעקוקט פון אַ הויכען באַרג מיט אַ סודות־פולער מינע; פון דער צווייטער — אונטער אַן אַלטען פּוילישען בית־עולם אויף אַ גרינעם בערגעל, מיט הויכע מאַרמאָרנע מצבות, מיט טהייערע מאָנומענטען, וואו עס זיינען בעגראָבען געוועזן די אַמאָליגע פּוילישע פּריצים... דער דאָזיגער בית־עולם האָט אַרונטערגעקוקט אויפ'ן שטעדטעל נאָך מעהר סודות־פול, ווי דער וואַלד דאָרט אויף דער אַנדער זייט... דער הימעל איבער'ן שטעדטעל איז געוועזן קלאָהר, אַמאָל אין גאַנצען טיעף־בלוי, ווי אַ רוהיגער ים, און אַמאָל מיט רויטע אוזאָרען אַרומגעלעגט. איז די זון־אונטערגאַנגען האָבען זיך אַנדערע פּענסטער פון די הייזער מיט אַ רויט־פלאַמענדיג פייער אָנגעצונדען, און אַנדערע פּענסטער זיינען דעמאָלט אין אַ טונקעלהייט געזונקען. און איז די זון־אויפגאַנגען האָט דער וואַלד אויפ'ן באַרג געברענט, האָט דער גאָלדענער צלם פון דעם אַלטען קאָסטיאָל אויפ'ן מאַרק געפינקעלט, און די מצבות און די מאָנומענטען אויפ'ן אַלטען פּוילישען בית־עולם האָבען געגלאַנצט, ווי מיט גין־גאָלד בעגאָסען, און כוואַליעס וואַרימע און ליכטיגע האָבען

געשטראָמט איבער'ן שטעדטעל... און איז די לבנה איבער דעם טונ־קעלען וואלד אויפגעגאנגען, זיינען די קעפּ ביי די בוימער מיט אַ גלאַנ־ציגען שטויב בעשאָטען געווען, האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל מיט'ן מארק, מיט די דעכער, מיט'ן קאָסטיאָל, מיט'ן פּוילישען בית־עולם, ווי געפּודרעט אויסגעזעהן...

זומער איז לעבעדיגער געווען אין'ם שטעדטעל. אויף די בריי־טע, שטויביגע, ניט־ברוקירטע גאַסען האָבען זיך אידישע קינדער געשפּיעלט, אינגלעך און מיידלעך, באָרוועסע, מיט פארברודיגטע צורה'־קעלעך, אַנדערע מיט אויפגעלאָפענע בייכלעך, אונטער אַ לאַנגען ארבע כנפות, אָדער אונטער אַ פערברודיגטע קליידעלע. די אינגלעך, מיט די עקען פון'ם העמד ארויסגעשטעקט, האָבען ארומגעשפּרונגען, וו יונגע קעלבלעך, האָבען זיך געשלאָגען איינער מיט'ן אנדערען, געוויינט איינער פון דעם אַנדערען, אָדער געשפּיעלט זיך אין קנעפּלאַך. די מיידלעך זיינען געזעסען אין'ם זאַמד אָדער אויף די גרינע פריזבעס און האָבען געוואָרפען צייכענס. די עלטערע אינגלעך זיינען געזע־סען אין די חדרים, און פון די אָפענע פענסטער האָבען זיך געטראָגען זייערע הילכענדיגע קול'כלעך, וואָס האָבען געצויגען מיט אַ ניגון די ווערטער פון'ם סידור, צי פונ'ם חומש, מיט'ן רבי'ן... די מאַמעס — אַנדערע פון זיי, וואָס זייערע מאַנסבילען האָבען די גאַנצע וואָך זיי איבער די דערפער געשלעפּט, זיינען געזעסען אויף די פריזבעס און האָ־בען געלאַטעט און גענייהט, געצירעוועט זאָקען אויף אַ גלאָז, געשטריקט טיש־טוכער, און, ווידער, אַנדערע פון זיי, הענדלערקעס, זיינען גע־שטאַנען אין זייערע קרעמלעך, צי אויפ'ן מאַרק נעבען אַ טישעל מיט ברויט, מיט פערשיעדענע גראָשענע נאַשערייען, מיט קוואַס... די טאַטעס, די היימישע, זיינען געזעסען נעבען זייערע ווייבער אין די קרעמלאַך, האָבען די אויגען אויף אַ קונה אויסגעקוקט און געזיפצט, און, ווידער, אַנדערע זיינען אין בית־המדרש געזעסען און האָבען גע־שמועסט וועגען „פּאָליטיקע“.. די דערוואַקסענע אידישע טעכטער, וואָס האָבען די שטוביגע ארבייט געטהאָן, זיינען ארומגעגאַנגען אַב־געלאָזען, אין פאַרדריפּעטע קליידלעך, אַ סך פון זיי אין שיך אויף נאַ־קעטע פיס, און אַנדערע מיט פעדערען אין די האָר... איז פאַרביי־געגאַנגען אַ בחור, האָט זיך אין אַן אָפענעם פענסטער בעוויזען אַ קאָפּ מיט צושויבערטע האָר, מיט שוואַרצע, ברענענדיגע אויגען. האָבען

זיך די שווארצע אויגען מיט דעם בחור'ס בעגעגענט, האבען זיי זיך פערשעהמט און אבגעקעהרט זיך, און א האנד האט זיך א כאפ געטהאן צו פערריכטען די צושויבערטע האר אויפ'ן קאפ. דערנאך, אז דער בחור איז פערשוואונדען, האט זיך פון'ם אפענעם פענסטער א געזאנג געהערט, אין וועלכען א מיידעלשע נשמה האט איהר פערבארגענע בענקעניש אויסגעגאסען...

---

## .3

## שבת אינים שטעדטעל זומער-צייט.

גאנץ אנדערש האבען אויסגעזעהן די אייגענע מיידלעך פרייטאג צו ליכט-בענשען, ווען די טאטעס זיינען פון באד געגאנגען מיט נאסע בערד און פיאות, מיט רויטע, אויסגעפארעטע פנימ'ער, מיט בעזימער אונטער די פאכוועס, און די מאמעס האבען אויפ'ן מארק די קרעמלעך געשלאסען. בעת די מיידלעך האבען שוין געהאט דעם שבת-קודש אין שטוב אריינגעבראכט: דעם טשאלענט פאררוקט און די אויוען פער'חתמ'עט, די שבת'דיגע יויך אונטער א קישען אוועקגעשטעלט, די פאדלאגע מיט א געלדען זאמדעל בעשאטען, דעם טיש מיט א ווייסען טישטוך בעדעקט, און אויף איין ברעג טיש א ראנד בלישצענדיגע לייכטער מיט ליכט אוועקגעשטעלט און אויפ'ן צווייטען—צוויי חלות אונטער א ווייסען האנטוך אוועקגעלעגט, און די לאמפען אנגעגאסען,— דעמאלט האבען די מיידלעך פון זיך אויך די וואכיגקייט ארונטערגע־ווארפען, די פנימ'ער זיינען געוועזן געוואשען; די אויגען האבען גע־בלישצעט פרייער, אין די צעפ פון די פערקאמטע האר זיינען פאר־ביגע שטענגעס אריינגעפלאכטען געוועזן, און אין זייערע געקראכ־מעלטע, קאלירטע קליידער האבען א סך פון די דאזיגע אידישע מיידלעך אויסגעזעהן ווי באמת בעלעבט פון א נייער נשמה, פון א נשמה יתירה...

די זון געהט אונטער. א טייל פענסטער פון די הייזער צינדען זיך אן פלאם-פייער און אויף א טייל צולעגען זיך טונקעלע שאטענס. דער וואלד און דער פוילישער בית עולם זעהען אויס טונקעלער...

מען בענשט ליכט אין די אידישע הייזער. נאך ליכט־בענשען, ווען טאטע־מאמע און ברידער זיינען אין בית־מדרש, ווייזען זיך די מיידלעך אויף דער גאס, שטעהען ארום די הייזער, רעדען מיט חבר'טעס אדער שפּיעלען זיך מיט זייער א קליינינקען ברודערל, אדער שוועסטערל... זיי האלטען זיך דעמאלט אנדערש און טרעטען אנדערש און געהט דעמאלט פּארביי א בעקאנטער בחור, קוקען זיי אויף איהם דרייסטער, און זייערע שטימען קלינגען פרייער, הילכעדיגער...

זיי פיהלען זיך שבת'דיג, זעהען אויס שבת'דיג, די גאנצע סביבה ארום זיי האט בעקומען א שבת'דיג אויסזעהן... אלע הייזער זיינען בעלויכטען, און דורך זיי ציהען זיך ליכטיגע, פרעהליכע שטראהלען פון די שבת־ליכט, ציהען זיך און רייסען זיך אין דרויסען ארויס און שטרייטען מיט די טונקעלע שאטענס, וואס די אנקומענדיגע זומער־דיגע נאכט ווארפט אויף דאס שטעדטעל. און וואס געדיכטער און טונקעלער עס צושפּרייטען זיך די דאזיגע שאטענס איבער'ן שטעדטעל, אלץ שטארקער און העלער רייסען זיך דורך די פענסטער פון די אי־דישע הייזער די שטראהלען פון די שבת־ליכט, אלץ פרעהליכער און פייערליכער קוקען פון דארט ארויס די ליכטיגע אויגען פון דער מלכה שבת...

---

איבער'ן מארק שוועבט אויך דער שבת קודש. אלסדינג איז אזוי שטיל, אזוי רוהיג. די קרעמלעך זיינען צוגעשלאסען, די טישעלעך צוגענומען. קיין פערזארגטע אידישע פּנים'ער זעהט מען איצט ניט, קיין אידישען קרעכץ הערט מען ניט. שטיל. דער מארק שלאפט, רוהט זיך אויס פון די וואכעדיגע דאגות. די גוי'שע היהנער מיט זייערע הינדעלעך, די גוי'שע גענז און ענטלעך, וואס האבען א גאנצען טאג אויפגעפּיקט פון ד'ערד ארום די קרעמלעך און די טישלעך, זיינען פון דארט אוועק, איידער די נאכט איז צוגעפאלען, נור אי־דישע ציגען בלאנקען נאך דארט ארום צווישען די קרעמלעך. 'קיינער טרייבט זיי נישט, פיהלען זיי אויך דעם שבת־קודש, געהען זיך אזוי געלאסען, אזוי רוהיג, פיהרען זיך אויף פריי: שטעלען זיך אין מיטען דערינען אב און רייבען זיך אומגעשטערט דאס בערדעל אן א טהיר פון א קרעמעל...

די נאַכט איז צוגעפאַלען. דער וואַלד און דער פוילישער בית־עולם האָבען זיך עפּעס ווי אָוועקגערוקט פון׳ם שטעדטעל אין אַ טונקעלקייט אַריין... אויפ׳ן הימעל האָבען זיך שטערען אָנגעצונדען. זיי האָבען אויך אַנדערש עפּעס ווי אין מיטען וואָך געפינקעלט. פון די בתי־מדרשים געהען אַרויס אידען. זיי געהען זיך געלאַסען, מיט זייערע ווייבער און זיהן, איינער מיט׳ן אויבער־בגד איבער די אַקסלען, אַן אַנדערער—ביידע הענט פערדוקט אין די אַרבעל און אַ דריטער—די הענט פערלעגט אויפ׳ן רוקען, געהען זיך פּאַוואָליע טריט־ביי־טריט, אַזוי רוהיג, ווי קיין דאגות וואָלטען גאָר אויף דער וועלט נישט געווען...

— גוט שבת! — הילכט די גאַס מיט פייערליכע שטימען. — גוט שבת! הילכט אין די הייזער.

— גוט שבת! — פליסטערן, דאַכט זיך, די ליכטיגע פייערלעך דורך די פענסטער צו די פינקלענדיגע שטערען אויפ׳ן הימעל — גוט שבת!...

און באַלד האָט בעגריסט יעדער איד די גוטע מלאכים אין זיין שטוב, וואָס זיינען געקומען צו איהם מיט דעם שבת קודש צוזאַמען. דאָס ווייב האָט איהם נאָכגעזונגען אין דער שטיל, אויך די פרומע טאָכטער. און דער ראַזינקעס־וויין, אָדער דער זיסער „מעד“ פון דעם קידוש־בעכער, פון וועלכען דאָס גאַנצע הויז־געזינד האָט פאַרזוכט, האָט אַלע טעמים געהאַט... און שפּעטער, ווען דער איד האָט זמירות געזונגען, האָט זיין קול געקלונגען אַזוי בהרחבה׳דיג, און די זיהן האָבען מיט איהם מיטגעזונגען, און דאָס ווייב און די טאָכטער האָבען אויך די זמירות נאָכגעזונגען אונטער דער נאָז אָדער אין די געדאַנקען.. אַלע זאָרגען זיינען פאַרגעסען געווען, ווען דער שבת קודש איז אין שטעדטעל אָנגעקומען... גערוהט האָט דאָרט די אידישע גאַס, גערוהט האָט דאָרט דאָס אידישע הויז, די אידישע נשמה האָט גערוהט ווען דער שבת איז געקומען...

* * *

בעזונדערס האָבען דעמאָלט אָבגעלעבט די אידישע מיידלעך. שבת בייטאָג זיינען זיי שפּאַצירען אין וואַלד געגאַנגען. צו פּאָרוויין זיינען זיי געגאַנגען, אַ חבר׳טע מיט אַ חבר׳טע. אין וואַלד האָבען זיי זיך אויסגעזעצט אויף דעם גרינעם טעפּיך אינ׳ם טונקלען שאָטען פון די בוימער. פון צווישען די בוימער טראָגט זיך צו זיי אַ פרעהליכער

ליאַרם פון בעקאַנטע בחורים, וועלכע שפּיעלען זיך דאָרט אין „פּוטער־פּלעצלעך"... עלטערע אידען און אידענעס, וואָס זיינען אויך אַהער אַרויסגעקומען אויף שפּאַציר, זיצען אויפ'ן גראָז מיט די פּנים'ער צו די בחורים, קוקען זיך צו און לאַכען. די מיידלעך הויבען אָן צו זינגען אַ אידיש ליעדעל, ווערט דאָרט שטיל ביי די בחורים, ווייזען זיי זיך באַלד צווישען די בוימער, קוקען אויף די מיידלעך פון ווייטען און שמייכלען אַזוי נאַרישעוואַטע... די מיידלעך קעהרען אָב די אויגען פון זיי, פאַרריכטען אויף זיך די האָר, קוקען צו זיך אויפ'ן שויס, טשיפּלען די גראָז אַרום זיך און זינגען, און זינגען... דאַן כאַפּט אונטער איין בחור'ל דאָס אייגענע ליעדעל, אַ צווייטער, אַ דריטער און באַלד אַלע, אַלע, און די שטימען פון די מיידלעך און די בחורים צוברענגען זיך, פּלעכטען זיך, לאַשצען זיך און קושען זיך... די עלטערע אידען און אידענעס זינגען אויך נאָך אונטער דער נאָז, און דער בלויער הימעל איבער די טונקעלע שפּיצען פון די בוימער זינגט, דאַכט זיך, אויך מיט... עס שמעקט מיט געטריקענטע היי און מיט דיעגעכץ אביסעלע, ווייל טיעף אין וואַלד געפינט זיך אַ דיעגעכץ־פאַבריק. בעוווייזט זיך פון צווישען די בוימער אַ בעקאַנטער שגץ, וואָס אַרבייט אויף דער דיעגעכץ־פאַבריק, בלייבט ער שטעהן מיט אַ ברייטען שמייכעל אויפ'ן פלייש׳יגען פּנים, הערט זיך צו צום געזאַנג, פאַרריכט זיין שוואַרצע, גלאַנציגע טשופּרינע אונטער'ן היטעל, טהוט זיך אַ קראַץ אין פאַטילניצע און לאַכט מיט געזונטע, ווייסע צייהן. דערנאָך ווענדט ער זיך צו אַ מיידעל, וואָס קוקט אויס געזינטער, דיקער, און מאַכט: „אָך, סלאַוונאַ טי פּאָיאָש, חאַיעטשקאַ!" (דו זינגסט וואויל, חייקע!) און טהוט איהר אַ צופּ ביי דער ברוסט־גלייך ווערט אַ קוויטשעריי און אַ געלעכטער, די מיידלעך שפּרינגען אויף, ווי די גענז. די עלטערע אידען און אידענעס הויבען אָן צו מוסר'ן דעם שגץ: שעהמען זאָל ער זיך, און די בחורים קוקען אויפ'ן שגץ מיט עפּעס אַ מין קנאה, און שמייכלען אַזוי צומישט... דער שגץ צולאַכט זיך אויפ'ן קול און געהט זיך אוועק ווייטער זיין וועג. מעהר זינגט מען שוין ניט. די מיידלעך סוד'ען זיך פאַרשעהמט, דריקען זיך מיט די אַקסלען איינע צו דער אַנדערער, טרעטען איינע די אַנדערע אויף די פיס, קנייפּען איינע די אַנדערע, שטיקען אין זיך דאָס געלעכטער, לאַכען הויך, קוויטשען און קוקען פאַר'גנב'עט אויף

די בחורים. די בחורים קוקען אויף זיי, בעזונדער אויף דער דיקער חייקע, וועלכע קווימשעט העכער פאר אלעמען, און זיי לאכען אויפ־געלעבטער, נערוועזער, און פלוצים הויבען זיי זיך אן צו ראנגלען איינער מיט'ן אנדערען, ווארפען איינער דעם אנדערען אן ד'ערד, קייקלען זיך איבער'ן גראז, ווייזען אלערליי קונצען, געהען אויף די הענט, שטעלען זיך אויפ'ן קאפ און האווקען, ווי די הינט... די מיידלעך לאכען און קווימשען, העכער, קייכעדיגער, און דער גאנצער וואלד הילכט... אזוי ביז שלוש סעודות. דערנאך צוגעהען זיי זיך אהיים...

* * *

זיי געהען דורך דעם מארק. צו פארוויז געהען זיי, זאלבע־טריט, זאלבע־פערט; מיידלעך בעזונדער, בחורים בעזונדער; אי די, אי יענע זיינען נאך אונטער דעם פרישען איינדרוק פונ'ם וואלד, און די גאנצע צייט, וואס זיי געהען, גיבען זיי זיך סיגנאלען, די מיידלעך די בחורים, די בחורים די מיידלעך, לאזען זיך הערען, לאזען זיך פיהלען איינע די אנדערע דורך א בליק, דורך א מינע, דורך א ווארט, דורך א פלוצימדיגען אויסגעשריי, דורך א פלוצימדיגען קוויטש, דורך א געלעכטער און דורך א בעוועגונג...

בעגעגענען די מיידלעך א בעקאנטען שגץ, גריסען זיי איהם אזוי אומגעצוואונגען, אזוי פריי, לאכען זיי צו איהם, וויצלען זיך מיט איהם, און שטעלט ער זיך אב מיט זיי, שלעפט איהם א מיידעל פאר די פאלעס מיט געלעכטער, צופט איהם נאך איינע ביים ארבעל, טהוט איהם א דריטע א שטויס ביים אקסעל, און יעדע לאכט צו איהם, און יעדע איז גרייט מיט איהם צו שטיפען... אזוי פריי ווי דאס אידישע מיידעל האט זיך אויפגעפיהרט דארט קעגען שגץ, האט זי זיך קעגען א אידישען בחור קיינמאל ניט אויפגעפיהרט.

די אידישע בחורים, אז זיי האבען בעגעגענט דעמאלט א בעקאנטע בארוועסע שיקסע, האבען זיי אויך מיט איהר געשפאסט, האבען זיי אמאל געפרעגט, ווער האט איהר די נאז צובלוטיגט? האט זי דאן די נאז מיט די קאראווע פינגער געטאפט, געזוכט אויף זיי בלוט, דער־נאך זיך צולאכט און געזאגט זייער גוטמוטיג: „די וועלף זאלען אייך פרעסען!“ אדער „ווערט פארברענט!“ און אמאל, ווען זיי האבען

זיך ערלויבט מיט איהר נאך א פרייערען שפאס, האט זי זיי גע־ענטפערט אויף דעם מיט א פאטש איבער די הענט און מיט א געלעכטער...

דער מארק רוהט נאך, די קראמען זיינען נאך פארשלאסען, בעת די אידישע יונגווארג טראגט זיך מיט דעם קאכעדיגען געפילדער פון וואלד. די טהירען פונ'ם אלטען, שווארצען קאסטיאל זיינען שוין אפען, מען גרייט זיך שוין דארט צום גאטעס־דיענסט... עטליכע פויערים און פויערטעס, אין ווייסע סערמיאגעס און לאפטשעס, זיינען געקומען פאר־פריה צום גאטעס־דיענסט פון די נאהענטע דערפער. זיצען זיי אויף דער ערד נעבען קלויסטער און ווארטען. די פויערים רויכערען פיפקעס, שפייען און שווייגען. די פויערטעס, מיט ווייסע און געבלומטע טיכלעך אויפ'ן קאפ, רעדען צווישען זיך שטיל, פאר־סוד'עט... דערהערען זיי דעם הילכעדיגען געלעכטער פון די בע־קאנטע אידישע מיידלעך און בחורים, קוקען זיי זיך אום און גריסען צו זיי שטום מיט'ן קאפ. און די פארבייגעהענדיגע אידישע מיידלעך ענטפערען זיי אויפ'ן גרוס מיט לעבהאפטע מינעס, ווארפען צו זיי פרעהליכע געשרייען: „זדארוע! זדארוע!“...

הינטער דעם קאסטיאל שפרינגען ארום בוטשאנעס אויף זייערע לאנגע פיס. דארט קוקט ארויס פון אן אפענעם פענסטער א איד אין א יארמעלקע, איינגעטונקט אין פעדערען, אפנים ערשט פון בעט ארויס, גלעט זיך בהרחבה די באָרד, געניצט בהרחבה און קנייטשט דעם שטערן. א צווייטער איד מיט א געלער, קאלטענוואטער באָרד, אין א ווינטערדיגען קאפטען, פון אונטער וועלכען עס קוקען ארויס דיקע, געלע ציצית, שטעהט נעבען די טויערען פון זיין הויז, קראצט זיך אונטער דער רעכטער פאכווע מיט דער לינקער האנד, קרימט זיך און אייקעט: „אר־וואי, ס'רא היץ, טאטעלעך!“... א אידישע פרוי אין א שבת'דיגען צעפעץ לויפט ארויס פון שטוב און שרייט צו איהר אינגעל, ער זאל אריין אין שטוב, פרק זאגען. און דארט זיצט א אידישע מאמע מיט איהרע קליינע קינדער אויף א פריזבע און דער־צעהלט זיי מעשיות וועגען שדים און רוחות, וועגען גוטע אידען און למד־וואו־ניקעס. א איד מיט פארקאשערטע פאלעס יאגט זיך נאך זיין ציג און רופט זי: „דזשיג! דזשיג! דזשיג!“... א צווייטער איד טרייבט אב פון זיין טויער א חזיר, וועלכער האט דארט עפעס

דערשמעקט און גראבט מיט זיין שנוצע. דער איד מאכט צו איהם מיט די הענט, שפרינגט אונטער אויף די פיס, כאפט עפעס פון דער ערד און שרייט: „האיום! האיום!"

דא און דארט ליגט א ציג אויף א פריזבע, טהוט זיך א קראץ דאס בערדעל אן רוקען, הויבט אויף דעם קאפ און הויבט אן צו קייען מיט'ן מויל. איבער א פארקאן אין דער הויך געהט ארום א קאץ, ציהט זיך מיט'ן שלאנקען רוקען, דרעהט מיט'ן עק, שאקעלט מיט די דורכזיכטיגע, ליכטיגע אויערען, רייבט די ווייסע וואנצעס אן איהרע לאפאטקעס און זשמורעט מיט די געלע אויגען. צוויי אידען געהען פארביי, ביידע, קענטיג, טיעף פארטהאן אין אן ענין, ביידע טרעטען פאוואליע, ביידע האלטען די בערד אין פויסט און ביידע קנייטשען די שטערנס. מסתמא רעדען זיי וועגען „פאליטיקע", וועגען ביס־מארק און ביקאנספעלד, און אפשר וועגען א טיעפען ענין אין דער גמרא...

א יונגע אידישע מאמע, אין שבת'דיגע מלבושים, זיצט אויף א פריזבע מיט אן עופ'עלע אויף די הענד, האטשקעט עס אונטער און זינגט, און לאכט צו דעם אזוי גליקליך... קליינע קינדערלעך מיט אבגעוואשענע צורה־קעלעך, געקאמטע, שפיעלען זיך ארום די הייזער די עקען, וואס שטעקען ארויס ביי די איינגלעך פון די פלודערקעס, זיינען נאך ווייס און ריין, די קליידלעך אויף די מיידעלעך זיינען נאך ניט פארברודיגט...

דערזעהען די קינדער זייערע עלטערע ברידער אדער שוועסטער, וואס קומען פון שפאצירען, ווארפען זיי זיך צו זיי אנטקעגען מיט פרעהליכע געשרייען, פאלען זיי צו צו זיי און דריקען זיך צו זייערע קניע. ביי דעם עלטערען ברודער און שוועסטער איז דער פנים אויפגעלעבט, פארשוויצט און די אויגען גלאנצען אזוי פרעהליך. מוסר'ט דעמאלט, געוועהנליך, דער טאטע דעם זוהן: לויפט ארום אזא געזונטער איוואן, ער וואלט בעסער פרק געזאגט! קוקט אויף איהם דעמאלט, געוועהנליך, די מאמע און זיפצט: ווי רויט, ווי געזונט, וועט שוין זיין א סאלדאט!...

און צו דער טאכטער זאגט דעמאלט די מאמע: אזא שיקסע, ווי זי איז פארשוויצט, מסתמא א וועלט געקעהרט! און דער טאטע זאגט אויך דעמאלט, געוועהנליך, איז א הארבען טאן: די באקען

דאָרף מען איהר אויספּאַטשען, דער שיקסע, זי זאָל געדענקען!...

און גלייך, ווי די טאָכטער, די „שיקסע", האָט זיך אָבגעקעהרט, קוועלען, געוועהנליך, טאַטע־מאַמע און רעדען איינער צום אַנדערען:

— וואָס פאַר אַ פּאַרשוין, קיין עין הרע! וואָס פאַר אַ פּאַרשוין, שיינט ווי זיעבען זונען!..

די זון זינקט. באַלד וועט זי אונטערגעהן. דער עולם צוגעהט זיך אין די בתי מדרשים, מנחה דאַוונען. די טאָכטער בלייבט אין דער היים, האָט אָנגעטהאָן אַ פאַרטוך אויף איהר שבת'דיגען קלייד און גרייט דעם טיש צו שלוש סעודות. זי גרייט דעם טיש און חלומ'ט איהר מיידעלשען חלום... פון איהרע אויגען גלאַנצט ער ארויס. איבער איהרע באַקען רויטעלט ער זיך, איבער איהרע ליפּען שוועבט ער... אַ בחור, זעהט זי, וואָס לויפט איבער'ן וואַלד מיט אַזאַ אימפּעט, וואָס בּאַרעט זיך מיט אַ צווייטען מיט אַזאַ קראַפט, מיט אַזאַ קראַפט...

און דער בחור, וואָס איז אַוועק אין בית־מדרש, מנחה דאַוונען, טראַכט אויך פון'ם וואַלד, פון די מיידלעך, חלומ'ט פון זייערע פּנים'ער פון זייערע אויגען, פון זייער געזאַנג, פון זייער לאַכען...

מען איז געקומען פון מנחה אַהיים. מען זיצט ארום טיש און מען עסט שלוש סעודות. דער טאַטע הויבט אָן צו זינגען זמירות. די זון איז אונטערגעגאַנגען. פּלוצים הילכט אָב איבער'ן שטעדטעל אַ מעטאַלענער קלונג: בי־ם־ם! וואָס ציטערט דורך דער לופט אין אַ לאַנגען, לאַנגען טאָן... די נשמה יתירה טהוט זיך אַ צאַפּל ביים אידען, און אַן אומעט בעפאַלט זיי, אַ בענקעניש...

דער גלאָק פונ'ם קאָסטיאָל הויבט אָן צו קלינגען נאָכאַנאַנד און הודיעט איבער'ן שטעדטעל אין לאַנגע און אין קורצע טענער: בים—ם—ם! בים—ם—ם קלינג—לאַנג—בים—— !!!

און עס מישען זיך די דאָזיגע פייערליכע, מעטאַלענע טענער מיט די טונקעלע שאָטענס, וואָס די נאַכט וואַרפט אויפ'ן שטעדטעל, און זיי רייסען זיך אַריין אין די אידישע הייזער, אין די אידישע נשמות, און זיי וועקען דאָרט שטאַרקער דעם אומעט, די בענקעניש, די וואָכע־דיגע זאָרגען... עס זיפצט דער איד, פאַר'דאגה'ט זעהט אויס זיין ווייב, צוטראָגען און אומעטיג זיינע זיהן, טרויעריג זיינע טעכטער...

שפּעטער אַ ווייל'ע זיינען זיך די טאַטעס ווידער צוגאַנגען אין בית מדרש, מעריב דאַוונען. די אידישע הייזער זיינען אַלע פינסטער.

די אידישע טעכטער ווארפען פון זיך ארונטער די שבת־בגדים, נעהמען ארויס די סטענגעס פון די האר און זיפצען אין דער פינסטערניש אריין. און דער גלאק קלינגט ווידער, און אזוי אומעטיג הודיען זיינע קלאנגען אין דער פינסטער, אזוי מרה־שחורה'דיג הילכען זיי אב אין די אידישע פינסטערע הייזער, פון וועלכע דער שבת־קודש האט ארויסגעצויגען...

אויפ'ן הימעל האבען זיך אנגעצונדען די שטערן. זיי פינקלען שוין ניט אזוי פרעהליך, ווי פרייטאג צו־נאכטס...

אין די פענסטער פון די אידישע הייזער האבען זיך אומעטיגע פייערלעך בעוויזען... אויף דער גאס דערהערען זיך שטימען „גוט וואך" ! „גוט וואך" ! — פארזארגטע שטימען.... און באלד דערהערט זיך פון יעדען הויז די הבדלה און דער „ויתן לך". און נאך אין א ווײלע ארום דאס הייזעריגע קלינגען פון שלעסער אויפ'ן מארק, וואו די אידען און די אידענעס עפענען זייערע קראמען. דא און דארט דערהערט זיך א אידישער קרעכץ... נאך שבת. די נשמה יתירה איז אוועק. די וואכעדיגע נשמה איז אליין געבליבען. די זארגען האבען אויפגעוואכט, די קאפ־דרעהענישען... נאך שבת !...

---

## 4

## וואכיגע טעג אין'ם שטעדטעל זומער-צייט

דער שבת אוועק, האט דאס שטעדטעל זיך ווידער מיט א גרויער ואכעדיגקייט בעדעקט. די טאטעס און די מאמעס זיינען ווידער עבען זייערע קרעמלעך און טישלעך אויפ'ן מארק געזעסען מיט ורנסטע, פער'דאגה'טע מינעס, און האבען גע'חלום'ט זייערע וואַ־ עדיגע חלומות, אזוינע קלייניטשקע, טרויעריגע, אזוינע גרויע, אומ־ בעדייטענדע, און דאך אזוינע גרויסע און וויכטיגע פאר זיי אליין !... ער ווארים, וואס קריכט צווישען קברים אויף א בית־עולם, חלום'ט אפשר אויך חלומות, וועלכע זיינען עהנליך צו זייערע. זעלטען האַ־ ען זיי געלאכט, און האבען זיי אמאל געלאכט, האט זייער געלעכטער געקלונגען קורץ און אבגעהאקט, און א קרעכץ האט זיך אין איהם

געהערט. נאָר איין מאָטעל חנה־דבורה'ס, דער „פּאָליטיקער" פון'ם שטעדטעל, אַ איד, מיט אַ געל, שפּיציג בערדעל און פלינקע, זשיוואַווע אויגען, וועלכער האָט פון מיטען תמוז אָן געטראָגען אַ וואָרימען שאַל אַרום האַלז ביז נאָך יום כפור, מחמת ער איז געווען אַ בעל־תפילה און האָט געהיט זיין כלי פון אַ פערקיהלונג, — אָט דער דאָזיגער מאָטעל חנה־דבורה'ס איז געווען דער איינציגער פרעהליכער איד אויפ'ן מאַרק צווישען די קרעמער. ער איז אָפט געזעסען פאָר דער טהיר פון זיין קרעמעל מיט'ן שאַל אַרום האַלז און האָט דערצעהלט זיינע שכנים, די אַנדערע קרעמער, הויך אויפ'ן קול, אַז ישראל ביקאָנספילד איז געווען אַ גרעסערער פּאָליטיקער, ווי ביסמאַרק אַפילו אַליין. דערפאַר האָט טאַקע ענגלאַנד די שליסלען פון'ם ים ביי זיך אין „קאָזנאַטשייסטוואָ", און ניט דייטשלאַנד. און אַז ענגלאַנד זאָל וועלען, קאָן זי אַבשליסען דעם ים, און די גאַנצע וועלט איז חרוב..

און די קרעמער און די קרעמערקעס, אַז זיי האָבען איהם דאָס געהערט דערצעהלען, האָבען בעוואונדערט זיין שאַרפען מוח, זיינע קענטעניסען, און אויף די פער'דאגה'טע פנים'ער און אין די פערזאָרגטע אויגען האָט דאַן אַ מינע פון נחת אַ לייכט געטהאָן, וואָס ...יקאָנספיעלד איז געווען „אונזער" ישראל ביקאָנספיעלד...

האָט אַמאָל געטראָפען, אַז אין מיטען דערינען האָט זיך בעוויזען אַ פויער אין אַ לייווענטענעם העמד און אין לאַפּצעס, מיט אַ פייכטער קאָלטענעוואַטער באָרד, מיט צופּאַטעלטע האָר אונטער אַ נייעם היטעל מיט אַ דאַשעק, נאָר וואָס געקויפט ביי אַ קירזשנער, האָבען די קרעמער און די קרעמערקעס, וואָס האָבען זיך נאָר־וואָס געפרעהט מיט „אונזער" ביקאָנספיעלד, גלייך אָן איהם פערגעסען, פונקט ווי דער פּאָליטיקער מאָטעל חנה־דבורה'ס אַליין, און זיי אַלע האָבען זיך צום פויער אַוואָרף געטהאָן, פריהער פאַר אַלעמען מירקע אברהם־לייזער'ס, אַ לאַנגע, דאַרע אידענע מיט אַ געל פנים און אַ פערדרעהט טיכעל אויפ'ן קאָפּ, וועלכע האָט גע'שמ'ט אין'ם שטעדטעל פאַר אַ גרויסע הולטאַיקע, מחמת איהר פייערדיגען מענה לשון, און מחמת זי האָט זיך דעם גאַנצען יאָהר אַרומגע'הרג'עט מיט אַלע קרעמער און קרעמערקעס צוליעב חיונה; און נאָך איהר דער פלינקער מאָטעל, דער פּאָליטיקער מיט'ן שאַל אַרום האַלז, און דאַן די אַנדערע, האָבען איהם אַנגעכאַפּט, דעם פויער, ווער ביי די פּאָלעס

פון העמד, ווער ביי די ארבעל, ווער פון פארענט און ווער פון הינטען. און יעדער און יעדע האט איהם צו זיך אין קרעמעל געשלעפט מיט א געבעט, מיט א געשריי, שיער ניט מיט טרעהרען. דער פויער האט זיך געראנגעלט, געדרעהט זיך אויף אלע זייטען, ארויסגעריסען זיך פון דעם, א שטויס געטהאן יענע. און ווען זיין היטעל איז ביי איהם פון דעם צופאטעלטען קאפ ארונטערגעפאלען, איז ער גאר מלא רציחה געווארען, האט א שפיי געטהאן מירקען, וואס האט איהם דאן ביים ארבעל געשלעפט, אין פנים אריין און זי א שטויס געטהאן פון זיך, און זי האט פאר כעס א שפיי געטהאן מאטעל חנה־דבורה'ס אין פנים אריין און ארונטערגעריסען ביי מאטעל'ס וויב דאס טיכעל פון קאפ; און מאטעל'ס וויב האט זיך פאר צוטומעלטקייט פערצווייפעלט ארויפ־געווארפען אויף א דריטער קרעמערקע, ביז דער פויער האט א כאפ געטהאן זיין נייע היטעל פון דער ערד, א לאז געטהאן זיך לויפען און איז אריינגעפאלען טאקע מירקען אין די ארעמס, וועלכע, מיט'ן קאפ־טיכעל שוין אויפ'ן אקסעל, אין איין ווייסען הייבעל און פערסאפעט, האט איהם פארט אריינגעשלעפט צו זיך אין קרעמעל אריין. דאן האַ־בען זיך די קרעמער און די קרעמערקעס ווידער צוזעצט פאר די טהירען פון זייערע קרעמלעך, געווישט זיך די פנים'ער מיט די הוילע הענד, פעררוכט די ארונטערגעפאהרענע טיכלעך און הייבלעך אויף די קעפ. און מאטעל חנה־דבורה'ס דעם שאל אויפ'ן האלז, האבען נאך א ווייל געשאלטען איינער דעם אנדערן, איינע די אנדערע, און אלע מירקען. ביז דער פויער איז פון איהר קרעמעל ארויס מיט א פעקעל טאבאק און מיט נאך עפעס אין א זעקעלע... דאן האבען זיי אלע איהם בע־גלייט מיט טרויעריגע אויגען, און יעדער פון זיי האט געפרובט טרעפען מיט קנאה אין הארצען, פיעל מירקע האט פון איהם גע־לייזט, פיעל פרנסה זי האט געהאט...

אזוי זיצען זיי פון אין דער־פריה ביז שפעט ביינאכט פאר זיי־ערע קרעמלעך און טישלעך אויפ'ן מארק און היטען זייער חיונה, אומשטיינס געזאגט. ברענט די זון, טרייבט דער ווינד הייסען זאמ־דיגען שטויב אין פנים, אין די אויגען, — זיי זיצען...

עס ווארפט דער וואלד טונקעלע שאטענס אויפ'ן שטעדטעל. זיי בעהעפטען זיך מיט די שאטענס, וואס ציהען זיך פון'ם פוילישען בית־עולם אין טהאל ארונטער. איין הייסער טאג איז געשטארבען.

אַ נייע קיהלערע נאַכט איז צוגעקומען. איין נאַכט איז געשטאָרבען. אַ נייער הייסער טאָג איז געבאָרען געוואָרען, און דאָס לעבען אין'ם שטעדטעל איז ווי נעכטען, ווי פאַר־אַ־יאָהרען, ווי מיט צעהנדליגער יאָהרען צוריק...

ווי מיט צעהנדליגער יאָהרען צוריק, הענגט איצט אויך אַמאָל איבער'ן וואַלד, נאָך אַ בייטאַכטיגען וואַרימען רעגען און פאַר אַ הייסען טאָג, אַ נעפּעל, און די ערשט־אויפגעגאַנגענע זון קוקט דורך איהם אַרויס, ווי אַ רויטער פלאַם דורך פערשטויבטע שויבען פון אַ לאַמטערן; און אַז דער טאָג איז זעהר הייס, געהען איצט אויך אידישע אינגלעך און אַנדער דערוואַקסענער איד זיך באָדען אין'ם קליינעם טייכעל, וואָס לויפט הינטער'ן שטעדטעל, געגענאיבער דעם אידישען בית־עולם. דאָן הילכט די לופט אַרום טייכעל פון יונגע, שטיפערישע געשרייען, און פון דעם יונגען וועלדעל דערביי פליהען אַרויס פייגעלעך מיט אַ צושראָקענעם פּיפּסען, פליהען אַרויס, דער־זעהען די נאַקעטע קונדסים אין דעם טייכעל, קעהרען זיך באַלד צו־ריק און פערשווינדען אין זייער גרינעם וועלטעל... און אויף יענער זייט טייכעל, אויפ'ן בערגעל, וואו דער פאַסטוך פיטערט זיינע בהמות הינטער די בוימער, טראָגט זיך דעם פאַסטוך'ס געזאַנג און דאָס בי־לען פון זיין הונט הילכט, מען וויים ניט, צי האָוקעט ער פאַר הנאה פון זיין בעל־הבית'ס זינגען, אָדער מחמת ער הערט דעם ליאַרם פון'ם טייכעל. און אנטקעגען, אונטער'ן פּאַרקאַן פון'ם אידישען בית־עולם, זיצט אויפ'ן גראָז, ביידע קניע אויפגעשטעלט אונטער אַ לאַנגען גע־לען אַרבע כנפות, אין אַ צושפּילעטען קאַפּטאַן, אָרע טראַלע, דער קברות־מאַן — אַ איד מיט אַ רויטען, פערשוויצטען האַלז אונטער אַ געדיכטער, ווילדער, קאַלטענעוואַטער, שוואַרצער באָרד, מיט אַ רוי־טער נאָז און פערזשמורעטע אויגען, אין אַ היטעל מיט אַ צובראָ־כענעם דאַשעק. איין מויל האַלט ער אַ לאַנגען ציביק, זויגט, טורקעט דערביי מיט אַ פינגער אין דער ליימענער פּיפּקע און זשמורעט די אויגען אויף די נאַקעטע אינגלעך, וואָס אַרבייטען מעשים אין טייכעל.

שטעהט אַ איד ביים ברעג טייכעל, האַלט זיינס אַ אינגעלע פאַר אַ הענטעל און וויל איהם אַריינשלעפּען אין וואַסער. דאָס בייביגע אינגעלע, אַ יאָהר זעקס אַלט, רייסט זיך פון זיין טאַטעס הענד, טאַנצט אונטער אויף די פיסלעך און שרייט:

— איך וויל—ל נ—יט—ט! איך וויל—ל ניט—ט! איך האָב מורא! אי, אי, טאַ—אַ—טע!..

דער טאַטע נעהמט איהם אויף די הענד, און אַז דער אינגעל הויבט זיך אָן צו רייסען און צו צאַפּלען מיט די הענד און פיס, האַלט דער טאַטע איהם צו די פיסלעך און לאָזט זיך מיט איהם געהן אין וואסער אריין. גלייך אָבער טהוט ער זיך אַ כאַפּ צוריק: „אַי, קאַלט"! קעהרט זיך אום, לאָזט אַרונטער דעם אינגעל אויפ'ן גראָז און געהט שוין אַליין אין וואסער. ביים ברעג שטעלט ער זיך אָב, לעגט ארויף איין האַנד אויף דער האָריגער ברוסט, די אַנדערע פאַרריקט ער אונטער אַ פּאַכווע, שטעהט אַזוי אַ ווײַלע, קוקט איפ'ן וואסער, קוקט אויף די אינגלעך, וואָס ווייזען דאָרט אַלערליי קונצען און מורמעלט: „אמת'ע שדים, מחבלים!" דערנאָך שטעלט ער פּאַוואַליע אריין אַפּריהער איין פוס, פערקרימט זיך: „אַ—אַי!" און מאַכט צו אַ אידען, וואָס באָדט זיך דאָרט: „עפּעס דאָך גאָר קאַלט, האַ?" ענטפערט יענער, וואָס באָדט זיך שוין דאָרט: „כ'וויי!" פערשטאָפּט זיך מיט ביידע הענד די אויערען, מאַכט צו די אויגען, טהוט זיך אַ זעץ אין וואסער אריין, אַז מען זעהט נור דאָס ביסעל שוואַרצע האָר אויף זיין מוח פון'ם וואסער ארויס, און כאַפּט זיך באַלד ארויס מיט אַ רויטען פּנים, נאַסער באָרד און פּיאות און אַן אייקען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אויפ'ן פּאָל אין דער באָד געפּאַרעט... יענער איד האָט שוין דערווײַלע, אַ דאַנק גאָט, אריינגעשטעלט זיך צווייטע פוס אויך אין וואסער. אָבער ארום איהם שטיפען אינגלעך, יאָגען זיך איינער נאָכ'ן אַנדערען, שטופּען איינער דעם אַנדערען מיט'ן קאָפּ אין טייך, שפּריצען איינער אויפ'ן אַנדערען, קריגט ער אויך אַ שפּריץ, שפּרינגט ער אויף, שרייט: „אַי, ראַסטאַנטען! אי מחבלים!! איכ'ל אייך דער'הרג'ענען! שקצים, שרצים, איהר קאָנט נאָך, חלילה, דערטרינקען אימיצען! דאָס איז אַ טייך, ממזרים!" לאַכען די אינגלעך, און איינער פון זיי טהוט זיך אַ וואָרף אונטער'ן וואסער, פערשווינדט, שטעקט ארויס פון דאָרט אַ פוס, טויכט אויף דערנאָך איבער'ן וואסער מיט אַ ראָזעווען פייכטען פּנים, צוגעמאַכטע אויגען, און צוגעקלעפּטע האָהר אויפ'ן שטערן, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, טרייסעלט מיט די אויערען, פּאָרשקעט מיט די ליפּען און שרייט אַזוי לעבעדיג, הילכיג, פרעהליך, און שווימט ווייטער נאָך בּי אַנ־

דערע אינגלעך, וואס טראגען זיך איבער'ן טייך אויף די רוקענס-קוליען זיך מיט אמאל איבער, לעגען „קלאפטער", שווימען מיט „וואסער-טריט"...

שרייט יענער איד, וואס באדט זיך שוין דארט, צום אנדערען, וואס האט זיך ערשט געבייזערט אויף די אינגלעך און וועלכער קלייבט זיך איצט צו טובל זיין:

— האט איהר געזעהן, ווי מירקעס ווילדע בריאה מאכט די קונ-צען, הא? ער וועט נאך אמאל דערטרונקען ווערען...

— זאל ער נאר מיטנעהמען זיין מאמען — מאכט דער, רוקט אריין די פינגער אין די אויערען, פערמאכט די אויגען און — פליוך! דאנקען גאט, אבגע'טובל'ט זיך, א פיהר געטהאן די האנד ארום דער נאסע באָרד, און דאס וואסער איז שוין מעהר ניט קאלט...

און דאס אידישע מיידעל גנב'עט זיך צום טייכעל, ווען קיינער איז דארט ניטא, גנב'עט זיך אויף די שפיץ-פינגער מיט א חבר'טע, און די שווארצע אויגען קוקען זיך אום אויף אלע זייטען אומרוהיג, בעת זי ווארפט ארונטער די קליידער פון איהרע ווייסע, כשר'ע גליע-דער; און אז די זון האט דערזעהן איהר נאקעטקייט, קארטשעט זיך צונויף דאס מיידעל, בויגט זיך אויס, שעהמט זיך פאר דער ליכטיג-קייט, פאר דער זון, פאר דעם הימעל, פאר די בוימער, פאר דער גאנ-צער ארומיגער גרינער און ליכטיגער וועלט, און געהט אזוי אין דאס מורמלענדיג וואסער אריין... און דער יונגער פאסטוך, פון בוימער פערשטעלט, קוקט ארונטער פון'ם בערגעל, אויסגעצויגען אויפ'ן בויך, דער שטעקעל פון דער בייטש אונטער זיין מארדע, אויף דאס נאקעטע אידישע מיידעל אין'ם טייכעל, קוקט און שמייכעלט און שאקעלט מיט'ן קאפ. ביז ער האלט ניט אויס, רוקט זיך ארויס פון צווישען די בוימער אויפ'ן בויך און טהוט א רוף דאס מיידעל ביי איהר נאמען און צוהירזשעט זיך, ווי א יונגער פערדעל... דאן טהוט זיך דאס מיידעל א כאפ מיט א צושראקענעם געשריי פאר איהר חבר'טע און יענע פאר איהר, אוןביידע לאזען זיך ארונטער אין וואסער ביז'ן האלז, קוקען זיך אום מיט צושראקענע אויגען אויפ'ן פאסטוך, שרייען צו איהם, זידלען איהם, און אז יענער לאכט נאך העכער און הייסער, הויבען זיי אן צו פויזען אויף אלע פיער פון'ם טייכעל, די באקען צופלאמט, די אויגען פערשעהמט, קריכען אזוי צו צו זייערע קליי-

דער, וויקלען זיך איין אין דעם, בויגען זיך צו ניעדריג, ניעדריג צו דער ערד און טהוען זיך אזוי אן. און אז זיי האבען זיך אנגעטהאן, שטעלען זיי זיך ביידע אוועק, מאכען מיט די הענד צום פאסטוך אויפ'ן בערגעל און זידלען איהם. ער האט זיך אויך דארט אויפגעהויבען, פאכעט צו זיי מיט זיין לאנגער בייטש, לאכט און פייפט. דאן טהוען די חבר'טעס זיך מיט אמאל א כאפ, צולאכען זיך און לויפען אוועק אין שטעדטעל.

און ווען תשעה באב איז געקומען, האט דאס טייכעל איצט אויך געהערט, ווי מיט צעהנדליגעד און צעהנדליגער יאהרען צוריק, שרעקליכע יללות פון דעם אידישען בית־עולם אנטקעגען, וואו אידישע פרויען זיינען אויף די קברים פון זייערע קרובים געלעגען און האבען געיאמערט; וואו אידען מיט ווייסע בערד זיינען געשטאנען, דעם קאפ אנגעשפארט אן די מצבות פון זייערע פרויען, און האבען געמורמעלט, און וואו אידישע אינגלעך, וואס אין זייערע הערצלעך האט דאס יונג לעבען געשטיפט, ניט געוואלט וויסען ניט פון קיין זארגען און ניט פון קיין טויט, האבען געקלעטערט אויף די בוימער איבער די קברים און געריסען זויערע עפעל...

און קורץ פאר ימים נוראים איז איצט אויך, ווי מיט צעהנדליגער און צעהנדליגער יאהרען צוריק, דער הימעל איבער'ן וואלד געהאנגען א גרויער און א מרה־שחורה'דיגער און פון דער דארטיגער גרויקייט האט זיך צייטענווייז א בייזער, לאנגער און קארטאווער געשריי פון א ראב געהערט, און אין'ם שטעדטעל האט געשמעקט מיט ארונטערגענומענער תבואה פון די ארומיגע פעלדער, מיט פארטיגע עפעל פון די ארומיגע סעדער, מיט הערבסט פאר די דארטיגע קריסטליכע שכנים און מיט שווערען אומעט פון ראש השנה און יום כפור פאר אלע דארטיגע אידען...

און אויף די פנים'ער פון די קרעמער און קרעמערקעס איז געלעגען א פערטראכטע ערנסטקייט, און יעדע הארץ איז צו גאט'ס רחמים געווענדעט געווען, א נייעם גוטען יאהר, א כתיבה וחתימה טובה ביי גאט געבעטען, און יעדעס הארץ האט פאר גאט'ס צארן געציטערט...

און מען האט קיין קללות נישט געהערט און קיין זידלערייען. מען האט מורא געהאט צו שילטען, ווען אויפ'ן הימעל האט מען זיך

געגרייט צו שרייבען און צו חתמ'ענען און אויף דער ערד — צו רייניגען זיך פון די זינד. יעדער און יעדע האָט זיך בעמיהט צו בע־גראָבען טיעף אין הארצען די בייזע געפיהלען צום אנדערען איבער די מורא'דיגע טעג...

ווי מיט צעהנדליגער און צעהנדליגער יאָהרען צוריק, איז אין דער דאָזיגער צייט, דער פּחד פאַר גאָט אין'ם שטעדטעל געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, דער הימעל איבער'ן וואלד. האָט זיך געדאכט, איז פאַר פּחד אזוי פינסטער און פער'מרה־שחורה'ט געווען, די זון האָט זיך פאַר מורא בעהאלטען און דער וואלד און די גאַנצע ארומיגע סביבה איז פאַר שרעק אזוי פערכמורעט געווען.

די נעכט זיינען געווען שטאָק־פינסטער אָהן א לבנה. די הייזער, די קראָמען זיינען געלעגען, ווי אין א טיעפען שווארצען תהום. און די פייערלעך פון די פענסטער האָבען פון ווייטען ארויסגע־בלישצעט, ווי אויגען פון וועלף אין א פינסטערען וואלד, און דער פּוילישער בית־עולם איז ווי א שווערע שטיק כמאַרע געהאנגען איבער דאָס פערזונקענע שטעדטעל, און אַן אומעטיגער רוישען פון'ם וואלד האָט זיך איבער'ן שטעדטעל געטראָגען, און נאָכאַנאַנד האָבען זיך פון מארק בעוועגט טונקעלע שאָטענס מיט שווימענדיגע פייערלעך פון די אָנגעצונדענע לאַמטערנעס, און שטילע טריט האָבען זיך געהערט, וואו די שאָטענס מיט די פייערלעך האָבען זיך בעוועגט, און שטילע זיפצען, און אין דעם אלעם האָבען אידען איצט די אַנקומענדיגע מורא'דיגע טעג געפיהלט...

---

## 5



## די תשובה-טעג אין'ם שטעדטעל.

די עלטערע אינגלעך זיינען אויך פרימער געוואָרען אין דער דאָזיגער צייט, האָבען געדאַוועגט מיש מעהר כונה און זיך געהיט פאַר עבירות. בעזונדערס האָבען זיי זיך אָבגעהיט פאַר אזוינע עבירות, וואָס פאַר זיי האָט כרת־יאָהרען געקומט.

שטעהט א אינגעלע און דאווענט. אין די ניעדריגע פענסטער פון'ם שטוב קוקט אריין פון דרויסען א גרויער פערוואלקענטער איז־דער־פריה. דער אינגעלע איז א יאהר צעהן אלט, בלייך און מאגער, אין פערלאטעטע הויזען, פון וועלכע עס שטעקט ארויס א שמוציגער עק פון'ם העמד. ער האלט א סידור אין די הענד און דאווענט מיט כונה הויך אויפ'ן קול. קומט אריין זיין מאמע פון דרויסען פער־האוועט מיט א קערבעלע אין די הענד, א בלייך, קליין־געוויקסיג וויבעל, נאך גאר א יונגס, מיט א פאטשיילע איבער די אקסלען און א טיכעל אויפ'ן קאפ, פון אונטער וועלכען עס זעהט זיך קיין האר נישט ארויס. זי טהוט א שטעל דאס קערבעלע אויפ'ן טיש און הויבט אן ארויסצולעגען פון דארט לעקעכלעך, צעהלט זיי מיט א שעפטשען, איבערגעצעהלט, לעגט זי זיי צוריק אויס אין דאס קערבעלע און קוקט זיך אום אונרוהיג אויף איהרע קלענערע קינדער, וואס שלאפען נאך: איינס אין א וויעגעל און צוויי אויף א קאנאפע. זי דארף לויפען אויפ'ן מארק, ארויסשטעלען איהר טישעל. אלע שטעהען שוין דארט נעבען זייערע טישלעך, און זי קען זיך נאך נישט ארויסרייסען פון'ם שטוב, ווייל מען דארף די קינדער נאך אנטהאן און עסען זיי געבען. איהר מאן איז אוועקגעפאהרען אין דארף „אין קאליעדע“, וועט היינט אדער מארגען מסתמא צוריקקומען מיט א ביסעל תבואה פון דארט. אן אנדער צייט וואלט זי אנגעהויבען צו שרייען און צו שילטען די קינדער, פאר וואס זיי „פאפען“ און לאזען זיך איהר ניט ארויסרייסען פון שטוב. היינט אבער, פאר ראש השנה, האט זי מורא צו זיין בייז, און ווי עס מוטשעט איהר ניט די מחשבה, אז אפשר ווערט זי אן דארט אויפ'ן מארק לייזונג, טהוט זי זיך אן א כח ניט צו זיין אין כעס, געהט צו צו די שלאפענדיגע קינדער, גלעט זיי און וועקט זיי מיט אזוי פיעל גוטסקייט אין'ם קול:

— קינדערלעך, שטעהט אויף! א גוטינקען, גוטינקען יאהר זאלט איהר האבען, פייגעלאך מיינע, איך פערשפעטיג איבער אייך!...

און בעת זי איז דארט פערנומען מיט די קלענערע קינדער, וואס זי האט אויפגעוועקט, אבווישענדיג זיי די צורה'קעלעך מיט א נאס־סען האנדטוך און זאגענדיג מיט זיי „מודה אני“, דאווענט דערווייל דער עלטסטער אינגעל פון דעם סידור און כאפט יעדע ווייל א קוק אויף די לעקאך'לאך אין דעם קערבעל. זיי ציהען איהם צו זיך און

טומלען זיין מוח. אין זיין קליין הערצעלע שלאגען זיך ארום דער יצר הרע און דער יצר טוב. „אזוי געשמאק, נעהם!“ — טענה'ט דער יצר הרע. „מען טאר ניט, דאס איז א גנבה, אזא עבירה פאר ראש השנה און יום כפור!“ — ענטפערט דער יצר טוב — און ער שטעלט זיך מיט'ן רוקען צום קערבעלע, מאכט צו די אויגען און דאַ־ווענט העבער. „דו וועסט דערנאך זאגען דער מאמען, וועסט ביי איהר מחילה בעטען. אזוי געשמאק, אזוי זיס!“ — לאזט איהם ניט אפּ דער יצר הרע. ער דערמאהנט זיך אן דאס לעקעכעלע, וואס ער האט שטילענקערהייט ארויסגענומען פאר עטליכע וואכען צוריק פון'ם קערבעלע, און פיהלט נאך איצט דעם געשמאקען טעם אין'ם מויל. צום סוף בלייבט ביי איהם: ער וועט נעהמען נור דאס מאל און דער־נאך וועט ער דערצעהלען דער מאמען און זי בעטען, זי זאל איהם מוחל זיין.

ער גנב'עט זיך צו הינטערוויילעכץ צום טיש, די אויגען אויף דער מאמען אויסגעשטעלט מיט מורא, טאפּט אן פון הינטען ארום דאס קערבעלע, רוקט אהין אריין דאס הענטעל, שלעפּט עס פאר־זיכטיג ארויס מיט א לעקעכעל און בעהאלט עס פלינק אונטער'ן ארבע כנפות אויף דאס הויל הערצעל. דערנאך דאווענט ער ווייטער, אבער שוין צוטומעלט, נישט מיט אזא כונה ווי פריהער.

די מאמע מיט'ן קערבעל איז אוועק. דער אינגעל האט אבגע־דאווענט, איז ארויס מיט'ן לעקעכעל אויף דער גאס. ער געהט אין חדר און שפּירט דאס לעקעכעל שוין אויפ'ן נאקעטען בייכעל, וואו עס האט זיך ארונטערגערוקט אונטער'ן ארבע כנפות. ער געהט און טראכט: עסען צי ניט? יא עסען! נישט עסען! אזוי געשמאק! אבער אזא עבירה! צו להכעיס דעם יצר הרע וועט ער נישט עסען, אט דוקא ניט! אזוי געשמאק, אזוי זיס! „איך'ל דערצעהלען דער מאמען: מאמע, איך האב א לעקעכעל גענומען“... „גענומען? גע־גנב'עט! גע'גנב'עט!“ — האט ער זיך גענומען בייזערען אויף זיך אין די מחשבות — „דאס איז א גנבה! גוי, דו האסט גע'גנב'עט פאר ראש השנה און יום כפור!...“

ער דערזעהט פלוציט זיינעם א חבר, וואס געהט אויך אין דעם אייגענעם חדר, וואו ער — שלמה'קעלע „די ווילדע בריאה“. דאס איז מירקע אברהם־לייזער'ס מיזיניקעל, א אינגעל אין זיינע יאהרען, מיט

א צוקראַצט פּנים, א צוריסען היטעל אויפ'ן קאָפּ, א באָרוועסער און אויך מיט א שמוציגען עק פון די צוריסענע הויזען ארויסגעשטעקט. דער דאָזיגער שלמה'קעלע איז טאַקע א ווילדע בריאה. וואו א פּאַר־קאַן, דאָרט קריכט ער. דערזעהט ער א ציעג, מוז ער אויף איהר פּאַהרען רייטענדיג. אויף א וואָגען מוז ער זיך אָנהעננגען. דערזעהט ער א קינד מיט א נאַשעריי, מוז ער עס ארויסכאַפּען. קריכט אין די סעדער, עפּעל צו גנב'ענען. אין בית־מדרש שלאָגט ער זיך תמיד מיט די אַנדערע קינדער און געהט שטענדיג אַרום מיט א צוקראַצט פּנים. איצט, פאר ימים נוראים, האַלט זיך שלמה'קעלע אויך גאָר אַנדערש, שטיל געוואָרען ווי א טויב.

שטעלט ער איהם אָב:

— שלמה'קעלע, איך האָב א לעקעכעל!

— וואו?

— אָט דאָ!

ער טורקעט זיך אין דעם בויך.

— גיב א שטיקעלע!

— מען טאָר נישט...

— פאַרוואָס?

— מען טאָר נישט...

— א לעקעכעל טאָר מען נישט? פאַרוואָס?

— מען טאָר נישט... איך האָב גענומען שטיל־ינקערהייט..

— אָי! — טהוט זיך שלמה'קעלע א כאַפּ — פאר ראש השנה? גנב!...

— נישט ביי א פרעמדען, ביי מיין מאַמען.

— אַלץ איינס א גנב... מען טאָר נישט. כרת יאַהרען קומט דערפאַר. פרעג אַפילו דעם רבי'ן. געה, גיב אַוועק צוריק!

— איך האָב אַליין געוואָלט געהן און אָבגעבען צוריק. דער־פאַר האָב איך דאָך דיר געזאָגט, אז מען טאָר נישט...

— עפּעס א גוטער לעקעכעל? — פרעגט מיט אַמאָל שלמה'־קעלע — עם קאַרטשעט דיר עפּעס אויפצועסען איהם, הא? גיב א קוק טהאָן!...

— מען טאָר נישט! — טהוט יענער א שאָקעל דעם קאָפּ — און לאָזט זיך שנעל לויפען צום מאַרק צו.

דאָרט שטעהט שוין זיין מאַמע ביי איהר טישעל מיט לעקעכלעך, קאָנפעקטען און קוואַס.

צוגעלאָפען צו איהר, שטעלט ער זיך אָפּ, שלעפּט ארויס פון אונ־טער'ן ארבע כנפות דאָס לעקעכעל, וואָס איז אַנגעוואָרעמט פון זיין לייב, דערלאַנגט זיין מאַמען און קוקט נישט אויף איהר.

— וואו האָסטו עס גענומען? — פרעגט זי, ווען דאָס לעקעכעל איז שוין ביי איהר אין דער האַנד געווען.

— גענומען... — שטאַמעלט ער, ציהט אויס דעם מאָגערען אָרם געגען פּנים, רייבט די נאָז אָן איהם און בליפּעט.

— וואָס ווייגסטו?...

— איך האָב גענומען פון דיין קאשאלקע — בליפּעט ער ווייטער און זיין אויסגעצויגענער אָרם איז שוין געגען זיין שטערן, און ער קוקט פון אונטער איהם אויף זיין מאַמען מיט אַ פערקרימט פּנים און וואַרט אויף דעם פּאַטש.

די מאַמע אָבער פּאַטשט איהם היינט נישט. אין אַן אַנדער צייט וואָלט זי איהם אָנגעפּאַטשט, שטיקער פלייש פון איהם געריסען, מיט קללות איהם בעפאַלען און מיט געשרייען: סטייטש, אַזאַ בלוט־זויגער, ביז וואַנען זי לייזט אַ קאָפּיקע... היינט האָט זי איהם נור אויסגערעדט: „נישט שען, זוהן מיינער, אַן עבירה, ערב ראש השנה... איך וואָלט דיר אַליין געגעבען...“

און די דאָזיגע גוטע רייד אַנשטאָט דעם פּאַטש, וואָס ער האָט ער־וואַרטעט, האָבען איהם גאָר אין גאַנצען צונומען, און ער האָט זיך נאָך העכער צוואויינט, רחמנות'דיגער, מיט אמת'ער חרטה אין האַר־צען...

דאַן האָט איהם די מאַמע ביידע באַקען אַ גלעט געטהאָן: „שאַ, שאַ, דו וועסט שוין דאָס ווייטער נישט טהאָן“, אָבגעווישט איהם מיט אַ פּאָלע פון איהר קלייד די נאָז, אַריינגעשפּאַרט איהם דאָס לעקע־כעל אין'ם הענטעל און געזאָגט:

— נו, געה אין חדר, אַ זים יאָהר זאָלסטו האָבען!

און ער איז אוועק פון איהר מיט שיינענדיגע אויגלעך: אַ קיין גנב איז ער נישט געווען, קיין כרת־יאָהרען וועט ער ניט האָבען, אַ לעקעכעל האָט ער געהאָט!...

פאר שמחה האָט ער אזש גענומען פאבריקעווען, ווי א יונג קעלבעל, און דער שמוציגער עק פון'ם העמד האָט איהם פון הינטען נאָכגעטאַנצט...

* * *

פאר די קראָמען זיינען איצט געזעסען די קרעמער און די קרע־מערקעס טיעף פערטהאָן אין זיך.

א פויערטע מיט א יונגער שיקסע זיינען פארבייגעגאנגען, די פויערטע מיט א בלעבענער קעראָסין־כלי אין דער האנד און די שיקסע מיט א לעדיגען זאק. ביידע האָבען געטראָגען אויפ'ן קאָפּ ווייסע לייווענטענע טיכער און אויף די פיס לאַפּטיעס. די קרעמער און ז'י קרעמערקעס זיינען געבליבען זיצען אויף זייערע ערטער. ניט גע־ריסען זיי איינער פון'ם אַנדערען, ניט געשלאָגען זיך פאר זיי, נאָר יע־דער האָט זיי גערופען פון זיין פלאַץ, און אזוי שטיל, אזוי הכנעה'דיג, טאַקע נור ווי פאר ראש השנה און יום כפור. און ווען די פויערטע מיט דער שיקסע זיינען צו מאָטלען אין קרעמעל אריין, האָבען די קרעמער און די קרעמערקעס איינע צו די אַנדערע גערעדט:

— מילא, ער איז אויך א איד... זאָל גאָט צושיקען אלע אידען א גוטען נייעם יאָהר...

און מירקע, די הולטאיקע, האָט אונטערגעכאַפּט מיט אַן אויפ־ריכטיגער, פרומער מינע:

— אָמן, רבונו של עולם, אָמן!...

* * *

אזוי האָבען אין דער דאָזיגער צייט, ביז איבער יום כפור, די דאָרטיגע אידען מיט זייערע ווייבער און קינדער זיך בעמיהט צו זיין בעסער און פרימער, פונקט ווי זייערע עלטערען און אור־עלטערען מיט צעהנדליגער און צעהנדליגער יאָהרען צוריק, האָבען גערייניגט און גע'כשר'ט זייערע נשמות פון זינד, ווי זיי האָבען זייערע הייזער און כלים אויף פסח גע'כשר'ט, און די בעזונדערע פאר ימים־נוראים'דיגע שטימונג, אזא סודות־פולע און אזא מורא'דיגע, און אזא פייערליכע, פול מיט גאָט'ס אַנוועזענהייט, איז געוואַקסען אין זיי און ארום זיי אַלץ מעהר און מעהר...

* * *

עס געהט דער אַלטער שמש פון׳ם אַלטען בית־מדרש אין די פינסטערע נאַכט אַרויס, האַלט די אָנגעצונדענע לאַמטערנע געגען פּנים, וועלכע בעלייכטעט זיין לאַנגע ווייסע באָרד, און זוכט דעם וועג צו די אידישע הייזער. אַן אומעטיגער רוישען פון די בוימער טראָגט זיך פון׳ם וואַלד דורך די פינסטערניש, דער שמש שטעלט זיך אָב געבען אַ הויז, קלאַפּט אָן אין די לאָדענס און שרייט אויס מיט אַ קול, ווי פון יענער וועלט: „שטעהט אויף צו סלי־ח־ות! שטעהט אויף צו סלי־ח־ות!". געהט פון דעם הויז צו אַ צווייטען, צו אַ דריטען, קלאַפּט און רופט צו גאָט מיט זיין אונהיימליך קול אין דער פינסטערער נאַכט... און עס בעוויזען זיך פייערלעך אין די פינסטערע פענסטער און אַ שליאַפּען פון באָרוועסע פיס דערהערען זיך פון די הייזער, און אַ הוסטען. און שפּעטער אַ ווײלע, ווען דעם שמש׳ס קול טראָגט זיך אויף אַ צווייטער גאַס, פון וועלכער עס הערט זיך איצט אויך אַ בייזער בילען פון הינט אויף די קריסטליכע הויפען, טרעטען אַרויס פון די אידישע הייזער דונקעלע שאָטענס, אי גרעסערע, אי קלענערע, מיט לאַמטערנעס, און בעוועגען זיך מיט פערשלאָפענע טריט, מיט אַ הוסטען און זיפצען אין איין ריכטונג, צום בית־מדרש, וועלכער שטעהט איצט אין גאַנצען בעלויכטען מיט אַ מין הייליגען שיין אין מיטען דער אַרומיגער פינסטערניש... און אָט הילכט די פינסטערע נאַכט מיט אַ פעראייניגטען געשריי פון אידישע טאַטעס און קינדער, וואָס רייסט זיך פון׳ם בית־מדרש אַרויס מיט אַ זיפצען און קרעכצען...

* * *

ביז ערב יום כפור האָבען די דאָרטיגע אידען פערגעבונג ביי גאָט אויף זייערע זינד געבעטען. און ערב יום כפור אין־דער־פריה, אין די בתי־מדרשים פערזאַמעלט, האָבען זיי איינער ביים אַנדערען פערגעבונג געבעטען. זינדיג האָבען זיך די דאָזיגע אָרימע אידען געפיהלט איינער געגען אַנדערען: געריסען דעם ביסען ברויט איינער ביים אַנדערען, געשלאָגען זיך פאַר אַ קונה, געשאָלטען זיך, מקנא געווען... זיינען זיי פערזאַמעלט געווען אין די בתי־מדרשים, האָבען מכבד געווען איינער דעם אַנדערען מיט בראָנפען און לעקאַך, מיט ערנסטע

פייערליכע מינעם געבעטען מחילה איינערביים אנדערען און זיך צוגעוואונשען א גוטען יאהר.

און דארט אויפ'ן מארק איז די זינדיגע מירקע אברהם־לייזער'ם געגאנגען פון קרעמעל צו קרעמעל, דער לאנגער, דארער קערפער איינ־געבויגט אונטער דער פאטשיילע, דאס געל פנים צוקרימט, די אויגען רויט פון געוויין, האט זיך אבגעשטעלט נעבען יעדען קרעמער, נעבען יעדער קרעמערקע, א קלאפ געטהאן זיך אין הארצען און ארויסגע־בליפעט: „איך האב געזינדיגט געגען אייך... איך בין א הולטאיקע... זייט מיר מוחל, טהייערינקער... זייט מיר מוחל, טהייערינקע!"...

און דער קרעמער האט איהר געענטפערט מיט אן ערנסטער, פייר־ערליכער מינע:

— זייט מיר אויך מוחל, מירקע!...

און די קרעמערקע האט איהר געענטפערט אויך מיט א בליפען:

— מירעלע־לעבען, זייט מיר אויך מוחל!... גאט זאל אונז אלעמען מוחל זיין און א גוטען יאהר זאל ער אונז אלעמען אנ'חתמ־ענען!...

* * *

און פארנאכט, נאך דעם פערפאסטען זיך, זיינען אלע אידישע הייזער בעלויכטען געווען. לייכטער מיט סטערינאווע און וועקסענע ליכט האבען אויף די קאמאדען און טישען געברענט און געווארפען איבער'ן שטוב א בעזונדער פערסוד'עטען שיין... די טאטעס האבען מיט שטומע פייערליכע מינעם זייערע ווייסע קיטלען אנגעטהאן. די מאמעס אין ווייסע טשיפיקעס און אין ווייסע קליידלאך האבען די טרעהרען געשלונגען, בעוועלטיגט פון דער יום־כפור־שטימונג. כמעט אין יעדער אידישער הויז האבען טאטעס זייערע קינדער גע־בענשט, זיידעס זייערע אייניקלעך, איידער מען איז אין בית־מדרש געגאנגען...

ביי מירקע אברהם־לייזער'ם אין דער אלטער שטיבעל מיט די פענסטער ניעדריג איבער דער גרינער פריזבע, איז אויבען אן געזע־סען אויף א שטוהל איהר אלטער טאטע אברהם־לייזער דער קירזשנער. וועלכער האט געוואוינט מיט איהר — א הויכער, דארער איד מיט א לאנגער, ווייסער בארד און מיט א טיעף־פערקלעהרטען פנים פון פארמשה־האליער. ער איז געזעסען אין א ווייסען קיטעל, ווי א מת

פון יענער וועלט, די אויגן צוגעמאַכט, די בלייכע הענד פון דיברייטע ווייסע אַרבל אַרויסגעשטעלט, און האָט געבענטשט זיינע אייניקלעך. מירקע'ס קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען אין מיט'ן שטוב, פיער בחורים און דריי מיידלאַך.

נעבען טיש, וואו ליכט האָבען געברענט, איז געשטאַנען מירקע אין אַ ווייסען טשעפּיק און אַ ווייסער קאַפּטע, האָט געקוקט, ווי דער אַלטער טאַטע בענשט איהרע קינדער און אויף'ן שפּיץ פון איהר פערוויינטער נאָז האָט אַ טרעהר געציטערט, און איהר מאַן, משה־איצע דער מלמד, אַ קליין, דאַר אידעל מיט אַ רויט בערדעל און גרויסע רויטע ברעמען, אין אַן אַטלעסנער זשופּיצע, איז געשטאַנען אין מיטען שטוב, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, די הענד הינטער דעם שוואַרצען גאַרטעל פערדרוקט, און האָט זיך געשאָקעלט.

ווען מירקע'ס עלטסטע טאָכטער, לאה'קע, אַ מיידעל מיט זומער־שפּרינקלעך אויף'ן פּנים, רויטע האָהר און רויטע אויגען, האָט דעם קאָפּ איינגעבויגט אונטער דעם זיידען'ס בלייכע הענד, האָט מירקע מיט אַ פאַלע פון איהר ווייסער קאַפּטע איהר פּנים פערשטעלט, געשטיקט איהרע טרעהרען און מיט'ן האַרצען געבעטען: „אַ חתן זיי איהר מזכה, גאָטעניו, און גדן פאַר איהר, אַ מיידעל אין יאָהרען!"...

און איהר מאַן, משה־איצע, האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבען, אַ קוק געטהאָן אויף דעם איינגעבויגטען רויטען קאָפּ פון זיין טאָכטער, אויף וועלכען דעם אַלטען'ס בלייכע הענד פון די ברייטע ווייסע אַרבל האָבען געציטערט, צוגעמאַכט די אויגען און האָט זיך גענומען שאָקלען שטאַרקער... און בעת חיים־בער, דער זוהן, וואָס האָט צום פּריזיוו געזאָלט זיך דעם יאָהר שטעלען, אַ הויכער, לאַנגער בחור, ווי די מאַמע, מיט שוואַרצע הערעלעך אַרום די באַקען, מיט וואַטע אין די אויערען און אַ שוואַרץ־געקרויזטען קאָפּ, איז צום זיידען צוגעגאַנגען און האָט זיין קאָפּ איינגעבויגט, האָט דער זיידע טיעף אַ זיפץ געטהאָן און אין זיין מורמלען האָבען זיך פערשטיקטע טרעהרען געהערט, און מירקע האָט זיך אין גאַנצען צונויפגעקאַרטשעט, און אַ יאָמער האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען, וואָס זי האָט אָבער באַלד דערשטיקט. און נאָך דעם דאָזיגען יאָמער האָבען זיך אַנדערע פון איהר נשמה געריסען, וואָס זיינען דאָרט פערהאַלטען געוואָרען: „אי, טאַטע־האַרציגער, האָב רחמנות איבער איהם!"... און משה־איצע האָט דאָן

אויך מיט דער נאָז געגומען ציהען און סאָפּען און זיך געשאָקעלט נאָך שטאַרקער...

אזוי זיינען צוגעגאַנגען צום זיידען איינס נאָכ'ן אַנדערען אַלע אייניקלעך, מירקע'ס קינדער, אויך שלמה'קעלע די ווילדע בריאה, און יעדער האָט דעם קאָפּ פאַר איהם געבויגט מיט אַן ערנסטער, פערטראַכטער מינע, אַ ציטערנדיגען געמיטה און איינגעהאַלטענעם אָטהעם. אַ פייערליכע שטילקייט האָט אין'ם הויז געהערשט, איבער װעלכען עפּעס אַ הייליגער פּחד האָט געשוועבט, און אין דער דאָזיגער שטילקייט האָט זיך געטראָגען דעם אַלטען'ס פערשטיקט מורמלען, וואָס האָט זיינע אייניקלעך מיט אַ האַרץ פול טרעהרען געבענשט...

די פלאַמען פון די ליכט אויפ'ן טיש האָבען עפּעס אויך אַנדערש געברענט, געציטערט, האָט זיך געדאַכט, פאַר יום־כפור־פּחד...

* * *

און שפּעטער אַ ווײלע זיינען זיי אַלע אין די בתי־מדרשים. די גאַסען זיינען פּוסט. קיין קינד זעהט מען ניט אַפילו אין דרויסען. דאָס גאַנצע שטעדטעל מיט'ן וואַלד אויפ'ן באַרג און מיט דעם דונקעלדיגען הימעל פון אויבען קוקען אוים יום־כפור'דיג פער'סוד'עט...

---

## 6

## יום כפור אין'ם שטעדטעל.

אין'ם בית־מדרש איז הייס און שטיקענד. הונדערטע וועקסענע ליכט ברענען אויף די טישען אין ליימענע טעפּלאַך און פון זיי ציהען זיך פון אַלע און אין אַלע זייטען לאַנגע, שמאַלע, ציטערענדיגע, ברענענדיגע צינגעלעך און פילען אַן די לופט מיט אַ וואַרימען זיםליכען גערוך פו וואַקס און מיט אַ שטיקענדען גערוך פון צושמאָלצענעם חלב.

צעהנדליגע ברענענדיגע הענג־לייכטער און לאָמפּען גיסען זייער שיין אויף די מענשען אין די ווייסע קיטלען, וואָס שאָקלען זיך און קרעכצען און יאָמערען, און פערטומלען מיט זייערע געשרייען די יללות, וואָס טראָגען זיך פון דער ווייבערשער שוהל...

פאַר דעם עמוד שטעהט מאַטעל־חנה־דבורה׳ס, ניט מאַטעל דער אָרימער קרעמער פון אַ גאַנץ יאָהר, וואָס שלאָגט זיך אַרום אויפ׳ן מאַרק פאַר אַ קאָפּיקע לייזונג, נאָר אַן אַנדערער מאַטעל, דער שליח ציבור, וועלכער וויינט אויס ביי גאָט פערגעבונג אויף די זינד פון כלל ישראל. מאַטעל׳ס רייכע נשמה, וועלכע האָט זיך אָבגעטהיילט פון איהר אָרימען, גראָשענעם גוף, שטעהט איצט פאַר דעם עמוד. אין דעם ווייסען קיטעל, דער קאָפּ אונטער׳ן טלית אָבגעוואָרפען אַהינ־טער, דער בעגייסטערטער פּנים מיט די פערגלאָצטע אויגען פעררי־סען ארויף,ביידע הענד אויסגעשטעלט גענגען די ליכט, וואָס ברענען הינטער׳ן עמוד, און טענה׳ט, און בעט זיך, און וויינט אַזוי האַרציג, מיט אַזוי פיעל געפיהל:

— אַ, סלח נאַ לעון העם הזה — פערגיב דו די זינד פון דעם דאָ־זיגען פאָלק, כי גדול חסדיך — וואָרים גרויס איז דיין גנאַד...

און אַ העכערער קרעכצען ענטפערט איהם, און אַ העכערער יאָמער, און אַ האַקען אין די ווענט, איבער די סטענדערם, אַ זעצען זיך אין דער ברוסט, און אַ פּאַטשען אין די הענט, און יללות פון דער ווייבערשער שוהל און דינע קול׳בעלעך פון די אינגלעך, וואָס שטעהען נע־בען זייערע טאַטעס און זיידעס, קוקען אריין אין די מחזורים און שפּירען גאָט און די מלאכים, וואָס קוקען אויף זיי אַרונטער פון דער ווייטער הויכקייט, און די דאָזיגע אַלע קולות ברעכען דורך די ווענט פון׳ם בית־מדרש, רייסען זיך אין דעם פער׳סוד׳עטען דונקעלען דרוי־סען אַרויס און טראָגען זיך העט צום הימעל אַרויף...

אָט שטעהט אַן אַלטער איד, מיט אַ ברייטער, ווייסער באָרד. ביידע הענד אָנגעשפּאַרט אַן דער וואַנד, די אויגען פערמאַכט, שאָקעלט דעם אַלטען קאָפּ אונטער׳ן טלית און וויינט אַזוי געבראָכען, אַזוי רחמנות׳דיג; און דאָרט ביי דער וואַנט שאָקעלט זיך אַ לאַנגע פיגור היין און צוריק, רעכטס און לינקס, און כליפּעט. און מיט אַמאָל טהוט ער אַ פּאַטש אין די הענד און שרייט אויס מיט אַן אימפּעדיגען קול: „ג־וואַ־אַ־לד!“ אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אַן אַ שרעקליכער עבירה, וואָס ער איז בעגאַנגען...

— טאַטעניו, וועה־וועה! טאַטעניו! וועה, וועה! — גיסט זיך מאַטעל׳ס וויינענדיגער טענאָר...

— אי־אי־אי־א־א! — שרייט פון א ווינקעל משה־איצע דער מלמד מיט זיין קוויטשענדיגען קול, וואס ווערט אונטערגעכאפט פון אלעמען אי דא, אי אין דער ווייבערשער שוהל, מיט א זיפצען און כליפען און יללות.

נעבען דער טהיר שטעהט דער אפטייקער פונ׳ם שטעדטעל, א בלאנדער יונגער מאן אין ברילען, צופט מיט דינע, ווייסע פינגער דאס בלאנד בערדעל ביי דער אונטערשטער ליפ, האלט א קליין מחזור׳ל אין די הענט, קוקט אריין אין בעוועגט לאנגזאם מיט די וואנצעם; שטעהט נעבען איהם דער לעהרער פונ׳ם שטעדטעל, א הויכער בחור מיט קופקעלער שווארצע האאר דא און דארט אויף די באקען, דא און דארט אויף דער מארדע, מיט א פערשמירטען שווארצען קראגען. האלט א פינגער אין דער נאז, דרעהט איהם מיט א פערטראכטער מינע און זאגט שטיל און געלאסען פון א מחזור. פון צייט צו צייט הויבט ער זיך אן צו שאקלען, דאן נעמט ער ארויס דעם פינגער פון דער נאז און זאגט מיט התלהבות די תפלות. באלד אבער טהוט ער זיך א כאפ, שאקעלט זיך ניט מעהר, פעררוקט ווידער דעם פינגער אין נאז אריין און זאגט ווידער שטיל. ער שעהמט זיך פאר דעם אפ־טייקער, ביי וועמען ער נעהמט ביכער און צייטונגען צום לעזען, צו דאוונען מיט התלהבות, ווי איהם וואלט זיך געגלוסט. ער וויל, אז דער אפטייקער זאל איהם האלטען פאר אן „אויפגעקלעהרטען", זאגט ער די תפילות געלאסען און שטיל, און ווי זיין טבע איז תמיד געווען. בעת ער האט געלאסען גערעדט אדער געלעזען, האט ער מיט׳ן פינגער אין דער נאז געדרעהט...

אבער אין א ווייטע ארום, פערכאפט פון דער ארומיגער שטי־מונג, רוקט ער זיך אפ פון דעם אפטייקער, שטעלט זיך אין א ווינ־קעלע, נעהמט ווידער ארויס דעם פינגער פון דער נאז, צושאקעלט זיך ווידער מיט התלהבות און זיין קרעכצענדיגער קול גיסט זיך צו־נויף מיט די קולות פון די איבעריגע און טראגט זיך מיט זיי צוזאמען אוועק צום הימעל...

* * *

שטיל איז אין דעם שטעדטעל יום כפור ביי־נאכט. דורך די דונ־קעלהייט טראגט זיך דאס דונקעלע פליסטערען פון׳ם וואלד, און מיט אזא פחד פליסטערט ער.

אין די אידישע הייזער טראגט זיך א זיפצען פון די געלעגערס. די ליכט אין די לייכטער צאנקען, געהען אויס. קוקט א מאמע פון איהר געלעגער אויף דאס צאנקענדע ליכט מיט שרעק אין׳ם האר־צען: עס איז אויסגעגאנגען — וועה, צי האט זיך א נשמה, חלילה, ניט פערלאשען?...

* * *

און אויף מארגען דעם גאנצען טאג איז אין׳ם שטעדטעל שטיל ווי אויף א בית־עולם. אלע זיינען אין די בתי מדרשים, אויסער די מיידלעך און די קליינע קינדער, וועלכע זיצען פארשפארט אין די הייזער. די מיידלעך פאסטען אויך, און בלייך און ערנסט זיינען זייערע פנים׳ער און זייערע הערצער זיינען אויך צו גאט געווענדעט... אויפ׳ן מארק זעהט מען ניט קיין לעבעדיגען מענשען. די פויערים ווייסען אויך, אז דער אידישער „סטראשני פראזדניק“, דער מורא׳דיגער יום טוב, איז אין׳ם שטעד־טעל, קומען זיי ניט. נור אידישע ציעגען בלאנקען דארט ארום הונ־געריגע צווישען די קראמען, ווייל מען האט זיי היינט אויך עסען און טרינקען ניט געגעבען, און גוי׳אישע גענז און ענטלאך זיצען דארט אויף די פוכאווע בייכער, די פיסלעך אונטער זיך, אנדערע פון זיי גראבלענדיג מיט׳ן שנאבעל אונטער׳ן פליגעל; און היהנער מיט געלינקע היהנדעלעך גראבען זיך דארט אין די קופקעלעך מיסט...

* * *

און די בתי מדרשים זיפצען, כליפען, שרייען צום הימעל... אויף די טישען ברענען נאך פון נעכטען די גרויסע וועקסענע ליכט אין די ליימענע כלים. עס דריקען די אידען אין די קיטלען די ברע־נענדיגע שטערענס צו די קיהלע ווענד, קלאפען זיך אין די הערצער און כליפען שטילערהייט. עס קלאפען די אידען איבער די סטענדערס, פאטשען אין די הענט, שאקלען זיך מיט התלהבות און שרייען, אנדערע שווין הייזעריג. עס פאלען די אידען כורעים אויף די קניע, דריקען די שטערענס צו דער פאדלאגע און בעטען, בעטען... עס טראגט זיך א יאמער פון דער ווייבערשער שוהל... עס כאפען אונטער די

אידען דעם סקארבאווען „שטייגער" פון דעם בעל־תפילה, צושאקלען זיך און העלפען איהם אונטער מיט וויינענדיגע טענער:

— אי־אי־אי! ...

* * *

מען זאגט שוין נעילה... באלד וועלען זיך די טויערען פון געבעט אויפ'ן הימעל צומאכען, און דער עולם, וואס האט זייט נעכטען פאר־נאכט גאר נישט אין מויל געהאט און פיהלט זיך זעהר אבגעשוואכט, נעהמט צונויף זיינע לעצטע כוחות, אום צו לאזען זיך נאך הערען כל זמן די טויערען אויפ'ן הימעל זיינען נאך אפען...

מאטעל־חנה־דבורה'ס שטעהט פאר דעם עמוד און די פיס בויגען זיך ביי איהם אונטער פאר שוואכקייט. ער איז הייזעריג, אבער ער האט נאך טרעהרען און דעם הארציגען אידישען קרעכץ, טראגט זיך זיין הייזעריגער קול פול קרעכצען און געוויין. שמערעל דער שוסטער, א ברייטער, קורצער איד, מיט א שווארץ גרויליך בערדעל און פער־וויינטע, רויטע אויגען, וועלכער קען אלע זיינע „שטיקלעך" און האט א געשמאקען באריטאן, רוקט זיך איצט צו נעהנטער צום עמוד פון הינטער יענער זייט בימה, וואו ער האט זיין „שטאדט", און הויבט אן אונטערצוהעלפען. הוזשעט זיין באריטאן איבער'ן בית־מדרש ווי א גלאק, און מאטעל אליין ווערט אויך לעבעדיגער, און זיין קול, דאכט זיך, ווערט לויטערער, און דער גאנצער עולם קרעכצט...

נאך דער נעילה'דיגער שמונה־עשרה טהוט עפיס פלוצים ווי א ווייה א פריש ווינטעלע איבער'ן בית מדרש—באלד איז שוין נאך יום־כפור... ביי א סך ווייזט זיך א פרעהליכע מינע אויף די בלייכע פנים'ער. די אינגלעך הובען אן צו שטפען, ווי די זון פון הינטער א וואלקען טרעט ארויס פאר זיי דער פרעהליכער שמחת־תורה מיט די באנערען און די הקפות און די טענץ. דער לעהרער פונ'ם שטעד־טעל שטעהט שוין נעבען דעם אפטייקער און רעדט מיט איהם וועגן טורגעניעוו'ס ראמאן „אטצי אי דיעטי", וואס ער האט ביי איהם מיט עטליכע טעג צוריק געליהען.

נאך נעילה פיהלען די מייסטע אזוי ווי בעפרייט זיך פון עפעס א זעהר שווערען פראצעס פאר א שטרענגען ריכטער. אויף די הערצער ווערט עפעס אזוי גרינג. די אויסגעלייטערטע נשמה קעהרט

זיך צוריק צו איהר גוף, וועלכער איז נאָך פון די וואָכעדיגע זאָרגען אויסגעטהאָן. מען ווייגט שוין ניט מעהר. די אויגען ברענען, די פּנים'ער זיינען בלייך און די פּיס זיינען אָפּגעשוואַכט פאַר הונגער און פאַר אַזוי לאַנג תפילה טהאָן און דאָך איז אַ פרעהליכע מינע צוגאָסען איבער די דאָזיגע בלייכע געזיכטער. שמערל דער שוסטער, וועלכער האָט האַלט דעם „כוס", חלומ'ט שוין איצט פון דער פלעשעל, וואָס ער האָט אָנגעגרייט ערב יום־כפּור פאַר נאָך דעם תענית...

דעם מעריב האָט מען אָפּגעבאָפּט, און ווען דער עולם איז פון די בתי־מדרשים געגאַנגען מיט שלעפּענדיגע טריט, די קיטלען אונטער'ן אָרם און די ווייבער און די קינדער מיט די מחזורים ביי דער זייט, האָט שוין אין דער דונקעלער לופט דער יום־כפּור־פּחד מעהר ניט גע־שוועבט און אַרום די הייזער זיינען געשטאַנען מיידלעך און קינדער מיט פרעהליכע מינעם און האָבען געוואַרט אויף זייערע טאַטע־מאַמע.

און שפּעטער, ווען פונ'ם מאַרק, וואו מען האָט די קראָמען גע־עפענט, האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון די שלעסער, האָט עס ניט געקלונגען אַזוי פערזאָרגט און וואָכעדיג ווי אין אַ געוועהנליכער נאַכט נאָך שבת... אויף מאַנכע הויפען האָט מען פערד געשפּאַנט: די ישוב'ניקעס, וואָס זיינען אויף יום־כפּור אין דעם שטעדטעל גע־קומען, האָבען זיך אַהיים געקליבען מיט זייערע ווייבער און קינדער, און אַנדערע דאָרטיגע אידען האָבען זיך אין די דערפער געקליבען מיט זייער סחורה.

* * *

אין זיין שטיבעל אויף אַ ניעדריגען בענקעל איז געזעסען שמערל דער שוסטער, וואָס האָט אויסגעטרונקען אַ העלפט פון זיין פלעשעל, האָט געהאַלטען אַ קאַמאַש אויף אַ קאָפּול, וואָס ער האָט גענייהט פאַר בערל־איצע דעם וואָכערניק, געקלאַפּט אויף איהם מיט אַ האַמער און געזונגען אַ פרעהליכען ניגון. און זיין געשמאַקער באַריטאָן האָט זיך געריסען פון דעם האַלב־פינסטערען שטיבעל, וואָס איז בעלויכטען געוועזען פון אַ רויכיגען לעמפּעל, אין דרויסען אַרויס, געהודיעט איבער'ן שטעדטעל און איז פערלאָרען געגאַנגען אין דער פינסטערניש צווישען די פייערלעך פון די קרעמלעך אויפ'ן מאַרק און צווישען דעם דונ־קעלען רוישען פונ'ם וואַלד.

— אי־אי־טי־רא, אי־אי־אי! אי־טי־רי־רא — אי־אי־אי! — האט געהודיעט זיין פרעהליכער ניגון דורך דער דונקעלהייט פון'ם שטעדטעל, — אי־טי־רי־רא, פום־פום־פום!...

---

.7

## די בעפרייטע קינדער אינ'ם שטעדטעל.

אויף מארגען איז לעבעדיג אינ'ם שטעדטעל, די אינגלעך, וואס זיינען איצט ביז דעם נייעם זמן פריי פונ'ם חדר, לעבען א גוטען טאג. שלמה'קעלע, מירקע'ס „ווילדע בריאה", איז צוגעגאנגען מיט א גאנצער חברה אינגלעך צו א פארקען, איבער וועלכען צווייגען פון בוימער מיט די לעצטע רויטע עפעל זיינען ארונטערגעהאנגען. און איין אינגעל האט זיך איינגעבויגט. שלמה'קעלע האט מיט זיינע נייע שיך ביי יענעם אויפ'ן רוקען זיך געשטעלט, מיט די הענד אן דעם פארקען זיך אנגעכאפט און גענומען קריכען ארויף. און ווען זיינע הענד האבען זיך אנגעכאפט אן דער אויבערשטער ברעט פונ'ם פארקען, האט זיך פלוצים א גרויסע, רויטע האנד בעוויזען פון יענער זייט פארקען און א כאפ געטהאן זיין הענטעל. שלמה'קעלע האט גענומען שרייען און דריגעווען מיט די פיסלעך. גלייך האבען זיינע חברים זיך אבגעטראגען. שלמה'קעלע איז געהאנגען אויפ'ן פארקען, האט געשריען „אי, מאמע!" און זיך געריסען פון דער גרויסער רויטער האנד. און באלד האט זיך דארט בעוויזען פון יענער זייט אויפ'ן פארקען א בייזער, געדיכט־בעוואקסענער פנים מיט ברייטע אקסלען פון א קריסט. ער האט ארונטערגעכאפט ביי שלמה'קעלען דאס נייע היטעל פונ'ם קאפ, אנגעריסען גוט איהם די אויערען און איהם ארונטערגעווארפען פונ'ם פארקען. שלמה'קעלע איז געפאלען מיט די קניע אין דעם זאמד, האט זיך גלייך אויפגעהויבען, ארויפגעלעגט ביידע הענטלעך אויפ'ן היילען קאפ און זיך געלאזט לויפען מיט א געוויין: „אי מאמע, מיין נייע היטעל! אי, מאמע, מיין נייע היטעל!" ער איז פארבייגעלאפען זיינע חברים, זיי האבען איהם גערופען, ער האט זיך אבער ניט אבגעשטעלט, איז געלאפען מיט די

הענד אויפ'ן היילען קעפעל און האט געוויינט מיט אזא צער: „מיין נייע היטעל, מאמע!"...

צוויי פויערשע וועגלעך זיינען פארבייגעפאהרען. חברה האט זיך אנגעהאנגען פון הינטען, ביז איינער פון זיי האט געקראגען א שמיץ פון דעם פויער מיט דער בייטש. דאן זיינען די פון די וועגלעך ארונטערגעשפרונגען. דא און דארט האבען אינגלעך אין קנעפלעך געשפיעלט. דא און דארט האבען זיך אינגלעך געשלאגען, געשטיפט, געקעהרט וועלטען. די ציגען האבען קיין רוה ניט געהאט, האבען זיי זיך בעהאלטען פון די שטיפער אויף די הויפען. עס זיינען געלאפען מיט א געשריי די גענז איבער די גאסען. עס האבען זיך בעהאלטען די היהנער מיט די היהנדעלעך אין די הייזער, אין די קאטוכען אונטער'ן אויווען. עס זיינען ארונטערגעלאפען די הינט פון די הויפען מיט א בייזען בילען... ביז מען האט זיך גענומען צו די סוכות. דאן האבען די אינגלעך געהאלפען זייערע טאטעס און עלטערע ברידער צונויפשטעלען די סוכה. מען האט געריסען פלעקער פון די פלויטען; מען האט זיי געשלאגען אין דער ערד אריין. מען האט געשלעפט ברעטער און מען האט געקלאפט און געהאמערט. א לעבעדיגע וועלט איז דאס געווען פאר די אינגלעך! דעם אינגעל'ס בעקלעך האבען געפלאמט, זיינע אויגעלעך האבען געברענט, און זיין הערצעלע איז אזוי פער'יום־טוב'ט געווען, בעת ער האט געהארעוועט אויף דער סוכה.

* * *

אין דער פינסטערער נאכט בעוועגען זיך שאטענס מיט שווי־מענדיגע פייערלאך פון לאמטערנעס צו א הויז מיט בעלויכטענע פענ־סטער, וואס שטעהט אין מיטען מארק. אין דעם הויז, ביי א טיש, אויף וועלכען עס שטעהט א סאמאוואר, זיצט בעריל־איצע דער וואַ־בערניק, א הויכער איד, מיט א רויטען קארק און א ברייטער באָרד, אין אן אטלאסענער זופעצע. עס קומט אריין א איד מיט א לאמ־טערנע און א פעקעלע אונטער'ן ארעם, קומט אריין שטיל, ניט־דרייסט און אזוי ווי פערשעמט שטעלט ער די לאמטערנע אוועק אויף דער ערד, דערלאנגט דאס פעקעלע בעריל־איצען און טהוט א זיפץ. בעריל־איצע צונעהמט דאס פעקעל, טהוט א קוק — פערשליסט דאס אין קאמאָד און דערלאנגט דעם אידען א פאר רובעל.

— א פרעהליכען יום־טוב זאָלען מיר אַלע האָבען, — מאַכט דער איד, טהוט א זיפץ, נעהמט די לאַמטערנע פון דער ערד און געהט זיך ארויס.

ער אוועק, קומט אריין א אידענע מיט א פאַטשיילע איבער'ן קאָפּ און א לאַמטערנע איבער'ן האַנד. זי לאָזט די לאַמטערנע הינטער דער טהיר נעבען שוועל, געהט צו צום טיש, וואו בעריל־איצע זיצט, טהוט א מאַך מיט'ן קאָפּ, וויקעלט ארום פון אונטער דער פאַטשיילע די האַנד מיט א טיכעלע, נעהמט ארויס פונ'ם טיכעלע א פּאָר אַלטמאַדישע אויערדרינגלעך און דערלאַנגט איהם מיט א זיפץ. קריגט זי א פּאָר רובעל און זאָגט:

— נו, א דאַנק דעם אויבערשטען, ער פערלאָזט ניט. א שטייגער וואָס טהוט מען, אז קיין אויערדרינגלעך וואָלטען ניט געווען, חלילה? צי, זאָל ער אויסהיטען, מען פערקרענקט זיי, האַ? א גוטער גאָט, ער פערלאָזט ניט! עס וועט זיין א יום־טוב ווי ביי לייטען!... א פרעהליכען יום־טוב אייך און אונז אַלע, ר' בעריל־איצע...

זי כאַפּט איהר לאַמטערנע און געהט ארויס.

ווי אָרעם דער דאָרטיגער איד איז ניט געווען, יום־טוב איז ביי איהם געווען יום־טוב...

* * *

נאָך די ערשטע טעג פון סוכות האָט א רעגען גענומען גיסען. דער וואַלד האָט געקרעכצט, דאָס גרינע לעבען האָט דאָרט גע'גוסס'ט. די בייזע געשרייען פון די ראָבען האָבען זיך עפּטער געהערט; פון די בוימער אין די סעדער זיינען די לעצטע עפּעל ארונטערגעפאַלען אויף דאָס פייכטע, וועלקענדיגע גראָז, און די גאַסען האָבען זיך אין טֵייכען בלאָטעס גענומען ווייקען... און איז נעבען צ הויז די בלאָטע געווען א גרויסע, האָט מען דאָרט א ברעט איבער דער בלאָטע אוועק־געלעגט, א „קלאַדקע"—און מען האָט איבער דעם געשפּריזט, אַנדערע מיידלעך אין דעם טאַטען'ס שטיוועל, די קליידלעך הויך פערקאַשערט, קרעמערקעס אין ווינטערדיגע קאָפּטעס, קרעמער אין ווינטערדיגע אויי־בערמאַנטלען. די אינגלעך האָבען געהערט דעם רעגען, ווי די קאַץ! זיי איז געווען פרעהליך — אין חדר האָבען זיי ניט געדאַרפט געהן, און דער פרעהליבער שמחת־תורה האָט געדאַרפט באַלד אָנקומען —

איז טאקע פאר זיי געווען הי־געלעבט! זיינען זיי ארומגעשפרונגען אין די בלאטעס, און וואו דאס וואסער איז אין קאנאווע געלאפען מיט א רוישען, האבען זיי דארטען „שיפען" און „אקרענטען" געלאזט, האבען זיך געיאגט נאך זייערע אקרענטען אין דער בלאטע, נאסע ווי די הענער, דורכגעווייקט פונ'ם קאפ ביז צו די פיס, און האט אימיצער פון זיי א הוסט געטהאן, איז עס אויך ניט געווען זיין דאגה!... א פויערשער וואגען איז דורכגעפאהרען. א פויער מיט א נאסען זאק איבער'ן קאפ איז געזעסען צוזאמענגעהויקערט אונטער'ן רעגען· דאס קליין, דאר פערדעל, נאס און מיט אן ארונטערגעלאזטען קאפ, איז געלאפען שליאפ־שליאפ איבער דער בלאטיגער גאס. דער וואגען האט זיך געטרייסעלט און איבער זיינע רעדער האט די בלאטע געשפרונגען און געשפריצט מיט א שיפען. אויף א פריזבע אונטער נידעריגע פענסטער פון אן אלט הייזעל איז געלעגען א ווייסע ציגע צונויפגעדרעהט, דאס בערדעל ארייגעגראבען אין דעם נאסען רוקען, און האט געקוקט מיט האלב־אפענע אויגען אזוי אונמוטהיג אויפ'ן רעגען. נעבען א טויער איז געלעגען אין טיעפער בלאטע א ברודנער חזיר און האט געברוקעט. און דארט איז געלאפען מיט א מיאוקען א נאסע שווארצע קאץ, האט זיך אבגעשטעלט נעבען א הויז, אומגעקוקט זיך אויף דעם טויער מיט א נאך מעהר רחמנות'דיגען מיאוקען און איז אוועקגעלאפען ווייטער. הפנים זי האט עפעס געזוכט, אפשר האט מען די קינדער פון איהר היינט אוועקגענומען און זי איז איצט געלאפען מיט א רחמנות'דיגען געוויין און זיי געזוכט אין דעם רעגען... א געלער הונד איז פונ'ם מארק געלאפען, דעם קאפ אזוי אונמוטהיג ארונטערגעלאזט, איז שטעהן געבליבען נעבען א הויז מיט א גארטען, האט אויפגעבלאזען די געלהאריגע פעל און ארויסגעטרייסעלט דעם רעגען. דערנאך איז ער פערשוואונדען הינטער'ן גארטען.

נור די אינגלעך זיינען געווען פרעהלאך און לעבעדיג אונטער דעם דאזיגען אומעטיגען הערבסט־רעגען, אונטער דעם דאזיגען קלאגעדיגען הימעל, די אינגלעך, וואס אין זייערע נשמות האט שוין געהוליעט דער פרעהליכער שמחת־תורה...

---

8.

## הושענות רייסען.

א גאנצע מחנה אינגלעך מיט מעסערלעך אין די קעשענעס זיינען פארטאג ארויסגעגאנגען פונ'ם שטעדטעל צום קליינעם וועלדעל, וואס איז געשטאנען ביים טייכעל געגען אידישען בית־עולם, הושענות אנ־צורייסען. אין דער לופטען הענגט א דיקער חושך. עס הערען זיך די פרעהליכע קול'כעלעך פון די אינגלעך און דאס שליאפען פון זייער׳ע פיס דורך די בלאטעס. שלמה'קעלע, די ווילדע בריאה, געהט אין פאראויס מיט א לאמטערנע. ער איז זייער אנפיהרער און דערפאר טראגט ער די איינציגע לאמטערנע, וועלכע ער האט אוועקגענומען ביי איינעם א אינגעל, וואס האט געהייסען זאמקע. די אינגלעך רעדען אלע צוזאמען, איבערשלאגענדיג איינער דעם אנדערען:

— טאמער וועלען די שקצים אונז בעפאלען, זאלען מיר זיך שטעלען...

— און דרעלעווען זיי...

— פאראיאהרען האט ביי מיר מיטקא'ס שגץ אראבגעכאפט דאס היטעל!

— קינדער, טאמער וועט מורזע בעפאלען?

— זאלען מיר גלייך זאגען דעם פסוק...

— און פערווארפען איהם מיט שטיינער — שרייט די ווילדע בריאה — און די פיס איהם אונטערהאקען.

— איך האב מורא, אזא בייזער כלב...

— דארפסט ניט מורא האבען, וועסט שוין זעהן, וואס איך'ל טהאן! כ'האב ניט מורא פאר קיין כלב! — בעריהמט זיך די ווילדע בריאה.

זיי זיינען שוין אונטער'ן שטעדטעל, וואו די קריסטען וואוינען אין יענע הייזער זיינען שוין די איינוואוינער אויפגעשטאנען און פייערלעך קוקען דורך די פענסטער אין די פינסטערניש ארויס.

פלוצים שפרינגט ארויס פון א הויף דורך דער פינסטערניש א הונד מיט א צורייצטען בילען... די ווילדע בריאה טהוט א געשריי

„אי, מאמע !“ און בלייבט שטעהן פאר שרעק מיט דער ברענענדיגער לאמטערנע געגען דעם הונד, וואס רוקט ארוים זיין ווייסען גרויסען קאפ מיט ברענענדיגע אויגען פון דער פינסטערניש, בילט און פער־שווינדעט צוריק אין דער פינסטערניש און רוקט וויעדער ארוים דעם קאפ. די גאנצע מחנה אינגלעך שטעהט ווי צוגעוואקסען צו דער ערד, זיי האבען מורא זיך פונ'ם ארט א ריהר צו טהאן, ניט אין פאראוים און ניט צוריק, און קוקען אהין, וואו דער ווייסער קאפ פונ'ם הונד מיט די ברענענדיגע אויגען שווימט פון דער פינסטערניש ארוים מיט א בילען און ווערט צוריק פערשוואונדען, ווי אין א שווארצער כוואליע. דערנאך הויבט אן איין אינגעל מיט אמאל צו שעפטשען דעם פסוק: „איך בין יעקב, דו ביזט עשו, ווערסטו מיך בייסען, וועלען שדים דיך צורייסען“, און די איבריגע אלע כאפען איהם אונטער. דער הונד האט זיך אפנים דערשראקען פאר דעם אונגעוועהנליכען שעפטשען פון די דאזיגע אלע אינגלעך אין מיטען דער ארומיגער פינסטערניש, האט ער א וואיע געטהאן און איז פערשוואונדען. דאן ערשט טהוט זיך די מחנה א לאז ווייטער, אפריהער שטיל, דערנאך וויעדער מיט קולות און געלעכטער. יעדער פון זיי בעריהמט זיך איצט, אז ער האט פריהער אנגעהויבען דעם פסוק און לאכען פון דער ווילדער בריאה, למאי ער האט זיך אזוי דערשראקען. די ווילדע בריאה שעהמט זיך, עס שטעהט איהם ניט אן, וואס ער איז אזוי געפאלען ביי זיינע חברים, פערענטפערט ער זיך:

— מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס איז ניט קיין הונד, נאר עפעס כ'ווייס...

און ווען דאס העלפט ניט, זוכט ער ביי זיי אויסצונעהמען מיט א מעשה, וואס ער האט נעכטען פון זיין מאמען געהערט. ער מאכט:

— שא קינדער, האט איהר געהערט וועגען ראטשילד'ס חזיר?

— ראטשילד'ס חזיר? ער עסט חזיר?

— ראטשילד איז א איד, ער עסט ניט קיין חזיר!

— אודאי עסט ער ניט קיין חזיר — שרייט שלמה'קע די ווילדע בריאה — ער האט אבער א טאכטער מיט א חזיר'שער צורה, מיט „ליצען“ און זי כרוקעט: כרוק־כרוק! כרוק־כרוק!...

— טאקי?

— זאָל איך אזוי לעבען. מיין מאַמע האָט דאָס אַליין דער־צעהלט, — שרייט אויס די ווילדע בריאה — זיין ווייב האָט זיך פערקוקט אויף א חזיר און זי האָט געבאָרען א טאָכטער, וואָס איז האַלב־מענש און האַלב־חזיר, אַט טאַקי א חזיר!...

— אי־אי־אי! א חזיר? טאַקע א חזיר? הייסט דאָס א חזיר טאַקי? נו?...

— נו? האָט ער דאָך מילי־מילי־מילי־מיליאָנען — דערצעהלט וויטער שלמה'קעלע — האָט ער ארויסגעשיקט שדכנים איבער דער גאַנצער וועלט, צו זוכען א חתן פאַר איהר, וויל קיינער זי ניט נעהמען פיר קיין כלה. ער גיט נדן מילי־מילי־מיליאָנען און קיינער וויל ניט...

— אי־אי־אי!..

— מיין מאַמע זאָגט, אַז מיין ברודער אהרן דאַרף זי נעהמען פיר א כלה און איהר צורה וועט זי האָלטען פערדעקט; און מיין טאַטע וויל אויך, מיין ברודער אהרן זאָל זי נעהמען פיר א כלה, איך נור וויל ניט. איך'ל זיך דאַרפען שעהמען. כרוק! כרוק! און אַז זי וועט דאַרפען אָנשילטען מיין ברודער, צי מיך, וועט זי זיך אזוי שילטען: א כאָלערע דיר אין די ביינער אריין — כרוק־כרוק! כרוק־כרוק! כרוק־כרוק!

— כרוק־כרוק! כרוק־כרוק! כרוק! — האָבען אַלע אונטערגע־כאַפּט מיט פרעהליכע קולות און געשרייען.

די פינסטערניש אין דער לופטען ווערט גרויער. ווייט־ווייט ערגעץ הינטער'ן טייכעל קרעהט א האָהן, באַלד א צווייטער פון אַן אַנדער זייט, און דערנאָך דערהערט זיך א „קוקורעקו" פון אַלע זייטען, אי פון דעם שטעדטעל, אי פון ווייט דאָרט הינטער'ן וועלדעל און טייכעל, אי לאַנגע, אויסגעצויגענע, זיכערע „קוקורעקוס" פון אַלטע העהנער, אי קורצע, דינינקע, געכאַפּטע, ווי צושראָקענע, פון יונגע העהנער...

פון דער גרויקייט שניידט זיך אַרויס דער אידישער בית־עולם מיט זיינע ביימער און מצבות געגען טייכעל, וואָס בלישטשעט שוין אַרויך אַרויס מיט א זילבער־שיין פון דער גרויקייט, און מורמעלט... די איינגלעך ווערען פלוצים אנטשווייגען און קוקען זיך אום מיט מורא אויפ'ן אידישען בית־עולם, און שלמה'קעלע ווייזט זיך אויס, אַז

פון דארט קוקט אויף איהם זיין צוויי־יאהריגע שוועסטערל עטעלע, וואס איז פאר צוויי יאהרען געשטארבען. מיט שרעק דרעהט ער אוועק דעם קאפ און רוקט זיך צו נעהנטער צו זיינע חברים.

אט זיינען זיי שוין אין דעם שיטערען וועלדעל. דער טאג הויבט אן ארויסצוקוקען, ווי א שווינדזיכטיגער קוקט ער ארויס, און דער רויטער ברעג אויפ'ן הימעל איז אויך עפעס, ווי די רויטע פארב אויף א שווינדזיכטיגען פנים. שלמה'קעלע פערלעשט די לאמטערנע. דערנאך טהוט ער זיך א נעהם מיט די איבעריגע אינגלעך צו שניידען מיט די מעסערלעך און צו רייסען די הושענות, וואס זיינען נאס פון דעם נעכטיגען רעגען און פון דעם היינטיגען טהוי. אויף די וועלקענדע צווייגען פון די בוימער העננגען טהוי־טראפען, ווי א שפינוועבס. אזוינע טראפענס ליעגען אויך אויף דעם וועלקענדען גראז. דארט שטעהט א גרוי פויגעלע אויף א צווייגעל, טרייסעלט איהרע פליגעלעך, וויל מסתמא די פייכטקייט פון זיך ארונטערטרייסלען און פיפסעט אזוי רחמנות'דיג און פערבענקט. בענקט מסתמא נאך דעם גרינעם זומער, וואס גוסס'ט, נאך דער ליכטיגער, ווארעמער זון, און, ווער ווייסט? — אפשר נאך א קינד, וואס דער פינסטערער, בייזער הערבסט האט דער'הרג'עט.

א שווארצער ראב איז דורכגעפליגען מיט א קראקען און, ווי מיט נצחון, האט זיך זיין בייזער געשריי געטראגען אין דעם וועלקענדען וועלדעל, ווי ער וואלט זיך מיט דעם נאהענטען ארומיגען טויט געפרעהט...

די אינגלעך האבען אנגעריסען גאנצע פעק הושענות און שוין זיך געהאט געקליבען אהיים. ערשט מיט אמאל האט זיך פון צווישען די בוימער בעוויזען זייער אלטער שונא, א פויערשער אינגעל, א יאהר דרייצעהן־פערצעהן, אין א סערמיענגע מיט א ווארימען היטעל אויפ'ן בלאנדען קאפ. ער האט א געשריי געטהאן:

— סטעפאן, זשידקי טוטעקא!..

זיך אוועקגעשטעלט און געשריען ווייטער, שוין צו די אינגלעך:

— זשיד־כאלאמיד! זשיד־כאלאמיד! זשיד־כאלאמיד!..

די אינגלעך האבען זיך שוין געהאט א לאז געטהאן לויפען, אבער די ווילדע בריאה, וועלכע האט נור מורא געהאט פאר א הונד, האט א געשריי געטהאן:

— קינדער, אנטלויפט ניט! לאָמיר איהם אָנדרעלעווען די ביי־נער. — ער האָט אוועקגעגעבען זאמקע'ן די לאַנטערנע, אַן אַנדער אינגעל זיין פּאַק הושענות, אַרונטערגעכאַפּט דאָס היטעל פון קאָפּ, פערדרוקט עס ווייט אונטער'ן בוזים, דער שגץ זאָל דאָס ניט ארונטער־כאַפּען, און זיך אַ וואָרף געטהאָן צו יענעם, דעם קאָפּ איינגעבויגען, אַט ווי אַ ווילדער ביקעל מיט די הערנער.

סטעפּאַן! — האָט דער שגץ אַ געשריי געטהאָן און זיך אויף אַ לאָז געטהאָן געגען שלמה'קען.

שלמה'קע איז אריינגעפאָהרען מיט'ן קאָפּ צו יענעם אונטער דער ברוסט און גענומען שנעל ארבייטען מיטביידע הענד אויף יענעם'ס פּנים, און דער שגץ האָט איהם געשלאָגען אין רוקען, אין די זייטען, האָט איהם אַרומגעכאַפּט און געוואָלט איהם אַ וואָרף טהאָן אַן דר'ערד. דאַן האָט שלמה'קע'ס האַנד אָנגעכאַפּט דעם שגץ'ס נאָז, און דער שגץ האָט גענומען שרייען און בריקען שלמה'קען מיט די פיס. דערווייל איז געקומען צו לויפען סטעפּאַן, אַ קלענערער ווי יענער, נור אַ פלינ־קערער, און ביז די אַנדערע אינגלעך זיינען צוגעלאָפען העלפען שלמה'־קען, האָט סטעפּאַן איהם שוין געהאַט צובלוטיגט די נאָז, און איז אַנטלאָפען מיט זיין ברודער צווישען די בוימער.

שלמה'קעלע, מיט אַ צובלוטיגטער נאָז, מיט רויטע בעקלעך, האָט געלאַכט:

— אי, האָב איך איהם געדרעלעוועט!

נור ווען מען האָט איהם געזאָגט, אַז די נאָז איז ביי איהם צו־בלוטיגט און ער האָט זי אַ וויש געטהאָן און דערזעהן בלוט אויף די פינגער, האָט ער זיך צורעוועט:

— אָי, מאַ־אַ־מע! אָי, מאַ־מעע!...

ער האָט גענומען שילטען די אינגלעך, פאַר וואָס זיי האָבען איהם ניט געהאָלפען, און איינעם פון זיי האָט ער אַזאַ פּלעם גע־געבען פאַר כעס, דאָס יענער האָט אויך גענומען וויינען.

— אָי, מאַ־אַ־מע!...

צום סוף אָבער, האָט ער זיך ווידער איבערגעבעטען מיט די

אינגלעך, ווען פון דער נאז איז שוין מעהר קיין בלוט ניט געגאנגען, האט גע'טענה'ט און געקוואלען...

— אי, האב איך איהם געדרעלעוועט!...

* * *

שפעטער האבען די טאטעס און די אינגלעך געשלאגען מיט די דאזיגע הושענות די ביינק אינ'ם בית־המדרש, און די ווילדע בריאה איז מיט זיינע הושענות אריינגעפאהרען א צווייטען אינגעל אין פנים, האט דעם אינגעל'ס טאטע אנגעריסען שלמה'קען די אויערען, האט שלמה'קעלע ווידער געוויינט: אי, מא־א־מעע! און האט זיך גע־שווארען, זאל ער שטארבען ביז מארגען, אויב ער וועט ניט אברייסען דעם אינגעל האלבע יאהרען מיט לונג און לעבער אינאיינעם.

---

.9

## שמחת תורה אינ'ם שטעדטעל.

עס הילכט דאס שטעדטעל מיט געזאנג. אין דער פינסטערער נאכט פלעכטען זיך פרעהליכע טענער — שמחת תורה איז אינ'ם שטעדטעל. אין די בתי־מדרשים געהען אן די הקפות.

דער אלטער בית־המדרש הילכט פון געזאנג. קינדער, באנערען, פרויען, מאנסבילען — אלע אינאיינעם אויסגעמישט. אויף די בייגק שטעהט מען, אויף די טישען, און געהען דורך די אידען מיט די הקפות, ווארפען זיך די ווייבלעך און די מיידלעך קושען די ספרי־תורות, און די אינגלעך מיט די מאנסבילען הויבען אן צו זינגען און צו טאנצען א פרעהליכס...

מאטעל חנה־דבורה'ס איז שכור, וויעגט זיך אויף די פיס, מאכט מיט ביידע הענד און לאכט. יעדע ווילע טהוט ער זיך א כאפ מיט א געשריי „צאן קדשים“, און די אינגלעך כאפען אונטער: „מע־מע!“ און משה־איצע דער מלמד מיט בלישטשענדיגע אויגעלעך, רויטע באקען פונ'ם שנאפס, וואס ער האט היינט געטרונקען, שרייט אויך „מע“ מיט די אינגלעך, און זיין ווילדע בריאה, מיט א נייעם קראץ

אויפ׳ן פנים, מיט א צוריסענעם באנער אין דער האנד, איז שוין הייזעריג פון שרייען „מע“.

פלוצים קומט אריין אין בית־המדרש שמעריל, בלייבט שטעהן אין דער טהיר, ווארפט אב דעם קאפּ, מאכט מיטביידע הענד אין דער לופטען און דונערט מיט זיין באריטאן:

— שא! שא־שא־שא! איך זאג: שא־א! וואו איז מיין הקפה? היינט וויל איך האבען א ריכטיגע הקפה! א ריכט־יג־ג־גע, ממזרים!

עס שלעפּט זיך צו צו איהם מאטעל חנה־דבורה׳ס, מאכט צו איהם מיט די הענד:

— שא, חוצפה׳ניק!..

— איך פייף אויף דיר! — ענטפערט איהם שמעריל, — איך פייף אויף דיין טאטען שעביטאטען! פארד איינער, דו מיינסט, אז דו ביסט א חזן? אט ווי מיין קאפּיל! איך האב א בעסערע כלי ווי דו!

לויפט צו משה־איצע דער מלמד:

— ר׳ שמעריל, גוואלד, איהר הויבט שוין אן?

שמעריל טהוט זיך א קלאפּ אין דער ברוסט:

— ר׳ משה־איצע, איך וויל א ריכטיגע הקפה. א גאנץ יאהר קארמעט מען מיך מיט פאסקודסטווא, מיט אזעלכע עליות, ממזרים!... היינט וויל א ריכטיג־ג־גע הקפה. איך בין אויך א איד! איך האב אויך א נשמה!...

— איהר זייט א הולטאי! — שרייט משה־איצע, — אז איהר זאגט אויף עליות פאסקודסטווא, זייט איהר א עוכר ישראל!

— ווער? — טהוט שמעריל א דונער און א שפּיי אויף ביידע הענט — איך דרעה אייך באלד אוים א פּום!...

און ער טהוט זיך טאקע א לאז צו משה־איצע׳ן מיט די פויסטען.

— אידען, גוואלד! ער וויל מיך דער׳הרג׳ענען! — שרייט אוים משה־איצע, — אנטלויפט און בעהאלט זיך הינטער אן אנדערען׳ס רוקען. בלייבט אבער נאך מאטעל־חנה־דבורה׳ס שטעהן נעבען שמע־ריל׳ן, טהוט איהם שמעריל א פאהר איבער׳ן היטעל אזוי, דאס מאטעל טהוט זיך אין גאנצען א צאפּעל און עפענט אזש ברייט דעם מויל פאר

שרעק, און דאָ טהוט זיך שמעריל אַ וואָרף געגען די אידען מיט די הקפות מיט צושפּרייטע הענט:

— טפּררו! מען געהט ניט! מען זינגט ניט! מען טאַנצט ניט, חיבע מיט שמערלען!...

און דאָן וואַקסט מיט אַמאָל ארויס, ווי פון אונטער דער ערד, שלום דער „גוי“, אַ ברייטער אידעל, אַ גיבור, מיט אַ קורצען, שטאַר־קען נאַקען און מיט אַ ווילד בעוואַקסענעם פּנים, גרויסע שוואַרצע ברעמען און ברייטער ברוסט. וועלכער ארבייט ביי חיים דעם קאָ־מיסיאָנער ארום וואַגען, און פערשטעלט זיך פאַר אַ גוי, ווען עס קומט פּורים, און דערפאַר רופט מען איהם שלום „דער גוי“. ער איז אויך שכור און האָט אויך טענות פאַר די הקפות.

— גע־גע.... גערעכט, שמעריל! — מאַכט ער, און דאָס וואָס ער דערדרעדט ניט מיט׳ן מויל, דערדרעדט ער מיט די הענט, — היינט איז שמחת־תורה, ניט אַזוי? מיך קאָרמעט מען מיט דער תוכחה, ניט אַזוי? דאַרף מען מיר היינט געבען אַ רעכטע הקפה, ניט אַזוי?

— אודאי, — שרייט שמעריל, — נו, וואָס שטעהט איהר? אריינגעשטעלט זאָל ווערען די ריינינקייטען אין ארון קודש! נו, אויף איין פוס!... זיי ווילען ניט? שלום׳קע, אַ־נו, פערקאַטשע אַקאָרשט די אַרבעל!...

און ער אַליין האָט וויעדער אַ שפּיי געטהאַן אויף די הענט.

עס ווערט אַ טומעל. די אידען מיט די ריינינקייטען טהוען זיך אַ לאָז צוריק צום ארון הקודש, און באַלד איז שמעריל זיך אַליין מכבד מיט אַ הקפה. ער זינגט אויס:

— יעמוד, יעמוד, ר׳ שמעריל, בר׳ אברהם, צו דער ער־שטע־ר הקפה!...

און דערנאָך האָט ער אויך שלום דעם גוי מיט אַ הקפה מכבד געוועזען און זיי ביידע זיינען אַוועק טאַנצען מיט די ריינינקייטען, געקלאַפּט מיט די פיס אַזוי און געליאַרמט, דאָס די ווענט פון בית־מדרש האָבען געציטערט, און די אַנדערע אידען זיינען אויך הינגע־ריסען געוואָרען פון זייער הוליען, אַפילו יענע, וואָס זיינען בייז געוועזען אויף זיי, און זיי האָבען ארויפגעלייגט די הענט איינער צום אַנדערען אויף די אַקסלען, די אינגלעך מיט די באַנערען אויך צווישען זיי, און זיי האָבען זיך געדרעהט און געשפּרונגען באַרד געגען באַרד, אַקסעל

געגען אקסעל, און געזונגען אזוי, דאָס די לופט האָט געברענט...

דערנאָך האָט שמעריל געכאַפּט מאַטעל חנה־דבורה׳ס און איהם א קוש געטהאָן אויפ׳ן אקסעל.

— איך קען דאָך אַלע דיינע שטיקעלעך, — האָט ער געזאָגט מיט התפּעלות, — אי ביזטו אַ זיסער בעל תפילה, אזא יאָהר אויף מיר, א רוח אין דיין טאַטען אריין !...

שפּעטער, ווען שמעריל איז פונ׳ם בית־המדרש ארוים, איז אין דרויסען געווען שטאָק־פינסטער און א רעגען האָט געגאָסען. ערגעץ אויף דער צווייטער גאַס האָבען אידען געטאַנצט און געזונגען. שמעריל האָט אויך גענומען זינגען און טאַנצען אונטער׳ן רעגען אין דער בלאָטע. ער האָט אריינגעטאַנצט מיט איין פוס אין טיעפען קויט, האָט מיט האַסט אַ שלעפּ געטהאָן די פוס, דער שטיוועל ריהרט זיך ניט, עפּעס אימיצער האַלט איהם דאָרט צו אין דער קויט... האָט ער נאָך אמאָל און נאָך אמאָל אַ שלעפּ געטהאָן די פוס און זי ארויס־געשלעפּט אָהן דעם שטיוועל און אָהן די שמאַטעס, מיט וועלכע זי איז ארומגעוויקעלט געווען. האָט ער ארונטערגעלאָזט די באָרפוסע פוס אין קויט, אויסגעזידעלט גוט דעם שטיוועל, און ווען אין דער אייגענער צייט זיינען אידען פערבייגעגאַנגען מיט געזאַנג, האָט ער מיט די הענד ארויסגעריסען דעם שטיוועל פונ׳ם זומפּ, אַ וואָרף גע־טהאָן איהם איבער׳ן אקסעל און איז אוועק נאָך יענע אידען, מיט איין פוס באָרפוס, טאַנצען און זינגען אונטער׳ן רעגען לכבוד שמחת־תורה.

---

## .10

## הערבסט אין׳ם שטעדטעל.

אויף מאָרגען נאָך שמחת תורה אויס געזאַנג, אויס טענץ, אויס יום־טוב אינ׳ם שטעדטעל. דער הימעל איז גרוי און אומעטיג. די גאַס טרינקט זיך און זינקט אין בלאָטעס און אין קויט. פאַרטאָג האָט דער קאַלטער רעגען אויפגעהערט צו גיסען און איצט הענגט ער שוין ווידער אין דער לופטען און אין אַ ווײַלע אַרום וועט ער ווידער אָנהויבען צו גיסען. פונ׳ם וואַלד טראָגט זיך איבער׳ן שטעד־

טעל דער ווילדער יאָמער פון דעם הערבסט־ווינד און דאָס גוסס'ע קרעכצען פון די ביימער. אויפ'ן מארק אונטער'ן וועטער־דאַך, פון וועלכען עס קאַפּעט נאָך זייט נעכטען, זיצען די הענדלערקעס נעבען זייערע טישלעך מיט לעבלעך ברויט, בייגעל, נאַשערייען און קוואַס. זיצען איינגענורעט אין גרויסע פאַטשיילעס און וואַרטען און וואַרטען אויף אַ קאָפּיקע לייזונג. די קרעמער און קרעמערקעס, אין ווינטער־דיגע קאַפּטענס און קאַפּטעס, זיצען אין די טהירען פון זייערע קרעמלעך און קוקען אַרוים פערזאָרגט אויף דעם אומעטיגען מארק. און אַט האָט זיך בעוויזען אַ פויער אין אַ ווינטערדיגער סערמיאַגע, אין נאַסע פערברודיגטע לאַפּטיעס, מיט אַ לעדיגען זעקעל אין דער האַנד. אַלע זיינען אַרויסגעלאָפען, די קרעמער און די קרעמערקעס, די לאַנגע מירקע אַרהם־לייזער'ס פריהער פאַר אַלעמען, זיינען איהם בעפאַלען פון אַלע זייטען און ווידער, ווי פאַר ימים נוראים, האָט מען איהם געריסען איינער פון דעם אַנדערען, געשאָלטען איינער דעם אַנדערען און געשלאָגען זיך פאַר איהם, מאָטעל־חנה־דבורה'ס אויך... ער האָט שוין אויסגעטהאָן זיין שאַל. איצט האָט ער שוין מעהר ניט מורא געהאַט צו פערקיהלען זיין כלי און ביז חדש אב וועט ער זיין וואַרימען שאַל ניט אָנטהאָן. איצט איז ער שוין ניט געוועזען דער האַרציגער בעל־תפילה, דער שליח־ציבור מיט דער רייכער נשמה, נור דער דערשלאָגענער אַרימער קרעמער, דער שליח פון זיינעם און זיין הויז־געזינד'ס מאָגען, אומשטיינס געזאָגט. און ער האָט געראָפען צו זיך דעם פויער גלייך מיט אַלעמען. נור ווען מירקע אברהם־לייזער'ס האָט איהם די האַנד צוקראַצט ביז בלוט, דעמאָלט האָט ער דעם פויער איינגעלאָזט מיט שרעק, דען דער דאָרטיגער איד שרעקט זיך בטבע פאַר בלוט... האָט די האַנד אַ כאַפּ געטהאָן און זי צוגע־דריקט צו דער זייט מיט אַ פערקרימטען פנים. אין אַ ווייל'ע אַרום איז דאָרט ווידער רוהיג. די קרעמער און די קרעמערקעס זיצען אין די טהירען פון זייערע קרעמלעך און קוקען פערזאָרגט אויפ'ן מארק אַרוים. פון מאָטעל'ס קרעמעל הערט זיך זיין קויל. ער דערצעהלט דאָרט עמיצען וועגען ראָטשילד'ס טאָכטער, וועלכע איז האַלב מענש און האַלב חזיר — (די דאָזיגע טשיקאַווע שטיקעל נייעס האָט חיים דער קאָמיסיאָנער פאַר סוכות פון דער גרויסער שטאָדט געבראַכט און דאָס שטעדטעל האָט מיט דעם געקלונגען) — איצט האָט מאָטעל

וועגען דעם גערעדט און דערביי טאַקע ערקלעהרט, ווער דאָטשילד איז און וויפיעל מלוכות עס זיינען ביי איהם פערלייגט אין משכון...

דער רעגען, וואָס איז אין דער לופט געהאַנגען, האָט אָנגעהויבען צו גיסען. ער האָט מרה־שחורה'דיג אין דער לופטען גערוישט, אויפ'ן וועטער־דאַך געקלאַפט, אויף די דעכלעך פון די קרעמלעך, אויף די דעכער פון די הייזער. די בלאָטעס אונטער איהם האָבען גע־ציטערט און געבולבעט. און איז א וואָגען דורכגעפאָהרען, האָט די טיעפע קויט אונטער די רעדער געשיפּעט און מיט נאַסקייט געפּייפּט...

די אידישע ציעגען האָבען זיך אין פּיהר־הייזער בעהאַלטען, די היהנער אין די „קאַטוכען", נור די ענטלאַך האָבען ארומגעפּאַדעט אין בלאָטעס...

די קינדער זיינען שוין אין די חדרים פערשפּאַרט און טרויעריג און פויל רייסען זיך זייערע שטימען פון די חדרים אין דעם רעגענ־דיגען דרויסען ארויס.

און אָט האָט פּלוצים גענומען הוידען דער גלאָק פונ'ם קאַסטיאָל. עמיצער איז דאָרט געשטאָרבען: קלינג־לאַנג־לאַנג! — און עס מישען זיך די טענער פונ'ם גלאָק מיט דעם רעגען, מיט דעם יאָמער אינ'ם וואַלד, מיט דעם קרעכצען פון די בוימער, מיט די דאגות אין די מוחות און אין די הערצער, און עס איז אומעטיג אינ'ם שטעדטעל, אזוי אומעטיג נאָך דעם פרעהליכען שמחת תורה...

* * *

נעבען חיים דעם קאָמיסיאָנער'ס הויז שטעהט זיין וואָגען, אין וועלכען עס איז איינגעשפּאַנט זיין „בולאַנער". ער קלייבט זיך צו פאָהרען אין די גרויסע שטאָדט, דרייסיג וויאָרסט פונ'ם שטעדטעל, נאָך פּחורה פיר די קרעמער. צוויי מאָל אין וואָך פאָהרט ער אין די גרויסע שטאָדט מיט רשימות פון די קרעמער. אויפ'ן וואָגען ליגען ביי איהם פעלבלעך און חזיר־האָר אין א זעקעל, וואָס איינער א דאָרפס־הענדלער שיקט מיט איהם אין שטאָדט אריין. חיים, אַן עלטערער איד, מיט א ווייסער באָרד, אין א ברייטען פּלאַשץ, קומט ארויס פון שטוב מיט דריי פרויען, און באַלד נאָך זיי קומען ארויס פון זיין שטוב שמעריל דער שוסטער און שלום דער גוי.

די פרויען זיינען איבערגעדעקט מיט פאַטשיילעס, מיט די עקען פערבונדען פון הינטען. צוויי פון זיי, עלטערע אידענעס, זיינען קרעמערקעס און פאָהרען מיט חיים'ן אין די גרויסע שטאָדט אליין נאָך סחורה פאַר זייערע קראָמען, און די דריטע איז שמעריל דעם שוסטער'ס מיידעל, שאָסקע, וועלכע פאָהרט אהין אננעהמען אַ שטעלע פון אַ דיענסט. פון צווישען דער פאַטשיילע זעהען זיך נור ארויס איהרע אויגען, גרויסע און שווארצע, און איהר קליין פעררייסען נעזעל.

מאַכט שלום דער גוי:

— נו, ווייבער, ניט געמארודיעט, מארש אויפ'ן וואָגען! מיט צוויי אזוינע וועט שוין זיין ניט זיין קאלט צו פאָהרען, הא, שמעריל?

שמעריל איז צוטראָגען, און ווען זיין טאָכטער האט זיך אויפ'ן וואָגען געמאַכט, געהט ער צו צו איהר און מאַכט:

— טאַ געדענק־זשע, סאַשקע, וואָס איך האָב דיר געזאָגט. זאָלסט היטען דיין שקורע. אין אַ גרויסער שטאָדט זיינען דאָ אַ סך צור־לאָזענע. דו ביזט אַ יונג טיאָלקע, טאָמער עפּעס אַ הפקר־יונג, אַנט־לויף פון איהם, גיב איהם אַ בריק, אַזש די ניכפּע זאָל איהם כאַפּען. אַ רוח אין זיין טאַטען אריין! — האט ער זיך פּלוצים צוקאָכט, אַקוראַט ווי ער וואָלט שוין געזעהן יענעם הפקר־יונג, וועלכער האט אַן אויג געוואָרפען אויף זיין שאָסקע'ן — כאַפּ אַ שטיין און צופּלעט איהם דעם מוח... דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? זעה, שאָסקע! — ער האט זיך אַ קלאַפּ געטהאַן אין די ברוסט — טאָמער... חלילה... אַי!... ער האט פערקוועטשט די ליפּען, געשאָקעלט דעם קאָפּ און געוויזען איהר דעם פויסט — עס וועט זיין אַז אַך און וועה צו מיר און צו דיר! איך וועל דיך אין דר'ערד אריינשלאָגען!... געדענק־זשע, שאָסקע! — ער האט אָבגעווישט מיט דער הוילער שווארצער האַנד די אויגען — נו, פאָהר געזונד, לאָמיר זיך נאָך אַמאָל צור־קושען!...

און ער האט זיך מיט איהר צוקושט.

דער וואָגען מיט די פּאַרשוינען טהוט זיך אַ ריהר און הויבט זיך אַן צו הוידען איבער די בלאָטעס אונטער'ן רעגען. שמעריל בלייבט שטעהן, קוקט איהם נאָך מיט אומעטיגע אויגען און קראַצט זיך דעם קאָפּ. פּלוצים שרייט עס אויס:

— ר' חיים! ר' חיים!

דער וואָגען בלייבט שטעהן. שמעריל לויפט צו:

— און דיין מאַמע איז געשטאָרבען חמשה בתמוז, זאָלסט ניט פערגעסען דעם יאָהרצייט!... נאַ! — ער האָט ארויסגענומען פון א רימענעם בייטעלע נאָך א פערטעלע — טאָמער וועסטו דארפען!...

דער וואָגען ריהרט זיך ווידער. שמעריל שטעהט נאָך א ווײלע, קוקט איהם נאָך, דאַן טהוט ער א זיפץ און געהט אריין אין הויז אנטקעגען, וואו מען פערקויפט בראַנפען, צו טרינקען א גלעזעלע.

## 11

## ווינטער אין׳ם שטעדטעל.

די גאַנצע נאַכט האָבען איבער׳ן שטעדטעל זיך געטראָגען מורא׳דיגע געשרייען פון וואלד... א שרעקליכער קאַמפף איז דאָרט אין דער פינסטערניש אָנגעגאַנגען. מיט א ווילדען יאָמער האָט דער בייזער הערבסט־ווינד דאָרט פאַגראָמעוועט, געריסען די בלעטער פון די בוימער, צושטערט די נעסטען פון די פויגעלעך, ארויסגעדריקט דעם לעצטען לעבענס־זאַפט פון די גראָז, פערטיליגט דאָרט די לעצטע שפורען פון דעם גרינעם לעבען. די בוימער האָבען ניט אויסגעהאַלטען די דאָזיגע אטאקע פון דעם בייזען ווינד, האָבען זיך געבויגען און פערצווייפעלט געקרעכצט. די האַלב־טויטע בלעטער זיינען געפאַלען כמעט אָהן גערויש און זיינען צומישט געוואָרען מיט אַנדרע בלעטער, שוין אין גאַנצען טויטע, וואָס האָבען זיך געדרעהט דאָרט אין דער פינסטערניש אויף דעם שטאַרבענדיגען גראָז מיט א טרוקענעם גערויש. צוטומעלט און צושראָקען האָט דאָס גאַנצע לעבען אינ׳ם וואלד געקרעכצט... דערנאָך האָט דער בייזער ווינד פון׳ם וואלד ארויסגעריסען זיך און אויפ׳ן שטעדטעל זיך א לאָז געטהאָן מיט א מורא׳דיגען וואָיען. ער האָט געקלאַפּט אין די לאָדענס, זיך געריסען אויף די דעכער, אין די קוימענס פערקראָכען און דאָרט געוואָיעט מיט לאַנגע, לאַנגע, מורא׳דיגע קולות... און אז עס האָבען דערהערט די דאָזיגע קולות די קינדער אויף זייערע געלעגערס, האָט זיי א פחד אָנגעכאַפּט. זיי האָבען זיך דערמאָנט אָן

די אַלע מעשיות וועגען שדים און רוחות, גילגולים און דיבוקים, וואָס זיי האָבען אַמאָל געהערט דערציילען, און זיי האָט זיך אויסגעוויזען. אַז די דאָזיגע „גוט־גוטע“ שרייען דאָס דאָרט אין דער פינסטערניש. און אַנאַנדער פרוי האָט זיך דאַן דערמאָנט אַז אַ טויטען, וועלכען זי האָט געקענט, בעת ער האָט געלעבט, און פאַר מורא האָט זי גענומען שעפּטשען נאָך אַמאָל קריאת שמע, און האָט צו זיך צוגעדריקט דאָס קינד, וואָס האָט נעבען איהר געשלאָפען...

און אויף מאָרגען, ווען דאָס שטעדטעל האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז אין די הייזער געווען זעהר קאַלט, אויף די דעכער איז געלעגען אַ גרויער אייז־טהוי. פון די איבערגעבליבענע סכות איז דער סכך אַרונטערגעריסען געווען. אויף די גאַסען איז די בלאָטע געלעגען האַרט און שפּיציג, אַז עס איז שווער געווען צו געהן, און די בלאָטעס זיינען בעצויגען געווען מיט אייז, ווי מיט פערשטויבטען גלאָז... און אַט איז פון ערגעץ אָנגעפלויגען מיט אַ קראַ־קראַ אַ גרויסע מחנה שוואַרצע ראָבען, האָבען זיך צושאָטען אויף די דעכער, אויף די הויפען, אויף די גערטנער, צושפּרייט די פליגלען, געוויעגט זיך מיט די בייכלעך, מיט די קעפּ, געדרעהט זיך אויף אַלע זייטען און געקראַקעט מיט אַזאַ בייזען נצחון איבער דער אָבגעשטאָרבענער נאַטור.

פון די קוימענס האָט זיך גענומען ציהען אַ רויך. די קרעמערקעס זיינען מיט פייער־טעפּלעך פון זייערע הייזער אַרויס.

* * *

אַ שנעע האָט געשאָטען... צווישען הימעל און ערד האָט זיך אַ ריעזיג־ווייסער שלייער געוועבט. וואו נאָר דאָס אויג איז געפאַלען האָט עס דעם דאָזיגען צאַרטען, שטילען וועבען פון דעם ווייסען שלייער געזעהן. אַ פוכאָווע ווייסקייט אונטען, אַ פוכאָווע ווייסקייט אויבען, אַ פוכאָווע ווייסקייט אויף אַלע זייטען... דער מאַרק מיט די קרעמלעך האָבען זיך פערדוקט הינטער דעם דאָזיגען ווייסען שלייער און קוקען פון דאָרט אַרויס, ווי דורך פערשנעעטע שויבען. דעם באַרג מיט'ן וואַלד זעהט מען נור פון'ם מאַרק. ער הענגט דאָרט ווי אַ גרויסער ווייסער וואָלקען, אויף וועלכען גרויע סילועטען האָבען זיך אַרויפגע־קראַבקעט... דער שוואַרצער קאָסטיאָל טהוט אַ קוק דורך דעם ווייסען

געוועב און בעהאַלט זיך, טהוט א קוק און בעהאַלט זיך. אַלע הייזער ביז'ן פּוילישען בית־עולם האָבען זיך עפּעס ווי איינגעבויגען און איינגע־טוליעט אונטער דער שנעע, און דער רויך, וואָס ציהט זיך פון די פערשנעעטע קוימענס, טוליעט זיך אויך און וועבט זיך איין אין דעם ווייסען פוכאָווען געוועב... דער פּוילישער בית־עולם מיט די מצבות און מאָנומענטען איז עפּעס אין גאַנצען פערשוואונדען הינטער דעם ווייסען שלייער, נור דאָ און דאָרט טהוט זיך פונ'ם בערגעל א מיניע דער סילועט פון א פערשנעעטען בוים צו פון א פערשנעעטען הויכען מאָנומענט מיט גאָלדענע בוכשטאַבען, ווי אַ פּוילישער וועלמאַזשע מיט ווייסע האָהר און גאָלדענע קנעפּ וואָלט דאָרט פון א קבר ארויסגע־קראָכען און דורכ'ן שלייער אויף דאָס שטעדטעל ארונטערגעקוקט, וואָס איז אמאָל פול געוועזן מיט זיין גרויסקייט... און דאָרט, ווייטער פונ'ם בית־עולם, וואו דאָס שטעדטעל האָט זיך געענדיגט, האָט זיך דער הימעל אין דער ערד איינגעוועבט, אַזוי, דאָס מען האָט נור געזעהן א ווייסע וואַנד פאַר זיך... עס איז שטיל אינ'ם שטעדטעל. אָט געהט א קרעמער פון'ם מארק. ער בעוועגט זיך דורך דעם ווייסען שלייער, ווי אַ גרויער שאָטען, מיט א גרויסע פּאַטשיילע ארום האַלז, איינגעהויקערט, ביידע הענד פעררוקט אין די אַרבעל פון זיין אויבערראָק, און מען הערט ניט זיינע טריט אויף דעם ווייכען, פוכאָווען שנעע. ער פערשווינדט ערגעץ הינטער א טויער. און אָט איז פון א הויז ארויסגעגאַנגען א אידישע קרעמערקע אין אַ פערשמאָלצענער וואַטאָווער קאָפּטע מיט א פּאַטשיילע פון אויבען. זי האַלט אין ביידע הענד א פייער־טעפּעל מיט גליהענדע קוילען, ערשט פון איהר אויווען ארויסגעשאַרט, און איילט זיך צו איהר קרעמעל. פאַלען אריין שנעעלעך אין איהר טעפּעל, שיפּען דאָרט די קוילען: ש־ש־ש־ש!

נור אָט איז די שטילקייט איבערגעריסען געוואָרען. א קלינגען פון גלעקלעך דערהערט זיך. דאָס איז דער אוריאַדניק אויף זיין שליטען דורכגעפאָהרען, ווי איבער ווייכע קאָוויאָרען... אין א וויילע שפּעטער דערהערט זיך א שיכור'ער פּויערשער געזאַנג. א פּויער געהט ארויס פון א הויז, אין א סערמיאַגע און אין לאַפּטיעס, שאָקעלט זיך אויף די פיס, דעם קאָפּ מיט דעם וואַרימען היטעל ארונטערגעלאָזט אויף דער ברוסט, וואַרפט מיט די הענד און זינגט מיט אַן אומעטיגען ניגון:

„וואָלגאַ ריעטשונקאַ גלובאָ־אָ־קאַ,
וויכאָזשו יאַ ק׳טעביע ס׳טאָסקאָ־אָי;
וואָלגאַ ריעטשענקאַ גלובאָ־אָ־קאַ,
וויכאָזשו יאַ ק׳טעביע ס׳טאָסקאָי־האָיי!״
פערגעהט ער זיך מיט אַ קווימש...

* * *

בייטאָג האָט דער שנעע אויפגעהערט צו שיטען און פאַרנאַכט האָט זיך אַ פראָסט פערנומען. דער הימעל איז געווען פייער־רויט און דאָ און דאָרט איז ער ווי מיט אַ טהייערען מוטערפעריל אויסגעזעצט געווען. די הייזלעך מיט די פערשנעעטע דעכער האָבען זיך אויסגעגלייכט. פון די קוימענס האָט זיך דער רויך געצויגען אַ גלייכער און אַ ראָזאָווער, ווי לאַנגע ראָזאָווע לענטעס וואָלטען זיך געשלענגעלט ארויף... דער מארק מיט די קראָמען איז געווען, ווי מיט אַ רויטען שיין בעגאָסען. דער צלם אויפ׳ן קאָסטיאָל האָט געבלישטשעט און דער פערשנעעטער בארג הינטער׳ן וואַלד האָט אויך מיט אַלערליי פייערלעך געפינקעלט, אזוי ווי מיט בריליאנטען בעשאָטען. אַט לויפט אַ איד אין אַ פוטער מיט אַן אָנגעשטעלטען קראַגען אין בית־המדרש אריין מנחה דאַווענען, דער שנעע זינגט אונטער זיינע פיס... און אָט הערט זיך אַ סקריפּען פון שנעע: פויערים בעווייזען זיך דאָרט מיט זייערע קליינע פערדלעך, וואָס שלעפּען שליטלעך מיט האָלץ, מיט היי און מיט תבואה אין זעק. דער וועג האָט זיך געשטעלט. די קרעמער און די קרעמערקעס איז פרעהליכער געוואָרען אויפ׳ן הארצען. פון די קרעמלעך ווינקען ארויס פרעהליכע פייערלעך. פון׳ם מארק נעהמען זיך טראָגען קולות... און אָט איז די לבנה ארויסגעשוואומען. אינ׳ם שטעדטעל איז ליכטיג און וויים. דער בארג הינטער׳ן וואלד פינקעלט נאָך מעהר. עס פינקלען די ווייסע דעכער אונטער דער לבנה, עס פינקעלט די ווייסע גאַס...

* * *

פון די חדרים זיינען די קינדער ארויסגעלאָפען מיט באַשליקען, מיט שמאַטעס ארום די אויערען, אין קאַפּטענס און אַלטע פערלאַטעטע פוטערלעך, אין וואָליקעס און אין דעם טאַטענ׳ס, אָדער אין דעם עלטערען ברודער׳ס אַלטע שטיוועל, און נעהמען טאַנצען אויפ׳ן שנעע,

דאָרט וואו ער איז אַם טיעפּסטען. שלמה'קעלע די ווילדע בריאה, וואָס האָט געלערענט ביי זיין אייגענעם טאַטען אין דער היים, וואו דער חדר איז געווען, איז אויך אַרויסגעלאָפען פון'ם שטוב מיט זיינע חברים. וואָס האָבען ביי זיין טאַטען געלערענט, צעהן קונדסים, איז אַרויסגעלאָפען, אַזוי ווי ער איז אינ'ם שטוב געזעסען, אין זיין ברודער'ס קאַפּטען און אין דעם טאַטענ'ס אַלטע שטיוועל, האָט זיך אַ זעץ געטהאָן אויפ'ן שנעע, אויסגעצויגען זיך אויפ'ן רוקען אין דער גאַנצער לענג און אָבגעדריקט דאָרט זיין געשטאַלט. דאָס האָט געהייסען „מאַכען אַ מענשעלע". די אַנדערע אינגלעך האָבען איהם נאָכגעטהאָן, און באַלד זיינען עלף „מענשעלעך" אויסגעלעגט געווען אויפ'ן שנעע איינס נעבען אַנדערען...

— קינדער — מאַכט דערנאָך שלמה'קעלע — לאָמיר מאַכען אַ באָבע...

— אַ באָבע! אַ באָבע! — הויבען אַלע אָן צו ליאַרמען.

און די עלף קונדסים טהוען זיך אַ נעהם מיט אַ ברען צו דער אַרבייט. נעהמען מיט די הוילע הענט צונויף דעם שנעע און שלעפּען איהם אין איין קופּע. עס איז זיי קאַלט אין די הענד, אונטער די נעגעל שטעכט, אָבער עס איז ניט זייער דאגה! באַלד ליגט שוין דאָרט אַ היבשע קופּע שנעע און שלמה'קעלע מאַכט מיט חשק די „באָבע". אָט איז זי שוין פאַרטיג. אַ הויכע קופּע שנעע מיט אַ קאָפּ אויף איהר, וואָס גלאַנצט אונטער דער לבנה. די קינדער הויבען אָן צו ליאַרמען: „אויגען, אויגען"! שלמה'קעלע לויפט אריין אין שטוב און קעהרט זיך צוריק באַלד מיט שווארצע קויהלען. ער שטעקט אַריין אין דעם שנעענעם „קאָפּ" צוויי קויהלען ביי די זייטען און איינע אין מיטען; דאַן האָט די באָבע צוויי אויגען און אַ מויל אויך, און חברה איז צופריעדען מיט איהר אַרבייט. זיי נעהמען זיך אָן ביי די הענד און הויבען זיך אָן צו דרעהען אין אַ רעדעל אַרום די באָבע מיט אַ פרעהליכען ליאַרעם. אין מיטען דערינען פאַלט איין דער ווילדער בריאה, אַז ער וועט אָנטהאָן דער „באָבע" אַ היטעל, רייסט ער אַרונטער דאָס היטעל ביי איינעם פון די קונדסים, וואָס איז שטאַרקער פון איהם. וואַרפט זיך יענער אויף איהם אַרויף און טהוט איהם אַ שליידער אויף די „באָבען", אין וועלכער ער פערזינקט מיט'ן קאָפּ. הויבט

אויף שלמה'קעלע א יללה: אָי, מאַ־אַ־אַרמ־ע!" די קונדסים צולויפען זיך. שלמה'קעלע קאראַבקעט זיך אַרויס פון דער „באָבען" און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז דער באָבעם קאָפּ מיט איהרע שוואַרצע אויגען און מויל ביי איהם צושאָטען געווען אויף די אַקסלען און אויפ'ן היטעל.

— וואַרט, וואַרט, איך'ל דיר שוין די יאָהרען אָברייסען! — שרייט ער מיט געוויין, דערפיהלט אַ שטיק שנעע אונטער'ן קאָלנער פון קאַפּטען, צויאָמערט ער זיך ווידער: „אָי, מאַ־אַ־מע־ע!" און געהט אַריין אין הויז.

ווינטער איז די חיונה אינ'ם שטעדטעל לייכטער געווען: די פּויערים האָבען זיך געוויזען אָפטער. האָט טאַקע פּאַסירט, אַז אַ דאָרטיגער איד האָט אַמאָל אין מיטען וואָך אויך פערזוכט אַ ביסען פליישׁ, און חנוכה, ווען אין יעדען הויז האָבען געברענט די חנוכה ליכטלעך, און די ערוואַקסענע בחורים און מיידלאַך האָבען געשפּיעלט אין „אָקע", אַ קאָפּיקע אַ קאָן, און די אינגלאַך אין גאַרען, האָט אין מאַנכע הויז געשמעקט מיט לאַטקעס און מיט גענזענע גריבענעס...

## 12

## אַ טרויעריגער שבת.

דאָס שטעדטעל האָט גערוהט. דאָס איז געווען אַ שבת נאָכ־מיטאָג, אַ פּאָאר וואָכען פאַר פּורים. אויף די גאַסען האָט קיינער ניט געשפּאַצירט, אפילו די ציגען זיינען געלעגען אין די פיהר־הייזער. אין דרויסען האָט דער פראָסט געסמאַליעט. דער הימעל האָט געפלאַמט, ווי די אָנגעפראָרענע באַקען ביי אַ געזונדער, יונגער מיידעל. אויף דעם אָנגעפראָרענעם שנעע האָבען זיך אַרומגעשפּיעלט גרינע פונקען. דער שבת'דיגער עולם איז געזעסען אין די הייזער: די טאַטעס מיט יאַרמולקעס, די מאַמעס מיט שבת'דיגע טיכלעך אויף די קעפּ, די טעכטער מיט איינגעפלאָכטענע שטענגעס אין די לאַנגע צעפּ, אָבער ניט אַזוי אויסגעפּוצט און ניט מיט אַזוינע שיינענדע פּנים'ער ווי אין די זומערדיגע שבתים. עס האָט זיי געפעהלט די וואַרעמקייט פון דער

זון, די גרינקייט פונ'ם וואלד און דער וואַרימער, רעדעוודיגער בליק פון די בחורים. מען האָט געטרונקען טהעע פון דעם פּאַליווינעם הליאַק, אַרייגעקוקט אין א ספר, געזאָגט תהילים, געלעזן אין דער הויך פון דעם מנורת המאור, און מאַנכע מיידעל האָט געלעזן מיט א חבר'טע שמ"ר'ס אָדער בלוישטיינ'ס א ראָמאַן, וואָס א פּאָאר פון זיי האָבען פערבלאָנדזשעט אהין פון דער גרויסער שטאָדט און זיינען אַרומגעגאַנגען מיט צוריסענע שער-בלעטער פון איין מיידעל צו דער אַנדערער, אַריינפאַלענדיג אמאָל צו א בחור אויך. כמעט אַלע דאָרטיגע מיידלאַך האָבען די דאָזיגע פּאָאר ראָמאַנען צו עטליכע מאָל געלעזען און, עס האָט אמאָל געטראָפען, אַז אין איינעם פון זיי איז פּלוצים פערלאָרען געגאַנגען עטליכע בלעטלעך אויף דער סאַמע אינטערע־סאַנטער שטעלע, וואו דער יונגערמאַן מיט אַלע מעלות ערקלעהרט זיך אין ליעבע דער מיידעל מיט אַלע מעלות, האָט מירקע אברהם לייזער'ס עלטסטע טאָכטער, די רויטע לאה'קע מיט די זומערשפּריינקלעך אויפ'ן פּנים, דאָן געזאָגט וואָרט אין וואָרט, וואָס דאָרט האָט געפעהלט, און איהרע א חבר'טע, וואָס האָט געהאַט א גוטע האַנדשריפט און זאַגאַר געקענט אָנשרייבען א רוסישען אדרעס, א מיידעל א „געבילדעוועטע", האָט עס אַנגעשריבען און אַריינגעקלעפּט אין דעם ראָמאַן.

אַט אין דעם דאָזיגען שבת נאָכמיטאָג איז געווען טרויעריג ביי מירקע אברהם-לייזער'ס אין שטוב. א בריעף איז אָנגעקומען פון זייער זוהן חיים-בער, וועלכער האָט זייט עטליכע חדשים אַלס סאָל־דאַט געדיענט ערגעץ אין א פּוילישער שטאָדט. שלמה־איצע האָט דעם בריעף געלייענט אין דער הויך מיט טרעהרען אין'ם קול. ביים טיש איז געזעסען מירקע, האָט געבראָכען די הענד, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געוויינט און גע'טענה'ט: „אַי, מיין זוהן! אַי, די קרוין פון מיין קאָפּ! אַי, מיין גרויסער בראָך!" דער אַלטער אברהם-לייזער איז געזעסען, דעם ווייסען קאָפּ מיט דער שפּיציגער יאַרמולקע ניעדריג אַרונטערגעלאָזט אויף די ברייטע ווייסע באָרד, מיט צוגעמאַכטע אויגען, האָט זיך צוגעהערט צו דעם בריעף און געזיפצט. די רויטע לאה'קע אין א מולטענער קאָפּטע, איז געזעסען, די מאָרדע אַריינגע־דריקט צווישען ביידע הענד, וועלכע זי האָט געהאַלטען אָנגעשפּאַרט אויפ'ן טיש, האָט געקוקט דעם טאַטען אין פּנים אַריין און געצויגען

מיט דער נאָז. שלמה'קעלע, די ווילדע בריאה, איז געלעגען אויף דער ווארימער לעזשאַנקע מיט'ן רוקען ארויף און האָט אויך זיך צוגעהערט צו חיים־בער'ס בריעף. אפילו די קלענערע קינדער, וואָס זיינען געזעסען איבער דער לעזשאַנקע אויפ'ן אויווען, האָבען אויך געשוויגען מיט ערנסטע פנים'לעך.

— עס איז זעהר שלעכט אין סלוזשבע — האָט שלמה־איצע געלייענט — ממש באו מים עד נפש, בפרט נאָך אַ אידישען סאָלדאט. וואָס מען האָט איהם ניט האָלד. טאַטע־מאַמע, האָט רחמנות, שיקט מיר כאָטש עטליכע רובעל אַ חודש, אַ ניט קומט מיר אוים ממש באו מים עד נפש...

מירקע האָט זיך העכער צוקלאָגט:

— אפילו דאָס פלייש פון זיך וועל איך פער'משכנ'ען און איהם שיקען! אַי, מיין זוהן! אַי, מיין הארץ! דו קרוין פון מיין קאָפּ! מיין גרויסער בראָך!...

שלמה־איצע האָט זיך אויך צוכליפּעט און די רויטע לאה'קע האָט געווישט מיט'ן ארבעל די אויגען. נאָר דער אלטער אברהם־לייזער האָט לאַנגזאַם דעם ווייסען קאָפּ אויפגעהויבען און ארויסגעמורמעלט, שלינגענדיג די טרעהרען:

— נו, נו, קינדערלאך, שבת... שבת... פערשמיי״ט ניט... מען טאָר ניט... אַי, וועה איז מיר, וועה איז מיר...

ער האָט זיך אויפגעהויבען, גענומען אַ תהילים, געזעצט זיך אין אַ ווינקעלע געגען פענסטער און גענומען זאָגען. שלמה־איצע האָט אָנגעטאָן זיין אַלטען קעצישען פוטער, ארומגעדרעהט די אויערען מיט אַ ווארימען שאַליק און איז אין בית־מדרש אַוועק. מירקע האָט גענומען דעם טייטש־חומש, שטיל געלייענט און אויף איהר רויטער נאָז האָבען זיך טרעהרען געגליטשט איינע נאָך דער אַנדערער. דערנאָך איז דער אַלטער אברהם־לייזער אויך מיט אַ קרעכצען אין בית־מדרש אַוועק, און שלמה'קעלע איז פון אויווען אַרונטערגעשפּרונגען, האָט אָנגעטאָן אויף זיך אַ קאַפּטאַן, פערבונדען די אויערען מיט אַ רויט טיכעל און איז אויך אַוועקגעלאָפען אין בית־מדרש. לאה'קע האָט זיך געזעצט אויף די לעזשאַנקע, אַרונטערגענומען איהר אינגסטע שוועסטערל, די זעקס יאהריגע חנה'לען, פונ'ם אויווען, געזעצט זי צו זיך אויפ'ן שויס און גענומען איהר דערצעהלען אַ מעשה מיט אַ

פערטראַכטען קול. די איבעריגע קינדער האָבען זיך אויך צוגעהערט צו לאה'קעס מעשה:

— אַמאָל, אַ מאָל איז געווען אַ בת מלכה, איז זי געווען שען ווי אַלע זיעבען זונען און גוט און פרום, ווי אסתר המלכה. האָט זיך פערליעבט אין איהר אַ שני־למלך, וואָס איז געווען אַזוי שען, אַז מען האָט אין זיין ליכטיגען פּנים נישט געקענט קוקען. איז געקומען איינמאָל אַ „דולדאָיעד", מיט איין אויג אינ'ם שטערן, און האָט דערזעהן די בת־מלכה און איז פערצאַפּעלט געוואָרען. האָט ער זיך אָנגערופען: „בת־מלכה, בת־מלכה, האָב חתונה מיט מיר!" האָט זי זיך דער־שראָקען און זיך בעהאַלטען אויף אַ הויכער, הויכער שיבילניצע. איז דער „דולדאָיעד" געקומען און האָט אָוועקגע'גנב'עט די בת־מלכה פון דער שיבילניצע און זי געבראַכט צו זיך אין הייהל...

— ווען מען וואָלט געקענט צוקומען צו דער מאַמע'ס קבר, וואָלט איך געלאָפען אויסגיסען מיין האַרץ — האָט פּלוצים מירקע'ס קול אונטערבראָכען לאה'קעס מעשה. לאה'קע איז דאַן אנשוויגען גע־וואָרען. נאָר, ווען די קינדער זיינען צו איהר צוגעשטאַנען, זי זאָל דערצעהלען ווייטער, האָט זי אָנגעהויבען ווידער גאַנץ שטיל און זיי דערצעהלט, ווי אַזוי דער שני־למלך האָט די בת־מלכה אינ'ם הייהל אויסגעפונען, ווי אַזוי ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט און זי האָט די מעשה געענדיגט מיט די ווערטער: „און איבער דער באָרד האָט געראָנען און אינ'ם מויל איז נישט אָנגעקומען..."

שפּעטער איז מירקע אוועק אין בית־מדרש. צו לאה'קען זיינען גע־קומען דריי חבר'טעס מיט פּאַטשיילקעס אויף די קעפּ. זיי האָבען זיך אַלע צוזעצט אויף דער וואַרימער לעזשאַנקע און איינע פון זיי, מאַטעל חנה־דבורה'ס עלטסטע טאָכטער חייקע, אַ דיקע מיידעל מיט דיקע באַ־קען און שוואַרצע אויגען, די אייגענע, וואָס דער שייגעץ פון דיעגעכץ־פאַבריק האָט אַמאָל שבת אינ'ם וואַלד ביי דער ברוסט אַ צופּ געטהאָן מיט די ווערטער: „אָך, סלאַוונאַ טי פּאַיאַש, חאַיעטשקאַ!" האָט אָנ־געהויבען צו רעדען וועגען ראַטשילד'ס טאָכטער, וואָס איז געווען האַלב מענש און האַלב חזיר...

— זי וועט שוין קריגען אַ חתן...

— אַזאַ שטיק גאָלד זאָל איך האָבען...

— מיט איהרע חזיר'שע „ליצען"?...

— דעם טאַטענ׳ס מיליאָנען וועלען צודעקען די „ליצען“.

— איך מיין עפּעס...

— הלואי האָב איך אַזאַ טאַטען...

— דעמאָלט וואָלט מיך אפילו ניט געאַרט, ווען איך זאָל זיין אַזאַ פאַר׳שוין ווי זי — מאַכט לאה׳קע.

— מיט אַ חזיר׳שע צורה? ביזטו משוגע? — זאָגט חייקע.

— און אַז דו ביזט שען, וואָס פאַר אַ חתן ווערסטו נעהמען — פרעגט לאה׳קע פערביטערט — וויפיעל נדן וועט דיר דיין טאַטע געבען? וואָס פאַר אַ חתנים וועלען מיר אַלע נעהמען?

— וואָס הייסט וואָס פאַר אַ חתנים? — חתנים!...

— וואו זיינען זיי? — פרעגט לאה׳קע מיט בענקעניש — ווער קוקט זיך אפילו אויף אונז אַרום!

— פּטור נו! אַז עס וועט קומען דער בעשערטער, וועט עס ווערען אין צוויי ווערטער...

לאה׳קע טהוט אַ זיפץ. די אַנדערע מיידלעך זיפצען אויך.

דערנאָך הויבען זיי אָן צו ריידען וועגען די פּאָאַר ראָמאַנען פון שמר און בלוישטיין, וואָס זיי האָבען שוין עטליכע מאָל געלעזען. ריידען אַרום די העלדען און די העלדינען און יעדע פון זיי שטעלט זיך אַוועק אין דער לאַגע פון דער העלדין, וואָס איז פערליעבט אין דעם שענעם העלד, און שמועסען ווייטער פער׳חלום׳ט... ביז חייקע הויבט אָן פער׳חלום׳ט צו זינגען, אפריהער שטיל, דערנאָך העכער:

„געהט אַ שאַלדרע איבער דער גאַס,
לערנען קען ער גאָרניט;
ער געהט אַרום פּוסט און פּאַס
און טהוט נור, וואָס מען טאָר ניט“...

און די איבעריגע כאַפּען אונטער דאָס לידעל און עס קלינגט מיט אַזאַ בענקשאַפט.

דערנאָך רופט זיך אָן לאה׳קע:

— וואָלט כאָטש אַ שאַלדרע צו אונז געקומען, אַ „דולדאַיער“, אַ רוח, אַ שוואַרץ יאָהר!...

און אַלע צולאַכען זיך.

שפּעטער איז מירקע פוּנ׳ם בית־מדרש געקומען. די חבר׳טעם זיינען אוועק. דערנאָך איז שלמה־איצע מיט דעם אַלטען אברהם־לייזער געקומען און צולעצט שלמה׳קעלע.

מען האָט זיך געזעצט עסען שלש סעודות. מירקע האָט גע־גשׂסען און געוויינט: „גאָט וויסט, וואָס ער עסט דאָרטען!“ שלמה־איצע מיט דעם אַלטען האָבען די זמירות געזונגען, און פער־שטיקטע טרערען האָבען זיך אין זייערע שטימען געהערט. און דאָ האָט זיך דערהערט דער גלאָקען־קלאַנג פון דעם קאָסטיאָל: קלאַנג־לאַנג־לאַנג־לאַנג! — האָט געהודיעט איבער׳ן שטעדטעל... און אין דעם דאָזיגען קלאַנג האָבען זיי אַלע געהערט די יללות פון זייערע נשמות.

שלמה׳קעלע האָט אויף גיך אָבגעבענשט און איז ווידער אנטלאָ־פען אין בית־המדרש אריין. א ווינטערדיגע בין מנחה־למעריב׳דיגע טונקעלקייט האָט זיך דאָרט צווישען די מעשענע הענג־לייכטער גע־טראָגען. אידען זיינען געזעסען אין די ווינקעלעך און האָבען תהלים געזאָגט. און אַרום דעם הייסען קאַכעלנעם אויווען זיינען געשטאַ־נען אַנדערע אידען, ווער פאַנאַנדערגענומען ביידע פּאָלעס פון פּאַ־רענט און דעם בויך אויסגעשטעלט געגען איהם, און ווער רייבענדיג זיך מיט׳ן רוקען אָן איהם. מאַטעל־הנה־דבורה׳ס איז אויך דאָרט געשטאַנען מיט׳ן רוקען געגען אויוועז, ביידע פּאָלעס פון׳ם סורטוק פאַנאַנדערגענומען פון הינטען מיט די הענד, און האָט, ווי געוועהנליך, עפּעס דערצעהלט. שלמה׳קעלע האָט האַלד געהאַט צו הערען זיינע מעשיות, בעזונדערס ווינטער, ווען אין דרויסען איז צו קאַלט געוועז צו שטיפען, איז ער אויך צוגעגאַנגען צום אויוועז.

— הקיצור, ווען דער גביר ראַפּאַפּאָרט האָט געדאַרפט חתונה מאַכען זיין טאָכטער, האָט ער איהר געמאַכט א חופּה־קלייד פון רובעלדיגע בילעטיקעס און נאָך דער חופּה האָט ער געמאַכט א מאָהל־צייט, איז יעדער אָרימאַן צוגעגאַנגען צו דער כלה און אַראָבגעריסען א בילעטיק, — האָט ער דערצעהלט. שלמה׳קעלע האָט אַזש די אויגלעך אויסגעגלאָצט און דעם מויל ברייט געעפענט פאַר פערוואונדערונג.

— איך וואָלט ביי איהר א גאַנצע פּאָלע אַראָבגעריסען! — האָט זיך אָנגערופען שמערל דער שוסטער.

— דו ביזט דאך אַ גראָבער נפש — האָט איהם געענטפערט מאָטעל.

— נו? — האָט שמערל זיך ווידער אָנגערופען — האָט מען די גאנצע פּלאַטיע צוטערכעט? ביז אַ בילעטיק? איז די כלה געבליבען אין איין העמד, וואָס?

— ביזט משוגע? שוטה דו, אונטער דער פּלאַטיע האָט זי מסתמא געטראָגען אַן אנדערע.

— און אפשר צוויי, — האָט שמערל מסכים געווען. — פּלאַטיעס פעהלט זיי, וואָס? זיי האָבען גענוג. אַי, מאַמעלעך מיינע, הלואי האָב איך עפּעס אַזוי אַ ריכטיגע אַפּותיקע, איך וואָלט מיין טאָכטער אַ חופּה־קלייד געמאַכט פון צעהנערלאַך, פון פינף און צוואַנציגער, ווי איך בין אַ איד, און אָרעמע לייט אָפּגעבען!...

— אַן אָרימאַן איז אַ בעל־צדקה.

— נו, לאָם איך, אַ שטייגער, וועלען זיין אַ בעל־צדקה, וואָס קען איך געבען? — האָט שמערל וויטער גערעדט — מכות! אַז איך וואָלט כאָטש געהאַט ראָטשילד'ס ווייב'ס אוירינגלעך. אַ גאַנצען פּוד, זאָגט מען, וועגען זיי.

מאָטעל טהוט זיך אַ כאַפּ:

— אַ פּוד? וואָס רעדסטו, שוטה? זיי וואָלטען דאָך איהר די אויערען אָבגעריסען...

— וואָס פרעגסטו אַזוינע קשיות, מאָטעל, אויף אַזאַ גביר'טע?

— ענטפערט שמערל גאַנץ ערנסט — מסתמא זיינען זיי געמאַכט פון אַ גוטען בעל מלאכה. אפשר זיינען זיי אינווענינ פּוסט.

ווערט אַ געלעכטער. טהוט שמערל אַ שפּיי:

— וואָס לאַכט איהר? איהר גלויבט מיר ניט? איך זאָג ניט קיין ליגען, ממזרים, אַ רוח אין אייער טאַטען אריין! וואָס איך זאָג, לאַכען זיי!...

און ער טרעט אָב פון זיי מיט כעס.

שלמה'קעלע לויפט אוועק צו אַ קופּקעלע אינגלעך, וואָס זיצען אין אַ ווינקעלע און דערצעהלען זיך מעשיות וועגען „לאַמעדוואָווניקעס", שדים, רוחות און „דולדאַיעדען", און הויבט זיי אָן צו דערצעהלען, אַז ראָטשילד'ס ווייב טראָגט אוירינגלעך, וואָס וועגען אַ גאַנצען פּוד...

אין׳ם בית־מדרש ווערט פינסטער. א איד טהוט א קוק דורך א פענסטער: „שוין דא שטערן“. עס דערהערט זיך א פאטשעו איבער א סטענדער: „מעריב! מעריב!“

— והוא רחום! — שרייט דער עולם...

---

13.

## פורים אין׳ם שטעדטעל.

אין׳ם שטעדטעל האט מען געפראוועט די פורים׳דיגע סעודה. פרעהליך האבען די ליכט און די לאמפען אין די אידישע הייזער גע־ברענט. די טישען זיינען געוועזן געדעקט און ארום זיי זיינען געזעסען די טאטעס און די מאמעס און זייערע קינדער, אנגעטהאן שבת׳דיג. האבען געשיקט שלח־מנות צו פריינד און קרובים און בעקומען שלח־מנות פון פריינד און קרובים — אן אפעלסין, צוקער־געבעקס, א פלע־שעל ראזינקעס־וויין וכדומה. און באלד איז אויך אריינגעקומען „אחשורוש“ מיט א גאלדענער היטעל און „המן“, וועלכער האט טאקע גלייך אויפ׳ן ארט געכאפט פון איהם א מפלה; און אז זיי זיינען אוועק, איז אריינגעקומען שלום׳קע דער גוי, אין א פויערשער סער־מיאגע און לאפטיעס, מיט א הארמאניק אין די הענד, האט געטאנצט און געזונגען. אין דרויסען האט זיך שוין דער פריהלינג גענומען פיהלען. דער שנעע האט געטאיעט, איז פול געווען מיט וואסער. דער הימעל האט אויסגעזעהן ווארימער און פריינדליכער, האט זיך געדאכט; און פון צייט צו צייט האט א פויגעלע פרעהליכער גע־סווישערט.

שלמה׳קעלע איז אין דעם דאזיגען אבענד געווען דער גליק־ליכסטער אינגעל אויף דער וועלט. זיין טאטע, דער מלמד, האט געשיקט שלח־מנות צו זיינע בעלי־בתים, און טאקע מיט איהם אליין. איז ער געפלויגען מיט א טעלער אונטער א האנד־טיכעל איבער דעם וואסערדיגען שנעע, דאס וואסער האט געקוויטשעט אונטער זיינע פיס און זיין נשמה׳לע האט אין איהם אויך געקוויטשעט פאר שמחה. ער איז אריינגעלאפען אין א בעלויכטענע הויז, וואו ארום טיש איז מען געזעסען און מען האט די סעודה געפראוועט: „דער טאטע האט

געשיקט שלח־מנות!“ אראבגענומען דעם האנד־טוך פון דעם טעלער. געוויזען דעם אפעלסין און די פאאר טארטען, געקראגען צוגעווארפען א טארטעל אויפ'ן טעלער, בעקומען א פאר קאפיקעס פון דעם בעל־הבית פאר דער טרחה, צוגעדעקט ווידער דאס טעלער און — האידא, שלמה'קעלע פליהט ווייטער איבער'ן שנעע...

אין איין הויז איז גלייך נאך איהם אריינגעלאפען שלום'קע דער גוי מיט'ן הארמאניק, האט א טופע געטהאן מיט די לאפטיעס אן דער פאדלאגע, ברייט צושפרייט די פיס, א זעץ געטהאן זיך אן דער ערד און פלינק ווידער אויפגעשפרונגען. דערנאך האט ער גענומען שפיע־לען אויף דער הארמאניק, געזונגען און געדרעהט זיך, צוטופענדיג מיט די לאפטיעס:

„אטשעניטע וואראטא,
יעדעט באבא סיראטא,
בעז רובאכי,
בעז שטאנא,
פאלנא טארבא סוכארא“.

דערביי איז דארט געזעסען דער לעהרער פון'ם שטעדטעל. דער הויכער בחור מיט די קופקעלעך האר אויף די באקען און אויף דער מארדע, האט ער גענומען שרייען: „גוואלד, ער מאכט א תל פון דער רוסישער גראמאטיק!“.

אבער ניט אזוי האט געטראכט שלמה'קעלע. ער האט פערגע־סען אין גאנצען, נאך וואס ער איז געקומען, ווען ער האט דערזעהן שלום'קען טאנצען, און ער האט אונטערגעכאפט:

„אטשעניטע וואראטא,
יעדעט באבא סיראטא, א. ז. וו.

נאר ווען שלום'קע האט זיין נדבה בעקומען און איז אוועק, האט ער זיך אויך א כאפ געטהאן: „דער טאטע האט געשיקט שלח־מנות“ און ארונטערגעכאפט דעם האנד־טוך פון'ם טעלער. אבער ביים לעצטען בעל־הבית איז איהם א ביסעל געגאנגען שלימזל'דיג. ווען ער האט פון יענעם בעקומען צוויי קאפיקעס פאר דער טרחה און איז א גליקליכער אין דרויסען ארויס, איז נאך איהם ארויסגעלאפען יענעם'ס אינגעל, מיט וועלכען ער האט זיך מיט א טאג צוריק געהאט צו'הרג'עט, און איז איהם בעפאלען. שלמה'קעלע איז דעמאלט געוועזען אויף גרויי־סענע צרות, טאקע ממש אין א קריטישער לאגע. ערשטענס זיינען

די הענד ביי איהם געווען פערנומען מיט דער טעלער אונטער'ן האנד־טוך. דאס אבער וואלט געווען א האלבע צרה: אין א נויטה האט שלמה'קעלע געקענט א בריק טהאן מיט די פיס אזוי, דאס יענער זאל זיך איבערקעהרען. אבער ווי אזוי האט ער געקענט האבען הארץ דאס צו טהאן יענעם, ווען ער האט ערשט געקראגען צוויי קאפי־קעס פון יענעם'ס טאטען? דאס וואלט דאך געווען ניט קיין יושר... האט שלמה'קעלע גענומען טענה'ן צו יענעם, ווען ער האט געקראגען דעם ערשטען פאטש איבער'ן היטעל: „איך בעט דיר מיט גוטען, בערטשיק... איך וויל זיך מיט דיר ניט שלאגען"... אבער בערטשיק, א בלייך מאגער אינגעלע, מיט שווארצע פאות'ען אויף די שלייפען, האט דעם קאפ איינגעבויגט, די צייהן אויסגעשטשירעט, די אויגען אויסגעגלאצט און איז געקראכען צו איהם מיט די מאגערע הענטלעך און האט גע'טענה'ט מיט כעס דורך די אויסגעשטשירעטע צייהן:

— פארוואס האסטו מיך נעכטען גע'הרג'עט? פארוואס האסטו מיך נעכטען גע'הרג'עט?

— איך בעט דיר מיט גוטען, בערט...

ער האט געקראגען א פאטש אין באק און איז אנשוויגען געווא־רען. יענער איז אנטלאפען. שלמה'קעלע האט איהם נאכגעקוקט מיט בייזע אויגען.

— א כאלעריע איהם אין די ביינער! — האט ער אויסגעמור־מעלט און דערביי געטראכט: „ווארט, ווארט, מארגען!"

ער איז לאנגזאם מיט א ברוגז'ער מינע אוועק ווייטער. נור פלוצים האט ער דערזעהן שלום'קע דעם גוי מיט א גאנצער מחנה קינדער, און גלייך האט ער פערגעסען אן בערטשיק'ען און אן דעם פאטש, איז אוועקגעלאפען אהיים, האט דארט איבערגעלאזט די טע־לער מיט די גוטע זאכען און באלד האט ער פאבריקעוועט איבער'ן וואסערדיגען שנעע, ווי א ווילדער בייקעל, איז מיט די אנדערע קינ־דער נאכגעלאפען שלום'קען אין די הייזער אריין און האט געזונגען מיט איהם:

„אטשעניטע וואראטא,
יעדעט באבא סיראטא,
בעז רובאכי, בעז שטאנא,
פאלנא טארבא סוכארא..."

## 14

## פריהלינג אין'ם שטעדטעל.

ערב פּסח האָט מען אין די אידישע הייזער גערייניגט, געוואַשען, געסקראַבעט און גע'כשר'ט. און גערייניגט און געוואַשען האָט זיך אויך דער הימעל איבער'ן שטעדטעל, דער וואַלד אויפ'ן באַרג... עפּעס ווי געהיימע טהירען וואָלטען זיך אויפ'ן הימעל געעפענט און אַרויס־געלאָזט גאַנצע שטראָמען גאָלדענעם, וואַרימען ליכט, וואָס האָבען געטריבען די שנעע־ווייסע וואָלקענדלעך, וועלכע האָבען זיך דאָרט געטראָגען אין דער טיעפער בלויקייט, ווי קריהעס אייז אין דעם בלויען ים. עפּעס ווי אַ געהיימער פייער וואָלט פון אונטער דער ערד דעם אייז און שנעע געשמאָלצען און דאָס אין שטראָמען פערוואַנדעלט, וואָס האָבען איבער'ן שטעדטעל געפּלייצט. פון דעם באַרג, וואו דער וואַלד איז געשטאַנען, און פון דעם בערגעל, וואו די מצבות און מאָנו־מענטען זיינען איצט ווי מיט גאָלד־שטויב בעשאָטען געוועזען, האָבען זיך מיט אַן אימפּעט און גערויש שטראָמען געטראָגען, אין וועלכע זונען־שטראַהלען האָבען זיך געבאָדען. פון צייט צו צייט האָט זיך אַ גאַנצער שטיק שנעע מיט'ן שטראָם פון'ם באַרג אַרונטערגעלאָזט און איז אונטען צופּיצעלט געוואָרען... דאָ און דאָרט האָט אויפ'ן באַרג אַ שטיקעל נאַקעטע ערד, שוואַרץ און פעט, פון צווישען דעם שמעל־צענדיגען שנעע זיך אַרויסגערוקט, אַזוי ווי די ערד וואָלט דער זון עטוואָס פון איהר מעכטיגען קערפּער געוואָלט ווייזען, כדי איהר תאוה, צום שאַפען, שטאַרקער צו ערוועקען... די בוימער אויפ'ן באַרג זיינען פון דעם שנעע אַרויסגעקראָכען. זיי האָבען זיך נאָך אין גאַנצען ניט געהאַט אָפּגעשוכעט פון דעם טיעפען קאַלטען שלאָף, זיי האָבען זיך אָבער שוין געוועקט און זיך געצויגען געגען דער זון. דער סוד פון מעשה בראשית האָט איבער זיי געשוועבט, דער גייסט פון תחית־המתים האָט זיך אין דער לופט געטראָגען, די נשמה פונ'ם לעבען...

פון דעם פריץ'ס הויף הינטער'ן שטעדטעל איז אַ סטאַדע טויבען אַרויסגעפלויגען. זיי האָבען זיך איבער'ן וואַלד געראַגען, און אין דערלופטען געוויעגט. איין טויב, מיט ראָזעווע פליעגלען, האָט דאָרט

קונצען בעוויעזען. אט איז עס געפלויגען מיט'ן קאפ ארונטער, די ראָ־זעווע פליגעלאך צושפרייט, און אט האט עס זיך איבערגעדרעהט אויפ'ן רוקען, א הויב געטהאן זיך העכער, געוויעגט זיך א ווײלע אין דער לופטען און זיך ווידער איבערגעדרעהט עטליכע מאל נאכאַנאַנד. דאס איז געווען א „ווערפלע". א צווייטע טויב, מיט א בלויען בויך און ווייסע פליגלען, האט זיך א כאפ געטהאן נאכצוטהאן דעם, געדרעהט זיך נאך מיט מעהר אימפעט, א פנים זיי האבען געזוכט צו געפעלען זייערע „דאמען".

אויף די דעכער פון די הייזער, וואס זיינען נאך פייכט געווען פון דעם צוגאנגענעם שנעע און וואס פון זייערע רינעס האט נאך דאס וואסער געקאפעט, האבען ארומגעטאנצט פייגעלעך מיט א פרעהליכען סוויטשערען...

אויף די גאסען זיינען גרויסע לוזשעס געשטאנען. דער מארק איז פערפלייצט געווען. ארום די הייזער זיינען ברעטער אויסגעלעגט געווען, „קלאדקעס". איבער זיי האבען פערהאוועט ארומגעשפרייזט אידענעס מיט הויך־פערקאשערטע קליידער, אידען מיט פערקאשערטע פאלעס, מיידלעך אין דעם טאטענ'ס גרויסע שטיוועל, אבער אויף זייערע אלעמענ'ס פנים'ער האט דער פריהלינג אפגעשיינט, די ווארימ־קייט פון נאטור'ס יום טוב און פון זייער אייגענעם יום טוב, וואס האט היינט געזאלט אין דאס שטעדטעל אנקומען.

שלמה'קעלע, אזוי ווי אנדערע אינגלעך אינ'ם שטעדטעל, האט היינט שטארק געהארעוועט פון אין דער פריה אן. ער איז געלאפען מיט די פסח'דיגע כלים צו דער באד, כשר'ן זיי. דערנאך געשטויסען די מצה אין דער סטופע, געהאלפען שלעפען די געוואשענע בעבעכעס פונ'ם שטוב און צוריק אין שטוב אריין, געשלעפט דאס זעמדעל פאר די אויסגעוואשענע פאדלאגע, געבראכט די שטיינער צו כשר'ן די אויוועז, און אפילו געהאלפען שייערען די לייכטער. ער איז היינט געווען זעהר גוט און האט געפאלגט. קיין איין קללה האט ער היינט ניט בעקומען, ניט פון זיין עלטערער שוועסטער לאה'קען און אפילו ניט פון זיין מאמע מירקען, און זיין טאטע משה־איצע דער מלמד האט איהם נאך ביים בעקעל א קניפ געטהאן און געזאגט: „אט אזוי־א, שלמה'קעלע, היינט ביזטו א מענש!" די זון האט שלמה'קעלען גוט

געמאַכט און נאָך מעהר דער געדאַנק, אַז ער וועט היינט טרינקען וויין און מעד, עסען די פסח'דיגע קניידלעך און מאָרגען און די גאַנצע וואָך פונ'ם פסח וועט ער שפּילען מיט זיינע חברים אין ניס...

* * *

דער וועג איז געווען ניט פאַר שליטען און ניט פאַר וועגען. די פערפלייצעניש האָט אַרונטערגעשווענקט די קליינע הילצערנע בריק־לעך, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן וועג צום שטעדטעל איבער די גראָבענס. די איינצעלנע פויערים, וואָס האָבען אין דעם שטעדטעל געדאַרפט פאָהרען, זיינען געקראָכען איבער'ן גאַרטעל אין די איבער־געשוואומענע גראָבענס און האָבען געשלעפּט פון דאָרט זייערע פערד מיט די שליטענס. אויפ'ן טייכעל נעבען אידישען בית עולם האָבען ווייסע קריהעס אייז אַרומגעשוואומען. דאָס וואַסער האָט זיך אויפ־געהויבען, פון איין זייט ביז'ן בערגעל, אויף וועלכען דער פאַסטוך האָט זומער זיין פיה געפיטערט, און פון דער צווייטער זייט האָט עס זיך אַריינגעכאַפּט אין דאָס יונג וועלדעל, און פון דאָרט האָט עס זיך צוגאָסען איבער'ן טראַקט ביז צום פּלויט פון דעם אידישען בית עולם

* * *

פון דער גרויסער שטאָדט האָט זיך איבער'ן פערפלייצטען טראַקט געשלעפּט מיט אַ שליאַפּען און וואַסער־גערויש חיים דעם קאָמיסיאָ־נער'ס „בולאַנער" מיט זיין וואָגען. דער אַלטער חיימאַן שלום'קע דער גוי, מיט די פּאָלעס פון די אויבער־בגדים הויך פערקאַטשעט און פעררוקט הינטער שוואַרצע גאַרטלען, אין נאַסע, וואַטענע הויזען, זיינען געגאַנגען ביי דער זייט פון טראַקט איבער שמאָלע שטרייפען שנעע, וואָס האָבען זיך געצויגען דאָ און דאָרט. ווען דער וואָגען האָט זיך דערנעהנטערט צום אָרט נעגען טייכעל, וואו דער גאַנצער טראַקט איז פערפלייצט געווען, האָבען זיי גענומען קריכען אַרום דעם אידישען בית־עולם, אָנהאַלטענדיג זיך מיט די הענד אָן פּלויט. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער פּליוך, ווי עפּעס שווערעס וואָלט אין וואַסער אַ פאַל געטהאָן — דער וואָגען איז געשטאַנען טיעף אין וואַסער, זיינע רעדער האָבען זיך קוים אַרויסגעזעהן, און דער „בולאַנער" ביז'ן בויך פערזונקען, האָט צושראָקען זיינע אויגען בעוועגט, געסאַפּעט און זיך געוואָרפען צווישען די האָלאָבליעס.

— טפרו! — האט שלום'קע א געשריי געטהאן און זיך א לאז געטהאן צום פערד, און איז באלד געשטאנען אין וואסער ביז איבער'ן גארטעל.

דער אלטער חיים איז דארט שטעהן געבליבען לעבען פלויט, האט ארויפגעטהאן דעם לאדאן איבער די אויגען און געקוקט אזוי געגען זון, צו שלום'קען צו, אויף זיין וואגען אינ'ם וואסער. שלום'קע האט דארט געשלעפט דאס פערד ביים צוים און געשריען: „הוי, וויא, בולאנער! וויא, וויא! — אנגעצונדען זאלסטו ווערען!“

דער בולאנער האט זיך מיט אלע קרעפטען א ריס געטהאן אין פאראויס, איז שטעהן געבליבען און גענומען הויך כראפען און ווארפען דעם קאפ.

דער אלטער חיים האט זיך דאן אויך א לאז געטהאן צום וואגען, איז איבער'ן גארטעל אין לוזשע אריינגעקראכען און האט אנגעהויבען צו שטופען דעם וואגען פון הינטען. שלום'קע האט העכער גענומען שרייען אויפ'ן בולאנעם, איז פלוצים אין כעס געווארען, האט א געשריי געטהאן: „אך, אין דיין טאטענ'ס טאטען שעביטאטען אריין!“ — א ריס געטהאן דעם פערד צו זיך מיט אזא קראפט, דאס ער האט איהם שיעור פון די האלאבליעס ניט ארויסגעריסען, און איהם צוזאמען מיט'ן וואגען ארויסגעשלעפט.

און ווען דער בולאנער איז דערנאך אוועק מיט א פארשקען צום שטעדטעל־צו, זיינען הינטער'ן וואגען נאכגעגאנגען דער אלטער חיים מיט שלום'קען מיט שטיוועל פול וואסער און פון זיי האט געגאסען און גערונען.

שלום'קע האט זיך פרעהלאך צולאכט:

— א פיינע מקוה'לע. ניט אזוי, ר' חיים? און דוקא אין פסח־דיגע וואסער...

— איך'ל שוין האבען א קאטער, — האט דער אלטער חיים גע־ענטפערט.

— וואס קאטער? פייפט אויף איהם! איהר'ט נעהמען א גוטען כוס פסח'דיגען שארפען, וועט זיין אוים קאטער...

און ער האט זיך ווידער פרעהלאך צולאכט.

די פריהלינג זון און די שטימונג פון דעם אנקומענדיגען פסח האבען איהם צו פרעהליכקייט אויפגעלעגט, ווען אין זיינע שטיוועל

האָט דאָס וואַסער געקוויטשעט און ווען ער איז אינגאַנצען געווען דורכגענעצט...

אונטער די ווייסע וואַנצעס פון דעם אַלטען חיים'ען האָט זיך אויך אַ שמייכעל צולעגט.

באַלד זיינען זיי געווען אינ'ם שטעדטעל, וואו דורך די אָפענע פענסטער פון די אידישע הייזער האָבען זיי בעמערקט בעקאַנטע פנים'ער פון אידישע פרויען און מיידלעך, פערהאַוועטע און דאָך פרעהליכע, וועלכע האָבען זיך געגרייט אויפצונעהמען דעם פסח. אויף די פריזבעס אונטער די פענסטער האָבען זיך ציעגען געוואַרעמט. פון די הייזער האָט זיך געהערט אַ קלאַפען און שטויסען. אויף די גאַסען האָט זיך אַ קינדערשער ליאַרם געטראָגען. אויף די לוזשעס און שטראָמען האָט זיך אַ וואַרימע ליכט געגאָסען. אין דער לופטען האָט דער פריהלינג געשוועבט און געוואָרפען גאַנצע הויפענס לעבענס־זוימען און וואו זיי זיינען געפאַלען, דאָרט האָט זיך דאָס לעבען גערעגט און געוועקט.

* * *

און אין דריי וואָכען שפּעטער איז דאָס לעבען שוין געווען אין גאַנצען אויפגעוועקט און האָט געברענט און געקאָכט. אינ'ם שטעדטעל איז שוין געווען טרוקען, אויף די זאַמדיגע גאַסען האָבען זיך געשפּיעלט באָרוועסע קינדערלעך מיט פערברודיגטע פנים'לעך און אויף די פריז־בעס זיינען געזעסען זייערע מאַמעס. מאַנכע האָט געלאַטעט אַ העמד; מאַנכע האָט געצירעוועט אַ זאָק אויף אַ גלאָז, און דאָרט איז געזעסען אַ פרוי מיט גרינעם שטשאוו אויפ'ן שויס, האָט איהם איבערגעקליבען און געוואָרפען אין אַ פאַליוועגער שיסעל אריין. אין דער גאָלדענער לופט האָבען געשמאַקע ריחות געשוועבט, אזוי ווי אונזיכטבאַרע בלומען וואָלטען דאָרט אין דער לופטען געבליהט... דער וואַלד האָט געבליהט, דער באַרג אונטער איהם האָט געגרינט. אַלסדינג דאָרט, האָט זיך זיך געדאַכט, איז אָנגעזאַפּט געווען מיט פרייד און גליק פון דעם ערוואַכטען לעבען. הונדערטער פייגעלעך האָבען דאָרט געשוויס־טשעט און מיינען האָט מען געקאָנט, אז יעדע גרין צווייגעלע, יעדעס גרינע בלעטעלע און יעדעס גרעזעלע, פונ'ם לעבענס זאַפט איבערפילט, סווישטשערט דאָרט...

אויף די הויפען האבען די היהנער געקוואקטשעט. די העהנער האבען זיך געשלאגען און געשפרונגען צו די היהנער אויף די פליעגלען. נעבען א קריסטליכען הויז איז א גאנער נאכגעגאנגען א גאנז, און איז עמיצער גאהענט צו זיין „דאמע" צוגעטראטען, האט ער זיך מיט א מאדנער רציחה א כאפ געטהאן צו יענעם, אויסגעצויגען זיין שלאנקען האלז און געסטראשעט יענעם מיט זיין שארפען שנאבעל. א יונגע בהמה איז ווילד איבער'ן שטעדטעל געפלויגען און האט פאבריקעוועט מיט די הינטערשטע פיס. א קריסט אהן א היטעל און א בארוועסער איז איהר נאכגעלאפען און געשריען: טשאך! טשאך! טשאך!..
דעם לעהרער פונ'ם שטעדטעל, דעם יונגערמאן מיט די קופקעלעך האר אויף די באקען און אויף דער מארדע, האט זיך פלוצים גענומען אויסווייזען, אז יעדע מיידעל אינ'ם שטעדטעל איז א גרויסע פארשויז. און ווען ער איז פערבייגעגאנגען משה־איצע'ס חדר, דאס הייסט מירקע אברהם לייזער'ס שטיבעל, האט ער דארט אויף דער פריזבע בעמערקט די רויטע דיקע לאה'קען מיט די זומער שפרינקלעך אויפ'ן פנים, האט זי זיך איהם אויך אויסגעוויזען אזוי שען, דאס עס האט איהם אזש א ציה געטהאן ביים הארצען. זי האט בעמערקט, אז דער „לעהרער" קוקט אויף איהר, איז זי רויט געווארען און האט די אויגען ארונטערגעלאזט. דערנאך האט זי איהם נאכגעקוקט און פון בענקשאפט א זיפץ געטהאן.

— אפשר — האט זי א טראכט געטהאן — וועט זיך אויפ'ן הייאהריגען יאריד מיר זיך מאכען א חתן...

און וועגען דעם דאזיגען יאריד, וואס איז אינ'ם שטעדטעל געווען באלד נאך שבועות, האבען איצט אויך געחלומ'ט די קרעמער און די קרעמערקעס אויפ'ן מארק און די אנדערע אידען אינ'ם שטעדטעל. איצט נאך פסח, זיינען זיי אלע געווען ארימער. דער יום טוב האט ביי זיי כמעט אלץ אויפגעגעסען און זיי אלע האבען אויפ'ן יאריד געהאפט...

* * *

די נעכט זיינען געווען ווייסע און ווארימע. די ווייכע לופט, האט געשיינט, איז אנגעפילט געווען מיט תאוה. די לבנה האט פערבענקט ארונטערגעקוקט אויף וואלד, פעלד און טהאל, געזעהן ווי עס רעגט זיך דארט, ווי עס שאפט זיך, ווי עס גרינט, גרינט... ערגעץ הינטער'ן

שטעדטעל האָט אַ בייק ווילד געדעווועט און גאַנץ נאָהענט האָט אַ נאַכ־טיגאַל ליידענשאַפטליך געטרילט. לאַה'קע איז געלעגען אויף איהר געלעגער און האָט ווידער פול בענקשאַפט געטראַכט:

— אפשר אויפ'ן היי־יאָהריגען יאריד...

## .15

## ערב יאריד אינ'ם שטעדטעל.

צו דעם דאָזיגען יאריד גרייט זיך דאָס שטעדטעל, ווי אַ הונגעריגער צו אַ גרויסער סעודה. קליין און גרויס ערוואַרט עפּעס פון איהם.

אַ פּאָר טעג איידער דער יאריד איז אַהין אָנגעקומען, פיהלט מען איהם שוין אינ'ם שטעדטעל, רעש'ט שוין און פּילדערט דאָס שטעדטעל. יעדעס הויז ווערט אַ גאַסט־הויז, יעדעס הויז ווערט אַ שענק. אין יעדען הויז וואַשט מען און מען סקראָבעט, און מען ראַמט, און מען קעהרט, און מען קאָכט, ווי פאר אַ חתונה... די שטוביגע מאַמעס שטעהען ביים ברענענדיגען אויווען מיט פערדרעהטע טיכלאָך, פער־שוויצטע, פערהאַוועטע פּנים'ער, רוקען טעפּלאָך צום פייער און נעהמען אַרויס. די טעכטער, מיט די הויך־פערקאַשערטע ארבעל און צושויבער־טע האָר, סקראָבען פיש, שיילען קאַרטאָפעל, קנעטען טייג. ביי אַנדערע פון זיי ליעגט אַ שאָלעכץ פון פיש־שופּען אויף אַ באַק, אויפ'ן שטערען, פון פאָרענט אויף די האָר. ביי אַנדערע איז די נאָז איינגע־ריכט אין מעהל. די טאַטעס מיט אונטערגעקאַשערטע פּאָלעס שלעפּען וואַסער פון'ם ברונים אין שטוב אריין, טראָגען אונטער דער ווייב, דער טאָכטער. אַלע אין'ם שטוב זיינען פערהאַוועט, אַלע אַרבייטען, אַלע איילען זיך, אַלע גרייטען זיך צום יאריד... און דרעהט זיך דעמאָלט אַ קליין קינד צווישען די פיס, שילט עס די מאַמע, פּאַטשט עס אָן דער טאַטע, כאַפּט עס אַ שטורך פון דער עלטערער שוועסטער, וואַרפט עס זיך דערנאָך אויף דער ערד, וויינט און שרייט און קלאַפּט מיט די פיסלעך אָן דער פּאָדלאָגע. די קאַץ יאָגט זיך אַרום איבער'ן שטוב צוטומעלט פון'ם פּענסטער אונטער'ן טיש הינטער'ן אויווען און פון דאָרט צוריק אויפ'ן פּענסטער און אַרונטער אויף דער פּריזבע. דאָרט

בלייבט זי שטעהן, דרעהט דעם עק, פערדרייסט דעם קאָפּ צום אָפענעם פענסטער, זשמורעט די געלע אויגען, הערט זיך צו צו דעם טומעל אין שטוב און שאָקעלט מיט די דורכזיכטיגע אויערען, אַזוי ווי פערוואונדערט... די ציעג שטעהט אין דער אָפענער טהיר, קוקט מיט איהרע נארישע אויגען אויף די פערהאַוועטע מענשען אין שטוב, און ארבייט מיט'ן מויל. לויפט אימיצער ארויס פון שטוב, קריגט זי א שטויס מיט'ן פוס, רוקט זי זיך אָב פון דער טהיר און הערט אויף צו אַרבייטען מיט'ן מויל, אָבער באַלד שטעלט זי זיך ווידער אוועק אויף איהר אָרט אין דער אָפענער טהיר און הויבט אָן ווידער צו אַרבייטען מיט'ן מויל, ביז זי קריגט א קלאַפּ מיט א קאַטשעלקע, מיט א בעזים, דעמאָלט טראָגט זי זיך אָב אויף אַלע פיער, לעגט זיך אוועק ערגעץ אין פיהר־הויז, אָדער לויפט ארויס אויפ'ן הויף.

איצט לאָזט מען זיך פון קיינעם ניט שטערען. אַלע זיינען איצט פערכאַפּט, בעוועלטיגט פון איין געדאַנק, פון איין זאַך, מען רעדט פון קיין אַנדער זאַך, מען רעדט איבערהויפּט ניט. און דאַרף מען עפּעס אין גאַס, לויפט מען ארויס מיט עפּעס א בעזונדערען אימפּעט פון שטוב. און בעגעגענט מען אין דרויסען א בעקאַנטען, צי א בעקאַנטע, צי א חבר'טע, שטעלט מען זיך ניט אָב, טהוט מען נור א מאַך איינער צום צווייטען פערהאַוועט מיט'ן קאָפּ, און מען לויפט ווייטער פערסאָפּעט, יעדער אין זיין וועג. אפילו א שמעק טאַבאַק טהוט מען אויך מיט א בעזונדערען אימפּעט. אַפילו דאַוונען דאַוועט מען אויך מיט אימפּעט, שוין ניט רעדענדיג וועגען עסען — עסען און שלאָפען איז די לעצטע זאַך ביי דעם דאָרטיגען אידען אין דער דאָזיגער צייט...

* * *

אויפ'ן מארק שטעהען אידען מיט העק, האמערס און מיט זעגען. שלעפּען ברעטער, קלאַפּען און האמערען און זעגען, שלאָגען שטעקענס אין דער ערד, ציהען איבער זיי לייווענטענעביידלעך, קלאַפּען צונויף נייע טישלעך, עפּענען קאַסטענס, פעסער, פון וועלכע זיי לעגען ארויס סחורה. זיי טהוען עס געאיילט, פערהאַוועט, בויגען זיך און דרעהען זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער, מאַכען פערשיעדענע האַוואַיעס מיט די אויגען, מיט די מיילער און סאָפּען. א קלאַפּען און האמערען טראָגט

זיך אויך פון די קראָמען דערביי, וואו מען לייגט אויס די סחורה, וואָס מען האָט דאָרט אָריינגענומען פאַר דעם יאַריד... אין דער לופטען צושפּרייט זיך א טעמפּער געטומעל... צושראָקען פליהען אַרום די בייכיגע וואָראָבייטשיקעס, וואָס זיינען געוועהנט אויפצופּיקען דאַ אויפ'ן מאַרק א קערענדעל, צי אַ שטרויעלע, פליהען אַרום מיט אַ טשיריקען, שטעלען זיך אָב אויף די דעכער פון די קראָמען, אויף די פּאַרקענס, אַפריהער איינער, דערנאָך אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פיער־טער... דרעהען די קעפּלעך אויף אַלע זייטען, בעוועגען די פליגעלעך, שפּרינגען אונטער אויף די פיסלעך, קעהרען זיך אהער און אַהין, און קוקען... געפינט זיך אַ העלד צווישען זיי, שפּרייט ער אויס זיינע פליגעלעך און טהוט זיך אַ לאָז אויף דער ערד און די איבעריגע נאָך איהם... הויבט אָן האַק און האַמער שטאַרקער צו קלאַפּען, פליהט אַ שפּאָן אין דער הויך, דערהערט זיך אַ קלונג פון אַ צובראָכען געשיר אין אַ געעפענטען קאַסטען, צופליהען זיי זיך ווידער מיט אַ צושראָקענעם טשיריקען... די גענז, און די ענטלעך, און די היהנער, וואָס טרייבען זיך געוועהנליך אַרום אויפ'ן מאַרק, לויפען אויך איצט פון דאָרט, געיאָגט פון דער קלאַפּעריי און טומעל, פון דעם אונגעוועהנליכען האַוועז פון די מענשען. אויך די אידישע ציעגען האָבען איצט מורא צו געהן אַהין, פון וואַנען עס טראָגט זיך דאָס בייזע געפּילדער, וואו מענשען שטעהען און לויפען, און מאַכען מיט שטעקענס און האַמערס און העק, וואָס בלישטשען גענען דער זון... די הינט אויף די קריסטליכע הויפען הערען דעם דאָזיגען געטומעל און מורקען. בעווייזט זיך אַ הונט פון הינטער אַ טויער, טהוט ער זיך אַ קעהר אין דער ריכטונג פון מאַרק, פאַנגט אָן צו סקאַוואוטשען, דערנאָך פערדרייסט ער דעם קאָפּ צום הימעל און הויבט אָן צו האַווקען. — כאַפּען איהם אונטער נאָך אַנדערע הינטישע שטימען אויף די הויפען, דינע, גראָבע און הייזעריגע הינטישע שטימען...

די קינדער אין די חדרים זיינען אויך ניט רוהיג. אַנדערע פון זיי הערען דעם טומעל פון'ם מאַרק, צאַפּלען זיך זייערע הערצעלעך, און אין זייערע קעפּלעך מאָלט זיך דאָס בילד פון'ם יאַריד... און די פון זיי, וואָס דער טומעל פון'ם מאַרק דערגרייכט ניט זייערע אויערען, ווייסען אָבער אויך, וואָס אויפ'ן מאַרק טהוט זיך איצט, אַז אין זייערע הייזער גרייט מען זיך איצט צום יאַריד, זיצען זיי אַלע ווי אויף

הייסע קויהלען, ווארטען זיי אלע מיט אזא אונגעדולד אויף דער מינוט, ווען זיי וועלען קענען ארויסלויפען פונ'ם חדר. זיי לערנען און ציהען די ווערטער אזוי פויל, אזוי אהן חשק, דאס אין אן אנדער צייט וואלטען זיי געווים דערפאר געכאפט קלעפ פון זייער רבי'ן. היינט אבער איז זייער רבי אויך פערכאפט פון דעם אלגעמיינעם געדאנק וועגען יאריד, און ער וואלט אויך חשק געהאט א קוק צו טהאן, וואס עס טהוט זיך דארט אויפ'ן מארק, צי זיינען שוין א סך גייע אורחים אנגעפאהרען, צי דער, צי יענער איז שוין דא... קוקט ער אויך צוטראגען, און זיין קול קלינגט אזוי פערשלאפען, פערטראכט. טראכט ער נאך: צו וועלען זיינע בעלי־בתים האיאהר האבען א גוטען יאריד און וויפיעל ווער פון זיי איז איהם שולדיג שכר־למוד...

דער פרומער רב, רב אברהם'על, וואס וואוינט אויפ'ן מארק, איז אויך פערפלאנטערט אין זינדיגע געדאנקען. ער הערט דעם טומעל, בעת ער זיצט און לערנט. אין די אפענע פענסטער רייסט ער זיך אריין: הו־זש־זש־זש! טיק־טאק! הו זש־שז־זש־! — דערמאנט ער זיך אן בעקאנטע אידען, וואס האבען פאראיאהרען אויפ'ן יאריד געהאט צווישען זיך סכסוכים און זיינען געקומען צו איהם אויף א דין־תורה... דערמאנט ער זיך אן דער שענער מטבע, וואס ער האט פון זיי געהאט... טראכט ער: אפשר וועט גאט האיאהר אויך רחמנות האבען און צושיקען אידען מיט סכסוכים... כאפט ער זיך: סטייטש, ווי קאן ער גאר ועלען, אז אידען זאלען צווישען זיך סכסוכים האבען? מוסר'ט ער זיך אין די מחשבות מיט ווערטאג: אוי, אוי, ווי זינדיג דער מענש איז... — הויבט ער אן צו לערנען העכער אויפ'ן קול, וויל מיט זיין שטימע פערטרייבען די זינדיגע מחשבה... רייסט זיך אבער דער טומעל אין די אפענע פענסטער אריין העכער, און ווי מיט עקשנות. פערטראכט ער זיך ווייטער, דער פרומער רב, הערט שוין ניט זיין אייגענעם קול, וואס לערענט, טראכט: אבער אז אידען האבען סכסוכים, איז דאך בעסער, זיי זאלען צו א רב געהן....

אויך בעריל־איצע, דער רייכער מלוה פונ'ם שטעדטעל, איז איצט שטארק בעשעפטיגט. איינע נאך די אנדערע קומען צו איהם אידען און אידענעס, אי יונגע, אי אלטע, און נעהמען ביי איהם געלד, ווער א פינפערעל, ווער א צעהנערעל און ווער זאגאר א גאנצען פינף־און־צוואנ־ציגער. אנדערע ברענגען איהם א משכון און אנדערע נור א וועקסעל.

און מיט יעדען דינגט ער זיך און אויף יעדען בייזערט ער זיך, און יעדער חנפ'עט איהם, און יעדער שווערט זיך איהם, און ביי יעדער הלואה קרימט ער זיך און זיפצט.

אויפ'ן אידישען בית־עולם איז דעמאלט גאר לעבעדיג. פון די ארומיגע שטעדטלעך קומען אויפ'ן יאריד אויך פרויען, וואס זיינען גע־באָרען געוואָרען אינ'ם שטעדטעל, וועלכע האבען עס פערלאָזען ערשט נאָך דער חתונה. האבען אנדערע פון זיי א טאטע, א מאמע אויפ'ן בית־עולם. קומען זיי אויפ'ן יאריד, געהען זיי די ערשטע זאך גע־וואהר ווערען זייער טאטע־מאמע, בעגלייט זיי אויפ'ן בית־עולם א שוועסטער, א מוהמע, אן עלטערער קרוב א מאנסביל...

דער שבת'דיג אויסגעפוצטער קברות־מאן נעהמט זיי אויף מיט א יום־טוב'דיגער מינע און פיהרט זיי צו צו די קברים צווישען די ביימער אין דער גרינער, שטילער וועלטעל. דארט פאלען צו די פרויען צו די קברים מיט יאָמערליכע קולות, ריידען אוים זייערע הערצער, בעטען פאר זייערע מענער, פאר זייערע קינדער, בעטען פאר פרנסה, פאר חיונה... די מאנסביל, וואס האבען בעגלייט אהער די פרויען, וויינען מיט זייערע הערצער, דערמאנען זיך, ווי דער, וואס איז אונ־טער'ן בערגעלע, האט אויסגעזעהן ביים לעבען, אן די גוטע מעלות פון יעדען פון זיי — אן די שלעכטע האט מען שוין לאנג פערגעסען — זיי דערמאנען זיך, אז ווען עס איז וועט מען אליין אויך רוהען אונטער אזא בערגעלע, און זיי ווערט אזוי שווער אויף דער נשמה, און ביי א סך פון זיי פערליערט דעמאלט דער יאריד זיין גאנ־צען... נור דער קברות־מאן אליין געהט זיך ארום צווישען די קברים מיט א רוהיגער מינע און גלעט זיך פערטראכט זיין ווילדע באָרד. דער יאָמער, וואס ער הערט, ריהרט איהם אזוי וועניג, ווי די מצבות, צווישען וועלכע ער בעוועגט זיך, און ער טראכט פיעל וועט איהם די פרוי איבערלאָזען, פיעל יענע, און צו וועט ער פון דעם היי־יאָהריגען יאריד אויך האבען אזוי פיעל, ווי פון פאר־א־יאָהריגען. פאר א יאָהרען בעת'ן יאריד האט ער געהאט איבער צוויי קערבלאך פון די ווייבער, וואס זיינען געקומען אויף קבר־אבות.... אז ער זאל אזוי פיעל האבען דעם יאָהר, וואלט ער גאר ניט געזינדיגט...

און קומט אן א נייע ווייבערשע פארשוין, קען ער זי, לויפט ער אנטקעגען מיט א יום־טוב'דיגער מינע און מיט א פריינדליכען „שקאָ־

צעל קומט" און פיהרט זי גלייך צו די קברים... און וואס מעהר פרויען זיינען געקומען, אלץ העכער זיינען די יללות, אלץ צופריעדענער גלעט זיך דער קברות־מאן זיין ווילדע באָרד.

און פערלאָזט א פרוי מיט פערוויינטע אויגען דעם בית־עולם, געבענדיג איהם עטליכע קאָפּיקעס, ווינשט ער איהר, זי זאָל האָבען א גליקליכען יאריד און איבער א יאָהר צו זעהן זיך געזונטערהייד... בעדאַנקט זי איהם און לאָזט זיך ראפּטאָם לויפען אין שטעדטעל אריין, אויסצופּאקען איהר סחורה, וואס זי האָט געבראַכט אויפ'ן יאריד...

יעדע וויילע בעוויזט זיך אין שטעדטעל א נייער פארשוין, א מאן, א פרוי, עלטערע, אינגערע אין שבת'דיגע מלבושים, און זיי אלע שלעפּען עפּעס, און זיי אלע קוקען אויס פערהאָוועט, און זיי אלע איילען אין איין ריכטונג, אויפן מארק, ווי צו א מלחמה....

פּלוצים בעוויזט זיך אויפ'ן מארק א באנדע ציגיינער, ווי פון דר'ערד אויסגעוואקסען. די מענער אין ברייטע סאמעטענע הויזען מיט רויטע גארטלען, אין רויטע העמדער, ברייט־אקסעלדיגע, שטארקע, אָהן היטלען מיט געקרויזטע שווארצע קעפּ, דונקעלע שטעכיגע אויגען, דונקעלע פּנים'ער, פּעך־שווארצע בערד און געזונדע, ווייסע צייהן. די פרויען, אויך דונקעלע, שווארץ־אויגיגע, אויך געזונדע און קרעפּ־טיגע, מיט רויטע טיכער, פערבונדען מיט די עקען פון הינטען אויפ'ן נאקען, און אין געל־פּארביגע קליידלאך, פערלעגט אויף א בעזונדערען שטייגער פון פאָרענט, און באָרוועסע. זיי געהען מיט ליארם, מיט מעכטיגע טריט, אזש א שטויב הויבט זיך פון אונטער זייערע פיס, געהען און ווארפען מעכטיג מיט די הענד, ווארפען בליקען אויף אלע זייטען און ריידען אין דער הויך אויף זייער שפּראך. לויפען ארום די קרעמער און די קרעמערקעס פון זייערע קראָמען און בעגלייטען זיי מיט די אויגען; הערען אויף א ווייל צו קלאפּען און צו האמערען די מענשען ארום די לייוועגדענע ביידלעך און קוקען זיי אָן; בעווייזען זיך קעפּ אין די אָפענע פענסטער פון די הייזער און קוקען אויף זיי; דערזעהט זיי א קינד פון ווייטען, שטשירעט עס אויס אויף זיי צו־שראָקענע אויגעלעך און אנטלויפט אין הויז אריין; דערשמעקען זיי די הינט אינ'ם שטעדטעל, הויבט זיך אָן א האַווקעריי; דערזעהט זיי א קריסט פונ'ם שטעדטעל, דערמאָנט ער זיך אָן זיין פערד....

**און שפּעטער הויבען זיך אָן צו ווייזען בוידען, בוידען און בוידען...**
זיי קומען פון די ווייטערע שטעדט און שטעדטלעך, ציהען זיך פון אַלע זייטען, איבער אַלע וועגען איינע נאָך די אַנדערע... אַ קלינגען פון גלעקלעך, אַ רוישען פון רעדער, אַ קלאַפּען פון קאָפּיטעס, אַ זשוזשען פון בייטשען, אַ געדערעריי פון מענשען און גאַנצע זיילען שטויב....

די בוידען פערקירעווען אויף די זעלבע הויפען, וואו זיי זיינען פאַר אַ יאָהרען געשטאַנען; די זעלביגע אַלט־בעקאַנטע בעל־הבית און בעל־הבית'טע מיט דעם אייגענעם פריינדליכען שלום־עליכם, ווי פאַר־אַ־יאָהרען, נעהמען אויף די זעלביגע פאַר־אַ־יאָהריגע אורחים, העלפען שלעפּען זייערע געפּעק אין הויז אריין און בעדיענען זיי מיט דער זעלביגער הכנעה ווי פאַר־אַ־יאָהרען.

און באַלד זינגט דער זעלביגער אַלטער סאַמאָוואַר אויפ'ן כ״ש, און די זעלביגע אַלטע פראַגע, ווי פאַר־אַ־יאָהרען, פרעגען דעמאָלט די גוט־אויפגעלעגטע אורחים: „וואָס מאַכט מען?“ און דעם זעלביגען אַלטען ענטפער, ווי פאַר־אַ־יאָהרען, ענטפערען דער בעל־הבית און זיין ווייב: „עט, אַט דאַנקען גאָט“! און דעם זעלביגען קאָמפּלימענט, ווי פאַר־אַ־יאָהרען, הערט אויך דעמאָלט די דערוואַקסענע טאָכטער פונ'ם הויז: „קיין עין הרע, אייער מיידעל איז עפּעס גאָר אַן אַנטיקעל!“ און דער זעלביגער פערשעהמטער שמייכעל ווי פאַר־אַ־יאָהרען, רויטעלט זיך דעמאָלט אויף איהרע באַקען. און אַלע מאָל געפינט זיך צווישען די אורחים איינער אָדער צוויי, וואָס אַ שידוך אויספיהרען איז ביי זיי אויך אַ געשעפט, פערבינדט זיך טאַקע באַלד אויך אַ שמועס וועגען דעם דאָזיגען ענין.

און פאַרנאַכט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז שוין אַ טייל הויפען אין שטעדטעל פול מיט פוהרען, אַ טייל הייזער מיט אורחים. אפילו ביים מלוה אינ'ם הויז געפינען זיך אויך אַ פּאָר אורחים, רייכערע סוחרים פון אַ גרויסער שטאָדט. אפילו אין די בתי־מדרשים האָבען זיך אויך אורחים בעזעצט, אידישע בעטלער, וואָס זיינען פון ערגעץ גע־קומען צו־פוס, אום צו בעטלען אופ'ן יאַריד.

און מען פאָהרט נאָך, און מען קומט... נאָך בוידען, נאָך ברידזש־קעס, נאָך פוהרען, נאָך רייטערס, מעהר געטומעל מעהר שטויב...

צווישען די נייע אנגעפאהרענע פארשוינגען אויף דער גאס וואר־פען זיך מעהר אין די אויגען די אידישע קצבים און די אידישע פערד־הענדלער. אי די, אי יענע זיינען מיט געגאלטע נאקענס און טראגען רויטע גארטלען. אי די, אי יענע אונטערשיידען זיך פון דעם געוועהנליכען אידען מיט זייער גאנג און מאניערען און מיט דעם גאנצען אויסדרוק אין פנים. די אידישע קצבים האבען אין זיך עטוואס ווילדעס, קוקען מיט אויסגעפוטשעטע אויגען, געהען מיט געפילדער, ריידען מיט שטירדעס און אלצדינג אין זיי שרייט, דאכט זיך: „היט זיך פאר מיר, אויב דאס לעבען איז דיר טהייער!" זיי האבען, דאכט זיך, מעהר אין זיך פון דעם ווילדען אקס, ווי פון דעם געוועהנ־ליכען דערשלאגענעם אידען. אזוי אונטערשיידען זיך אויך די אידישע פערד־הענדלער פון דעם געוועהנליכען אידען מיט זייער ארט ריידען, גאנג און אויסדרוק פונ'ם פנים. זיי האבען, דאכט זיך, מעהר אין זיך פון דעם ציגיינער ווי פון דעם געוועהנליכען אידען.

די נאכט איז צוגעפאלען. א העלע לבנה קוקט ארונטער אויפ'ן וואלד און אויף דאס שטעדטעל, און דער טומעל טראגט זיך נאך און וויעגט זיך נאך אין דער העל־ווייסער נאכט. פון אלע זייטען געהען נאך און לויפען מענשען, אינגערע, מענער, פרויען און קינדער, ריידען און שרייען. אויפ'ן מארק ווינקען היינט מעהר פייערלעך. ארום די לייוונטענע ביידלעך בעוועגען זיך מענשען מיט לאמטערנעס...

ביסלעכווייז פערשווינדען די מענשען פון דער גאס, ווי שאטענס פערשווינדען זיי הינטער די טויערען פון די הייזער. דער טומעל ווערט שוואכער און שוואכער. אויפ'ן מארק לעשען זיך אוים איינס נאך ס'אנדערע די פייערלעך. עס הערט זיך דאס הייזעריג קלינגען פון שלעסער, דאס קלאפען פון די קראמען־טהירען. די מענשען מיט די לאמטערנעס פערקריכען אונטער די ביידלעך. דארט צולעגען זיי זיך נעבען זייער סחורה, — האבען דארטען זייער נאכט־געלעגער.

אין די הייזער שלאפען די אורחים. מאן און ווייב און קינדער האבען פאר זיי די געלעגערס אפגעטראטען. דאס ווייב האט זיך צוגעשפארט אויף א בענקעל מיט איהר מאן'ם אן אלטען מלבוש צו־קאפענס. זי שלאפט אין איהרע קליידער מיט די שיך אויף די פיס. אזוי אויך די ערוואקסענע טאכטער אויף א צווייטען בענקעל. די קינדערלעך שלאפען אויף דער פאדלאגע, וועלכע איז לכבוד די געסט

בעשאַטען מיט געלען זאַמד... דער מאַן אַליין האָט זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ פּאָר שטוהלען נעבען פענסטער, שלאָפט אָבער ניט, הערט זיך צו, אויב אַ נייער אורח פאָהרט ניט...

אין דער בויד אויפ'ן הויף כראָפּעט דער בעל־עגלה. אונטער'ן וועטער־דאַך שטעהען די פערד, קאַיען היי און פאַרשקען מיט די נאָז־לעכער. אין פיר־הויז ליעגט די ציעג און סאָפּעט.

דאָס שטעדטעל שלאָפט. די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען העכער איבער'ן וואַלד און בעשיט דאָס שטעדטעל מיט אַ זילבער־שטויב. ערגעץ טרילט די נאַכטיגאַל... און שפּעטער דערהערט זיך מיט אַ מאָל וויעדער אַ רוישען פון רעדער און אַ קלאַפּען פון קאָפּיטעס איבער דעם שלאָפענדיגען שטעדטעל: נייע אורחים פאָהרען... פון די הייזער בעוויזען זיך שטיל אויף די שפּיץ פינגער מענער, בעוועגען זיך ווי שאָטענס, קוקען אין די ווייסע נאַכט אריין, צו זעהן, ווער עס פאָהרט...

* * *

אויף מאָרגען איז דער טומעל אין שטעדטעל נאָך גרעסער. גאַנץ פריה האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיך גענומען טראָגען פון אַלע און אין אַלע זייטען. די בתי־מדרשים זיינען געפּאַקט. די שמשים לויפען ארום צווישען די אָנגעקומענע געסט אין די בתי־מדרשים מיט פריינדליכע מינעס און שטעקען זיי אָפּ אַ שלום עליכם. און יענע אורחים, פון וועלכע זיי ערוואַרטען אַ שענערע נדבה, טראָגען זיי אונטער אַ שמעק טאַבאַק פון זייער טאַבאַקערקע. מען כאַפּט אָפּ דעם דאַווענען, מען איילט זיך, קיין צייט נישטאָ. אויף די הויפען פון די בתי מדרשים שטעהען די אָנגעקומענע בעטלערס, אייניגע מיט לייווענטענע טאָרבעס און מיט שטעקענס, מענער, פרויען, עלטערע און גאַנץ אַלטע האַלטען אויסגעשטרעקט די הענד צו די פערבייגע־הערס און בעטען נדבות. די חדר־אינגלעך זיינען היינט פריי, העלפען זיי די בעלי־עגלות פון די בוידען, פיהרען די פערד טרינקען צו די ברונימער, לויפען זיי אַרום איבער'ן מאַרק צווישען די ביידלעך, צווישען די קראָמען, מיט צוהיצטע פנים'ער, הענגען זיי זיך אָן פון הינטען אויף אַ וואָגען, אויף אַ בויד און פאָהרען אונטער...

דער טומעל אינ'ם שטעדטעל וואַקסט און שטאַרקט זיך מיט יעדער מינוט, מיט יעדער רגע.... נייע בוידען קומען אָן, נייע ברידזש־

קעס, נייע פוהרען, פערד הענדלער מיט גאנצע טאבונעס פערד, פיה־הענדלער מיט גאנצע טשערעדעס פיה, נייע פוס־געהער... מחנות־ווייז קומען זיי אן פון אלע זייטען, פון אלע וועגען מיט א קלאנג, הוזשעריי און רעווען, הויבען ארום זיך וואלקענס ווייסען שטויב, פאקען אן די הויפען, די הייזער און פערפלייצען דאס שטעטעל. דער מארק איז שוין שווארץ פון מענשען. די קראמען, דיביידלעך און די טישלעך זעהען זיך ניט ארויס פון אהינטער די קעפ און די אקסלען, וואס בעוועגען זיך אהער און אהין. בעהאלטען האבען זיך די פויגעלעך אויפ'ן בארג אין'ם וואלד. פערשוואונדען זיינען די גענז און ענט־לעך און היהנער פונ'ם מארק. צוגעבונדען שטעהען די ציעגען אויף די הויפען. נור דא און דארט האווקעט א הונד אויף א הויף. דורך די קוימענס פון די הייזער ציהט זיך א רויך, ווי אין מיטען ווינטער. דארט ברענען די אויוועגס און מען קאכט, און מען באקט פאר די געסט. די בעלי־בתים פון די הייזער און זייערע קינדער שוויצען, האוועז, ארבייטען היינט נאך שווערער ווי נעכטען, בעד־דיענענדיג די געסט. דורך די אפענע פענסטער טראגט זיך א טומעל און א שטיקענדער גערוך אין דרויסען ארויס, א געמישטער גערוך פון געפרעגעלטע פיש, פון געבראטענע פלייש, פון טאבאק־רויך, פון שנאפס, פון ביער, פון קוואס און פון שוויים...

אין איין הויז זיצען ציגיינער מיט אידישע פערד־הענדלער, טרינקען און קלאפען זיך איבער די הענד. אין א צווייטען קריגען זיך ארום אידישע קצבים, ליארמען און פילדערען, שילטען איינע די אנדערע, און האלטען קוים איין די הענד נעבען זיך, וועלכע רייסען זיך נאכאנאנד אין פאראויס, ווי צורייצטע הינט פון א קייט. אין דריטען זיצען זיך אידישע פלאקס־און־געטריידע־הענדלער, טרינ־קען טהעע, גלעטען זיך געלאסען די בערד, ווישען זיך דעם שוויים מיט קאלירטע טיכלעך, מיט די ארבעל, מיט די פאלעס, מיט די הוילע פינף פינגער און ריידען צווישען זיך וועגען מסחר. און דארט שטעהט א אידישע מיידעל איינגעבויגען פאר אן אלטע ציגיינערין, וועלכע קוקט אויף איהר האנד און דאס מיידעל'ס פנים פלאמט ווי פייער, און איהר יונגער בוזים בעוועגט זיך הויך, בעת זי הערט פון דער ציגיינערין, וואס פאר א גליקליכען זיווג זי וועט האבען... און דארט האט מען אין מיטען געפילדער אנגעזאגט דער עלטסטער טאכטער, אז

אַ חתן דאַרף זי קומען זעהן. איז זי צומישט געוואָרען, און די אַרבייט איז ביי איהר פערגליווערט געוואָרען אין די הענד. האָט דער טאַטע ביי איהר אַרויסגעכאַפּט די אַרבייט פון די הענד און די מאַמע האָט זיך גענומען אַרומקוקען, וואו איהר טאָכטער זאָל זיך איבערטאָן אין די שבת'דיגע מלבושים. דאָס הויז איז פערנומען מיט מענשען, הייסט זי דער טאָכטער אַריינגעהן אין קלייטעל, וואו מען האַלט די פּסח'דיגע כלים, און דאָרט זיך איבערטאָן. כאַפּט די טאָכטער איהרע שבת'דיגע בגדים פון דעם אַלמער אַרויס און לויפט אין קלייטעל, ווי אַ פערטשאַדעטע, און דער מאַמע'ס אויגען בעגלייטען זי פערזאָרגט, און דער מאַמע'ס הארץ צאַפּעלט זיך: „גאָטעניו, אפשר אין אַ מזל'דיגער שעה!...“

זי וואָלט אויך וועלען געהן אין קלייטעל אַריין העלפען איהר טאָכטער זיך אָנטהאָן, כדי זי זאָל לייטיש אויסזעהן, בעת דער חתן וועט זי קומען אָנקוקען... אָבער פון אַלע זייטען פאָדערט מען עפּעס: שנאַפּס, ביער, טהעע, עסען... שרייט איהר פערהאַוועטער מאַן: וואָס האָט זי זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט? רופען זי איהרע פערשוויצטע קינדער, וואָס בעדיענען די געסט: „מאַמע, אַהערצו! מאַמע, אַהערצו!“ פערגעסט זי דעמאָלט אַלסדינג, וואַרפט זיך מיט אימפּעט צו די קינדער, צום מאַן, העלפט זיי דערלאַנגען צו די געסט, טהוט זיך אַ כאַפּ מיט אַ ווילקע צום אויווען, וואו עפּעס סמאַליעט זיך, דערווייל קומען אָן נייע אורחים, לויפט זי זיי אַנטקעגען מיט איהר מאַן צוזאַמען און זוכט צו שמייכלען צו זיי פריינדליך און שמייכעלט אַזוי מיעד.

אַנאַנדערע פון די דאָזיגע אידישע פרויען האַלט זיך קוים אויף די פיס פאַר מיעדקייט; פון אונטער איהר ווייסען טיכעל האָט זיך אַרויסגעדרעהט אַ לאָק האָר, וואָס בעוועגט זיך ווי אַ שלענגעלע אויף איהר צוהיצטער באַק; די קאָפּטע איז צושפּיליעט און דאָס קלייד איז אויך האַלב־פערדרעהט, מיט'ן פאָרענט אויף הינטען; אָבער ווער האָט עס צייט אַצינד אומקוקען זיך אויף זיך! ווער האָט עס צייט אַצינד צו פיהלען זיך מיעד אינ'ם שטעדטעל!...

עס ווערט שפּעטלעך. ניט לאַנג פערבליבען צו זונען־אונטערגאַנג. לכבוד דעם יאַריד גרייט מען זיך אין דעם קאָסטיאָל צו אַ גאָטעס־דיענסט. די שוואַרצע טהירען זיינען שוין אָפען. אין דרויסען

שטעהט דער קסיאָנדז טיעף־שווארץ געקליידעט, מיט זיין ווייסען קאָפּ און יונגען פּנים, און קוקט מיט א ווייכען שמייכעל אויף די שטראָמען מענשען און פוהרען, וואָס טראָגען זיך איבער'ן שטעדטעל.

איצט בעווייזען זיך פּויערים, פּויערטעס און זייערע ערוואַקסענע קינדער. פון אַלע זייטען קומען זיי אָן אויף פוהרען און צו־פוס. די פּויערים, אַנדערע אין גרויע, וואָלענע, קורצע און ברייטע קאפּטאָנעס מיט רויטע און בלויע גאַרטלען, און ווידער אַנדערע אין לאַנגע, לייַווענטענע העמדער איבער לייווענטענע תחתונים, אין שווערע פּער־שטויבטע שטיוועל, אין ליאַפּטעס און באָרוועס. די פּויערטעס מיט ווייסע טיכלעך אויפ'ן קאָפּ אין ווייסע קאַפּטעס מיט ברייטע, גע־בלומטע אַרבעל און בוזימער און אין פּערשיעדענע געבלומטע לייַ־ווענטענע קליידלעך. און זיי אַלע פיהרען און טראָגען מיט זיך עפּעס צום יאַריד. דאָ פיהרט אַ פּויער א בהמה אויף אַ שטריקעל און אַ פּויערטע טרייבט זי אונטער מיט אַ ריטעל, און דאָרט פיהרט א פּויער אין זיין וועגעל געבונדען אַ קאַלב און אַ שעפּס. די שעפּס ליגט זיך רוהיג אויפ'ן בויך, דעם קאָפּ אויסגעדרעהט צום רוקען, און קוקט זיך תמ'עוואַטע אַרום זיך. דאָס קעלבעל אָבער רייסט זיך, וואַרפט זיך אַרום אינ'ם וואָגען, זוכט אַרויסצופּלאָנטערען זיינע פיס פונ'ם שטריק, שרייט און פון זיין מויל שלאָגט ווייסער שוים... און דאָרט האָט זיך אַ בהמה אין מיטען דרינען פּער'עקשנ'ט און וויל ניט מאַכען איין טראָט ווייטער, שלעפּט זי דער פּויער אויפ'ן שטריקעל און זי־דעלט זי. עס העלפט ניט, שמייסט זי די פּויערטע מיט'ן ריטעל—זי געהט ניט, טהוט זי אַ כאַפּ אָן דער פּויער ביים עק אַהינטען און הויבט אָן איהם צו דרעהען מיט רציחה, דעמאָלט געהט זי אַוועק טאַנצענ־דיג... עס געהען פּויערטעס מיט עופות אין די הענד. עס טראָגען פּויערטעס קערבלעך פּערדעקטע מיט היי, מאָטקעס פּאָדים און וואָל, שטיקער לייווענט... עס פאָהרען פּויערים מיט גענז אויף די וועגען, מיט ענטלעך, מיט היהנער און קאָרבען. עס פיהרען פּויערים פלאַקס און פּאַקעליע. עס פיהרען פּויערים זוימען, קאָרן און האָבער אין זעק. עס פיהרען פּויערים פּוטער און האָניג אין הילצערנע כלים. עס לויפען די קרעמער און די קרעמערקעס זיי אַנטקעגען און שרייען: „זדאַרוע! זדאַרוע!" און שלעפּען זיי צו זיך אויף די געפּאַקטע הויפען, אין די געפּאַקטע הייזער אריין, שלעפּען און שלאָגען זיך פּאַר זיי. אַ קרעמער

מיט א קרעמער, א קרעמערקע מיט א קרעמערקע, כאפּען אן דעם פּויער ביים אקסעל, דער פערד ביים צוים, שפּאנען זיך אליין איין אין וואגען און שלעפּען, און שרייען, און סאפּען...

דאס שטעדטעל איז פערהאוועט. דאס שטעדטעל הילכט מיט הונדערטער פערשיעדענע קולות. עס שרייען די הייזער דורך די אפענע פענסטער און טהירען מיט מענשליכע קולות. עס ליארמען די הויפען מיט א ווילדען הירזשען און רעווען פון פערד און בהמות. עס שרייט דער מארק, עס קרעכצט די ערד אונטער דעם טופּען און רוישען פון הונדערטע פיס, קאפּיטעס און רעדער. עס פּילדערט איבער די דעכער. עס הילכט אויפ'ן גרינעם בארג הויך איבער די בוימער פונ'ם וואלד. עס הילכט אויפ'ן צווייטען גרינעם בארג הויך איבער די מצבות און מאנומענטען פון פּוילישען בית-עולם. עס הילכט הויך איבער דעם שווארצען קאסטיאל. עס הילכט ווייט־ווייט אונטער דעם שענעם בלויען הימעל...

אויפ'ן בארג הינטער'ן וואלד זינקט די זון. יענער זייט הימעל ברענט און פלאקערט. א רויטע פייערדיגע כוואליע האט זיך צור־גאסען איבער די שפּיצען בוימער. דער גאנצער בארג איז מיט א רויט־גאלדיג קאליר בעגאסען. א רויטער שיין פאלט אויך אויף די ווייסע לייווענטענעביידלעך אויפ'ן מארק און אויף די געדיכטע מעננעס מענשען, פערד און פוהרען ארום די ביידלעך. אויף די פענסטער פונ'ם קאסטיאל פלאקערט א בלוט רויטער שיין. דער קסיאנדז פערשווינדעט הינטער די שווארצע טהירען. און באלד דערהערט זיך דער דורכדרינגענדער מעטאלענער קלונג פונ'ם גלאק: בים־בם! וואס צוטראגט זיך איבער'ן שטעדטעל און ווערט גלייך פערשלונגען פון דעם ארומיגען טומעל...

די פּויערען נעהמען ארונטער די היטלען און צלם'ען זיך. עס בוקען זיך און צלם'ען זיך זייערע ווייבער. די אידען טהוען איני־סטינקטיוו א ציטער...

בים־בם! בים־בם! לאנג־ג־ג! לינגגגג! ביםםם! — מישט זיך דער גלאקען־קלאנג מיט דעם ארומיגען טומעל...

די זון איז אונטערגעגאנגען. די רויטע, פייערדיגע כוואליע לעשט זיך, האט זיך פערלאשען. עס איז אבגעווישט דער רויט־גאלדיג שיין אויף די פענסטער פונ'ם קאסטיאל. דער הימעל ווערט

בלויער און בלייכער און בלייבער, די לופט גרויער און דונקעלער. דונ־קעלע שאָטענס ציהען זיך איבער׳ן שטעדטעל, מישען זיך מיט׳ן טומעל און מיט דעם גלאָקען־קלאַנג, טראָגען זיך צוזאַמען אַנטקעגען דער אַנקו־מענדיגער דונקעלער נאַכט... אויפ׳ן מאַרק און אין די פענסטער פון די הייזער בעוויזען זיך פייערלעך.

און שפּעטער האָט די לבנה ארויסגעשוואומען, און דאָס שטעדטעל איז ווידער מיט א פודרע־שטויב בעשאָטען...

א לאַנגע צייט נאָך טראָגט זיך דער טומעל אין דער העלער נאַכט. און גאַנץ שפּעט, ווען די קראָמען זיינען שוין געשלאָסען און די מענשען מיט די לאָמטערנעס זיינען פערשוואונדען אונטער די לייווענטענע ביידלעך, שלאָפט נאָך אַלץ ניט דאָס שטעדטעל. דער שרייענדיגער טומעל האָט, אמת, אויפגעהערט, אָבער גאַנץ רוהיג איז אינ׳ם שטעדטעל אַצינד אויך ניט. אַן אונרוהיגע בעוועגונג טראָגט זיך איבער איהם, א פערשלאָפען פליסטערן, א האלב־וואַכעדיג גע־מורמעל... הונדערטע פּויערים און פּויערטעס זיינען געבליבען נעכ־טיגען אויף דער גאַס, וויל אויף די הויפען און אין די הייזער איז מעהר קיין פּלאַץ ניט פערבליבען. האָבען זיי אויסגעשפּאַנט זייערע פערד אויף דער גאַס, אָפּגעשלעפּט די וואָגענס אַן א זייט פונ׳ם וועג, אויסגעשטעלט די האַלאַבליעס אין דער הויך, צוגעבונדען די פערד און האָבען זיך צולעגט אויף די וואָגענס, ביי די זייטען אויפ׳ן גראָז, נעבען די טהירען פון די קראָמען אויפ׳ן מאַרק, אויף די פריזבעס נעבען די הייזער, אופ׳ן הויף פונ׳ם קאָסטיאָל, אונטער׳ן באַרג פון דעם פּוילישען בית־עולם...

ליעגט א פּויער מיט׳ן פּנים געגען דער לבנה, האַלט א פּיפּקע אינ׳ם מויל, דערצעהלט אויפ׳ן קול די פּויערים אַרום איהם, ווי א ציגיינער האָט איהם פאַר־א־יאָהרען אָפּגענאַרט מיט א פערד. ער דערצעהלט און רויכערט, און שפּייט אַרויף צו דער לבנה, און שילט דעם ציגיינער. און די פּויערים אַרום איהם אייקען פערוואונדערט און זיי זיינען אַלע מסכים, אַז א ציגיינער איז „כוזשע טשאַרטאַ" — ערגער פון א טייפעל.

ליעגט א צווייטער אַלטער פּויער און דערצעהלט מיט א היטץ וועגען דעם משפּט, וואָס זיין דאָרף פיהרט מיט׳ן פּריץ פּאַר וואַלד. און דער „אַבלאָקאָט" האָט שוין געשריעבען פּאַפּיערען צום „הובער־

גאטאָר" און נאָך ווייטער, עס העלפט אָבער נישט. כאַפּט דער פּריץ עמיצען פון דאָרף אין'ם וואַלד, שלאָגט ער און הרג'עט און אָרעס־טירט, און נעהמט אַוועק דעם פערד, די בהמה. קיין גערעכטיגקייט איז נישטאָ, סיידען אין „פּיטער". זאָגען קלוגע מענשען, אַז ווען מען זאָל שיקען אַ „אבלאָקאַט" אין פּיטער, וואָלטען מיר געווים גע־רעכטיגקייט געהאַט.

— אמת! אמת! נור אין פּיטער! נור אין פּיטער! — זיינען מסכים די פּויערים אַרום איהם.

ליעגט אַ פּויערטע און דערצעהלט אַ צווייטער נעבען איהר אין אַ סודות'פּולען טאָן, ווי ביי איהר אין דאָרף האָט זיך דער טייפעל אריינגעכאַפּט צו אַ יונגער סאָלדאַטקע אין די כאַטע אריין. זייט יענער'ס מאָן איז אַוועק דיענען ערגעץ ווייט אַזש אין קאַווקאַז — מען זאָגט אַז עס איז ערגעץ אויף יענעם עק וועלט, נאָך ווייטער ווי פּיטער, הייסט עס. — זייט ער איז אַוועק דיענען האָט מען אין דאָרף גענומען ריידען, אַז יענע, דאָס הייסט די יונגע סאָלדאַטקע, האָט זיך זגיוכעט מיט אונזער גלח'ס זוהן, האָט מען זי גענומען היטען און מען האָט אויסגעפונען, אַז דער טייפעל האָט זיך צו איהר אריינגע־כאַפּט. אונזערע האָבען איהם אַליין געזעהען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. אַמאָל פערשטעלט ער זיך ווי דעם גלח'ס זוהן און אַמאָל זעהט מען איהם ריכטיג: מיט אַ גרויסען רויטען מויל און מיט אויערען אויפ'ן סאַמע שפּיץ קאָפּ...

— אי! אי! — שעפּטשעט די צווייטע פּויערטע, וואָס הערט עס, און צלם'ט זיך מיט שרעק.

זיצט אַ יונגער פּויער נעבען אַ מיידעל פון זיין דאָרף, וואָס ליעגט מיט'ן פּנים צו איהם, און צו וועלכער ער איז ניט גלייכגילטיג, און זאָגט איהר צו גליקען. ער וועט מאָרגען איהר קויפען זיסען ביער, זיסע לעקעכלאַך מיט פערדלאַך און מענשעלאַך, קאָנפעקטען און קאָ־ראַלען רויטע וועט ער איהר קויפען, און אַ רינגעלע, אויב זי וועט נור טאַנצען מיט איהם אַליין.

שטעלט זי איהם ארוים איהרע ווייסע צייהן און לאַכט.

רוקט ער זיך צו צו איהר נעהענטער, בויגט זיך צו צו איהר און פּליסטערט:

— איך האָב דיך ליעב, פערברענט זאָלסטו ווערען!.. דוזשע, וואָ יאָק! דו ביזט זעהר שען, די וועלף זאָלען דיך לופּען!..

לאַכט זי העכער און דרעהט זיך איבער צו איהם מיט'ן רוקען.

הויבט ער אָן צו פליסטערען הייסער און שנעלער, ביז ער דער־הערט, אז זי כראָפּעט... דעמאָלט ווערט ער אנשוויגען, קוקט אַ ווײלע מיט פינסטערע אויגען אויף איהר רוקען, טהוט זיך אַ קראַץ אין פּאָ־טילניצע, טהוט אַ שטאַרקען שפּיי, אַ טיעפען זיפץ, רוקט זיך אָפּ פון איהר און לייגט זיך אַוועק שלאָפען.

די פערד נעבען די וואָגענס קייען היי און סאָפּען. יעדע ווײלע דערהערט זיך אַ קלאַפּ, אַ געַרויש, אַ קול פון ערגעץ. דאָ פון דער זייט, דאָ פון דער אנדערער. דאָ פון דער נאָהענט, דאָ פון דער ווייט. דאָ פון אַ הויז און דאָ פון אַ הויף. עס טהוט זיך אַ צאַפּעל אין אַ קערבעלע אַ הוהן מיט אַגעשריי אויף אַ וואָגען. עס שרייט ערגעץ אַ גאַנז. עס טהוט זיך אַ ריס אַ געבונדען קעלבעלע אויף אַ וואָגען. עס מורקעט ערגעץ פערשלאָפען אַ בהמה. עס הערט זיך אַ געוויין פון אַן עופה'לע אין אַ הויז. עס הערט זיך אַ כראָפּען, אַ זיפצען, אַ פליסטערען פון אַלע זייטען...

די בעלי בתים פון די הייזער שלאָפען היינט אויך אין דרויסען, מאַן און ווייב און קינדער האָבען היינט אָפּגעטראָטען אפילו זייערע בענקלאָך און זייער פּאָדלאָגע פאר די אורחים. דאָס ווייב און די עלטערע טעכטער האָבען זיך געלייגט אינ'ם קלייטעל, וואו די פּסח־דיגע כלים געפינען זיך. די קלענערע קינדער שלאָפען אויפ'ן בוידים. און דער מאַן שלאָפט אינגאַנצען ניט. דער יאָהר איז גרויס, ער וועט זיך נאָך אויסשלאָפען. ער קריכט אַרום צווישען די פוהרען אויף זיין הויף, שמעקט די זעק סחורה מיט אַ שטעכער, קריגט אַזוי אַרויס האָבער, קאָרן, זוימען אויף דער האַנד אַרויף און שאַצט עס, און רעכענט, פיעל מען קען דערפאַר באַטען דעם פויער. קריכענדיג אַזוי אונטער די פוהרען, טהוט ער דערווײלע אַ טאַפּ אַ בהמה'לע, אַ קעל־בעלע, אַלסדינג, וואָס איז צום פערקויפען. אויף אַלסדינג איז דער דאָרטיגער איד אַ מבין, אַלסדינג האַנדעלט ער. און קריכענדיג אַזוי, היט ער זיך, ער זאָל ניט אויפוועקען דעם פויער, די פויערטע, וואָס שלאָפען אויפ'ן וואָגען אָדער אונטער'ן וואָגען, בעוועגט ער זיך אויף די שפּיץ פינגער מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטהעם צווישען די פוהרען.

פון דעם בלויען, ביינאַכטיגען הימעל קוקט אַרונטער איבער'ן וואַלד א פולע לבנה און גיסט איהר שלעפעריגען שיין. די שפּיצען בוימער זיינען בעזילבערט. דער גרינער באַרג בעווייסט. בעווייסט זיינען די ביידלעך, די דעכער פון די קראָמען, פון די הייזער, דער דונקעלער קאַסטיאָל, די רוקענס פון די פערד, פון די בהמות וואָס זיינען צוגע־בונדען צו די פוהרען, די פוהרען מיט די זעק, מיט די קערב. די שלאָפענדיגע מענשען אויף זיי, אונטער זיי, ביי די זייטען פונ'ם וועג, די אייזערנע רעדער פון די פוהרען, דער ברייטער זאַמדיגער וועג, די גראָז ביי די זייטען — אַלסדינג איז בעווייסט, אַלסדינג איז ווי מיט א פודער־שטויב בעשאָטען...

אזוי ציהט זיך די דאָזיגע העלע זומערדיגע נאַכט פון א נאַכ־אַנאַנדיגער אונרוהיגער בעוועגונג געשטערט... יעדער קלאַנג הילכט אָפּ אזוי אונרוהיג אין דער העלער ביינאַכטיגער לופט.

און אָט האָט א קיהל ווינטעלע א בלאָז געטהאָן, א פאַרטאָגיג ווינטעלע. די נאַכט ווערט בלאַסער, גרויער. גרויע שאָטענס צו־שפּרייטען זיך איבער דאָס שטעדטעל. א פייכטע כוואַליע הויבט זיך אָן צו טראָגען. די דעכער און די גראָז ווערען פייכט. די לבנה ווערט בלאַסער, דער זילבער שטויב פערשווינדט. עס דערהערט זיך א קרעה פון א האָהן און באַלד פון נאָך איינעם און פון נאָך איינעם, פון נאָהענט און פון ווייט, און פון אַלע זייטען. די היהנער אין די קערב אויף די וואָגענס הויבען זיך אָן צו צאַפּלען און קלאַפּען מיט די פליגלען. די גענז שרייען אונרוהיג. די פערד טופּען מיט די קאָפּיטעס און פאַרשקען מיט די נאָז־לעכער.

די לבנה איז פערשוואונדען. און אָט צינדט זיך אָן דער ברעג הימעל. צווישען די בוימער דערהערט זיך א טשיריקען פון פויגעלעך. אין דער לופטען ווערט העלער, דער הימעל קלעהרער, די בערג גרינער, די מענשען, די פערד, די פוהרען, די הייזער, דער מאַרק דייטליכער. דערווייל צופלאַקערט זיך דער מאָרגען־שטערן. גאָלדענע שטרייפען צולעגען זיך איבער'ן הימעל. און באַלד האָט שטיל ארויסגעשוואומען די רויט־פייערדיגע זון, ווי א פייערדיגע כוואַליע האָט זי זיך צוגאָסען איבער'ן באַרג, האָט מיט גין־גאָלד־שטראָמען בעגאָסען די מצבות און די מאָנומענטען אויף'ן פוילישען בית־עולם און אָנגעצונדען דעם צלם אויפ'ן קאַסטיאָל. אַלע און אַלסדינג אינ'ם

שטעדטעל האט זיך גענומען ריהרען, וועקען, — אין די הייזער, אויף די הויפען, אויף דער גאס.

פון א הויז איז ארויסגעלאפען א אידענע מיט א קערבעלע פרישע בויגעל. א פויער נעבען א וואגען האט זי גערופען און געקויפט ביי איהר עטליכע בויגעל. די פרוי האט גענומען די עטליכע גראשען, האט אויף זיי גוט אנגעשפיגען, בעהאלטען זיי אין א זייטיגער קע־שענע און איז ראפטאם אוועקגעלאפען ווייטער. דער יאריד האט זיך אנגעהויבען...

---

## .16

## דער יאריד.

אין צוויי שעה ארום איז דער יאריד אין פולען פלאקער. אלע און אלסדינג האבען זיך אוועקגעטראגען אויפן מארק, וואס זעהט אויס פון ווייטען ווי איין גרויסע, שווארצע, לעבעדיגע, ריהרעוודיגע און פילדערנדיגע קופע, וואו אלסדינג איז צונויפגעגאסען, אויסגעמישט — די מענשען, די פערד, די בהמות, די פוהרען, די קראמען, די ביידלעך...

עס בעוועגען זיך אידישע בערד, צונויפגעגאסען מיט גרויע אקסלען פון פויערים. עס בעוועגט זיך א שווארצער קאפ פון א ציגיינער, צונויפגעגאסען מיט א ווייס־בעדעקטען קאפ פון א פויערטע. עס שווימט ארוים א קאפ פון א אידישער פרוי מיט א פערדרעהטען טיכעל פון אונטער א בארד און גיסט זיך גלייך צונויף מיט עפעס א ווייסען רוקען. עס טהוט א מיניע פאר די אויגען א קאפ פון א פערד, וואס טראגט, דאכט זיך, אויף זיך א קאפ פון א ציגיינערין מיט א בונט־פארביגען טוך; א האלאבליע פון א פוהר איבער א רוקען פון א בהמה. עס פלאנטערען זיך שמיוועל צווישען ליאפטעס, ליאפ־טעס צווישען שטיוועל און שיך און קאפיטעס. עס האבען זיך צו־נויפגעגאסען ברעגעס פון געבלומטע קליידלעך פון פויערטעס מיט ווייסע לייווענטענע פאנטאלאנעס פון פויערים. עס טהוט א מיניע פאר די אויגען אויף א רגע א ווייסעביידעל און ווערט גלייך פער־שלונגען פון דער שווארצער ריהרעוודיגער און שרייענדער קופע...

און דאָרט, אין מיטען דער קופּע, ברענט און פלאַקערט און יאָגט זיך דער אימפּעט... דער עולם האַנדעלט... דער עולם האָט אַ גאַנצען יאָהר אויף דעם היינטיגען טאָג געוואַרט.. און כאָטש די לעצטע פּאָאר טעג האָט ער ניט געשלאָפען, ניט געגעסען און ניט גערוהט, פיהלט ער ניט זיין הונגער און מיעדקייט. ער איז אַצינד אין גאַנצען אימפּעט, אין גאַנצען אונרוה...

אידען און אידענעס מיט צופלאַמטע פּנים'ער און אויגען האַוועז אַרום די פּויערשע וואָגענס, רייסען זיך אַרום איינע מיט די אַנדערע, ווי הונגעריגע איבער אַ ביסען ברויט, האַנדלען און קויפען קאָרן, האָבער, זוימען, פלאַקס, פּאַקעליע, פעלכלעך, שוועמלאך, חזיר־האָאר וכדומה, באָטען איבער איינע די אַנדערע מיט מורא'דיגע קללות און, איינגעהאַנדעלט, שלעפּען זיי די פּויערים מיט די פוהרען סחורה צום מלוה אויפ'ן הויף, וואו דער מלוה'ס אורחים, די רייכע שטאָדטישע סוחרים, שטעהען אין'ם שפּייכלער אויפ'ן הויף אַרום אַ וואָג מיט גרויסע שאָלען. זיי גיבען איבער די שטאָדטישע סוחרים די איינ־געהאַנדעלטע סחורה, און אַמאָל שטעלט זיך אָפּ ביי זיי אַ „פּערטעלע" צו אַ האַלב רובעל פּערדיענסט פון א קניה, און אַמאָל קוים מיט'ן קרן אַרויס...

פערטיג געוואָרען ביים מלוה אויפ'ן הויף, לויפען זיי צוריק אויפ'ן מאַרק, און ווידער אַמפּערען זיי זיך אַרום די פּויערשע וועגלעך, און ווידער באָטען זיי איבער איינע די אַנדערע אין מקח, און ווידער שילטען זיי איינע די אַנדערע, און ווידער שלעפּען זיי די פּויערים מיט די פוהרען צום מלוה אויפ'ן הויף. די פּנים'ער ברענען, די אויגען פלאַמען דורשטיג, די ליפּען זיינען פערטריקענט, די שטימען הייזעריג. הענד און פיס, קעפּ מיט פערדרעהטע דאַשיקעס, מיט פערדרעהטע טיכלעך, אויסגעגלאָצטע אויגען, בערד און פּאות און אַקסלען בעוועגען זיך נערוועז און מיט אימפּעט אויף אַלע זייטען.

די קראָמען זיינען געפּאַקט מיט פּויערים און פּויערטעס. נעבען די ביידלעך שטעהען אידען און אידענעס, יונגע און עלטערע, שרייען, סאָפּען, שלעפּען די פּויערים און די פּויערטעס און באָטען זיי אָן ציץ, פערשיעדענע בונט־פאַרביגע טיכער, קאָרעלען, מעשענע קייטלעך, מעשענע רינגען און אַנדערע ציערונג.

אויף די טישלעך פערקויפט מען לעקעכלעך מיט פערדעלעך און מענשעלעך, בויגעל, לאנגע קאנפעקטען אין גאלדענע פאפיערלעך מיט פרענזלעך, זיסען ביער, קוואס און קיסלאשטשעי. פויערים קויפען די לעקעכלעך, די בויגעל, שפארען אין מויל און אונטער'ן בוזים. טרינקען דעם ביער, דעם קוואס, דעם קיסלאשטשעי און בייסען שווארצען ברויט, וואס זיי וויקלען ארויס פון שמאטקעס. דארט שטעהען עט־ליכע פויערים ארום א וואגען מיט נייע רעדער און פרובען אויס די רעדער, קייקלענדיג זיי איבער דר'ערד..

דארט קלייבען פויערטעס ליימענע כלים פון א וואגען, קלאפען אן זיי מיט די פינגער און הערען זיך צו צום קלאנג, אום צו פער־זיכערען זיך, אז די כלי איז גאנץ.

הינטער א וואגען מיט געגנז שטעהט אן אלטער פויער און פער־קויפט געצקעס. א פויער און א פויערטע דינגען זיך מיט איהם, האלטענדיג געצקעס אין די הענד.

דארט פליהט א ציגיינער אויף א פערד רייטענדיג. א צווייטער ציגיינער, מיט א געקרויזטען קאפ אהן א היטעל, לויפט הינטער'ן פערד און שמייסט איהם מיט א בייטש; דער פערד שפרינגט, שלאגט מיט די הינטערשטע פיס; דער רייטער דריקט איהם מיט'ן פויסט אין רוקען, זידעלט זיך; דער צווייטער ציגיינער מיט'ן בייטש שמייסט ווידער דעם פערד, ביז ער לאזט זיך אוועק אין גאלאפ. פון ווייטען שטעהען עטליכע פויערים קונים, וואס דינגען דעם פערד, עטליכע אידישע פערד־הענדלער מיט געגאלטע נאקענס און רויטע גארטלען, וואס ווילען מאכען א בייט מיט די ציגיינער, און זיי אלע בעגלייטען מיט די אויגען דעם רייטער. באלד איז דער ציגיינער מיט'ן פערד דא צוריק. ער שפרינגט ארונטער אויף דר'ערד, פיהרט צו דעם פערד צו די פויערים, טהוט איהם א רייב מיט'ן פויסט אין מארדע, דאס דער פערד טהוט זיך אזש א צאפעל מיט'ן גאנצען קערפער און לאזט ארויס א כריפ און טהוט זיך א ווארף אן א זייט. „טפררו, וואסקא!" שרייט דערנאך דער ציגיינער, שלעפט איהם ביים צוים צו זיך, קלאפט די פויערים איבער די הענד, פער'מסחר'ט צום סוף זיין סחורה און פערשווינדעט באלד מיט דעם צווייטען ציגיינער און מיט די אידישע פערד־הענדלער אין דער מענגע הינטער די וואגענס...

אַן אַלטע ציגיינערין זיצט דאָרט אויף אַ וואָגען. אַרום איהר שטעהען יונגע פּויערים, בּחורים און מיידלעך, און זי לעזט זיי אויף די הענד. אַנדערע פון זיי הערען זיך צו צו זייער מזל מיט טיעף־ערנסטע מינעס, ווי צו דער דרשה פונ׳ם גלח אין זייער דאָרף, און אַנדערע מיט שטראַהלענדיגע אויגען און מיט אַ פערשעהמטען שמייכעל. און אַט איז גאָר איינע מיט אַמאָל צוגעפאַלען מיט׳ן פּנים צום בּרייטען ווייסען אַרבּעל פון איהר קאָפטע און האָט זיך רחמנות׳דיג צובליפּעט, בּעת די אַלטע ציגיינערין האָט געלעזען אויף איהר האַנד...

די קינדער פונ׳ם שטעדטעל זיינען פול אַרום די קראָמען, אַרום די ביידלעך, אַרום די טישלעך, אַרום די פוהרען, לויפען אַרום פרעהליכע מיט צוהיצטע צורה׳קעלעך, אַנדערע מיט לאַנגע גאָלדענע קאָנפעקטען אינ׳ם מויל, מיט לעקעכלעך אין די הענד, און אַנדערע מיט צוויי קאָפּיקענע האַרמאָניקעס ביי די ליפּען...

„נאַטשאַלסטוואָ“ איז אויך דאָ. יעדע ווײַלע שווימט אַרויס דער אוריאַדניק דאָ פון הינטער די פוהרען, דאָ פון הינטער אַ ביידעל און דאָ פון הינטער אַ קראָם. די באָרד אַזוי וואַזשנע פאַנאַנדערגעקעמט, די אויגען בלאַנדזשען אַרום אויסגעפּוטשעט איבּער דעם עולם׳ס קעפּ און די רעכטע האַנד אויף דער שווערד אין דער שייד.

דער עולם איז אַצינד אַזוי פערטהאַן, דאָס ער בּעמערקט גאָר ניט זיין „נאַטשאַלסטוואָ“. נאָר ווען־ניט־ווען, בּעת דער אוריאַדניק קומט אויס זיך דורכשפּאַרען וואו דער עולם איז געדיכטער, און ער טהוט אַן אַרבּייט מיט זיינע הענד און אַקסלען, דעמאָלט דערפיהלט דער עולם די נאַטשאַלסטוואָ אַפּריהער אין די זייטען און דערנאָך דערזעהט ער זי מיט די אויגען. און דערזעהען זי, ווערט דער עולם צומישט, טהוט זיך אַ כאַפּ צו די היטלען, טרעט אָב הינטערוויילעכץ, לאָזט זי דורך, בּוקט זיך און נויגט זיך פאַר איהר און שמייכעלט אַזוי דערשלאָגען...

דער אוריאַדניק ענטפערט ניט אויף דעם בּעגריסען. ער קוקט זיך אַפילו ניט אום אויף זיינע אונטערטהאַנען. זיינע אויסגעפּוטשעטע אויגען קוקען שטרענג אין פאָראויס. ער דערזעהט פון ווייטען דעם אַפּטהעקער, וואָס שטעהט אין דער אָפענער טהיר פון זיין אַפּאָטהעק. דער אַפּטהעקער גריסט זיך צו איהם. איהם ענטפערט ער גראַד, לעגט צו זיין האַנד צום דאַשעק פון זיין היטעל, מעשה נאָ־

טשאלסטווא. פאר איהם האט ער יא אביסעל דרך־ארץ. באטש ער, דער אפטהעקער, איז אויך א „זשיד“, שפיעלט ער אבער אפט אין קארטען מיט דער העכערער נאטשאלסטווא, מיט דעם סטאנאוואי פריסטאוו. און ווידער, ער, דער אוריאדניק, האט אפט מאגען־קרעמפפען און דער אפטהייקער האט גראד א סך רפואות געגען דעם...

צווישען דעם עולם בעוויזט זיך אויף דער אידישער לעהרער פונ'ם שטעדטעל. ער געהט מיט א פעררוסענעם קאפ און דרעהט די הענטעל פון זיין שטעקען אינ'ם מויל, און קוקט מיט צוטראגענע אויגען אויף אלע זייטען. פאהרט אן אויף איהם א פוהר, שפרינגט ער אפ אן א זייט, קריגט א קלאפ צווישען די צייהן פון זיין אייגענעם שטעקעל, כאפט איהם ארויס פונ'ם מויל, שפייט אויף דער האנד, צו זעהן אויב קיין בלוט איז ניטא; דערווייל לויפט אויף איהם אן א כוואליע מענשען און שטויסט איהם אוועק אויף דער אנדער זייט, טראכט ער: „אוי, מען קען דאך דא דער'הרג'עט ווערען!“ געהט ער אוועק וואו דער עולם איז ניט אזוי געדיכט, וואו עס איז גראמער, פליהט געגען איהם א אידישער פערד־הענדלער אויף א פערד מיט א זשוזשען און היקען, טהוט ער זיך א ווארף צוריק א צוטומעלטער און שטויסט זיך אן אן אלטע פויערטע, וועלכע בעפאלט איהם מיט א זידלערייי. ווערט ער נאך מעהר צומישט און טראכט: „בעסער זיך אפטראגען“. דערווייל בעמערקט ער פון ווייטען דעם בעקאנטען אפטהייקער, פאלט איהם איין: ער וועט גאר געהן נעהמען ביי יענעם א בלאט און אוועקגעהן אין וואלד לעזען. הויבט ער אן זיך ווידער צו שטופען צווישען די מענשען און פוהרען, ערשט ער בעמערקט מיט אמאל, ווי צום אפטהייקער איז צוגעגאנגען דער אוריאדניק... טהוט ער אינסטינקטיוו א ציטער און בלייבט שטעהן. טאקע אמת, ער דארף ניט מורא האבען פאר דעם אוריאדניק. אבער גאה און זיי א בריה און האב ניט מורא. אן אוריאדניק איז אן אוריאדניק... עט, מען דארף ניט. עס געהט ניט אין לעבען. וועט ער מארגען נעהמען דאס בלאט...

און ער פערשווינדט הינטער די קראמען...

דארט האבען זיך פערקליבען אידישע קצבים מיט געגאלטע נאקענס און רויטע גארטלען ארום א טשערעדע בהמות און ליארמען. איינער מיט א רויטער בארד פאכעט מיט די פויסטען געגען א צוויי

טען מיט א שווארצער בארד און שרייט: „גנב, שווינדלער!“ האלטען איהם אפ די אנדערע קצבים ביי די ארבעל, ביי די פאלעס. ווייזט איהם דער איד מיט דער שווארצער בארד א פייג אינ'ם רויטען פויסט. שרייט דער איד מיט דער רויטער בארד און רייסט זיך: „לאזט מיך, איך מאך איהם די קבורה אויפ'ן ארט!“ שמעלט זיך דער איד מיט דער שווארצער בארד געגען איהם ראקאם, פעררייסט הויך די פאלעס און שרייט: „און דאס האסטו געזעהן?“ גיסען זיך אן די אויגען ביי דעם אידען מיט דער רויטער בארד ווי ביי א צואווילדעטען אקס און די אדערען אויפ'ן האלז שטעלען זיך אויף און ער כריפעט: „לאזט מיך צו איהם צו!“ און הויבט זיך אן צו ראנגלען מיט די אנדערע, וואס האלטען איהם איין, ווארפט ווילד מיט'ן קאפ און בריקעט מיט די פיס... ער רייסט זיך ארויס און טהוט זיך א ווארף אויף דעם קצב מיט דער שווארצער בארד און יענער אויף איהם, און זייערע הענד קלאמערען זיך איין איינער דעם אנדערען אין די אקסלען, און זיי קוקען אן איינער דעם אנדערען מיט אנגעגאסענע אויגען, מיט בייזע אויסגעטשירעטע ציינער, און זיי שטופען זיך איינע די אנדערע, און זיי שיפען, דער קצב מיט דער רויטער בארד: „איך'ל דיר די קבורה מאכען!“ און דער קצב מיט דער שווארצער בארד: „נו, נו, פרוב נור!...“ און דערנאך הויבען זיי זיך אן צו בריקען מיט די פיס, האלטענדיג אלץ איינער דעם אנדערען ביי די אקסלען, און די רויטע בארד מיט די אויסגעטשירעטע ציינער ציהט זיך און רייסט זיך אלץ נעהענטער צו דער שווארצער און די שווארצע מיט די אויסגעשטשירעטע ציינער אלץ נעהנטער צו דער רויטער, ווי זיי וואלטען געקראכען זיך קושען... און מיט אמאל — באץ! די רויטע בארד האט א ציטער געטהאן, דאס היטעל פון'ם רויטען קאפ איז ארונטערגעפאלען, און באלד האט זיך דער קצב מיט דער רויטער בארד אליין אויסגעצויגען אויף דער ערד. ער איז אויפגעשפרונגען, האט געכאפט רייסען א האלאבליע פון א וואגען און ווילד גערעוועט. מען איז ווידער צוגעשפרונגען צו איהם און איהם געזוכט איינצוהאלטען.

ארום שטעהט א געזעמעל: אידען, אידענעס, קינדער, פויערים, פויערטעס... מען שרייט: שא דער אוריאדניק! דער קצב מיט דער רויטער בארד קען זיך ניט בערוהיגען. ער ראנגעלט זיך ווידער מיט די, וואס האלטען איהם צו, און רעוועט אצינד: „לאזט מיך צו

איהם! ער וועט זיך נאָך שלאָגען, הא? ער וועט זיך נאָך שלאָגען, הא?...

— שאַ, יהודים! — רופט זיך אָן אַ אידענע, — דער אדון מיט די מעשענע קנעפּלעך געהט!

— וואָס מיר אדון! — שרייט דער קצב מיט דער רויטער באָרד, — איך וועל זיך אַליין מיט איהם אָפּרעכענען. איין קבורה וועט פאַר איהם זיין ווייניג!

קומט צולויפען דער אוריאַדניק מיט אַ פעררויסענער באָרד. אַלע טרעטען אָפּ פאַר איהם דעם וועג.

— הא, וואָס? — פרעגט ער מיט אַ שטרענגען טאָן.

זאָגט מען איהם: צוויי אָנגעפאָהרענע אידען האָבען זיך צו־קריעגט.

— און געשלאָגען? — פרעגט ער.

— און געשלאָגען.

לויפט צו צו איהם דער קצב מיט דער שוואַרצער באָרד:

— האָספּאָדין אוריאַדניק, וואַשע בלאַהאָראָדיע! ער איז אַ קצב און איך בין אַ קצב, האָבען מיר ביידע געקויפט אָט די בהמות. דאַרף ער געבען אַ העלפט געלד און איך אַ העלפט. פעהלט איהם געלד. קומט איהם אַ העלפט בהמות, הא, וואַשע בלאַהאָראָדיע?

— ניט מיין זאַך. און שלאָגען זיך ביי מיר טאָרט איהר ניט — מאַכט דער אוריאַדניק מיט אַ האַרבען טאָן.

— און איך וועל איהם די קישקעס אַרויסלאָזען! — טהוט זיך אַ כאַפּ דער קצב מיט דער רויטער באָרד, וואָס מען האָט איהם אַצינד אָבגעלאָזט. — ער איז אַ גנב, אַ מאַשעניק!...

— רוהיג! — שרייט דער אוריאַדניק.

— יהודי, — רופט זיך אָן אַן עלטערער איד פון'ם שטעדטעל צום קצב מיט דער רויטער באָרד, — צופיעל זאָלט איהר ניט דבר'ן צום אדון...

— וואָס מיר אדון־שמאָדען! איך פייף אָפילו אויפ'ן גובער־נאַטאָר! איך האָב אַ פּאַס! — שרייט דער קצב מיט דער רויטער באָרד אויף אידיש.

די אידען און די אידענעס פון'ם שטעדטעל אַרום איהם, אַז זיי דערהערען עס, קוקען זיי זיך אום מיט שרעק אויפ'ן אוריאַדניק, און

דער קצב מיט דער שווארצער באָרד לויפט צו צום לעצטען מיט אן אימפּעט:

— וואשע בלאהאראדיע, האָט איהר געהערט? ער האָט געזאָגט, אז ער פייפט אַפילו אויפ'ן גובערנאטאָר, יעי באָהו!...

— הא, וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? — ווענדעט זיך דער אוריאדניק צום קצב מיט דער רויטער באָרד.

— איך האָב א פּאָס, — ענטפערט יענער שוין צושראָקען.

— און נאטשאלסטוואָ האָסטו בעליידיגט?

— איך האָב א פאָס, — טענה'ט יענער שטילער, און קוקט אַרום זיך נאָך מעהר צושראָקען.

— איך פרעג דיך: און נאטשאלסטוואָ האָסטו בעליידיגט?

— ניין, — שטאָמעלט יענער. — איך האָב א פּאָ... פאָס...

— ער האָט יאָ בעליידיגט! — פאַלט אַריין דער קצב מיט דער שווארצער באָרד.

ווערט א געטומעל צווישען די אידען און די ווייבער: סטייטש, א איד זאָל זיין אזא מוסר... אָבער זיי האָבען מורא עס אַרויסצוזאָגען אין דער הויך, בעת דער אוריאדניק איז דערביי...

און ווען דער אוריאדניק ווענדעט זיך צו זיי, צו זיינע בעקאַנטע אידען און אידענעס, מיט דער פראגע, אויב ער האָט דאָס טאַקע געזאָגט, רוקען זיך אַנדערע אינגאַנצען אַרויס פונ'ם געזעמעל, און אַנדערע דריקען מיט די אַקסלען, און אַנדערע שאָקלען מיט די קעפּ. קיינער האָט ניט געהערט.

אָבער דער אוריאדניק לאָזט ניט אָב דעם קצב מיט דער רויטער באָרד. ער האָט בעליידיגט נאטשאלסטוואָ. ער גלויבט דעם אידען. דאָס וועט ער בשום אופן ניט ערלויבען. ער זאָל געהן מיט איהם. לויפט צו צום קצב מיט דער רויטער באָרד א איד מיט צושראָקענע אויגען און רוימט איהם אַריין אויפ'ן אויער: „ער מיינט, איהר זאָלט איהם נתנ'ען אין יד אַריין, נת'עט איהם א ר"ך און זאָל ער..."

און אין א ווייל שפּעטער האָט דער אוריאדניק געקראָגען „אין יד אַריין" און דער קצב מיט דער רויטער באָרד און דער אַנדערער מיט דער שווארצער זיינען אוועק צום רב אויף א דין־תורה...

* * *

נאָך האַלבען טאָג הויבען אָן מאַנכע צו פערלאָזען דאָס שטעד־טעל. פון די הויפען פאָהרען בוידען, ברידזשקעס, פוהרען מיט אַ קלינגען און ליאַרמען, צוטהיילען זיך אויף אַלע זייטען, איבער אַלע וועגען, און פערשווינדען הינטער'ן שטעדטעל אין וואָלקענס ווייסען שטויב.

מיט יעדער שטונדע ווערט גראַמער אינ'ם שטעדטעל.

עס זעהט זיך שוין פון ווייטען דער מאַרק מיט זיינעביידלעך, טישלעך און קראָמען אָפענער. מען קען דאָרט אונטערשיידען די מענשען, די פערד און די פוהרען.

אָבער אין דער לופטען טראָגט זיך נאָך אַלץ אַ טומעל... אַ סך פויערים און פויערטעס זיינען נאָך אינ'ם שטעדטעל און זיי שיכור'ן, און זיי הוליען. מען שיכור'ט אין די הייזער, מען שיכור'ט אויף די הויפען, מען שיכור'ט און מען טאַנצט אויפ'ן מאַרק...

דאָ און דאָרט זעהט מען, ווי שיכור'ע פויערים מיט מוטנע אויגען האַלטען פלעשער שנאַפּס מיט גלעזלעך, שרייען, זידלען זיך און קושען זיך איינע מיט די אַנדערע.

דאָרט שפּיעלט אַ פּויער אויף אַ האַרמאָניק און זינגט דערביי אונטער מיט אַ שיכור'ן קול.

פון אַן אַנדער זייט הערען זיך די ווילדע, פרעהליכע טענער פון אַ קאַמאַרינסקע, וואָס גיסען זיך פון אַ פיעדעל, און דער טופּען פון פיס צום טאַקט.

דאָרט אונטער'ן גרינעם באַרג, פון וועלכען דער שוואַרצער וואַלד קוקט אַרונטער, דרעהען זיך פויערים־מיידלעך און פויערים בחורים אין אַ פרעהליכען „כאַראָוואָד". די ווייסע ברייטע אַרבעל פון די קאָפטעס און די פּאָלעס פון די גרויסע קורצע קאַפּטאַנעס שאָקלען זיך און פלאַטערען ווי פון אַ שטאַרקען ווינד.

אַ שיכור'ער פּויער מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ אָהן אַ היטעל, מיט אַ פערפּליונטעטער באָרד, פאָהרט אַרונטער פון אַ הויף. ער זיצט אויפ'ן וואָגען און קאַטשעט זיך אַהער און אַהין. די דאַרע שקאַפּע זיינע שלעפּט זיך אויך ווי אַ שיכור'ע מיט אַן אַרונטער־געלאָזטען קאָפּ. דער פּויער האָט אַרויסגעלאָזט די לייצעס פון די הענד, זוכט ער זיי, טאַפּט מיט די הענד אין לופטען, שאָקעלט מיט

די ליפּען און מורמעלט עפּעס אונטער דער נאָז, טענה'נדיג צו זיך אַליין.

פערטשעפּעט זיך זיין וואָגען אָן א צווייטענס, קריגט ער אַ שניט מיט אַ בייטש איבער'ן אַקסעל, טהוט ער זיך א כאַפּ פון שלאָף, קוקט אַרום זיך מיט מוטנע גלעזערנע אויגען און קאָרטשעט מיט די ליפּען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַסמאַקעוועט פון עפּעס אַ גוטען מאכל. דערנאָך, ווען זיין שקאַפּע האָט זיך ווידער גערירט פון'ם אָרט, טאַפּט ער אָן די לייצעס, ציהט זיך אוים אויפ'ן וואָגען מיט'ן רוקען אַרויף און צווינגט זיך מיט גרויסער הרחבה:

„וועליק דען אידעט,
קראַסני יאַיצא נעסעט,
נעסעט, נעסע־עט־ט!..."

* * *

דער אוריאַדניק שפּאַצירט אַצינד איבער דאָס שטעדטעל מיט די הענד פערלעגט אויפ'ן רוקען, שטעלט זיך נעבען יעדען הויז און קוקט אַריין פער'גנב'עט מיט אַ העלפט באָרד אין דאָס אָפענע פענסטער. לויפט אַרויס פון'ם הויז אַ איד אָדער אַ אידענע מיט אַ פערהאַוועטען פּנים, האַלט אַ רגע די האַנד אין זיינע אויפ'ן רוקען און טהוט איהם אונטערטהעניג אַ גלעט איבער דער פּלייצע. ער טהוט גנעדיגסט אַ כאַד מיט'ן קאָפּ און איין האַנד פערשווינדט פון זיין רוקען אין קעשענע אַריין. דערנאָך געהט ער זיך ווייטער, די הענד פערלעגט אויפ'ן רוקען, און ווידער בעווייזט זיך זיין האַלבע באָרד אין אַן אָפענעם פענסטער פון אַ אידישען הויז, און ווידער לויפט אַרויס אַ איד אָדער אַ אידענע מיט א פערהאַוועט פּנים, און ווידער דערפיהלען זיינע הענד אויפ'ן רוקען אַ האַנד מיט עפּעס...

פּאַרנאַכט זיינען שוין אַלע צופאָהרען. דער לעצטער האָט דאָס שטעדטעל פערלאָזען אַ שיכור'ער צובלוטיגטער פויער...

פון די אידישע אורחים האָבען זיך נור אָפּגעשטעלט די צוויי רייכע אידישע סוחרים ביים מלוה אינ'ם הויז, וועלכע האָבען נאָך געדאַרפט אויסריכטען די אַנגעקויפטע סחורה אויף פוהרען אין שטאָדט אַריין, און נאָך עטליכע אידען און אידענעס, וואָס האָבען דאָ געשלאָסען שדוכים.

אצינד איז דאָס שטעדטעל פּלוצים ווי איינגעשלאָפען נאָך א שטורעמדיגער הוליאנקע. דאָס שטעדטעל איז מיעד און צובראָכען. דאָס שטעדטעל פיהלט זיך אָהן כחות. די מענשען אין די הייזער און די קראָמען האָבען ערשט אצינד דערפיהלט א ברעכעניש אין די הענד און אין די פיס, א שווערקייט אין׳ם קאָפּ און אויף די אויגען. די קינדער א שווערע בענקעניש, ווי נאָך א גרויסען יום־טוב, נאָך וועלכען עס ציהען זיך לאַנגע, לאַנגע וואָכען פול אומעט...

און שפּעטער, ווען די לבנה איבער׳ן וואלד האָט ארונטערגעקוקט אויף דאָס שטעדטעל, האָט זי דערזעהן אויפ׳ן מארק גאַנצע קופּעס נאַוואָז און מיסט, צובראָכענע פלעשער און גלעזער, צובראָכענע אַקסען פון וואָגענס און פעסער פון דיעגעכץ...

אין די הייזער איז אויך פערבליבען גענוג מיסט און בלאָטע. די פּאָדלאָגעס זיינען נאָס, שמוציג, אין די ווינקעלעך צובראָכענע כלים, אויפ׳ן טיש געשיר מיט פערבליבענע פיש־יויך מיט ביינער פון פיש, מיט קעפּלאַך פון הערינג. די בענק זיינען איבערגעקעהרט. די מענשען אין די הייזער זיינען אויך פערברודיגט, זייערע פּנים׳ער, זייערע הענד, זייערע קליידער זיינען ניט ריינער ווי די פּאָדלאָגע...

אָבער אצינד האָבען זיי קיין כח ניט צו טראַכטען פון דעם. זיי טראַכטען אפילו ניט פון דעם פערדיענסט, וואָס דער יאריד האָט זיי אריינגעבראַכט. זיי וואַרפען זיך אויף די געלעגערס מיט שווערע קעפּ און אויגען און שלאָפען באלד איין ווי געה׳רג׳עטע...

ערשט אויף מאָרגען רעכענען זיי אויס זייער פערדיענסט. אַנ־דערע כאַפּען זיך, אַז פּאַר־א־יאָהרען האָבען זיי געהאַט א בעסערען יאריד: גאַנצע דריי רובעל מעהר האָבען זיי פּאַר־א־יאָהרען פער־דיענט... און אַנדערע רעכענען אויס, אַז היי־יאָהר האָבען זיי געהאַט גאָר א גוטען יאריד: גאַנצע צעהן רובעל האָבען זיי פערדיענט... און אַנדערע ברעכען די הענד: וועה, וועה, אַזוי פיעל געהאַוועט, און וואו איז די פּרנסה?...

דער מלוה איז גאָר נתעשר געוואָרען, אודאי א גאַנצע פופציגער האָט ער פערדיענט. מאַטעל חנה־דבורה׳ס האָט היי־יאָהר וועניגער געלייזט אין זיין קרעמעל מיט גאַנצע דריי רובעל ווי פּאַר־א־יאָהרען, האָט זיין ווייב געזיפצט און ער האָט זי געטרייסט: נאַרעלע דו,

עטליכע רובעל וועט אונז בלייבען פרנסה? דארפען מיר גאָט דאַנ־קען דערפאַר. בעסער ווי גאָר ניט.

דעם רב איז אויך וועניגער אריינגעפאלען פון דין־תורות ווי פאַר־אַ־יאָהרען. אזוי האָט די רב'יצין דערצעהלט מאָטעל חנה'י דבורה'ס, ווען זי איז אויף מאָרגען געקומען צו איהם אין דאָס קרע־מעל אריין, קויפען פאר צוויי קאָפּיקעס גרויפּען. דערפאַר איז צו־פריעדען געווען שמערל דער שוסטער: אין דעם יאריד־טאָג האָט ער פּערדיענט גאַנצע דריי קערבלאַך פון „פּאַטשינקעס" און אויף מאָרגען האָט ער אליין גענומען עטליכע גוטע טרונק בראַנפען, מכבד געווען שלום'קע דעם גוי און נאָך אַ פּאָר גוטע ברידער מיט אַ „גלעזעלע", געקלאַפּט זיי איבער די פּלייצעס און מיט התפעלות געשריען:

— האַ, אַז אַלע טאָג וואָלט געווען אַ יאריד, האַ? ווי די גראַפען וואָלטען מיר דאָך געלעבט, האַ? האַ, נישט אַזוי? לחיים!...

און אין דעם אייגענעם טאָג האָט מען אין שטעדטעל געוואוסט וועגען די גליקען, וואָס יעדערער האָט געהאַט. דער און דער איז אויפגעריכט געוואָרען: זיין מיידעל האָט אַ חתן געקראָגען, דעם און דעם'ס זוהן, דוקא אַ וואוילער בחור, און מיט גאָר וועניג נדן... און יענעם'ס זוהן האָט גאָר געכאַפּט אַ גליק: ער טהוט אַ שידוך מיט אַ רייכען קצב'ס אַ טאָכטער און קריגט אַ סך נדן און קעסט...

ביי די מאַמעס און די טעכטער האָט זיך אַ קנאה געוועקט, און די טאַטעס האָבען זיי געטרייסט: נו, נו, מילא, כ'וויים, איבער־אַ־יאָהר אויפ'ן יאריד וועט גאָט אונז מסתמא אויך ממלא זיין...

---

.17

## ליעבע אין'ם שטעדטעל.

אין מירקע אברהם־לייזער'ס הויז איז מען אויף מאָרגען נאָכ'ן יאריד זעהר צופריעדען געווען. ערשטענס, האָט מירקע געבטען גע־לייזט אין איהר קרעמעל גאַנצע פופצעהן זילבערנע רובעל, און, צוויי־טענס, — און דאָס איז געווען גאָר אַ גליק — פאר לאה'קען האָט זיך אַ שידוך געמאַכט.

ווען לאה'קע איז געשטאַנען נעכטען אין קרעמעל צוליעב דעם יאריד און האָט געהאָלפען איהר מאַמען, האָט זי פּלוצום בעמערקט פערבייגעהן גדליהו דעם קרומען מיט א יונגען מאַן און ביידע האָבען אויף איהר געקוקט. עס האָט איהר א האַק געטהאָן אין הארצען און דער שאַפּעל מיט'ן זאַלץ איז פון איהרע הענד ארויסגעפאַלען. גדליהו דער קרומער איז געווען א לאַטוטניק, א איד, וואָס זיין הויפּט־פּרנסה האָט ער געצויגען פון איבערניצעווען קליידער פון אַלטע אויף נייע, פון דער רעכטער זייט אויף דער לינקער, פון מאַכען נייע מלבושים פאר די אינגלעך פון זייערע טאַטעס אַלטע. ער האָט אָבער אויך געהאַט א זייטיגע פּרנסה: שדכנות. און דערפאר האָט לאה'קען אזוי א האַק געטהאָן אין הארצען, בעת זי האָט בעמערקט, ווי ער מיט'ן יונגען מאַן קוקען אויף איהר. זיי זיינען פארבייגעגאַנגען און האָבען זיך באַלד ווידער צוריקגעקעהרט. מיט אַמאָל האָט לאה'קע בעמערקט, אַז זיי געהען אין קראָם. דער פּנים האָט זיך ביי איהר אָנגעצונדען און זי האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו איהר מאַמען און ארויסגעסאָפּעט: „אוי, מאַמע, איך געה ארום ווי א שליוכע". מירקע, וועלכע איז דאָרט פערנומען געווען מיט א פויער, האָט זיך א כאַפּ געטהאָן: „וואָס? וואָס?" נור דערזעהן גדליהו'ן מיט'ן יונגען מאַן, האָט זי זיך באַלד אָנגעשטויסען, אז דאָס מיינט א שידוך, האָט זי אויף גיך אָפּגע'פּטר'ט דעם פויער, איהם אָפּגעגעבען זיין פּעקעל מאַכאָרקע, זיך א ווויש געטהאָן די נאָז, וועלכע איז איינגעריכט געווען אין מעהל, און זיך אָנגערופען צו גדליהו'ן מיט א פרעהליכער מינע:

— וואָס עפּעס גוטס, ר' גדליהו? — געכאַפּט דערביי א בליק אויפ'ן יונגען מאַן און גערעדט ווייטער נאָך פריינדליכער:

— מיין לאה'קעלע, זאָל געזונד זיין, העלפט מיר היינט. איך זאָג אייך: גאָלדענע הענד האָט זי. קיין עין־הרע ניט, איין בריה אין דער וועלט. איך האָב געמיינט, אַז זי קען נור גוט קאָכען, וואַשען, נייהען, ערשט צום געשעפט איז זי אויך א בריה, אַזש קיין גלייכען איז צו איהר ניטאָ!...

— געראָטען אין איהר מאַמען! — האָט גדליהו געזאָגט, ארייג־גענומען זיין שפּיציג גרוי בערדעל אין'ם פויסט, געצויגען, געשמייכעלט און געמאַכט מיט'ן קאָפּ, וואָס דעם טייטש פון דעם האָט מירקע קלאָהר פערשטאַנען, און זי האָט אין גאַנצען גענומען שטראַהלען:

— דאַנקען גאָט, מיט מיינע קינדער דאַרף איך זיך נישט שעה־מען. איהר ווייסט דאָך, ר׳ גדליהו?....

לאה׳קע איז געשטאַנען צוטומעלט, מיט אַ פּנים פלאַם־פייער. האָט געוואָלט אַנטלויפען אַהיים, און עפּעס האָט זי צוריקגעהאַלטען. האָט געוואָלט כאַפּען אַ ריכטיגען קוק אויף דעם יונגען מאַן און איז געשטאַנען צו איהם מיט אַ זייט און די אויגען ניט געוואגט אויפצו־הויבען...

דער יונגער מאַן, הויך און ברייט און שטאַרק, מיט אַ ברייטען, רויטען גוטמוטהיגען פּנים, מיט אַ שוואַרץ בערדעל און אַ דיקען נאַקען, פון וועלכען בלוט, האָט זיך געדאַכט, האָט געשפּריצט, אין אַ לאַנגען געוואַנטענעם סיורטוק מיט די פאָלעס אויף „סמאַזנייע“ שטיוועל, מיט אַ ווייסען קראַגען איבער אַ שוואַרצער מאַנישקע, האָט פון דער זייט געקוקט אויף דער דיקער, רויטער לאה׳קע, און עס איז קענטיג געווען אַז זי געפעלט איהם. ער האָט זיך אַנגערופען האַלב פערשעהמט:

— איהר האַלט קרוטשענע פּאַפּיראָסען?

— אוודאי! — האָט זיך מירקע אַ כאַפּ געטהאָן. — לאה׳קע, מאַמעלע, דערלאַנג איהם פּאַפּיראָסען!

לאה׳קע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן: פּאַפּיראָסען? איז צו־געלאָפען צו דער מאַמען און האָט אַרויסגעשעפּטשעט: „איך קען ניט... די אויגען פלאַמען מיר... איך בין ניט אַנגעטהאָן. וואָס פאַר אַ צורה האָב איך?“...

און זי איז אַרויסגעלאָפען פון קרעמעל.

מירקע האָט זיך דאַן אַנגערופען מיט אַ שמייכעל:

— אַ כשר׳ע קינד. שעהמט זיך פאַר אַ יונגען מאַן... איך׳ל מיט אייך האַנדלען. וויפיעל פּאַפּיראָסען ווילט איהר, זאָלט איהר מיר לעבען?

— אַ צעהנדליג....

דער יונגער מאַן האָט פערדרויכערט אַ פּאַפּיראָס, איז אַרויס אין דרויסען און איז שטעהן געבליבען נעבען דער טהיר פון׳ם קרעמעל און האָט געקוקט אויפ׳ן יאַריד.

גדליהו איז געבליבען אליין מיט מירקע׳ן.

— איהר פערשטעהט דאָך, מירקע, אַז דאָס איז אַן ענין?

— קיין פינגער אין מויל דארפט איהר מיר ניט ארייגלעגען, ר' גדליהו.

— א ברכה פון גאָט זאָג איך אייך. און אייער מיידעל געפעלט איהם פון קוק...

פויערים זיינען אריינגעקומען. מירקע האָט זיך דאן צו איהם געווענדעט:

— ר' גדליהו, הארציגער, געהט אריבער צו מיין משה־איצען, טאָמער איז דאָס טאַקע עפּעס רעכטס, וועט איהר אודאי קריגען ריכ־טיגע שדכנות־געלד...

אין דער אייגענער צייט איז לאה'קע געשטאַנען פערשטעקט אין דרויסען הינטער א וואָגען, געגען איהר מאַמעס קרעמעל, האָט מיט א צאַפּעלדיג הארץ געקוקט אויף דעם יונגען מאַן און געשלונגען איהם מיט די אויגען. ווען גדליהו איז אין א ווייל׳ע ארום ארוים פון קרעמעל, האָט זי געהערט, ווי ער האָט צום יונגען מאַן געזאָגט: „וואָס ארט דיך, איך׳ל דיר שוין דעם שידוך אויספיהרען. א מיידעל א ברכה פון גאָט!" דאן האָט אין איהר עפּעס אויסגעשריען: „אַי, מאַמע!" און זי האָט זיך געלאָזט לויפען אהיים....

* * *

פארנאַכט, נאָכ'ן יאריד, ווען מירקע איז געזעסען אַן אויסגע־מאַטערטע אין איהר קרעמעל, איז אריינגעקומען איהר מאַן משה־איצע.

— נו? איז גדליהו ביי דיר געווען? — האָט גלייך מירקע מיעד געפרעגט.

— אָט דאָך מכח דעם וויל איך מיט דיר א שמועס טהאָן. כ'ווייז?...

— וואָס?

ער האָט איהר דערצעהלט, אז דער חתן איז א שמיעד פון א דערבייאיגען שטעדטעל, און איז געווען א סאָלדאַט. באלד ווי זי האָט דערהערט, האָט זי געזאָגט, אז קיין שידוך מיט א סאָלדאט און א פּשוט'ן בעל־מלאכה וועט זי נישט טהאָן. ווען ער וואָלט כאָטש גע־ווען א גאָלד־שמיעד, צי אַ זייגער־מייסטער...

— א זייגער־מייסטער צו א גאָלד־שמיעד וואָלט אפשר מיט אונז ניט געוואָלט טהאָן קיין שידוך, — האָט משה־איצע זיך אָנגע־

רופען, — איידעלע בעלי־מלאכות, נארעלע, אזוינע ווילען האָבּען א סך נדן...

— און וויפיעל וויל ער נדן?

— א קן קערבּלעך וואָלט ער גענומען, — האָט משה־איצע גע־ענטפערט.

— א מציאה. פארוואָס קומט עס איהם? א סאָלדאַט, א שמיער נאָך קן קערבּלעך גיב איהם!...

— קן קערבּלעך נדן איז ניט קיין סך פאר א חתן...

— און וואו וועסטו זיי נעהמען? — האָט מירקע געפרעגט.

— וואָס הייסט וואו? און וואו איז עפּעס גאָט? — האָט ער געענטפערט מיט בטחון אין קול. — דערווייַלע וועט מען געבּען א וועקסעל, דערנאָך איז גאָט גוט. נישקשה, דער רבונו של עולם האָט געגוג פאר זיין פאָלק ישראל...

— מילא, אז גאָט וויל שיקט ער צו. — אָט האָב איך היינט, דאנ־קען גאָט, געלייזט פופצעהן קערבּלעך. לאָמיר האָפען צו איהם, אז ער וועט אונז צושיקען א לייטישערען שידוך אויך.

— נו, געלויבּט און געדאַנקט זאָל זיין גאָט דערפאר, — האָט משה־איצע געזאָגט מיט א פרומען טאָן. — גאָט איז גוט. דאָס האָב איך אויך געזאָגט לאה'קען. זי אָבער, די מרשעת... איך האָב זי אויס־געפּאַטשט!...

— דו האָסט לאה'קען געפּאַטשט? מעגען דיר טאַקע די הענד אָבּדאַרען! וואָס מיינסטו, זי איז עפּעס דיינער א חדר־איינגעל? — איז מירקע איהם בּעפאַלען.

— זאָל זי ניט זיין קיין חצופה. איך זאָג גדליהו'ן, אז א סאָל־דאַט איז ניט פאר אונז קיין שידוך, הויבּט זי אָן צו שרייען: „יאָ א שידוך! ווער דען איז א שידוך פאר אונז, ראָטשילד'ס זוהן? און אז דיין זוהן איז א סאָלדאַט, דערפאר דאַרף ער זיך שוין בּעגראָבּען?“ האָסט געהערט ווערטער פון א שיקסע? א חוצפה א ביסעל צו מישען זיך אין אזוינע זאַכען... נו, נו, האָב איך איהר געוויזען, אז א מיידעל טאָר זיך אין אזוינע זאַכען ניט מישען...

מירקע האָט א ווייַלע געשוויגען פערטראַכט. דערנאָך האָט זי זיך פּלוצים אַנגערופען:

— טאקע נו, מיט וואָס, ברוך השם, האָבען מיר זיך צו איבער־נעהמען? א זוהן א סאָלדאט האָבען מיר אויך און מיין טאַטע איז אויך געווען א בעל־מלאכה, א קירזשנער, און מיר דארפען זיך גאָר ניט שעהמען אויך. אפשר איז עס א בעשערטער שידוך...

— אָבער א שמיעד א סאָלדאט... — האָט משה־איצע געמור־מעלט.

— זיי ניט קיין פערד, משה־איצע, לאה'קע איז שוין ניט קיין יונגע מיידעלע. איך אין איהרע יאָהרען האָב שוין באלד געהאַט דריי קינדער.

שלמה־איצע האָט א זיפץ געטהאָן:

— כ'ווייַ?...

—האָט ער עפּעס א משפּחה?

— א מאַמען האָט ער. זי איז געקומען מיט איהם. האָט א בהמה, האָט אַן אייגענע קוזשנע. האָט ברידער אין אַמעריקאַ.

— אין אַמעריקאַ גאָר?

— אין אַמעריקע, יע. הינטער אלע ים'ען. אונטער דער ערד...

— אַי, אַזש אין אַמעריקע? ווי קומען זיי אהינצוצו?

— זעהסט דאָך! א סך אידען, זאָגט מען, פון ארבע פּנות העולם פאָהרען אהין היינטיגע צייטען...

— אַ בעלנות.

— גדליהו זאָגט, אַז זיי זיינען דאָרט גאַנצע ראָטשילדס. זיי שיקען געלד פון דאָרט זייער מאַמען צו גאַנצע פינפערלעך און צעהנער־לאך...

— אַ־ז־וי־וי?... רייכע זיהן האָט זי דאָרט? אַפּנים, משה־איצע, אַז דאָס, וואָס איך האָב פאַר־אַ־יאָהרען געהערט אין וויטעבסק, בעת איך בין דאָרט געווען, איז פאָרט אמת...

— וואָס?

— אַז אין אַמעריקע עסען די גרעסטע אָרימע לייט פלייש מיט בולקע יעדען טאָג...

— וויים איך, ווי קען דאָס זיין?...

בעת דעם איז גדליהו דער קרומער אריינגעקומען:

— ברעקעלט זיך ניט, משה־איצע, — האָט ער אָנגעהויבען, — איהר לאָזט אַרויס אַ גאָט'ס ברכה פון די הענד...

און דער סוף איז געווען, אז מירקע האָט איהם געהייסען ברענגען דעם חתן מיט זיין מאַמען מאָרגען אזייגער צעהן, אז מען וועט לע־בען, צו איהר אהיים.

און איצט, דאָס הייסט אויף מאָרגען נאָכ'ן יאריד, האָט מען זיך ביי מירקע'ן אין הויז געריכט אויפ'ן חתן און זיין מאַמען. די שטוב איז געווען צוגעקליבען, ווי אין א יום־טוב, די פאָדלאָגע מיט א גאָלדען זעמדעל בעשאָטען און דער טיש מיט א ווייסער סער־וועט בעדעקט, (לאה'קע האָט א גאנצע נאכט די הויז געפוצט). מירקע איז געווען אָנגעטהאָן שבת'דיג, האָט אין קרעמעל אוועקגעשיקט שלמה'קעלען אכטונג צו געבען און האָט איהם פערזאָרגט, אז ער זאָל, למען השם, קיין צוקערקעס דאָרט ניט נאַשען. משה־איצע האָט אוועק געשיקט זיינע תלמידים אהיים און אויף אָנגעטהאָן זיין שבת'דיגע זשופיצע. אזוי אויך דער אַלטער אברהם־לייזער. לאה'קע אליין האָט זיך אויסגעפוצט אין איהר ראָזעווען קלייד, אריינגעפלאָכטען א בלויע סטיינגע אין איהרע רויטע האָהר און איז ארומגעגאנגען ווי אין א טשאד. די קלענערע קינדער, וואָס האָבען קיין שיך ניט געהאָט, האָט מען געגעבען צו קאָפּיקעס אויף נאַשעריי און זיי ארויסגעשיקט אויף דער גאַס שפּיעלען, און די צוויי מיידלאך אונטער לאה'קען האָ־בען זיך אויך אויסגעפוצט אין זייערע שבת'דיגע קליידלעך און זיך אויך אריינגעפלאָכטען סטיינגעס אין די קעפּ.

צום סוף זיינען זיי געקומען. אפריהער גדליהו דער קרומער מיט זיין שטעקעל, הינטער איהם דער חתן און צולעצט דעם חתן'ס מאַמע, א הויכע, געזונטע, עלטערע אידענע, מיט א רויטען פּנים, רויטע הענד ווי בוריקעס מיט א פאַטשיילע אויפ'ן קאָפּ. זי האָט יאָהרען־לאַנג געארבייט אלס דיענסט אין דער גרויסער שטאָדט ביי א רייך־כען אידען, נור שוין דריי יאָהר ווי זי האָט זיך געלעבט רוהיג מיט איהר זוהן דעם שמיעד אויף דאָס געלד, וואָס די צוויי זיהן האָבען איהר צוגעשיקט פון אמעריקא.

לאה'קע איז איצט צומישט געוואָרען און איהר־פּנים איז געווען א שטיק פייער. די מאַמע האָט זי אוועקגעזעצט נעבען דעם חתן'ס מוטער און אליין זיך געזעצט נעבען איהר. משה־איצע האָט אוועק־געשטעלט אויפ'ן טיש א פלעשעל מיט בראַנפען און א טעלער מיט לעקעך. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעזעצט נעבען חתן, וועלכער איז

געזעסען נעבען דעם אלטען אברהם־לייזער, נעגען זיין מאמען און לאה'קען. גדליהו דער קרומער איז געזעסען אויפ'ן אנדערען עק טיש, און האט געווינקט צו לאה'קעס ביידע שוועסטער, וועלכע זיינען גע־שטאנען אין א זייט און האבען געווארפען פער'גנב'עט בליקען אויפ'ן חתן.

דער חתן, דער געוועזענער סאלדאט, וואס האט שוין געהאט גענוג מיידלאך געטראפען אין דער גרויסער שטאדט, וואו ער האט געדיענט, האט איצט געקוקט אויף לאה'קען פיעל דרייסטער ווי נעכטען און זי בעטראכט פון אלע זייטען. זי האט געפיהלט זיינע בלי־קען אויף זיך און געהאלטען איהרע אויגען ארונטערגעלאזט.

דאן האט דעם חתן'ס מאמע אונטערגעשפארט א האנד אונטער'ן באק, א שאקעל געטהאן דעם קאפ און ארויסגערעדט הויך, אז אלע האבען געהערט:

— קיין צוקראכענע איז זי ניט, א הארעפאשנע. וועט קענען הארעוועז. מיר געפעלט זי, מיין זוהן.

לאה'קע האט נאך ניעדריגער די אויגען ארונטערגעלאזט און דער חתן האט גוטמוטהיג א שמייכעל געטהאן.

מירקע האט זיך אנגערופען מיט א שטראהלענדען פנים:

— אזוינע מיידלעך, ווי מיין לאה'קע, קען מען היינטיגע צייטען ניט געפינען, ווען מען זאל אפילו די גאנצע וועלט אויסזוכען.

— מיר געפעלט זי, — האט דעם חתן'ס מאמע ווידער געזאגט, — ניט קיין צוקראכענע.

— און ווי רופט מען דיך, לעבען זאלסטו? — האט זי פלוצים זיך א קעהר געטהאן צו לאה'קען.

— לאה'קע — האט די לעצטע שטיל געענטפערט.

— און ווי אלט ביזטו, ביז הונדערט און צוואנציג?

— געווארען 18, ביז הונדערט און צוואנציג, — האט מירקע זיך א כאפ געטהאן.

גדליהו דער קרומער האט זיך דא אויך ארייננעמישט.

— איך האב אייך געזאגט 18. איך בין דאך א בן־בית. איך וויים דאך...

— קוקט אויס א ביסעלע עלטער, — האָט דעם חתן׳ס מאַמע זיך אָנגערופען — נור מסתמא אזא נאַטור. אָרע, מיר געפעלט זי, מיין זוהן...

און דאָ האָט דער חתן זיך מיט אַמאָל אָנגערופען מיט א דרייסטער מינע אויף א טיעפען באַסאָווען קול:

— איהר זאָלט קיין פּאראיבעל נישט האָבען, אָבער איידער וואָס־ווען דארף מען אַלץ טהאָן מיט א טאַלק... חתונה האָבען, פערשטעהט איהר מיך...

ער האָט גענומען מאַכען מיט זיינע מעכטיגע לאַפּעס, וואָס מיט זיי האָט ער מאַנכען ווילדען פערד אומגעוואָרפען, בעת ער האָט איהם שמיעדען געדארפט, און גערעדט ווייטער:

— פערשטעהט איהר מיך, א כלה, א ווייב... דאָס איז דאָך ניט קיין קאַץ אין זאַק... דארף מען זיך דורכשמועסען מיט איהר אויג אויף אויג... מאַלע וואָס... פערשטעהט איהר מיך, איהר זאָלט קיין פּעראיבעל ניט האָבען אויף מיר...

גדליהו האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

— אודאי, אודאי, גערעכט אויף נאמנות. לאה׳קעלע, געה ארויס מיט איהם אויף א ווײַלע שפּאַצירען. ווייז איהם, אז דו ביזט חלילה ניט קיין נאַר...

משה־איצע האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן:

— וואָס איז דאָס פאַר א נייעס? ! מעשה — מעשה — וו־אָס? פּע־ע ! !

דער אַלטער אברהם־לייזער האָט אויך אונצופריעדען א שאָקעל געטהאָן דעם ווייסען קאָפּ און ארויסגעמורמעלט:

— א יון !...

לאה׳קע איז גאָר צוטומעלט געוואָרען.

גדליהו האָט זיך אָנגערופען מיט היץ:

— ר׳ משה־איצע, זייט ניט קיין דזשיקאַן. איהר פערשטעהט ניט די וועלט. ער וויל מיט איהר ריידען, ווייל אזוי פיהרט זיך היינטיגע צייטען. טאָמער האָט זי א מום? טאָמער איז זי טויב? טאָמער איז זי א פערד, א בהמה, א שטיק פליאָגע?...

— שאַ־שאַ — האָט מירקע זיך פּלוצים אָנגערופען מיט א שמייכעל — וואָס איז דאָ צו רעדען? איך בין א היינט־וועלטיגע. אודאי,

זאָלען זיי געזונטינקערהייט ארויסגעהן שפּאַצירען, געזונטינקערהייט קומען און געזונטינקערהייט, אז עס וועט זיין בעשערט, חתונה האָבען. געה, טאַכטערקע, שעהם זיך ניט!..

זי האָט זי ארויסגעשטופּט פון׳ם טיש און האָט זיך אליין אויך אויפגעהויבען. דער חתן איז אויך אויפגעשטאַנען פון דעם אָרט.

— א־אך! — האָט דער אלטער אברהם־לייזער ארויסגעקרעכצט און געשאָקעלט דעם קאָפּ.

— נו־נו־נו! — האָט משה־איצע געבורטשעט און געדריקט די שפּיציגע אקסלען.

אָבער מירקע האָט ארויסגעשטופּט לאה׳קען פון דער הויז־טהיר נאָכ׳ן חתן מיט די ווערטער: „שעהם זיך ניט, נאַרעלע, שעהם זיך ניט!“

לאה׳קע האָט פאַר אויפרעגונג ניט געזעהן דעם וועג פאַר זיך...

דאן איז משה־איצע צוגעלאָפען צו זיין ווייב:

— הולטאיקע, וואָס איז דאָס — א שיקסע מיט א שייגעץ?

זי האָט איהם געענטפערט שטיל:

— פערד איינער, מיש זיך ניט. זעהסט ניט, ווי ער איז פערשרפ׳עט נאָך איהר, אז די אויגען קריכען איהם ממש ארויס פון׳ם קאָפּ? מען וועט אפשר קענען אויסקומען אָהן נדן, און זי איז א מיידעל פיער און צוואנציג יאָהר אַלט. שווייג, שטום זאָלסטו ווערען!...

דערנאָך איז זי צו דעם חתן׳ס מאַמע צוגעגאַנגען, האָט א גלעט געטהאָן זי אויפ׳ן אַקסעל איבער די פאַטשיילע, זיך געזעצט נעבען איהר און געפרעגט:

— ווי רופט מען אייך, לעבען זאָלט איהר?

— מאַריאַשע — האָט יענע געענטפערט. — און אייך, לעבען זאָלט איהר?

— מירקע. אז עס וועט בעשערט זיין, וועלען מיר זיין מחותנתטעס.

— הלואי, רבונו של עולם. מיר געפעלט די כלה. ניט קיין אויסגעדאַרטע־אויסגעקוואַרטע, ווי די אַנדערע, וואָס מיר זיינען געגאַנגען אַנקוקען. א מיידעל, קיין עין הרע ניט, א געזונטער בוים. עס איז דאָ ווער זאָל האָרעווען... וואָס טויג מיין אָרע׳ן א צוקראָכענע ווייב?

איהר האָט דאָך איהם געזעהן? אַ פּאַדקאווע, קיין עין הרע זאָל איהם ניט שאַדען, צובּרעכט ער מיט די הוילע פינגער...

— א־א־זוי? צעהן מאָל קיין עין הרע ניט, צעהן מאָל... אַ פּאַד־קאָווע? אַזוי? אַן אייזערנע? פּיש־ש־ש־ש! דו הערסט, משה־איצע?

— וואָס דען? די תורה, ברוך השם, האָט איהם די כחות ניט אויסגעמאַטערט — האָט משה־איצע אַ בּורטשע געטאָן — ווען ער וואָלט געווען אַ תלמיד חכם, וואָלט ער מסתמא געהאַט מיין כח.

— שאַ־אַ! — האָט מירקע אַ געשריי געטהאָן און האָט געוואָרפען אויף איהם אַ קוק, שאַרף ווי אַ חלף.

גדליהו האָט דערווייל גענומען אַ ביסעל בּראַנפּען:

— לחיים!..

— לחיים טובים ולשלום.

מירקע האָט מכבד געווען מאַריאַשע'ן אויך מיט לעקאָך און בּראַנפען.

דערנאָך האָט מאַריאַשע גענומען ריידען וועגען איהרע אַנדערע ביידע זיהן, וואָס זיינען אין אַמעריקא געווען. שוין אַ יאָהר צוואַנציג ווי זיי זיינען אַוועק אַהין פון דער גרויסער שטאָדט, וואו זיי האָבּען בּיי אַ בּלעכער געאַרבּייט. היינט זיינען זיי, דאַנקען גאָט, גרויסע גבירים, שיקען איהר אָפּט געלד פון אַמעריקא. ווילען, אַז זי זאָל קומען צו זיי, האָט זי אָבּער מורא, צו שלעפּען די אַלטע ביינער, שדים ווייסען וואוהין. זי וואָלט זיי גרייליך געוואָלט זעהן. זיי האָבּען דאָרטען קינדערלאָך שעני‌נקע. זי חלש'ט צו זעהן איהרע אייניקלאָך, נור ניט בעשערט מסתמא. אָרע האָט אויך געוואָלט פאָהרען אַהין נאָך איידער ער איז אַוועק דיענען, האָט זי געוויינט און געקלאָגט איבּער איהם, בּיז זי האָט בּיי איהם גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל בלייבּען...

— אַ קאַטאָוועס, צו פערשלעפּען די בּיינער אונטער דר'ערד — האָט מירקע געזאָגט — מיר וועלען צייט האָבּען נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר...

גדליהו האָט פּלוצים אויסגעשריען:

— גוואַלד, איך וואָלט נור וועלען זעהן, וואָס איז דאָרטען פיר אַזאַ וועלט אַמעריקא? מיינער אַ גליד־שוועסטער־קינד פון מינסק איז אַהין אַוועקגעפאָהרען, געווען דאָ אַ גרויסער אביון, אַ שניידער,

האָב איך געהערט, אַז ער איז דאָרטען גאָר געוואָרען אַ גאַנצער מהות, אַ פאַבריקאַנט מיט אַן אייגענעם מויער...

— יאָ, מען דערצעהלט טאַקע — האָט מירקע זיך אָנגערופען — אַז די גרעסטע אָרימע לייט עסען דאָרט פלייש מיט בולקע יעדען טאָג...

— אָך, אָך, — האָט שלמה־איצע אַ דריק געטהאָן די אַקסלען, — אַ אידענע רעדט נאָך אַלע נאַרישקייטען! דו אישה דו, וואו איז דיין שכל? ווי אַזוי לעגט זיך ער דיר גאָר אַזאַ נאַרישקייט אויפ'ן מוח? ממה נפשך — האָט ער אויסגעזונגען מיט אַ גמרא־ניגון — עסט ער פלייש מיט בולקע יעדען טאָג, איז דאָך דערפון געדרונגען אַז וואָס?, אַז ער איז ניט קיין אָרימאַן. אַלאַ וואָס דען, ער איז יאָ אַן אָרימאַן, קען ער דאָך ניט עסען קיין פלייש און בולקע יעדען טאָג. בהמה!..

— ער איז טאַקע גערעכט, — האָט מירקע מיט איהם מסכים געווען — אַ מאַנסבילשער מוח פערשטעהט פאָרט מעהר ווי אַ ווייבערשער.

גדליהו האָט זיך אָנגערופען:

— ווער ווייסט, וואָס דאָרטען טהוט זיך? אפשר וואַקסט עס דאָרטען אויף די בוימער?... דער לעהרער, וואָס לערענט מיינע קינדער שרייבען, האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ווען ביי אונז איז טאָג, איז אין אַמעריקאַ נאַכט, און ווען ביי אונז איז נאַכט, איז דאָרטען טאָג. אַלסדינג פונקט קאַפויר ווי ביי אונז. אַ איד קען דאָרטען ווערען אפילו אַן אוריאַדניק אויך...

— ווייס איך, מען דערצעהלט אַלע נסים — האָט דער אַלטער אברהם־לייזער פלוצים אַרויסגערעדט — ערשט גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען זיך דערצעהלט אַלערליי נסים וועגען עפּעס אַנאַנדער מדינה...

— אַרגענטינע! — האָט גדליהו אונטערגעכאַפּט — פאַר עטליכע יאָהרען. מיט באַראָן הירש די מעשה.. יע, יע, אודאי...

— און היינט — ווער, וואָס, ווען? — האָט אברהם־לייזער גערעדט ווייטער — מען האָט פערגעסען יענע מדינה און מען רעדט וועגען אַן אַנדערע. עט, וואו גאָט העלפט, דאָרטען עסט מען פלייש, בולקעס, מאַרצעפּאַנעס אפילו. און אַז גאָט וויל ניט העלפען, איז... איז... שלעכט אומעדום!

לאה'קע און אָרע האָבען זיך צוריקגעקעהרט. אָרע מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל און לאה'קע שוין פריי, אונגעצוואונגען, מיט אַ פּנים,

וואס האט געשטראהלט. ער איז איהר זעהר געפעלען געווען, האט געפיהלט, אז זי איז איהם אויך שטארק געפעלען, האט בעגעגענט הינטער'ן שטעדטעל וואו זי האט מיט איהם געשפאצירט, בעקאנטע מיידלעך, געכאפט זייערע בליקען, פול קנאה, און אין איהר נשמה האט געהוליעט...

אין אן אווענד שפעטער האט מען די תנאים געשריבען און משה־איצע האט אלס נדן ארויסגעגעבען א וועקסעל אויף ק"ן רובעל, וועלכע, ער האט געהאפט, אז צו דער חתונה וועט דער גוטער גאט פאר איהם בעצאהלען...

און אויף מארגען נאך די תנאים, ווען דער חתן האט געדארפט אפפאהרען, האט לאה'קע געפיהלט, אז ער נעהמט מיט זיך אוועק איהר הארץ, און ווען ער האט זי דאן געטראפען אליין אין פיר־הויז, האט זי געוויינט. ער האט פערשטאנען איהר הארץ און זי א נעהם געטהאן ביי דער טאליע מיט זיינע לאפעס אזוי, דאס זי האט שיער ניט אנגעהויבען צו שרייען: גוואלד! און נור זיין קוש, דער ערשטער קוש, וואס זי האט פון א יונגענמאן געקראגען, האט איהר דעם קול דערשטיקט, דעם אטהעם אוועקגענומען און שיער, שיער דעם גאנצען פערשטאנד...

---

## .18

## די סדרה אמעריקא אינ'ם שטעדטעל.

דער שידוך מיט ארע'ן איז געווען גאר א גליקליכער. צו דער חתונה, וואס איז געפראוועט געווארען ביי מירקע'ן אין הויז באלד נאך די ערשטע טעג פון סוכות — אזוי האט דער חתן געוואלט — האט משה־איצע, פערשטעהט זיך, ניט געקענט סלוק'ן די ק"ן קערבלעך נדן, אויף וועלכע ער האט א וועקסעל ארויסגעגעבען, און דער שידוך איז צוליעב דעם זיך ניט צוגאנגען. אויך האבען חתן־כלה בעקומען דרשה־געשאנק פון אמעריקא א גאנצען הונדערטער.

נאך דער חתונה איז לאה'קע אוועקגעפאהרען צו איהר מאן אין זיין שטעדטעל און טאטע־מאמע האבען פון איהר בעקומען פרעהליכע גרוסען.

אזוי איז אוועק דערווינטער...

איינמאָל — דריי וואָכען נאָך פּסח — קומט פּלוצים צופאָהרען צו איהר טאַטע־מאַמע לאה'קע צוזאַמען מיט איהר מאַן. זיי זיינען געקומען זיך זעגענען: זיי פאָהרען קיין אַמעריקאַ...

פערברעכט מירקע די הענד און צוואַמערט זיך:

— אַ וועהטאָג איז מיר, ביזטו משוגע?

און משה־איצע ווערט אויך פערטרייסעלט:

— וואָס הייסט, היתכן?.. דאָס איז אָרע'ס קאָפּ?

— ניין, טאַטע, דאָס איז מיין קאָפּ. איך האָב דאָס איהם איינגערעדט און די שוויגער צו פאָהרען. ער האָט דאָרט רייכע ברידער. וואָס בעטען אונז מיר זאָלען אהין קומען, וואָלט געווען אַ נאַרישקייט דאָ צו בלייבען. ער מוז דען בלייבען אַ שמיעד אויף זיין גאַנצען לעבען? מיר האָבען שוין בעקומען שיפס־קאַרטען פון אַמעריקאַ און די קוזניע האָבען מיר שוין אויך פערקויפט און אַלסדינג, און מיר פאָהרען!

אומזיסט איז געווען מירקע'ס געוויין, משה־איצע'ס טענות און דעם אַלטען אברהם לייזער'ס בעטען — עס האָט נישט געהאָלפען...

דאַן איז מירקע געלאָפען אויפ'ן בית־עולם און האָט אויף איהר מאַמעס קבר געשריען מיט פערצווייפעלטע קולות:

— מאַמע! מאַמע! אַ בראָך איז צו מיר! אַ קלאָג איז צו מיר! די קרוין פון אונזער קאָפּ, אונזער לאה'קעלע דער שיין פון אונזערע אויגען פערלאָזט אונז! זי פערשלעפּט איהרע יונגינקע ביינדעלעך אַזש קיין אַמעריקאַ, וועה איז צו מיר! מאַמע! מאַמע! זי וועט זיך דאַרפען שלעפּען איבער ימים גרויסע, איבער מדבריות וויסטע, טיעף אונטער דר'ערד, ווינד און וועה איז דער מאַמע'ן! מאַמע! מאַמע! בעט גאָט, אַז ער זאָל זי כאָטש ברענגען בשלום אהינצוצו!...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי די קברים פון דעם דאָרטיגען אידישען בית־עולם האָבען געהערט דערמאָנען אַמעריקאַ...

* * *

און אין אַ וואָך אַרום האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל געקאָכט מיט דער נייעס, אַז לאה'קע מירקע אברהם־לייזער'ס איז מיט איהר מאַן אוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ... די ווייבער אויף די פּריזבעס האָבען

דערפון גערעדט, די קרעמער און די קרעמערקעס אויפ'ן מאַרק און די מיידלעך, איהרע פריהערדיגע חבר'טעס. פרייטאָג האָט אימיצער דער־צעהלט אין דער באָד, אַז זי איז געפאָהרען צו רייכע שוואָגערס, וואָס זיינען ראָטשילד'ס אין אַמעריקאַ און וואָס וואוינען אין פּאַלאַצען און פאָהרען אין גאָלדענע קאַרעטען, און ביינאַכט צו קבלת שבת האָט מען שוין דערפון גערעדט אין אַלע בתי מדרשים, און אויף מאָרגען ביי־טאָג, ווען די מיידלעך פון'ם שטעדטעל זיינען געזעסען אויפ'ן גראָז אונטער די בוימער אין זייערע שבת'דיגע קאָלירטע קליידלעך מיט די פאַרביגע סטענגעס אין די צעפּ, האָבען זיי ניט געזונגען זייערע ליע־דער, נור גערעדט פון לאה'קען, פון אַמעריקאַ, פון לאה'קעס רייכע שוואָגערס מיט די פּאַלאַצען און מיט די גאָלדענע קאַרעטען...

— בעשערט אַ גליק, — האָט זיך מיט קנאה אַנגערופען די דיקע, שענע חייקע מיט די שוואַרצע אויגען, מאַטעל חנה־דבורה'ס עלטסטע טאָכטער — מען זאָגט אמאָל אַ מיידעל אַ פאַרשווין טרעפט אַ גליק, אָבער אַזאַ, זאָל מיך גאָט ניט שטראָפען פאַר די רייד, אַ מיאוס'קייט מיט אַ ראָבען פּנים, אַ רויטע קאָץ...

— אַט טאַקע נור אַזוינע האָבען מזל, — האָט געזאָגט כיענע, שמערל דעם שוסטער'ס טאָכטער, די גרעסטע שענהייט פון'ם שטעד־טעל, אַ מיידעל מיט אַ פּנים פון אַ יונגער ציגיינערין, פול חן, פול פייער אין די שוואַרצע אויגען, מיט אַ דיקען, שוואַרצען און גלאַנ־ציגען צאָפּ, וואָס יעדעס מאָל, ווען דער אוריאַדניק פון'ם שטעדטעל האָט זי אויף דער גאַס דערזעהן, האָט ער זיין וועגעל אָפּגעשטעלט און געשריען צו איהר:

— הע, כיענקאַ, כאָטשעש פּראָיעכאַטסיאַ? קום, דו וועסט אונ־טערפאָהרען מיט מיר.

און ווען זי האָט איהם אויסגעשטעלט איהרע ווייסע לאַבענדיגע ציינער און געענטפערט אויף אידיש: „פאָהר מיר אין דער אדמה אַריין!“ האָט ער זיך אויך צולאַכט, ניט פערשטעהענדיג, וואָס זי זאָגט, זיך די ברייטע באָרד אַ גלעט געטהאָן און ווייטער געזאָגט:

— קום, כיענקאַ, איך וועל דיר קויפען אַ פּריאַניק און קאָנפעק־טען, — האָט זי איהם דאָן געענטפערט שוין אויף רוסיש מיט אַ קאָקעטישען שמייכעל:

— גוט, פריץ, ווארט, איך וועל דיר ארויסשיקען מיין ברודער זעליג'ן, וועסטו איהם געבען פאר מיר א לעקעך און קאנפעקטען...

— ניין, קום דו אליין כיענקא...

זי האט זיך דאן צולאכט און איז זיך אוועק ווייטער איהר וועג.

און דערנאך, ווען ער האט זיין פערד א שמיץ געטהאן, און דער וואגען האט זיך אוועקגעטראגען, האט ער, דער אוריאדניק, זיך נאך לאנג אומגעקוקט אהינטער אויף איהר דורך דעם וואלקען שטויב, וואס האט זיך נאך זיין וואגען געטראגען, און געשריען:

— וואט זשידאוואטשקא! וואט זשידאוואטשקא!...

את זי האט אויך לאה'קען מקנא געווען.

צווישען די מיידלעך אינ'ם וואלד איז היינט אויך געווען ברכה'קע די פריקאשטשיצע, שלום'קע דעם גוי'ס עלטסטע טאכטער, א געזונטע, בלאנדע מיידעל מיט א ווייסען פנים, פעררויסען פרעהליך נעזעל און בלויע אויגען, זעהר עהנליך צו א יונגער לאטישקע. זי האט שוין זייט דריי יאהר געארבייט אין א קראם אלס פריקאשטשיצע אין דער גרויסער שטאדט און איז די וואך געקומען אויף א פאר טעג אין שטעדטעל, געוואהר ווערען איהר מאמען. זי איז געווען שענער אנגעטהאן פון די איבעריגע, האט זיך געהאלטען פאר א גרויס-שטאדט-טישע און זיי פאר קליין-שטעדטעלדיגע. די מיידלעך האבען אלע אויף איהר געקוקט מיט דרך ארץ, ווייל זיי האבען געוואוסט, אז אין דער גרויסער שטאדט פיהרט זי א שטילע ליעבע מיט איינעם א בחור א פריקאשטשיק, פונקט ווי א העלדין פון שמר'ס אדער בלוישטיין'ס א ראמאן.

זי האט זיך פלוצים אנגערופען:

— קינדער, וועט איהר ניט דערצעהלען, וועל איך אייך עפעס זאגען, וואס קיינער א חוץ מיר און נאך עמיצען ווייס ניט אויף דער גאנצער וועלט.

און די ווערטער „נאך עמיצען" האט זי ארויסגערעדט מיט אזא פער'סוד'עטער מינע, דאס עס האט זיך געדאכט ווי זי וואלט זיי מיט איהרע בלויע אויגען ארויסגעפליסטערט...

אלע מיידלעך האבען זיך א כאפ געטהאן מיט א ליארם, ווי די גענז:

— דערצעהל! דערצעהל! מיר וועלען קיינעם ניט זאגען!...

און זיי האבען זיך פון אלע זייטען גענומען רוקען נעהנטער צו איהר, געקראכען איבער'ן גראז אויף די קניע, אויסגעצויגען די העלזער און זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין איהר פנים.

— שווערט זיך, אז איהר וועט קיינעם ניט דערצעהלען.

— זאל די צונג אונז אפדארען!

— זאלען מיר ניט דערלעבען צו ריידען צו אונזערע טאטעס און מאמעס! — האבען די מיידלעך געפילדערט.

—זאלט איהר ניט דערלעבען צו ריידען צו אייערע חתנים, הא?

— האט ברכה'קע געפרעגט.

— יא! — האבען אלע אין איין קול געענטפערט.

— טא געדענקט־זשע, — האט ברכה'קע אויסגעשריען און דאן געזאגט גאנץ שטיל:

— קינדער, איך פאהר אויך אין אמעריקא.

— דו?...

— שא־א! שרייט ניט! — האט ברכה'קע ארויסגעפליסטערט.

— מיין געליעבטער — דעם דאזיגען ווארט האט זי ארויסגעשעפ־טשעט מיט א בעזונדער געהיימער מינע — ער וויל שוין לאנג פאהרען. ווי נור מיר וועלען קריגען פון דארט שיפס־קארטען, אזוי באלד האידא!...

אלע זיינען געבליבען זיצען שטיל, פערוואונדערט און האבען זיך אנגעקוקט איינע די אנדערע.

— געדענקט־זשע אבער — דערווייל שא, קינדער!...

— גאר נו! — האט מען גענומען איהר פערזיכערען פון אלע זייטען, און יעדע מיידעל האט דערפיהלט צו איהר נאך מעהר דרך ארץ.

רופט זיך דאן אן א מיידעל גאנץ שטיל:

— און דו האסט גאר ניט מורא צו פאהרען איבער די ימים? פרעגט א צווייטע:

— איז טאקע אמעריקא אונטער דער ערד?

— וויים איך, וואס מען דערצעהלט זיך דא ביי אייך אנ'עט אין דעם קליין שטעדטעל! — האט ברכה'קע געענטפערט. — אמעריקא איז ניט אונטער דר'ערד, נור איהר זייט דא טיעף אין דר'ערד.

— אמת, — מאכט חייקע, מאטעל חנה דבורה'ס מיידעל, — דאס איז גראד אמת, ברכה'קע, מיר זיינען דא אלע אין דר'ערד!

— און אין אַמעריקאַ, — האָט ווייטער גערעדט ברכה'קע, — צוצוקערט מען אונזערע אַ מיידעל. נדן קריגען די מיידלעך און ניט די בחורים. אַט אַזאַ מיידעל, ווי דו כיענקאַ, צי ווי דו חייקע, צי אפילו ווי דו ראַשקע, וואָלטען דאַרטען געגומען גראַפען פאַר חתנים. עס וואָלט דאָך געווען אַן אויסכאַפעניש אויף אייך.

ביי די דריי מיידלעך האָבען זיך די באַקען צופלאַקערט:

— טאַקע?

— אַזוי?

— מען כאַפּט אוים אונזערע אַ מיידעל?

— מיט גאָלד צוגלייך, — האָט ברכה'קע געענטפערט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ? דו ביזט דאָך דאַרטען ניט געווען, ברכה'קע? — רופט זיך אָן פּלוצים איינע פון די מיאוס'ערע מיידלעך, וועלכע האָבען זיך דערפיהלט בעליידיגט, לֿמאי ברכה'קע האָט זי האָט ניט אריינגערעכענט צווישען די דריי, וואָס זי האָט אָנגערופען:

— ווער דען זאָל וויסען, אפשר דו? — האָט איהר ברכה'קע אָפּגעענטפערט מיט שפּאָט, — קרוינעלע מיינע, איך ווייס אַ סך זאַכען, וואָס דו ווייסט ניט. אָבער איך'ל דיר זאָגען פון וואַנען איך ווייס דאָס. מיין געליעבטען'ס אַ ברודער און שוועסטער שרייבען דאָס אין זייערע בריעף. מיין געליעבטען'ס שוועסטער האָט דאַרטען געקראָגען אַ חתן, וואָס האָט זי, ווי גרויס זי איז, ממש פון'ם קאָפּ ביז די פיס אָפּגעשאָטען מיט בריליאַנטען... היינט איהר וואָלט זעהן, מיידלעך, זייערע פּאָרטרעטען, וואָס זיי האָבען צוגעשיקט פון אַמע־ריקאַ — איך זאָג אייך, מאַ־אַ־נאַ־אַר־ר־ר־כעם!...

די מיידלעך זיינען געזעסען פערטראַכט. אין זייערע אויגען האָט אַ טרוים געשוועבט.

מיט אַמאָל זיינען אָנגעקומען אין דעם וואַלד עטליכע בחורים. ברכה'קע האָט זיך אָנגערופען, אַ ווינק טהוענדיג צו זיי מיט די אויגען:

— קוקט אָן די קאַוואַלערען! צרות מיינע גרויסע. פּאָה'קע־לעך מיט שטיקלעך וואַטע אין די אויערען, מיט פערסמאַרקעטע נעז־לעך. אי, מאַמע, איך'ל באַלד חלש'ן!

— נו, און דיינער? — האָט איינע אַ פרעג געטהאָן.

— מיינער? אהא! צעהן מאָל להבדיל... אַ היינט־וועלטיגער. אַ קאַוואַליער, מיט וואָנצעלעך!...

דערבײַ האָט ברכה'קע מט דער האַנד אַ פיהר געטהאָן איבער איהרע ליפּען און אַ ווינק געטהאָן מיט אַן אויג.

דערנאָך, ווען די בחורים האָבען דאָרט גענומען שטיפּען, קור־קענדיג פער'גנב'עט אויף די מיידלעך, האָבען זיך אַלע מיידלעך אויפ־געהויבען און זיינען אוועק. עפּעס האָבען די דאָזיגע בעקאַנטע קליין־שטעדטעלדיגע בחורים איצט מיט אַמאָל פערלאָרען ביי זיי דעם גאַנצען חן...

## 19.

## דער ערשטער בריעף פון אַמעריקאַ.

מירקע אברהם־לייזער'ס איז אָנגעקומען דער ערשטער בריעף פון איהר טאָכטער לאה'קען, אַ בריעף פון אַמעריקאַ, פול חידושים. מירקע וויינט און פרעהט זיך, און בעט איהר מאַן משה־איצע'ן צו לעזען דעם בריעף פאַר איהר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל... משה־איצע לעזט איהם און איז דערביי אַזוי גערוהרט, דאָס ער ציהט נאָכאַנאַנד מיט דער נאָז און שלינגט די טרעהרען. עס שטעהט דער אַלטער אברהם־לייזער, צוגעבויגט מיט אַן אויער צו זיין איידעם, די ברעגען פון זיין לאַנגער, ווייסער באָרד צונויפגענומען פון אונטען אינ'ם פויסט, הערט זיך צו צום בריעף, בעמיהט זיך ניט צו פערלירען קיין וואָרט, און אויף זיין פנים איז צוגאָסען אַ מינע פון פערוואונדערונג. עס לעזען מיט אַן אויפגערעגטען קול לאה'קעס שוועסטער דעם דאָזיגען בריעף און אין זייערע אויגען בלישטשען טרעהרען פאַר פרייד. עס פרעהט זיך אויך שלמה'קעלע, וועלכער איז פאַר דעם יאָהר לענגער, בלייכער, מאָגערער געוואָרען, אָבער געבליבען די זעלביגע ווילדע בריאה ווי פריהער. און פאַר שמחה הויבט ער אָן צו בעטען: „מאַמע, אַ קאָ־פּיקע!“ און מירקע פאַר פרייד גיט איהם טאַקע גלייך אַ קאָפּיקע און די אַנדערע קליינע קינדער גיט זי אויך היינט צו קאָפּיקעס אויף נאַשעריי. דאַן כאַפּט זי דעם בריעף און לויפט אוועק מיט אַ פלאַ־מענדיגען פנים אויפ'ן מאַרק צו געבען איהם לעזען די קרעמער.

און אין א ווײלע ארום שטעהט מאַטעל חנה־דבורה׳ס פאַר זײן קראַם און לעזט הויך אויפ׳ן קול דעם דאַזיגען בריעף, און מירקע שטעהט נעבען איהם און אַלע קרעמער און קרעמערקעס און די ווײבער פון די טישלעך, און אַלע הערען זיך צו צו דעם דאַזיגען בריעף מיט אָפענע מײלער און אויסגעגלאָצטע, פערוואונדערטע אויגען. מירקע שלינגט די ווערטער, שמײכעלט מיט התפעלות, ווישט די אויגען און יעדע ווײלע ברעכט זי אונטער מאַטעל׳ס לעזען: „אַי דאַנקען גאָט! איהר הערט? איהר הערט? נו, וואָס זאָגט איהר צו דערצו, האַ?..“

און די איבעריגע שאָקלען די קעפּ, שמאַצקען מיט די ליפּען און חידוש׳ן זיך:

— פּיש־ש־ש־ש! פּיש־ש־ש! אי־אי־אי!..

— „וואָס זאָל איך לאַנג ברײען“ — לעזט מאַטעל חנה־דבורה׳ס — „איך האָב דאָס אויף מײן לעבען גאָר ניט געזעהן, וואָס איך האָב בײ די שוואָגערס אין נעוויאָרק געזעהן. אויפ׳ן בריק ליעגען דאָ אַזוינע טהײערע זאַכען, וואָס הלואי אַזוינע האָט איהר בײ אײך אויפ׳ן טיש צו לעגען כאָטש יום־טוב. עס איז נור אַ פּערדראָס, וואָס מען טרעט אויף דעם מיט די פיס. און גאָלדענע שפּיעגלען שטעהען דאָ ביז׳ן באַלקען. און פון לאָמפּען איז דאָ אין גאַנץ נעוויאָרק קײן זכר ניטאָ. און בײנאַכט טהוט מען דאָ אַ קוועטש אין דער וואַנד, צינדען זיך אָן אַזוינע לבנות אין גלעזערנע פּעסעלעך, ווי אויפ׳ן שיף, וואו מיר זײנען געפאָהרען...“

— נו? — ברעכט זיך אונטער מאַטעל — האַ?...

— איהר הערט? — כאַפּט אונטער מירקע, און איהר גאַנצער פּנים אין אײן בעגײסטערטער שמײכעל.

— אי־אי! פּיש־פּיש־פּיש, — מאַכען די אַנדערע.

מאַטעל לעזט ווײטער:

„און די ווענד זײנען דאָ אַזוינע רויטע, סאַמעטענע, איך האָב אַ טאַפּ געטהאָן אַ וואַנד, איז זי אַזוי גלאַט און ווײך און איך האָב מיר געטראַכט: הלואי האָב איך אַזאַ רעטאַנדע“.

— גאָר ניט קײן נאַרישען יצר הרע האָט זי! — רופט זיך אָן דערבײ אײנע פון די קרעמערקעס.

— „און עסען עסט מען דאָ אַל־דאָס גוטס, פון פויגעל־מילך פעהלט דאָ ניט. געבראָטענע היהנער אין מיטען־וואָך און אַזוינע טהייערע מאכלים, וואָס איך קען זיי גאָר ניט אַלע אָנרופען...“

— אָט דאָס הייסט רויטשילדס! — ברעכט זיך אונטער ווידער מאָטעל און לעזט ווייטער:

„און די מויערען אין נעוויאָרק זיינען אַזוינע הויכע, אַז ווען מען פערדרייסט דעם קאָפּ, זעהט מען קוים דעם דאַך. און איבער די דעכער פליהען מאַשינען מיט מענשען, און די מענשען האָבען גאָר ניט מורא, און די שוואָגערס זאָגען, אַז קיינמאָל נאָך איז אַ מאַשינע ניט אַראָפּגעפּאַלען פון אויבען...“

— אי־אי־אי! פּיש־ש־ש! פּיש־ש־ש!...

— „און אונז האָבען די שוואָגערס גענומען אַ דירה, מעג אין איהר אפילו אַ גראַף וואוינען. זעקס חדרים אין אַ שעהנעם מויער. און אין דריי חדרים אויפ'ן בריק האָט מען ביי אונז אַוועקגעלעגט אַזאַ סאַראַטע מיט שעהנע קעסטעלעך און אין זאַל אויפן בריק אַ גרויסען שטיק סאַמעט מיט אויסגעמאָהלטע צוועטען. איך לאָז קיי־נעם אהין ניט אריין, מחמת איך וויל ניט, מען זאָל מיר טרעטען אויף דעם. היינט שטוהלען און קרעסלאָס און אַ קאָמאָדע און וואָס ניט האָט מען מיר אריינגעשיקט, אַזש עס בליאַסקעט נור פאַר די אויגען, און די שוויגער איז געבליבען וואוינען מיט מיר. און וואַסער איז דאָ אין שטוב. מען דאַרף נור אַ דרעה טהאָן אַ קראַן, געהט וואַסער פון די וואַנד. און קיין לאָמפּ דאַרף מען אויך ניט, ווייל אַז מען וויל עס זאָל זיין ליכטיג, טהוט מען אַ דרעה דאָ אַזאַ שרייפעל און מען לעגט צו צו איהם אַ שוועבעלע, ווערט ליכטיג. און קיין אויווען אויך ניט, אַז מען וויל קאָכען, טהוט מען אַ דרעה אַ שריי־פעל און עס ווערט באַלד פייער און מען שטעלט אויף דעם ארויף די טעפּלעך און די בעסטע מאכלים קאָכען זיך. און אָרע'ן האָבען די שוואָגערס אריינגענומען אין זייער אייזענפאַבריק וואו מען מאַכט אייזערנע באַלקאָנען און טרעפּ פאַר די מויערען, און צאָהלען איהם, דאַנקען גאָט, 20 דאָלאַר אַ וואָך, אויף אונזער געלד מאַכט עס גאַנצע 40 קערבלעך“.

— קרוינעלעך מיינע! — שרייט אויס איין קרעמערקע. — איך וועל זיך די באַקען צוקנייפּען!...

— לייענט ווייטער, ר' מאטעל! — שרייט מירקע מיט התפעלות און ווישט זיך די אויגען.

מאטעל לייענט ווייטער:

— יא, וואו האלט איך? „אויף אונזער געלד מאכט עס אויס גאנצע 40 קערבלעך און שפעטער, זאגען די שוואגערס, וועט ער נאך קריגען מעהר".

מירקע צובליפעט זיך:

— נו, הא? נו?

— „איך האף צו גאט, אז אין גיכען וועל איך אייך אלעמען אהער אריבערנעהמען. און די שוואגערס זאגען, אז אין נעוויארק זיינען פאראן א סך אידישע נאטשאלניקעס אויך..."

— דאס איז אמת, — שרייט אויס מאטעל. — דאס האב איך שוין לאנג געהערט, אז אידען האבען דארטען „פאלנע פראוועס"!

— טאקע? — מאכט איינער — אידישע אוריאדניקעס זיינען דארטען אויך דא?

— וואס דען? — שרייט מאטעל מיט זיכערקייט אינ'ם קול — אפילו אידישע איספראווניקעס!...

— אזוי?

— כדאי צו פערזעצען דאס ווייב און קינדער און פאהרען אהין.

— וויצעלט זיך איינער.

— און די מאנען אודאי, — ענטפערט איהם א יונגע קרעמערקע.

— איך האב נור מורא, אז בערל־איצע דער מלוה וועט אויף זיי קיין גראשען ניט וועלען געבען.

די איבעריגע ווייבער צולאכען זיך.

— סיידען דער גוי'אישער קיילער וואלט פאר זיי עפעס אויף טרפות געגעבען, — וויצעלט זיך א צווייטע פרוי.

— האטוי, ווייבער! — שרייט אויס א קרעמער, און מאכט צו זיי מיט ביידע הענד, אזוי ווי ער וואלט געגז געטריבען.

דאס געלעכטער ווערט נאך שטארקער. עס לאכען איצט אי די ווייבער, אי די מאנסביל.

מירקע שטעהט איצט מיט'ן בריעף אין דער האנד און נעהמט ניט קיין אנטהייל אין דעם דאזיגען שפאסען. עס פערדריסט איהר.

ווארום זיי ריידען ניט איצט וועגען איהר טאָכטער'ס גליקען. זי שטעהט נאָך א ווײַלע און דערנאָך מאַכט זי:

— און איך, אזא נאַר, האָב זי ניט געוואָלט לאָזען פאָהרען!...

קיינער האָט זיך אויף דעם ניט אָנגערופען. פאר קנאה האָט מען זיך געמאַכט, ווי מען האָט גאָר ניט געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט. האָט זי זיך צוגערוקט נעהנטער צו איין קרעמערקע, מיט וועלכער זי האָט זיך אַ גאַנץ יאָהר אַרומגעקריגט — צו עלקע חוה־דוואָשעס, אַ הויכע אידענע מיט אַ קורנאָסער נאָז און מיט אַ ווייסען הייבעל אונטער אַ רויטען, געבלומטען טיכעל, טראַכטענדיג ביי זיך: „זאָל זי טאַקע צופוקעט ווערען!" און געזאָגט:

— וואָס זאָגסטו, עלקע, און איך אזא נאַר, האָב זי ניט געוואָלט לאָזען פאָהרען!...

— וואָס מיינסטו? — האָט עלקע איהר געענטפערט מיט גאַל — אפשר האָט טאַקע דיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז זי זאָל ניט פאָהרען? אפשר... ווער ווייסט, וואָס פאַר אַן אונגליק עס קען איהר נאָך דאָרט טרעפען!...

אזש עס טהוט זיך ניט אַ כאַפּ מירקע אַן אָנגעצונדענע:

— טפוי! טפוי! טפוי! צו דיין קאָפּ! צו דיין לייב און לעבען! קורנאָסער שלאַנג דו, אָט ווער צופוקעט! אָט ווער צו־פּלאַצט! אהא! ווען טאָכטער פערדיענט 40 קערבלעך אַ וואָך? אהא? אָט פּלאַץ! פּלאַץ! פּלאַץ!

און זי לויפט אריין אין איהר קרעמעל. עלקע ענטפערט איהר, שילט צוריק. די אַנדערע וויבער ליאַרמען. די מאַנסביל לאַכען. מאָטעל שרייט: לעבעדיגער, עלקע, לעבעדיגער!

און אין מיטען דערינען שרייט אוים איינער:

— שאַ, דער אדון מיט די מעשענע קנעפּלעך געהט!...

דער אוריאַדניק געהט ארוים פון דעם אַפּטייקער'ס קראָם, שטעלט זיך אָפּ און קוקט אויף דעם טומעל נעבען די קראָמען.

און ווען דער אוריאַדניק פערשווינדעט, רופט זיך אַן מאָטעל פערטראַכט צו זיין שכן אַ קרעמער:

— און אין אמעריקא זיינען פאַראַן אידישע אוריאַדניקעס. ניטא דאָרטען קיין גלות. פאַלגנע פּראָוועס...

וואָכען לאַנג האָט מען פון דעם דאָזיגען בריעף אינ'ם שטעדטעל גערעדט און פון אַמעריקא, און פון די „פּאַלנע פּראָוועס“, און איינמאָל א שבת אין דער־פריה, ווען מאָטעל חנה־דבורה'ס האָט געכאַפּט שלמה'־קעלען אין בית־מדרש און געפרעגט: „נו שענע פּרי דו, וועסטו אויך פאָהרען קיין אַמעריקא?“ — האָט שלמה'קעלע איהם געענטפערט:

— אודאי. איך'ל דאַרטען זיין אַן אוראַדניק!...

* * *

אין יענער צייט איז איינמאָל אַריינגעקומען שלום'קע דער גוי צו שמערל דעם שוסטער אין דאָס שטיבעל אַריין, האָט א פּייף געטהאָן און מיט ביידע הענד א מאַך געטהאָן.

שמערל האָט דאַן געהאַלטען הילצערנע טשוועקלעך צווישען די ליפּען און אויפ'ן שוים א שוך מיט'ן אַבזאַץ אַרויף. האָט ער א קוק געטהאָן פערוואונדערט אויף שלום'קען, אַרויסגענומען די טשוועקלעך פון צווישען די ליפּען און רוהיג געפרעגט:

— וואָס איז?

— מיין ברכה'קע... — האָט ער געזאָגט מיט א פערשטיקט קול און געשמייכעלט אַזוי רחמנות'דיג — זי איז... טיו!..

ער האָט ווידער א פּייף געטהאָן און א מאַך געטהאָן מיט ביידע הענד.

— וואָס דיין ברכה'קע? רייד ווערטער...

— אין אַמעריקא נעכטען אַוועקגעפאָהרען.

— אין אַמעריקא? דיין ברכה'קע?..

— נו, יע, יע, ברכה'קע, מיין ברכה'קע... האָט זיך זניוכעט דאָרטען אין שטאָדט מיט א פּריקאַשטשיק א ממזר און ער האָט איהר דאָרטען דעם קאָפּ פערדרעהט מיט דער אַמעריקא, און שריי חי־וקים!.. איך בין געלאָפען אין שטאָדט אַריין מיט מיין גיטלען, געבעטען זיך ביי איהר, געוויינט: „וואָס הייסט אַמעריקא אין מיטען דערינען? טאַטע־מאַמען פערלאָזען, ברידער און שוועסטער, די גאַנצע וועלט? וואָס הייסט דאָס, א רוח אין דיין טאַטען אַריין? דו האָסט גאָר קיין רחמנות ניט?“ נור רייד צו דער וואַנד! אַוועקגעפאָהרען! און מיין גיטעל איז געקומען פון שטאָדט א דער'הרג'עטע, קוים וואָס זי האָט געזשאָוועט. איז געלאָפען איצט אויפ'ן בית־עולם צו איהר

מאַמע׳ן אויפ׳ן קבר... עד, זאָל זי כאָטש אָנקומען אהינצוצו בשלום...
דו הערסט, שמערל? א גרויסער ווערטאַג. קום, מיר וועלען נעהמען
אביסעל בראַנפען!..

שמערל האָט זיך אויפגעהויבען, אָפגעטרייסעלט מיט די שווארצע,
פערשמירטע הענד דעם שווארצען שירץ און געזאָגט:

— צו נעהמען אביסעל בראַנפען איז גראָד קיין נארישקייט ניט!
אָבער וואָס דיך פערדריסט, וואָס זי איז אוועקגעפאָהרען, אָט דאָס,
זעהסטו, איז אַ גרויסע נארישקייט, שלום׳קע! איך האָב מיר זיך
אזוי גוט צולעגט די אַמעריקא און איך פערשטעה, אז מען מעג פאָהרען
אהינצוצו.

— ביזט משוגע, שמערל? וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! איך האָב שוין לאַנג געהערט וועגען אַמע־
ריקא, אַז דאָרטען קומט מען צו אַ תכלית. און זינט לאה׳קע מירקע
אברהם־לייזער׳ס איז אהינצוצו אוועקגעפאָהרען און שרייבט אזוינע
בריעף, געהט מיר אַמעריקא ניט ארוים פון זינען. איך טראַכט מיר
די גאַנצע צייט: שמערל, וואָס וועט זיין דער תכלית פון דיין פעקעל?
דריי בנים, פיער מוידען. די בנים — איינער געהט ארום גאָר פוסט
און פּאָס, ביז וואַנען מען וועט איהם צונעהמען אין סאָלדאַטען;
איינער אַ בלעבער, פערדיענט אַ פולע מיט אַ ביסעל, קיין וואַסער
אפילו ניט אויף קאַשע; דער דריטער, כלומרשט אַ הענדלער, פרוט־
האַלבען גראָשען פערדיענט ער פון זיינע מסחורים — און דער פער־
טער — מעג איהם דער קאַדיק צונעהמען! — איך האָב איהם אויס־
געלערענט די שוסטעריי, איז ער אַ שוסטער, ווי איך בין אַ רב. יעדען
טאָג קריגט ער אין קאָפּ מיט׳ן קאָפּיל. איז עס אָבער אַ תכלית?
אפשר וואָלט ער זיך דאָרטען צו עפּעס אַנדערש צוגעשלאָגען? מען
זאָגט, אַז אַמעריקא איז אַ כרך גדול, נאָך גרעסער ווי ראַסיי... אַז
אַ איד וואָלט געמאַגט פאָהרען אין טיעף ראַסיי, וואָלסטו ניט גע־
פאָהרען אהינצוצו?...

— אָבער טיעף ראַסיי איז דאָך ניט אונטער דר׳ערד...

— אויך אַ דאגה... „פּאַפּקע" איז דאָרטען דאָ צו קייען? וועגען
די בנים דאַרף מען דאָרטען ניט דאגה׳נען? אַ איד האָט דאָרטען „פּאָלנע
פּראַוועס"? מיידלעך נדן דאַרף מען דאָרטען ניט געבען? היינט

וועמען אארט עס, צו איז עס אין דר'ערד צי אונטער דר'ערד, אבי דארטען איז הי־געלעבט?

— און דאס, וואס איך וועל שוין קיינמאל מעהר ניט זעהן מיין ברכה'קען און וואס זי וועט מיך קיינמאל ניט זעהן, ניט אפילו מיין קבר, אז איך וועל שטארבען, הא? — האט שלום'קע מיט טיפען אומעט ארויסגערעדט.

— נו, אפשר וועסטו אויך אמאל פאהרען צו איהר מיט דיינע אנדערע קינדער?

— איך? רעדסט דאך טאקע עפעס ווי א בהמה, שמערל! איך וואלט קיינמאל אהינצוצו ניט געפאהרען, ווען איך ווייס אפילו, אז איך וועל דארטען נתעשר ווערען. דא אינ'ם שטעדטעל האט מיין טאטע געלעבט, מיין זיידע און עלטער־עלטער־זיידע, מיר צו לאנגע יאהר, און דא אויפ'ן בית־עולם ליעגען זיי און איך'ל דארטען אויך ליעגען, נאך הונדערט און צוואנציג יאהר...

זיי זיינען אריין אין א הויז און האבען בעשטעלט א „האלב קווערטעל". ווען זיי האבען אויסגעטרונקען, איז שלום'קע געווארען נאך אומעטיגער, האט זיך אין הארצען געקלאפט און געכליפעט:

— מיין אויג פונ'ם קאפ איז זי געווען ביי מיר און איך'ל זי מעהר קיינמאל ניט זעהן!..

און שמערל איז געווארען פרעהליכער, האט זיך פלוצים צוגע־בויגט צו שלום'קען און איהם איינגערוימט א סוד:

— איך פערקויף מיין שטיבעל און ריכט אויס קיין אמעריקא מיינע עלטסטע צוויי בנים און כיענקע'ן, לעבען זאלען מיר אזוי ביידע!..

און דערביי האט ער איהם מיט התפעלות א האק געטהאן איבער'ן אקסעל מיט זיין שווארצער, פערשמירטער האנד.

.20

## דאָס שטעדטעל וועלקט.

אין צוויי חדשים שפּעטער האָט דאָס שטעדטעל ווידער געקאָכט מיט נייעס וועגען אַמעריקאַ. מירקע'ס זוהן דער סאָלדאַט איז קיין אַמעריקאַ אַפּגעפאָהרען פון דער שטאָדט, וואו ער האָט געדיענט, און שלום'קע האָט בעקומען זעהר אַ פרעהליכען בריעף פון זיין ברכה'־קען, אַז זי מיט איהר חתן אַרבייטען אין אַ העמד־פאַבריק און פער־דיענען שטיקער געלד. איצט איז שוין שלום'קע אַרומגעלאָפען מיט ברכה'קעס בריעף צווישען די קרעמער אויפ'ן מאַרק און אין בית־מדרש, האָט איהם געגעבען יעדען לייענען און צופריעדען געשמיי־כעלט, בעת דער עולם האָט פערוואונדערט געאַיקעט און מיט די ליפּען געשמאַצקעט... איצט האָט דאָס שטעדטעל נאָך מעהר גע'חלום'ט פון אַמעריקאַ. טאַטע־מאַמעס האָבען אויף זייערע ערוואַקסענע זיהן גע־היימניספּול געקוקט און זיך גע'סוד'עט. חייקע מאַטעל חנה־דבורה'ס האָט שטילערהייט אַ בריעף אָנגעשריבען צו איהר אַמאָליגער חבר'טע לאה'קען און זי געבעטען, זי זאָל איהר אַן עצה געבען, צי זאָל זי אויך פאָהרען אָדער ניט. דעם בריעף האָט זי איבערגעגעבען מירקע'ן, זי זאָל איהם אין איינעם מיט איהרען אוועקשיקען. און שמערל דער שוסטער האָט טאַקע זיין שטיבעל פערקויפט...

* * *

עס איז געווען אַ קאַלטער, אומעטיגער, רעגענדיגער טאָג באַלד נאָך שמחת תורה. אויפ'ן אידישען בית־עולם איז געשטאַנען שמערל דער שוסטער, אָנגעשפּאַרט אויף אַ מצבה, און נעבען איהם זיינע צוויי עלטסטע זיהן און זיי אַלע האָבען געשלונגען די טרעהרען. דערביי איז געלעגען די שענע כיענקע מיט אַ גרויסער פאַטשיילע אויף די אַקסלען איבער אַ קבר און האָט הויך געליאַרעמט:

— מאַמע! מאַמע! איך און דיינע זיהן יאַשקע און לייזער פערלאָזען דיך. מיר פאָהרען אַזש קיין אַמעריקאַ, זעהר ווייט פון דאַנען. מאַמעלע! אַי מאַמעלע הארציגע, בעט דאָרטען גאָט, אַז דיינע קינדער זאָלען חלילה ניט פערלאָרען געהן אויפ'ן ווייטען וועג!...

שמערל האָט דאָ פּלוצים ווי אַן אַקס, זיך צורעוועט, איז צוגע־פאַלען מיט'ן שטערן צו דער מצבה און האָט אויפגעציטערט מיט די אַקסלען. און אַרום האָט דער הערבסט־ווינד געיאָמערט און די בוי־מער, פון וועלכע די לעצטע בלעטער זיינען טויטע אויף די קברים געפאַלען, האָבען זיך געבויגען און געקרעכצט.

ווען כיענקע האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר מאַמע'ס קבר און אַרויפגעטהאָן די גרויסע פאַטשיילע איבער איהר שענעם קאָפּ, האָט שמערל דאַן זיך איינגעבויגט צום קבר, געקוקט אויף איהם און אַ לאַנגע צייט אַ וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען, האָט נור די ליפּען בעוועגט. דערנאָך אָבער האָבען זיינע קינדער דערהערט זיין פער־שטיקט קול:

— זעלדע... אונזערע קינדערלעך, אונזערע עופה'לעך... איך האָב זיי געהייסען פאָהרען... דו פערשטעהסט דאָך אונזערע אַבסטאַיאַטעלסטוועס אַקוראַט?.. דריי בנים.... וואָס וועט דאָ פון זיי ווערען? עפּעס אַ תכלית? און די פיער בתולות? נדן — אַ מכה. איינע גרעסער ווי די אַנדערע. מען קען זיי עפּעס איינהיטען?. דאַרטען וועט זיי גאָט צושיקען חתנים אָהן אַ גראָשען... זעלדע, זאָלען זיי פאָהרען געזונטערהייט. נו, וואָס קען מען זיך העלפען, נאַרעלע? ניט גוט? נו, מילא... צוליעב לייבליכע קינדער מוזען מיר ליידען, נאַרעלע!.. טהו זיך דאַרטען אַ סטאַרע פאַר זיי. כלאַ־פּאָטשע זיי אוים עפּעס אַביסעלע מזל. דערפאַר, אַז גאָט וועט זיי דאַרטען העלפען, וועלען זיי צושיקען געלד אויף אַ נייער מצבה פאַר דיר... זעלדע, איך בעט דיך, דו ביזט דאָך זייער לייבליכע מאַמע, טהו זיך אַ סטאַרע פאַר זיי...

שפּעטער אין צוויי טעג, ווען כיענקע מיט איהרע צוויי ברידער זיינען געזעסען אויף חיים דעם קאָמיסיאָנער'ס וואָגען, וועלכער האָט זיי געדאַרפט אָפּפיהרען אין דער גרויסער שטאָדט, פון וואַנען זיי האָבען געזאָלט אָפּפאָהרען קיין אַמעריקאַ, איז דאָס גאַנצע שטעדטעל אַרום וואָגען געווען. און כיענקע האָט זיך מיט אַלע ווייבער און מיידלעך געקושט. און מירקע האָט געשריען: „זאָלסט־זשע, כיענקע־לע, למען השם, ניט פערגעסען אָפּצוגעבען אַ גרוס מיינע קינדער. דעם אַדרעס זייערען האָסטו דאָך!" און חייקע האָט געשריען:

„זאָג דאָרטען אַז אין אַמעריקאַ, אַז איך'ל אויך דאָרטען באַלד זיין!“ און די אנדערע מיידלעך האָבען אויך געליאַרעמט: „מיר זאָלען זיך זעהן געזונטערהייט אין אַמעריקאַ!“ נור איין שמערל איז געשטאַנען צוטומעלט נעבען וואָגען און האָט געשוויגען.

און ווען די קינדער זיינע האָבען זיך מיט איהם נאָך אַמאָל צו־קושט, האָט ער אַלץ גאָר נישט ניט גערעדט, האָט נור אַ פייף גע־טהאָן מיט דער נאָז און גענומען בייסען די ליפּען.

נור ווען דער וואָגען האָט זיך פונ'ם אָרט געריהרט, האָט ער זיך אַ ציה געטהאָן נאָך איהם, אַ לאָף געטהאָן נאָך איהם מיט וואַקלענ־דיגע טריט, האָט זיך פּלוצים אָבגעשטעלט, געקוקט מיט פינטעל־דיגע אויגען אויפ'ן וואָגען און געזויגט עפּעס אַזוי מאָדנע מיט די ליפּען. דאַן, ווען דער וואָגען מיט זיינע קינדער זיינען דאָרט פער־שוואונדען אין דער הערבסט כמאַרע, האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן צו עטליכע אידען און אידענעס, וואָס זיינען דאָ געבליבען שטעהן און האָבען געשמועסט וועגען אַמעריקאַ, האָט אויסגעשטעלט צו זיי זיינע ביידע פערשמירטע הענד און אַרויסגערעדט צוטומעלט:

— אפשר... הא?.. אפשר ניט געדאַרפט זיי לאָזען, הא?.. אוים!.. אוועק!... פערפאַלען!... קינדער... אייגענע בלוט און פלייש... דריי אברים מיט אַמאָל אָבגעשניטען... הא?

און ער איז אוועקגעגאַנגען מיט וואַקעלדיגע טריט און מיט אַן אַרונטערגעלאָזטען קאָפּ.

איבער'ן הימעל האָבען זיך אומעטיגע וואָלקענס געטראָגען. אַ קאַלטער רעגען האָט אויפ'ן שטעדטעל גענומען גיסען. דאָס לעבען אינ'ם וואַלד האָט גע'גוסס'ט, דאָס לעבען אינ'ם שטעדטעל האָט גע־וויאַנעט...

* * *

אה, וואָס פאַר אַ יום־טוב איז דאָס געוועזן ביי שמערל דעם שוסטער, בעת ער האָט בעקומען דעם ערשטען בריעף פון אַמעריקאַ! דאָס איז געוועזן אין צוויי חדשים שפּעטער, דאָס שטעדטעל איז בע־דעקט געוועזן מיט שנעע און דער הימעל איבער'ן שטעדטעל האָט געפלאַקערט פונ'ם פראָסט.

זיינע קינדער האָבען געשריבען, אַז ברכה'קע מיט איהר חתן האָבען זיי אריינגענומען אין די העמדען־פאַבריק, וואו זיי האָבען געאַרבייט, און יעדער פון זיי פערדיענט, דאַנקען גאָט, מעהר ווי זיי האָבען זיך געריכט. דהינו: יאָשקע 7 דאָלאַר, דאָס הייסט 14 קערבלעך א וואָך. לייזער — 12 קערבלעך און כיענקע אויך 14 קערבלעך. דערביי האָבען זיי אויך געשריבען, אַז ברכה'קע מיט איהר חתן פערדיענען נאָך מעהר און לאה'קע מירקע אברהם־לייזער'ס ווערט דאָרט גאָר נתעשר, ווייל איהר מאַן ארבייט ביי זיינע רייכע ברידער אין דער פאַבריק. אויך איז לאה'קעס ברודער, וואָס האָט געדיענט, געקומען צו א שענעם תכלית. ער ארבייט אויך ביי לאה'קעס שוואָגערס אין דער פאַבריק און פערדיענט שטיקער גאָלד, מען זאָגט, יאַקבי, אַז פיער און צוואַנציג קערבלאַך א וואָך.

שמערל האָט דאַן דעם גאַנצען טאָג ניט געאַרבייט פאַר שמחה, האָט אויפגעזוכט שלום'קע דעם גוי, און ביידע האָבען זיך עטליכע מאָל געזאָגט לחיים. דאַן זיינען זיי ביידע אוועק צו מירקע אברהם־לייזער'ס אין דאָס קרעמעל, ווייל מיט איהר, מירקע'ן האָבען זיי זיך איצט געפיהלט ווי שטיקלאַך מחותנים — אַמעריקא האָט זיי מתחתן געווען — און מירקע האָט א רוף געטהאַן מאַטעל־חנה־דבורה'ס און ער האָט געלעזען דעם בריעף, און דערנאָך האָט מירקע א רוף געטהאַן אַלע קרעמער און קרעמערקעס, און מאַטעל האָט נאָך אַמאָל פאַר אַלעמען דעם בריעף געלייענט, און מירקע'ס פּנים האָט געשיינט פאַר הרחבה און זי האָט אַלץ געשריען מיט התפּעלות: „נו הא? נו הא? איצט גלויבט איהר שוין, אַז מיין טאָכטער, זאָל לעבען, איז דאָרטען אַן עושר'טע?" און שמערל דער שוסטער האָט שיכור'לעך געקלאַפּט יעדען קרעמער אויפ'ן אַקסעל, געלאַכט און געשריען: „איך פאָהר אויך אהינצוצו מיט אַלע מיינע ציפּליאַטקעס, לעבען זאָל איך אַזוי מיט אייך אַלעמען!" און שלום'קע, אויך שיכור'לעך, האָט איהם איבערגעשריען: „אַבער וואָס זאָגט איהר צו מיין ברכה'קען? און איך האָב זי ניט געוואָלט לאָזען פאָהרען. אי, א רוח אין מיין טאַטען, שעביטאַטען אריין!"

און ווידער האָבען די קרעמער און די קרעמערקעס געשאָקלעט פערוואונדערט די קעפּ, געשמאַצקעט די ליפּען און געאַייקעט, און

זיי אַלע האָבען מקנא געווען מירקע'ן, שמערלען און שלום'קען, און במעט יעדער פון זיי האָט ביי זיך געטראַכט: „געדאַרפט מיינע אַהינ־צוצו אויסריכטען!...“

* * *

פאַר פסח איז אין דאָס שטעדטעל אָנגעקומען דאָס ערשטע געלד פון אַמעריקאַ. שמערל האָט בעקומען 15 קערבלאַך, שלום'קע — צעהן און מירקע — 25 מיט אַ בריעף נאָך דערצו פון לאה'קען, אַז זי שיקט באַלד ארויס צוויי שיפס־קאַרטען מיט אביסעל געלד אויף רייזע הוצאות פאַר מירקע'ס אַנדערע צוויי ערוואַקסענע טעכטער. דאָס האָט נאָך מעהר רושם געמאַכט אין'ם שטעדטעל, האָט נאָך מעהר צובערענט דאָרט דעם חשק צו אַמעריקאַ. פאַר די אַלע דאָזיגע איינ־וואָהנער פון'ם שטעדטעל, וועלכע האָבען אַ גאַנצען יאָהר געוואַרט אויף דעם גרויסען פּרנסה־טאָג פון'ם יאַריד, האָט זיך אַמעריקאַ איצט געמאָלען ווי איין שטענדיגער גרויסער יאַריד, וואָס האָט זיך געצויגען דורכ'ן יאָהר. מאָטעל חנה־דבורה'ס האָט טאַקע געזאָגט:

— דאָ ביי אונז קריכען ארויס די אויגען פון קאָפּ, ביז מיר דערלעבען דעם יאַריד, און דאָרטען, אפנים, איז אַלע טאָג אַ יאַריד און מען זעהט אָנעט אַ קערבעל.

* * *

אין אַ שענעם טאָג נאָך שבועות האָט דער אידישער בית־עולם ווידער געהילכט מיט ווייבערשע יללות. אויף איין קבר איז דאָרט גע־לעגען מירקע און געבעטען מיט יללות איהר מאַמען, זי זאָל זיך דאָרט משתדל זיין פאַר איהרע אַנדערע צוויי טעכטער, וואָס דאַרפען זיך שלעפּען איבער ימים גרויסע, איבער מדבריות וויסטע. אויף אַ צוויי־טען איז געלעגען נחום חנה־דבורה'ס ווייב, האָט זיך געריסען דעם הייבעל פון'ם קאָפּ, געקלאַפּט מיטביידע הענד אויפ'ן קבר און אימה'דיג געיאָמערט: „מאַמע, מאַמע, מיין חיה'קעלע, די קרוין פון מיין קאָפּ, רייסט מען פון מיר אוועק!“ און דאָרט ווייטער זיינען געלעגען אַנ־דערע דריי פרויען אויף קברים און האָבען דערמאָנט אַמעריקאַ אין זייערע יללות, און איינע פון זיי האָט אַמעריקאַ געשאָלטען מיט ביי־טערע קללות: „אויסגערונען און אויסגעשוואומען האָט זי דאָרט

געמעגט ווערן, אָט די אמעריקאַ, איידער מען האָט זי גאָר אויס־געטראַכט, וואָלט מיין רחל׳ע, דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון מיינע אויגען, איצט איהרע יונגינקע ביינדעלעך אהינצוצו ניט פערשלעפּט, ווינד און ווינד איז דער מאַמען!..."

* * *

עס לויפען די חדשים איינער נאָכ׳ן אנדערען — איין יאָהר לויפט פערביי און נאָך איין יאָהר, און דער לעבעדיגער שטראָם פון׳ם שטעדטעל נאָך אמעריקאַ טראָגט זיך נאָך, טראָגט זיך שטאַרקער און ברייטער. איינער שלעפּט מיט דעם אנדערען, איינער ציהט זיך נאָכ׳ן אנדערען — שוועסטער, ברידער, קינדער, עלטערען... דאָרט, אין יענער אונבעקאַנטער מדינה, האָט דער איד חיונה און „פּאַלנאַ פּראַ־וועס", דאָרט זיינען די קינדער זיינע פערזאָרגט, זיינע זיהן און זיינע טעכטער...

דאָ און דאָרט שטעהט אויפ׳ן מארק אַ צוגעמאכטע קרעמעל, ווי אַ מצבה נאָך די מענשען וואָס האָבען יאָהרען לאַנג דאָרט געלעבט און געזאָרגט. אונטער׳ן וועטער־דאַך געגען די קרעמלאַך איז ניטאָ ראשקע די אלמנה מיט איהר טישעל נאַשעריי, יאַכע די סאַלדאטקע מיט איהרע בייגעל, ביילע די קורנאָסע מיט איהר קוואַס — זיי אַלע זיינען ביי זייערע קינדער אין אמעריקאַ. ווענינ קינדער זעהט מען אויף די גאַסען. זעלטען טרעפט מען אַן ערוואַקסענע מיידעל. און די בחורים, וואָס מען טרעפט, זעהען עפּעס אויך אויס אנדערש — לע־בעדיגער, פרעהליכער. אַן אנדער בחור האָט די פאות אונטערגע־שאָרען און געהט אַרום מיט אַ שטעקעלע, און זעהען אַזאַ בחור די שטעדטעלדיגע, ווייסען זיי שוין פון זיינע אונטערגעשאָרענע פאות און שטעקעל, אַז ער פאָהרט קיין אמעריקאַ.

* * *

געהט איבער׳ן שטעדטעל אַ הויכער, דארער איד, מיט אַ שפּיציג גרעל בערדעל, און קוקט צוטראָגען אויף אַלע זייטען, שטעלט איהם אָפּ דער אלטער חיים, דער קאָמיסיאָנער:

— פון וואַנען, זעליג?...

—אָט, אויפ׳ן בית־עולם געוועזן, ר׳ חיים... געזעגענט זיך...ווער ווייסט, אויב איך׳ל נאָך אַמאָל זעהן מיין טאַטע־מאַמע׳ס קברים — זאָגט ער אומעטיג און צוטראָגען.

— ווען פאַהרסטו?

— מאָרגען איה"ש...

ער טהוט אַ זיפץ, קוקט זיך אום אויף אַלע זייטען, אויפ'ן הימעל און אויף דער ערד, אזוי ווי ער וואָלט דאָס גאַנצע שטעדטעל אין זיך געוואָלט איינזויגען און מיטנעהמען. דערנאָך רעדט ער ווייטער מיט טיעפער בענקעניש אין'ם קול:

— איך האָב ניט געוואָלט, ניט געוואָלט פאַהרען. עס איז אַזוי שווער זיך אָפּצורייסען פון דער היים. אמת, קיין האָניג האָט מען דאָ, ברוך השם, קיינמאָל ניט געלעקט, אָבער אַ היים איז פאָרט אַ היים. מיין עלטער-זיידע נאָך איז דאָ אין'ם שטעדטעל געבאָרען געוואָרען. מה-דאָך ר' חיים, אַ קאַץ צי אַ הונד איז שווער אָפּצורייסען פון אַ שטוב, וואו זיי האָבען זיך אויפגעהאָדעוועט, הײַנט אַ פשיטא שוין אַ מענשען, להבדיל... אָבער וואָס קען מען זיך העלפען? די קינדער, זאָלען געזונד זיין, זיינען דאָרטען, ווילט זיך זיין נעבען זיי...

— יע — רופט זיך אָן דער אַלטער חיים און טהוט אַ זיפץ — עס ווילט זיך טאַקע זיין נעבען זיי, אָהן קינדער איז מען ווי אַ פערדאָרטער בוים, וואָס פון איהם האָט מען די צווייגען אָראָפּגעבראָכען, די בלעטער אָראָפּגעריסען. אָבער פאָהרען צו מיינע וויל איך שוין ניט. איז בין שוין באַלד אַ בן שבעים, זעליג, מיט איין פוס אויפ'ן עולם האמת... אַז איך וואָלט געווען אַזאַ יונגער מאַן, ווי דו, וואָלט איך אפשר אויך געפאָהרען. מילא, זאָלען זיי דאָרטען זיין גליקליך אָהן מיר. אַ דאַנק גאָט כאָטש דערפאַר, וואָס זיי איז דאָרטען גוט און האָבען מיך אין'ם זינען. יעדען חודש קריג איך פון זיי געלד, דאַנקען גאָט. נו, פאָהר געזונטערהייט, זעליג. גאָט זאָל דיר אַהינצוצו ברענגען בשלום.

— זייט געזונד, ר' חיים...

— וואַרט, זעליג! איך האָב צו דיר אַ שטיקעל בקשה. איך האָב שוין וועגען דעם אפילו געשריבען מיין דוד-לייב'ן, אָבער עס וועט ניט שאַדען, אַז דו וועסט איהם דאָס נאָך אַמאָל דערמאָנען. זאָג איהם, אַז ער זאָל ניט פערגעסען, אַז זיין טאַטע, זיין זיידע עליו השלום, אונזער גאַנצע משפחה, זיינען געווען עהרליכע, פרומע אידען און ער זאָל למען השם זעהען, אַז זיינע קינדער זאָלען אויך זיין אידען. זאָג

איהם דאָס, זעליג, ווייל ער שרייבט מיר, אַז זיינע קינדער געהען דאָרטען אין קלאַס... דו פערשטעהסט, האַ?

ער האָט בעטריבט א שאָקעל געטהאָן דעם ווייסען קאָפּ און א זיפץ געטהאָן. זעליג האָט איהם געענטפערט אויך מיט א זיפץ:

— איך וועל איהם דאָס אודאי זאָגען, ר' חיים. זייט געזונד.

— פאָהר געזונטערהייט...

* * *

עס שטעהט א בלייך אינגעלע, א יאָהר זעקס אַלט, מיט א פערברודיגטען עק, און רעדט צו א מיידעלע אין זיינע יאָהרען, מיט א שוואַרץ-געקרויזט קעפּעלע און גרויסע, שוואַרצע אויגען:

— איטקעלע, אהא, איך האָב טאַקע א נייעם גאַרניטערל.

— וואו?...

— אין'ם שטוב. אין'ם אַלמער. די מאַמע זאָגט, אַז אין „אַמע-ריקאַ" וועל איך איהם אָנטהאָן, אהא!...

— און מיין מאַמע וועט מיר קויפען נייע שיכעיעך און א נייע קייעדיע אין אַמיעקע — רעדט זי ניט שאַרף — איציק'ל, וועסט זיך מיט מיר שפּיען אין אַמיעקע?

— יע. און איך'ל דיר געבען דאָרטען אַלע טאָג א שטיקעל פּלעצעל.

— און צוקעיקע אויך?

— יע, צוקערקע אויך.

— א גאַנצע, איציק'ל?

— א שטיקעל, אָט אַזאַ שטיקעל — ווייזט ער איהר אויף א פינגער.

— גוט — איז זי צופריעדען.

* * *

אזוי זיינען פערשוואונדען פון'ם שטעדטעל בעקאַנטע פּנים'ער איינער נאָכ'ן אַנדערען, ווי בלעטער פון א בוים אין הערבסט, ווי דאָס לעבען פון'ם וואַלד אין א הערבסט-שטורם. שמערל דער שוסטער איז שוין לאַנג אין אַמעריקאַ אוועק מיט אַלע זיינע קינדער. מירקע אברהם-לייזער'ס און איהר מאַן מיט די איבעריגע קינדער זיינען

אויך אהין אוועק. דער אַלטער אברהם־לייזער איז נור פערבליבען. אויך מאַטעל חנה־דבורה'ס מיט זיין גאַנצער הויז־געזינד איז שוין אין אַמעריקע געווען. אפילו דער לעהרער איז אויך מיט אַ מיידעל פון'ם שטעדטעל קיין אמעריקא אוועק. בערל־איצע דער מלוה האַט אין אַן אנדער שטעדטעל ארויסגעצויגען, ווייל אַמעריקא האַט איהם די גאַנצע פּרנסה אונטערגעשלאַגען. דער אפּטהייקער האַט זיך אויך געקליבען ארויסצופאָהרען אין אַן אַנדער שטעדטעל און דער אוריאַדניק איז גאַר ניט צופריעדען געווען פון דעם, וואָס אמעריקא איז ווען־עס־ איז ענטדעקט געוואָרען...

אויסער שלום'קע דעם גוי, זיינען נור אַלטע אידען מיט זייערע ווייבער אין'ם שטעדטעל פערבליבען, און זיי אַלע האָבען געלעבט מיט דעם געלד, וואָס זיי האָבען פון אַמעריקא בעקומען...

* * *

נאָך עטליכע יאָהר זיינען אוועק. עס איז געווען אַ שענער טאָג באַלד נאָך שבועות, דער יאַריד־טאָג. אין'ם שטעדטעל איז געווען שטיל: דער יאַריד האָט אויך ארויסגעצויגען אין אַן אַנדער שטעדט־ טעל. דער מארק האָט אויסגעזעהן ווי אַ בית־עולם, די צוגעמאַכטע קרעמלאַך, ווי מצבות. אונטער'ן ווערטער־דאַך זיינען געלעגען ציעגען, און אַ חזיר האָט זיך דאָרט אַן דער וואַנד געריבען.

דאָס רוישען פון'ם וואַלד האָט זיך געהערט, און דאָס סוויסטשען פון פויגעלאַך, ווי אויף אַ שטילען בית־עולם. איבער'ן שטעדטעל האָבען זיך בעוועגט אַלטע אידען און אידענעס, איינגעהויקערטע, מיט שטילע טריט און מיט שטילע זיפצען. אַנדערע פון זיי האָבען זיך דער־ מאָנט אַן דעם יאַריד, וואָס פלעגט אַמאָליגע צייטען זיין אין דעם טאָג, און זיי האָבען געקרעכצט:

— אַ תכלית געוואָרען פון אונזער שטעדטעל!...

דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט מען איצט געקענט פערגלייכען צו אַ מושב־זקנים אַנשטאַלט, וואו אַלטע לייט האָבען אויף זייער טויט געוואַרט... פון דעם הויז, וואו דער אַלטער רב ר' אברהם'לע האָט געוואָהנט, האָט זיך זיין גמרא־ניגון געהערט.

אויף זיין פּריזבע איז געזעסען שלום'קע דער גוי, מיט זיין ווייב גיטעל, און זיי ביידע האָבען געקוקט אויף אַ בילד פון זייער צווייטען

אייניקעל, וואָס זייער טאָכטער ברכה'קע האָט זיי צוגעשיקט, און גיטעל האָט געכליפּעט:

— אַז איך זאָל האָבען פליגלען, וואָלט איך אהינצוצו געפלויגען. צופוס וואָלט איך אהינצוצו געלאָפען, אָנצוקוקען זיי...

— האַטוי, אידענע — האָט שלום'קע געבורטשעט — וויינט — אַזאַ שענער אייניקעל, אַזאַ ליאַלקע, פרעהען זיך דאַרפסטו און ניט וויינען!

— אָבער איך וואָלט איהם וועלען זעהען מיט מיינע אויגען, אַ וועהטאָג איז מיר! אָנקוקען איהם, הערען, ווי ער זאָגט מיר באָבע, ווינד און וועה איז מיר!...

— מאַלע־וואָס... איך וואָלט אויך וועלען!

ער האָט אַ זיפץ געטהאָן.

— שלום, וואָס איז אונזער לעבען אהן די קינדער?

— אַ שמעק טאַביק, גיטעל...

— אַז מען נעהמט צו ביי אַ קאַץ איהרע קעצעלאַך, וויינט זי און זוכט זיי...

— אמת, גיטעל. אָבער אַזוי איז שוין בעשערט און טאָלקעווע ניט אומזיסט...

ער האָט זיך אויפגעהויבען מיט'ן בילד, אָנגעקוקט עס נאָך אַמאָל און פלוצום האָט ער צו דעם אַ שמאַצקע געטהאָן מיט די ליפּען:

— אָה דו, שגץ איינער, קענסט מיך ניט, האַ? איך בין דיין זיידע, יונגאַטש!...

ער האָט זיך שטיל צולאַכט, אַ וויש געטהאָן מיט דער הוילער האַנד אַ טרעהר פון די אויגען און איז אין זיין שטיבעל אריין.

גיטעל איז געבליבען זיצען אויף דער פריזבע און האָט שטיל געוויינט.

* * *

גדליהו דער קרומער איז געגאַנגען פון הויז צו הויז מיט אַ בריעף אין דער האַנד און האָט זיך געבעטען, מען זאָל איהם זאָגען, וואָס מיינען דאָרט עטליכע ווערטער, וואָס ער האָט ניט פערשטאַנען. ער איז אויך אריין צו דעם אַלטען אברהם־לייזער, וועלכער איז געזעסען ביים טיש און האָט תהילים געזאָגט.

— זאָגט מיר נור, ר' אברהם־לייזער, אייערע קינדער שרייבּען אייך אָפט, אפשר ווייסט איהר, וואָס דאָס מיינט: „איך בין א־אַ־לע־רייט?"...

דער אַלטער אברהם־לייזער האָט נור די אַקסלען אַ דריק געטהאָן און געזאָגט ווייטער מיט אַן אומעטיגען ניגון זיין תהילים. דאַן איז גדליהו אוועקגעלאָפען צום אַלטען רב מיט'ן בּריעף, אָבער יענער האָט אויך ניט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט „אָל רייט"...

שפּעטער זיינען זיי אַלע אין די בתי מדרשים געגאַנגען מיט שטילע טריט, מיט שטילע זיפצען און האָבען געדאַווענט דאָרט שטיל מיט אַלטע, געבּראָכענע שטימען, מיט טויטע ליפּען. קיין לעבּעדיגען, יונגען קול האָט מען אין די בתי מדרשים ניט געהערט, אַזוי ווי שאָטענס פון לעבּעדיגע וואָלטען דאָרט מתפלל געווען...

און צווישען מנחה און מעריב האָבען זיי גערעדט צווישען זיך וועגען זייערע קינדער, זייערע נייע אייניקלאך, פון זייערע שניר, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט, פון זייערע אונבּעקאַנטע איידימס, פון די דורות וואָס זיינען פון זיי געוואָקסען, דאָרט ערגעץ אין יענער אונבּעקאַנטער מדינה הינטער אַלע ים'ען, אַזוי ווייט, אַזוי ווייט פון זיי און דאָך אַזוי נאָהענט, און זיי האָבען געזיפצט און אַזוי געבּענקט, געבּענקט...

* * *

איינמאָל האָט דער אַלטער רב געשיקט רופען צו זיך עטליכע אידען און זיי געלאָזט וויסען מיט טרעהרען אין'ם קול:

— אידען, אַ בּריעף האָב איך בּעקומען, אַ מורא'דיגע בּשורה. מען הרג'עט אוים אונזער פאָלק. פּאָגראָמען. מאָרגען האָבען מיר אַ תענית...

אַלע אידען אין'ם שטעדטעל האָבען געפאַסט און תהילים געזאָגט. און מורא האָבענדיג אויף פאַר אַ פּאָגראָם אין'ם שטעדטעל, איז דער רב מיט נאָך אַ פּאָר אַלטע צום אוראַדניק אוועק.

— שרעקט זיך ניט — האָט דער אוראַדניק זיי געענטפערט — דאָ וועט קיין פּאָגראָם ניט זיין. וועמען וועט מען דאָ שלאָגען?...

ווען דער רב מיט די אידען זיינען פון איהם ארויס, האט ער, דער רב, זיך אנגערופען:

— אידען, אפשר, האט טאקע גאט די אמעריקא בעשאפען, כדי צו מציל זיין אידען פון פאגראמען, הא?...

* * *

דער אלטער אברהם-לייזער איז געשטארבען. אויפ'ן בית-עולם זיינען געקומען אלע איינוואהנער פון'ם שטעדטעל, אלע זקנים און זקנות. איבער'ן שטעדטעל איז געהאנגען א הערבסט-כמארע. א ווינד האט צווישען די האלב-טויטעביימער געיאמערט און א רעגען האט גענאסען. די זקנים האבען דעם בר מנן בעקלאגט און יעדער פון זיי האט פערצווייפעלט געטראכט:

— אט אזוי — א, קיינער פון די אייגענע קינדער איז ניט געוועזען ביי זיין יציאת נשמה און קיינער ביי זיין לויה, און ווער וועט ביי אונז זיין, ווער?

דער אלטער רב האט מיט זיין פערשטיקטען קול, פול טרערען, אויף אברהם-לייזער'ס קבר קדיש געזאגט:

פלוצים האט דער גלאק פונ'ם קאסטיאל זיך דערהערט: קלינג-לאנג! קלינג-לאנג! —און די מעטאלענע טענער האבען געהודיעט איבער'ן טויטען שטעדטעל, אויסגעמישט זיך מיט דער כמארע, מיט'ן רעגען, צום אידישען בית-עולם זיך דערטראגען און אבגעהילכט אין די נשמות פון די דאזיגע אלע עלענדע און פערלאזענע זקנים, וואס זיינען דארט ארום דעם פרישען קבר געשטאנען, מיט א פערצווייפעלטען קרעכצען...

— אמע-רי-קע — אי! אמע-רי-קע — אי!

צי האט עס אין די נשמות פון די זקנים געקרעכצט, צי דער גלאק האט עס אויסגעקלונגען?

ערגעץ אין דער ליטא איז אמאל געלעגען דאס קליינע שטעדטל ב...

ברוקלין, נ. י., 1914.

# די געשיכטע פון אַן אָרימער מיידעל.

.1

דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ יאָהר 20 צוריק, אין דער אידישער שטאָדט נ. אין דער ליטא.

אין יענער צייט האָט דאָרט געוואָהנט אַן אַלטער מלמד מיט'ן נאָמען ר' משע חנה־לאה'צעס. ר' משה איז געוועזן אַן אלמן און דאָס הויז האָט ביי איהם געפיהרט זיין בת־יחיד'קע, חייקע.

זיין שטיבעל איז געשטאַנען אויפ'ן עק שטאָדט, אַן אַלטע, נידריגע חורבה. רעכטס פון'ם שטיבעל האָבען זיך געצויגען פעלדער בארג אַרונטער, ביז צו אַ טייכעל. לינקס פון הינטער אַ פּעלד האָט אַרויסגעקוקט אַ שוואַרצער וואַלד. אין מיטען איז געלאָפען צו דער שטאָדט אַ גלייכער, ברייטער, זאַמדיגער דורכפאָהר־וועג.

די פּעלדער און דער וואַלד און די ערד, אויף וועלכער ר' משה'ס שטיבעל איז געשטאַנען, אַזוי ווי די ערד פון נאָך אַ סך שטאָדטישע בעלי־בתים, האָבען בעלאַנגט צו אַ פּריץ, וואָס האָט געוואוינט אין זיין הויף, אַ האַלב ווערסט ווייטער פון ר' משה'ס שטיבעל.

אַמאָל, מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק, ווען ר' משה'ס פאָטער, זעליג דער שענקער, האָט געלעבט, איז דאָס דאָזיגע שטיבעל געוועזן אַ שענק, און שיכור'ע, הייזערדיגע קולות האָבען דאָרט געליאַרמט. ווען זעליג איז געשטאָרבען, האָט ר' משה אַריינגעצויגען אַהין, און פון יענער צייט אָן איז עס געוואָרען אַ חדר פון אידישע אינגלאַך, און העלע, קינדערשע שטימען האָבען דאָרט געהילכט סיי זומער און סיי ווינטער, אויסער שבת און יום טוב, פון זמן צו זמן, פאַר די לעצטע פּאָר צעהנדליג יאָהרען.

אין דעם דאָזיגען שטיבעל איז אויך געבאָרען און האָט זיך אויפגעהאָדעוועט חייקע.

קליינערהייד איז זי געווען שוואַך, קרענקליך, מיט אַ בלייך פּנים'על, אַ מאָגערען, דינעם גוף מיט גרויסע שווארצע אויגען, וואָס האָבען תמיד געקוקט אזוי רחמנות'דיג. טאַטע־מאַמע האָבען איבער איהר געציטערט און זי אָבגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זיי האָבען זי געפיהרט צו אפרים דעם רופא, ער זאָל זי געזינטער, שטארקער מאַכען. האָבען זייער לעצטע געלד אויסגעגעבען אויף די רפואות, וואָס ער האָט פאר איהר פערשריעבען, געגעבען איהר טרינקען לעבער־טראָן, ציגענע מילך, איבערגעטהאָן אַלע באַבסקע סגולות, פון וועלכע זיי האָבען נור געהערט, געהאַלטען איהר אין איין אָפּשפּרעכען עין־הרע און תשעה־באב, ווען חנה־לאה'צע איז געגאַנגען אויפ'ן בית־עולם, אום אויסצוריידען זיך דאָס האַרץ אויף די קברים פון איהרע קרובים און זיי בעטען, זיי זאָלען זיך דאָרט משתדל זיין ביי דעם רבונו של עולם פאַר איהר, פאר איהר מאַן און איהר קינד, האָט זי ביי די ווערטער: „זיי דאָרטען אַ גוטע בעטערין פאר מיין חייקעלען" אזא יללת אויפגעהויבען און אזוי געקלאַפּט מיטביידע הענד אין שטיין, דאָס דערנאָך איז זי וואָכען לאַנג געווען הייזעריג און די הענד האָבען איהר וועה געטהאָן.

דער טאַטע, ר' משה אַליין, האָט ניט ווענינער פון דער מאַמען געציטערט איבער זיין חייקעלע'ן.

די אַלע בעלי־בתים פון דעם בית־מדרש אויף דער נייער סלאָ־באָדקע, וואו ר' משה האָט געדאַווענט, געדענקען נאָך, מסתמא, ווי איינמאָל, בעת חייקעלע איז שטארק קראַנק געוואָרען, איז ער געקומען אין בית־המדרש אריין, און אין דער געגענוואַרט פון אַ מנין אידען האָט ער געעפענט דעם ארון־הקודש און מיט טרעהרען אינ'ם קול אויס־געשריען: „גאָטעניו, אל מלא רחמים, איך, דיין קנעכט משה בן שפרה, קום צו דיר מיט אַ בקשה: אויב מיין קינד האָט ניט קיין יאָהרען און מיד האָסטו אָנגעשריעבען הונדערט און צוואַנציג יאָהר, טאָ בעט איך דיך פאר אַ מנין אידען עדות, אַז דו זאָלסט אַ העלפט פון מיינע יאָהרען איהר אָבגעבען! אל מלא רחמים, האָב רחמנות!"...

זי איז געזונד געוואָרען, און דאַן זיינען ר' משה און זיין פרוי, און אַלע אידען אויף דער נייער סלאָבאָדקע זיכער געוואָרען, אַז חייקעלע וועט שוין לעבען...

---

.2

ווען זי איז אַלט געוואָרען זעקס יאָהר, האָט די מאַמע מיט איהר אָנגעהויבען צו זאָגען „מודה אני" אין דער פריה נאָכ'ן אויפ־שטעהן, און ביי נאכט פאר'ן שלאָפען געהן האָט זי מיט איהר „קריאת־שמע" געלייענט. אויך האָט זי אָנגעהויבען זי לערנען דעם אלף־בית.

זי איז געווען א שטיל, געהאָרכזאם קינד, מיט א ווייכען, גוטען כאַראַקטער. האָט אַמאָל ר' משה אוועקגעלייגט זיינעם א תלמיד אויפ'ן באַנק, האָט זי, איידער יענער האָט נאָך ארויסגעלאָזט א קול, שוין געוויינט. א סך מאָל האָט טאַקע ר' משה געמוזט פערבויגען שמיץ צוליעב איהר. די תלמידים זיינע, ס'רוב אכט און ניין יעהריגע אינגלעך, האָבען גוט געוואוסט, וואָס פיר אַן איינפלוס זי האָט אויף זייער רבי'ס קאַנטשיק און זיי האָבען איהר געגעבען פון זייערע נאַשע־רייען און מיטאָגען, אום צו געווינען חן אין איהרע אויגען. דאָס איז געווען די בעסטע סגולה געגען ר' משה'ס קאַנטשיק, ווייל ר' משה אליין האָט שוין גוט אכטונג געגעבען, ווער פון זיינע תלמידים גיט אוועק דעם בעסטען חלק נאַשעריי זיין חייקעלען.

ווען חייקע איז אַלט געוואָרען ניין יאָהר, האָט זי זיך אָנגעהויבען שעהמען פאר די אינגלאַך און ניט גענומען מעהר פון זיי קיין נאַשע־רייען. האָבען צו טהאָן מיט אינגלאַך האָט זי איצט געהאַלטען פאר אַן עבירה. זי האָט זיך גענומען שפּיעלען מיט חבר'טעס, בעזונדערס מיט יאכנען, וועלכע איז געווען עלטער פון איהר אויף א יאהר צוויי. יאכנע איז געווען א טאכטער פון דעם שמש פון דער שוהל אויף דער נייער סלאָבאָדקע, ניט ווייט פון ר' משה'ס שטיבעל. זי איז געווען א מיידעל מיט רויטע האָר און זומער־שפּרינקעלאך אויפ'ן פּנים. חייקע האָט זיך זעהר צוגעבונדען צו איהר. זומער־צייט זיינען זיי אָפט ביינאַנד געגאַנגען אין וואַלד און האָבען געריסען „קראַסקעס", גרויסע, געלע, ווייסע און בלויע בלומען, „פאַנעס", ווי זיי האָבען זיי גערופען. אָדער זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן פעלד צווישען די פאַרטיגע גאָלדענע זאַנגען און גערעדט וועגען זייערע חבר'טעס, ווער פון זיי איז א שלעכטע און ווער א גוטע, מיט וועמען מען דאַרף ווערען ברוגז און מיט וועמען גוט. אַניט זיינען זיי געזעסען אויף דער פּריזבע נעבען ר' משה'ס שטיבעל און יאכנע האָט דערצעהלט

מעשיות, אלץ אזוינע מורא'דיגע, וועגן שדים און רוחות, וועגן „דולדאיעדען" מיט איין אויג אינ'ם שטערן, וואס פרעסען אויף מענ־שען לעבעדיגערהייט.

נאך אזוינע מעשיות האט חייקעלע'ס הערצעלע זיך געצאפעלט און פאר'ן שלאפען געהן האט זי מיט א בעזונדערער כונה געלייענט קריאת־שמע און אפט האבען זיך איהר גע'חלום'ט מורא'דיגע „דולדאיעדען", און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט, האט זי מורא גע־האט א קוק צו טהאן אין דאס פינסטערע צימער, האט גלייך צוגעמאכט די אויגען און צוגערוקט זיך נעהענטער צו איהר מאמע'ן, אנטאפענדיג זי מיט די הענטלאך.

ווינטער־צייט, ווען די פעלדער זיינען געווען אנגעצויגען ווי אין ווייסע תכריכים, און דער וואלד האט אויסגעקוקט גרוי און איינגעקארטשעט, און די נאקעטע בוימער מיט די אויסגעשטארצטע צווייגען זיינען געשטאנען טיעף פערזונקען אין שנעע און האבען זיך, דאכט זיך, ווי געבעטען רחמים, מען זאל זיי ארויסשלעפען פון דארט, — דאן זיינען אפט חייקע און יאכנע געזעסען אינ'ם שטיבעל אויף דער הויכער „לעזשאנקע", האבען זיך צוגעקוקט, ווי די אינגלאך לער־נען און שטילינקערהייט זיך גע'סוד'עט וועגען יעדען פון זיי. ווען ר' משה האט דאן גענומען אן אינגעל אויפ'ן ביינקעל, האבען ביידע מיידלאך צוגעמאכט די אויגען, זיי זאלען, חלילה, דאס נא־קעטע לייב ניט זעהן. איצט האט שוין חייקע מעהר ניט געוויינט, ווען איהר טאטע האט אן אינגעל געקאטעוועט, דען זי האט איצט געגלויבט באמונה שלמה, אז דער קאנטשיק איז בעשאפען געווארען, אום די אינגלאך צו בעשטראפען, ווען זיי ווילען ניט לערנען.

אמאל איז חייקע אויך געגאנגען צו יאכנען אהיים. דער שמש, לייבצע אברהמל דעם באנדערס, איז נאך געווען א יונגערמאן, א בלייכער איד מיט א געל בערדיל. יאכנע איז געווען זיין עלסטע טאכטער. ער האט געוואהנט אין א הינטער־שטיבעל פון דעם בית־המדרש, מיט איין גרויסען פענסטער צום שוהל־הויף. זומער־צייט איז דאס פענסטער געווען אפען און ווען מען האט דורך איהם אריינגעקוקט צום שמש אין הינטער־שטיבעל אריין, האט מען דארט געזעהן צוויי צימערען, אנגעטהיילט איינס פון דעם אנדערען מיט א דינעם ווענטיל. אין איין צימער זיינען געשטאנען צוויי בעטען און א קאמאד, אין

דעם צווייטען, וואָס האָט געהאַט דאָס פענסטער, איז געשטאַנען אַ טיש און אויף איהם אַ סאַמאָוואר מיט אַ טאַץ. ווייטער זיינען דאָרט געשטאַנען אַ פּאָאר שטוהלען, אַ קאַנאַפּע און אויף דער וואַנד זיינען געהאַנגען אַ פּאָאר קופּערנע כלים.

זומער־צייט, ווען דאָס פענסטער איז געווען אָפען, זיינען חייקע און יאַכנע אָפט געקראָכען דורך איהם אין הינטער־שטיבעל און פון'ם הינטער־שטיבעל, כדי ניט צו דאַרפען געהן דורכ'ן בית־המדרש.

ביי יאַכנע'ן אין דערהיים האָט חייקע ניט ליעב געהאַט לאַנג צו פערברייגגען, ווייל יאַכנע'ס טאַטע לייבצע איז געווען אַ איד אַ כעסן און פאר דעם קלענסטען חטא איהרען האָט יאַכנע באַלד גע־קראָגען פון איהם קללות און קלעפּ. אַ סך מאָהל איז חייקע געקומען אהיים אַ וויינענדיגע, למאי מען האָט יאַכנען געשלאָגען.

---

.3

זיי האָבען איינע די אַנדערע באמת ליעב געהאַט, און וואָס עלטער זיי זיינען געוואָרען האָבען זיי זיך אַלץ מעהר און מעהר צו־געבונדען איינע צו דער אַנדערער.

ווען חייקע איז אַלט געוואָרען 14 יאָהר, איז יאַכנע געווען 16. דאַן איז יאַכנע אַוועק ארבייטען צו אַ נייטהערין. איצט האָבען זיי זיך גענומען טרעפען זעלטענער, נור שבת אַמאָל. חייקע האָט נאָך איהר שטאַרק געבענקט, האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. זי האָט זיך גענומען בעטען ביי איהרע עלטערען, מען זאָל זי אויך אָפּגעבען צו דער אייגענער שניידערין, וואו יאַכנע האָט געאַרבייט. טאַטע־מאַמע האָבען פריהער פון דעם גאָרניט געוואָלט הערען, דערנאָך אָבער האָבען זיי זיך גענומען מיישב זיין, אפשר איז טאַקע אַ סברה, אַז חייקעלע זאָל אַוועק נייהען; אָבער פּלוצים איז חנה־לאה'צע קראַנק געוואָרען אויף טיפוס און איז געשטאָרבען. חייקע איז דאַן אַלט געווען באַלד 15. אַ שרעקליכען איינדרוק האָט אויף איהר געמאַכט איהר מאַמע'ס טויט. אַ לאַנגע צייט האָט זיך איהר ניט געגלויבט, אַז איהר מאַמע לעבט ניט. און אָפט אין מיטען נאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און געטאַפּט אין דער פינסטערניש ארום זיך אין'ם בעט, זוכענדיג איהר

מאַמען. און דערנאָך, אַז זי האָט זיך קלאָהר דערמאַנט, ווי מען האָט איהר מאַמען צוגענומען אַ טויטע און ווי מען האָט זי דאָרט בעגראָבען אויפ׳ן בית־עולם, אין די ווייסע תכריכים, מיט די שערבלאַך אויף די אויגען, איז איהר געוואָרען מורא׳דיג, זי האָט געציטערט אַ קוק צו טהאָן אין דער פינסטערניש און זיך איינגעגראָבען מיט׳ן פנים טיעף אינ׳ם קישען אריין און מורא געהאַט אַ זיפץ צו טהאָן.

אין יענער צייט האָט זי מורא געהאַט אליין ארויסצוגעהן פון שטוב. אַ פּאָאר מאָל איז זי ארויסגעגאַנגען (דאָס איז געווען ביינאַכט אין מיטען ווינטער), האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז פון דעם פער־שנעעטען וואַלד, איבער וועלכען עס איז געשטאַנען אַ בלייכע לבנה, האָט אויף איהר ארויסגעקוקט די מאַמע אין ווייסע תכריכים.

חייקע איז געוואָרען אַ יתומה. די בעקאַנטע אידישע ווייבער האָבען אויף איהר שטאַרק רחמנות געהאַט און האָבען עס איהר ארויסגעוויזען דורך רחמנות׳דיגע בליקען און ווייכע רייד.

ביסלעכווייז האָט זיך חייקע בערוהיגט. די ארבייט אינ׳ם הויז, דאָס וואַשען און סקראָבען, און קאָכען און דאָס געהן אויפ׳ן מאַרק איינקויפען פאַר דאָס הויז, האָבען איהר קיין צייט ניט איבער־געלאָזט צו טראַכטען, און ביי־נאַכט, נאָכ׳ן טאָג ארבייט,האָט זי געשמאַק געשלאָפען. זי האָט פערנומען איהר מאַמע׳ס פּלאַץ אין׳ם הויז. האָט „גענומען חלה” פון די געבעקס, וואָס זי האָט פיר שבת קודש געבאַקען, און געבענשט איבער אַזוי פיעל ליכט, ווי איהר מאַמע פריהער. מיט יאכנע׳ן האָט זי זיך איצט געזעהן נאָך זעל־טענער, וועיל, פונקט ווי איהר מאַמע, האָט זי איצט שבת נאָך־וואָרעמס געלייענט דעם טייטש־חומש, איהר טאַטען צוליעב, און יאכנע׳ן טרעפען האָט זי נור געקענט שבת נאָך־וואָרעמס.

נאָך איין יאָהר איז אוועק און נאָך איין יאָהר, חייקע איז אַלט געוואָרען 17 יאָהר. אין דעם משך פון דער דאָזיגער צייט האָט זי זיך פיזיש גוט ענטוויקעלט, איז געוואָרען אַן אמת׳ע אידישע פּאַרשוין. שען, חנ׳עוודיג און רייצענד, געוויקסיג און געזונד, מיט רונדע אָרעמס און אַ הויכען בוזים מיט אַ פנים בלוט און מילך, מיט אויגען שוואַרצע און פייערדיגע, אָבער צנועות׳דיגע. זי האָט געהאַט אַ גוטען שם צווישען די אידען אויף דער נייער סלאָבאָדקע און ביי אַ סך שדכנים איז געווען פערשריעבען איהר נאָמען. מאַמעס פון טעכטער האָבען,

קוקענדיג אויף איהר, זיך געוואונשען, זייערע טעכטער זאָלען זיין אזוי שען און אָנשטענדיג, ווי זי. מיידלאך האָבען איהר מקנא געווען; יונגע לייט האָבען זי געפרעסען מיט די אויגען, און איהר טאַטע, וועלכער, זינט חנה־לאה איז געשטאָרבען, האָט ניט אויפגעהערט זיך צו קלאָגען אויף דאָס האַרץ, האָט, קוקענדיג אויף איהר, אָן זיין קראַנק האַרץ פערגעסען.

איצט האָט יאכנע ווידער אנגעהויבען צו געהן צו איהר. יאכנע האָט זיך פאר דער צייט פיזיש אויף שטארק ענטוויקעלט. זי איז אבער ניט געווען שען. זי איז געווען קורץ און דיק מיט רויטע האָר, רויטע אויגען און מיט זומער־שפּרינקלאך אויפ'ן פּנים.

איצט, אז דיביידע חבר'טעס האָבען זיך געטראָפען, האָבען זיי זיך אויפגעזעצט אין א ווינקעלע און גערעדט שטילינקערהייט וועגען די פערשיעדענע יונגע לייט אויף דער נייער סלאָבאָדקע, האָבען אויס גערעכענט יעדען איינעמס מעלות און חסרונות און אויסגעדריקט זייער וואונש, וואָס פיר א חתנים זיי וואָלטען וועלען האָבען. יאכנע האָט זיך געוואונשען א שווארץ־חנ'עוודיגען, אזא איינעם, ווי איהרע אַן אמאָליגע חבר'טע האָט. חייקע'ן איז ער גראד ניט געפעלען געווען. זי האָט געוואָלט האָבען עפּעס א שענעם, עפּעס אזא, אזא... און וואָס פיר „אזא" האָט זי קיינמאָל ניט געקענט ערקלעהרען.

מאנכעסמאָל, ווען ר' משה איז אינ'ם הויז ניט געווען, צו זומער־צייט, בעת די ביידע חבר'טעס זיינען געגאנגען שפּאציערען אין וואַלד, האָט יאכנע זיך צוזונגען אידישע ליעדלאך, וואָס זי האָט זיך אויס־געלערענט פון די אנדערע מיידלאך נייטהאָרינס, אָלץ ליעבעס־ליעדלאך, דאַן האָט חייקע דערפיהלט א נאָגעניש ביים הארצען און א שווערע בענקעניש נאָך עפּעס....

— דיינע „ניגעלעך" מאכען מיך אזוי טרויעריג — האָט זי אמאָל זיך אָנגערופען — ווייסטו ניט, פאַרוואָס דאָס איז, יאכנע? דאכט זיך, אזוי געשמאַק זיי צו הערען, ממש א פּיקוח נפש, און פונדעסטוועגען ווערט מיר אזוי „קאלאמוטנע" אויפ'ן הארצען, אז דו זינגסט זיי.

מאנכעס מאָל האָט יאכנע איהר דערצעהלט א פּיקאַנטע געשיכטע, וואָס זי האָט געהערט פון אן אנדער מיידעל ביי דער שניידערין אין דער מאסטערסקאיא; חייקע האָט זיך דאַן צוגעהערט צו איהר מיט גרויסע,

אויסגעגלאָצטע אויגען, און איהר פּנים האָט געברענט, און זי האָט געשטאַמעלט פערוואונדערט:

— וואָס הייסט? ווי? וואָס? ווען?...

יאכנע האָט זיך דאַן צולאַכט הויך אויפ'ן קול און געשריען:

— גוואַלד, דו ביזט נאָך גאָר אַ קינד! כאַ! כאַ! כאַ! כאַ!

און שפּעטער, נאָך אַזאַ געשיכטע, ווען חייקע איז געבליבען אַליין, מיט זיך אינ'ם הויז, האָט זי לאַנג געקוקט פאַר זיך מיט גרויסע, פערוואונדערטע אויגען, געטראַכט וועגען דעם, וואָס יאכנע האָט דערצעהלט, און די נאָגענדיגע ביים הארצען האָט זי געפיהלט שאַרפער, און אונבעמערקט פיר זיך אַליין האָט זי דאַן שטילערהייט אונטער דער נאָז געברומט אַ ליעבעס ליעדעל, וואָס זי האָט פון יאכנע'ן געהערט...

4.

נאָך אַ יאהר איז אַוועק. חייקע איז אַלט געוואָרען 18 יאהר. איהר לעבען האָט געפלאָסען ווי פריהער. זי האָט געפיהרט דאָס הויז, געקאָכט, געוואַשען, געציררעוועט זאַקען, געלאַטעט איהר טאַטענ'ס בגדים, אָפּגעהיט דאָס חלה נעהמען פון די שבת'דיגע געבעקס, געבענשט ליכט, געלייענט שבת נאָכמיטאָג דעם טייטש־חומש, גערעדט מיט יאכנע'ן וועגען די יונגע לייט און מיידלעך פון דער נייער סלאָבאָדקע, וועגען די בעקאַנטע כלות, וואָס האָבען פאַר דער צייט חתונה געהאַט, און געזונגען מיט איהר אידישע „ניגעלאך“, בעזונדערס האָט זי ליעב געהאַט צו זינגען דאָס דאָזיגע ליעדעל, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט פון יאכנע'ן:

„געהט אַ „שאַלדרע“ איבער'ן גאַס,
לערנען קען ער גאָר ניט;
ער געהט ארום פוסט און פאַס
און טהוט נור, וואָס מען טאָר ניט“...

און בענקען האָט זי איצט געבענקט נאָך מעהר ווי פריהער, נאָך וואָס, האָט זי איצט אויך ניט געוואוסט.

מיט אַמאָל האָט יאכנע ווידער אויפגעהערט צו געהן צו איהר. עס איז אַוועק איין שבת, אַ צווייטער און זי האָט זיך ניט געוויזען,

אויפ'ן דריטען שבת (דאס איז געווען סוף זומער) האט חייקע בע־שלאסען אריבערצוגעהן צו יאכנע'ן אהיים, צו זעהן, ווארום זי קומט ניט.

נאך מיטאג האט זי אויף גיך איבערגעלייענט די סדרה אינ'ם טייטש חומש און, ווען איהר טאטע האט זיך צוגעלעגט שלאפען, האט זי איבערגעפלאכטען איהר שווארצען צאפ, איבערגעטהאן זיך אין איהר ראזעווען קלייד, וואס זי האט זיך געהאט געמאכט דעם עבר'דיגען פסח, איז געשטאנען א ווײלע געגען דעם אלטען שפיעגעל, וואס איז געהאנגען אויף דער ווייסער, געשטוקאטורטער וואנד, און האט זיך בע־קוקט מיט איהרע צנועות'דיגע אויגען פון קאפ ביז די פיס. דערנאך האט זי ארויפגעווארפען אויף די אקסלען א ווייסע בלאטשקענע טוך און איז ארויס פונ'ם הויז.

אויפ'ן פעלד לעבען ר' משה'ס שטיבעל האבען געארבייט פויערים און פויערטעס. זיי האבען געשניטען די זאנגען און זיי געבונדען אין בינטלאך. דא און דארט זיינען געשטאנען גאלדענע בינטלאך און האבען זיך געטריקענט אויף דער זונן.

פונ'ם פעלד לינקס, הינטער וועלכען דער וואלד איז געשטאנען, האט זיך געטראגען א געשמאקער ריח פון פרישע, געטריקענטע היי. דער הימעל איז געווען טיעף־בלוי און די זון האט ווארים און פרעהלאך געלויכטען.

חייקע'ס אויגען זיינען געפאלען אויף איין יונגען שייגעץ, וועלכער האט געארבייט ניט ווייט פונ'ם שטיבעל. ער איז געווען הויך און ברייט מיט א רויט פערשוויצט פנים. בארפוס, אין לאנגע לייווענדע הויזען, אין א לייווענדענעם העמד, אהן א היטעל, מיט א שווארצער, גלאנציגער טשופרינע איבער'ן שטערען, האט ער זיך בעוועגט טריט ביי טריט איבער'ן פעלד און האט ברייט און מעכטיג געפאכעט מיט זיין לאנגען שנייד־מעסער איבער די קארענ־זאנגען, און ביי יעדען פאך זיינעם האט ער ארויסגעלאזט פונ'ם הארצען א מעכטיגען „אה“ און האט אויסגעבויגט און ווידער אויסגעגלייכט זיי בויגיגען געזונדען קערפער. הינטער איהם האט געארבייט א יונגע שיקסע מיט א פרעה־לאך נעזעל און בלאנדע האר. זי איז אויך געווען בארפוס און אויך געטראגען א לייווענדענע העמד און קלייד.

חייקע האט געקוקט אויף דעם יונגען שייגעץ, אויף די מעכטיגע

בעוועגונגען פון זיין קערפּער און זי האָט געטראַכט: „מאַמעלאַך, ווי געזונד ער איז!“

פּלוצים האָט דער שייגעץ זיך אומגעקוקט אויף דער שיקסע אהינטער איהם מיט אַ לאַכענדיגען פּנים און אויסגעשצירעטע ווייסע, געזונדע צייהן, האָט ארויסגעלאָזט דעם שנייד־מעסער פון די הענד, איז צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי גראָב אַ כאַפּ געטהאָן און זי פעסט צוגעדריקט צו זיך.

חייקע האָט זיך צושראָקען, אַ צאַפּעל געטהאָן, דאָס בלוט האָט איהר אַ זעץ געטהאָן אינ׳ם פּנים און זי איז אַוועקגעלאָפען.

— ווי שעהמען זיי זיך ניט? — האָט זי געטראַכט, לויפענדיג צו יאכנע׳ן: — זיי זיינען דאָך אויך מענשען!...

און אין דער אייגענער צייט איז פאר איהרע אויגען געשטאַנען דער געזונטער שייגעץ, ווי ער דריקט צו זיך די שיקסע, און ביים הארצען האָט איהר גענומען נאָגען אזא בענקעניש, אזא בענקעניש...

„געהט אַ „שאָלדרע“ איבער׳ן גאַס,
לערנען קען ער גאָר ניט;
ער געהט ארום פּוסט און פּאַס
און טהוט נאָר, וואָס מען טאָר ניט“

— האָט זי שטיל און מיט בענקעניש גענומען זינגען אונטער דער נאָז, ניט פיהלענדיג אליין, אז זי זינגט.

דאָס פענסטער פון דעם שמש׳ם הינטער־שטיבעל אויפ׳ן שוהל־הויף איז געווען אָפען. חייקע איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט אריינגערוקט דעם קאָפּ. דאָרט איז געזעסען יאכנע׳ס טאַטע לייבצע און האָט געטרונקען טהעע.

— אַ גוטען שבת אייך. וואו איז עפּעס יאכנע?

— יאכנע איז אוועק מיט איהר חתן. מסתמא שפּאַציערען. — האָט לייבצע געענטפערט.

חייקע איז צומישט געוואָרען.

— מיט איהר חתן? —האָט זי ארויסגעשטאַמעלט — זייט ווען?...

— זי איז ערשט אוועק...

— איך פרעג ניט דאָס... כ׳מיין — האָט זי געשטאַמעלט.

ליבצע, וועלכער האָט חייקע'ן גאַנץ ליעב געהאַט, האָט זיך גוטמוטהיג צולאַכט:

— וואָס דען מיינסטו, חייקעלע? קום אַריין אין שטוב, וועסט טרינקען טהעע.

— איך דאַנק אייך, ר' ליבצע. אזוי? יאַכנע האָט אַ חתן און זי האָט מיר גאָרניט געזאָגט!

— טאקי אַ חידוש, וואָס זי האָט דיר ניט געזאָגט. שטייטש, דו, די בעסטע חבר'טע איהרע... הפנים, אַז מען קריגט אַ חתן פערגעסט מען אָן אַלעמען. ווען דיר וועט גאָט צושיקען איינעם, זאָלסטו דערפאַר איהר אויך ניט זאָגען.

חייקע איז אוועק צוריק אַהיים מיט זעהר אַ שווערען האַרצען. פערשיעדענע געפיהלען האָבען זי געמוטשעט. שטייטש, ווי אזוי האָט יאַכנע איהר ניט דערצעהלט, אַז זי האָט אַ חתן. די איינציגע פריינדין איהרע. און וואָס וועט זי איצט טהאָן אָהן יאַכנע'ן? יאַכנע וועט שוין איצט מעהר ניט קומען צו איהר. זי, יאַכנע, דאַרף זי שוין ניט מעהר, ווען זי האָט אַ חתן מיט וועמען צו ריידען און צו שפּאַציערען. איצט בלייבט זי, חייקע, גאָר ווי אַ שטיין, קיין וואָרט אפילו וועט ניט זיין מיט וועמען אויסצורעדען. זי האָט געפיהלט, ווי נאָך אַ מאַמע וואָלט ביי איהר געשטאָרבען. דאָס האַרץ אין איהר האָט געקרעכצט און געוויינט.

---

## 5.

ווען זי איז געקומען אַהיים, איז דער אַלטער ר' משה געזעסען ביים טיש אין אַ יאַרמולקע איבער אַ ספר און האָט שטאַרק געהוסט.

— וואו ביזטו געוועזן? — האָט ער געפרעגט, הוסטענדיג.

— איך בין געוועזן ביי יאַכנע'ן — האָט זי געענטפערט שטיל און צוטראָגען.

— דערלאַנג, טאָכטעריל, אַ גלאָז טהעע — האָט ער געזאָגט און אַרויסגעשטעלט די צונג, אום איינצוהאַלטען דאָס הוסטען.

זי האָט איהם אָנגעגאָסען טהעע פון אַ קופּערנעם הליאַק און בעת מעשה האָט זי צום ערשטען מאָל דערפיהלט אַ בייזען געפיהל צו איהר

טאטע'ן, וואס ער פערהוסט איהר די טעג און די יאהרען און וואס זי מוז זיצען מיט איהם בעגראבען אין'ם שטיבעל. ווען זי וואלט געוועז א נייטהארין, ווי יאכנע, וואלט זי שוין אויך לאנג געקראגען א חתן. אזוי אבער — קיין נדן איז ניטא, א קראנקער, ארימער טאטע, ווער וועט זיך דען איילען אויף איהר?...

— ווארום טרינקסטו ניט קיין טהעע, טאכטערל?

— איך וויל ניט.

— וואס ביזטו עפעס אזוי אומעטיג, חייקע?

זי האט בייז געענטפערט:

— אט וועל איך באלד געהן טאנצען. מיר איז אזוי גוט אויפ'ן הארצען, איך זאג דיר! און זי האט געמאכט א בייזע מינע.

ר' משה האט זי אנגעקוקט פערוואונדערט. דאס ערשטע מאל, וואס זי האט גערעדט צו איהם אין אזא טאן:

— וואס איז מיט דיר, חייקע?

— יאכנע האט שוין א חתן, האסטו געהערט?

— איך האב געהערט.

— אבי דו האסט געהערט.

— קענען וואס זאגסטו עס, חייקע?

זי האט מיט ביטערניש געענטפערט:

— קענען דעם זאג איך. אלע קריגען חתנים, נור איך אליין מוז זיצען בעגראבען דא...

— גאט וועט דיר אויך צושיקען א חתן, מיין טאכטער.

— יא, אט באלד באפט מען מיך אוים. א שפאס, מיין טאטע וועט דאך מיר געבען אזוי פיעל נדן... סיידען הוסטען און קרעכצען! האט זי מיט גאל א געשריי געטהאן.

— מרשעת, וואס רעדסטו? אויף וועמען שרייסטו? — האט ער אויסגעשריען און זיך צוהוסט, ווארפענדיג דעם קאפ ארויף און אראפ, ארויסשטעלענדיג די צונג און קרעכצענדיג.

— אוי, מיין קראנק הארץ! — האט ער ארויסגעשעפטשעט, ווען דער הוסט האט איהם אפגעלאזט, און זיך אנגעכאפט מיטביידע הענד פאר דער ברוסט.

חייקע האט איבער איהם רחמנות געקראגען, איז צוגעגאנגען צו איהם און האט געזאגט ווייך:

— איך האָב גאָרנישט געמיינט, טאַטע... איך, איך בין טאַקע עפּעס אַ מרשעת!...

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי געזעסן נעבן פענסטער און האָט פאַרטראַכט אַרויסגעקוקט אויף דאָס פעלד, וואו מען האָט געאַרבייט. פּלוצים האָט זי גענומען זינגען:

„גערט אַ שאַלדרע איבער'ן גאַס,
לערנען קען ער גאָר ניט;
ער געהט אַרום פּוסט און פּאַס
און טהוט גור, וואָס מען טאָר ניט!!"

ר' משה האָט דערהערט טרערהרען אין איהר קול; ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען אויף איהר, זי לאַנג אָנגעקוקט, ווידער זיי אַרונטערגעלאָזט און אַ טיעפען זיפץ געטהאָן.

עטליכע חדשים שפּעטער האָט יאכנע חתונה געהאַט. חייקע איז אויך איינגעלאַדען געוועזן אויף דער חתונה און דעם ערשטען מאָל אין לעבען האָט זי פערבראַכט אַזאַ פרעהליכע נאַכט.

---

## 6.

דאָס איז געוועזן דער פּסח נאָך יאכנע'ס חתונה. דער אַלטער ר' משה, וועלכער פלעגט אַמאָל ברענגען צו זיך אָרימע אורחים אויף שבת און יום־טוב, האָט געבראַכט פון'ם בית המדרש אַן אורח אויף פּסח, אַן אידישען סאָלדאַט.

דער סאָלדאַט איז געוועזן אַ שענער הויכער יונג און ניט קיין עם הארץ. ר' משה'ן איז ער זעהר געפעלען געוועזן פיר זיין שטילקייט. דער סאָלדאַט האָט ניט אָויסגערעדט קיין איבריג וואָרט און דאָס, וואָס ער האָט יאָ גערעדט, איז אַזוי געוועזן צו דער זאַך, אַזוי עדעל, קלוג און שאַרף.

אויף חייקע'ן האָט ער אויך געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. ער איז גאָרניט געוועזן עהנליך צו די בחורים פון דער נייער סלאָבאָדקע, וואָס זי האָט געקאַנט. יענע זיינען געוועזן אַזוינע בלייכע, דאַרע, מיט ווילדע תנועות און ער איז געוועזן אַזוי הויך און שטאַרק, אַזוי עהנליך צו יענעם שייגעץ, וואָס זי האָט דאַן געזעהן אַרבייטען אויפ'ן פעלד...

דערצו איז ער געווען א „הייגטוועלטיגער“, האט געלאכט אזוי גוט און גערעדט אזוי קלוג.

זיצענדיג צום ערשטען סדר ביים טיש, האט זי פון צייט צו צייט געווארפען א פער׳גנב׳עטען בליק אויף איהם, און ווען איהרע אויגען האבען זיך געטראפען מיט זיינע, האט זי זיי גלייך ארונטערגעלאזט און אין איהר הארצען האט זיך בעת דעם א צאפעל געטהאן, און איהר פנים האט זיך אנגעצונדען.

ער האט עס. הפנים, בעמערקט, ווייל, פערגנב׳עט פון ר׳ משה׳ן, האט ער צו איהר א צופריעדענעם שמייכעל געווארפען. זי האט גע־כאפט דעם דאזיגען שמייכעל און נאך ניעדריגער איהרע צנועות׳דיגע אויגען ארונטערגעלאזט און איז איבער די אויערען רויט געווארען.

יענעם אויף־דער־נאכט, ווען ער האט זיי געזאגט „גוטע נאכט“, ביים אוועקגעהן אין קאזארמע, האט זי ניט געוואגט איהם צו ענטפערען „גוט יאהר“, אזוי געשעהמט האט זי זיך פאר איהם, דעם שענעם, שטארקען סאלדאט.

און די אייגענע נאכט, ליגענדיג אויפ׳ן בעט, האט זי נור גע־טראכט פון איהם. וואס וואלט געווען, ווען ער זאל זיך פערליעבען אין איהר... אוי, דאס וואלט געווען אזוי גוט, אזא גליק... זי וואלט געהאט אזא שענעם, שטארקען מאן! אפילו עס איז ניט אזוי שען צו האבען א סאלדאט פאר א חתן... און טאמער וועט נאך דער טאטע ניט וועלען?... ניין, דער טאטע וועט געווים וועלען... פארוואס ניט? קיין נדן האט ער ניט.. ועמען קען זי דען קריגען אהן נדן?.... לייט וועלען לאכען: „א חתן א סאלדאט“.... איז איהר נאך א דאגה!..

דער דאזיגער געדאנק האט זיך די גאנצע נאכט געדרעהט ביי איהר אין קאפ.

אויף מארגען איז ער ווידער געקומען. און וויעדער האט זי אויף איהם געווארפען פערגנב׳עטע בליקען און דאס מאל האט ער זיך איהר אויסגעוויזען נאך שענער, נאך שטארקער, נאך חנ׳עוודיגער, און אינ׳ם הארצען האט איהר ווידער געקלאפט און דער פנים האט ביי איהר וויעדער געברענט.

דעם צווייטען מאל, ווען ער האט זיי געזאגט „גוטע נאכט“, האט זי אויך געענטפערט, אבער אזוי שטיל, דאס זי האט אליין ניט געהערט איהר קול.

ערשט, ווען ער איז צום דריטען מאָל צו זיי געקומען, האָט זי איהם אויפגענומען רוהיגער, האָט איהם געענטפערט אויף זיין „גוט־יום־טוב“, געקוקט אויף איהם דרייסטער און זאָגאר אַ שמייכעל געטהאָן צו איהם.

און צום פערטען מאָל האָבען זיי שוין גערעדט וועגען דער שטאָדט, און צום פינפטען מאָל האָט ער פאַר איהר אויסגערעדט זיין הארץ, ווי עלענד ער פיהלט זיך, פערוואָרפען אין אַ פרעמדער שטאָדט, האָט איהר דערצעהלט די געשיכטע פון זיין לעבען, וועגען זיינע עלטערען, זיינע ברידער און שוועסטער, וועגען דעם, אז ער דיענט שוין דעם לעצטען יאָהר און האָט שטיל געענדיגט מיט אַ קאָמפּלי־מענט, אַז זי איז זעהר שען. זי איז צומישט געוואָרען פון דעם דאָזיגען קאָמפּלימענט, וואָס זי האָט צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען גע־הערט פון אַ מאַן, האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגען און צומישט גע־שמייכעלט.

די עטליכע טעג פון חוה"מ פסח, ווען ער האָט ביי זיי געגעסען, איז זי ארומגעגאַנגען ווי אַ פערטשאַדעטע און האָט נור געטראַכט פון איהם. און ביינאַכט, ליגענדיג אויפ'ן בעט, האָט זי קלאָר גע־הערט זיין שטילען קול, וואָס האָט צו איהר געשעפּטצעט, אַז זי איז זעהר שען. מיט אונגעדולד האָט זי ערוואַרטעט די ערשטע נאַכט פון די צווייטע טעג פסח, ווען ער האָט געדאַרפט קומען.

אין יענער נאַכט איז ער געקומען. ר' משה איז נאָך געווען אין בית המדרש. חייקע איז געווען אליין אין שטוב און איז אָפּט נער־וועז צוגעלאָפען צום פענסטער און האָט ארויסגעקוקט, אום צו זעהן, אויב ער געהט נים.

אינ'ם שטיבעל איז געווען ליכטיג און פרעהליך. די פּאָדלאָגע בעשאָטען מיט אַ גאָלדען זעמדעל. דער טיש גערעקט מיט אַ קלאָר־ווייסער סערוועט. אויפ'ן טיש זיינען געלעגען די רונדע מצות, אַ טעלער מיט געפילטע פיש, וואָס האָט געשמעקט איבער דאָס גאַנצע הויז, און ביי דער זייט האָבען סטאַרינאַווע ליכט פרעהליך געברענט אין פינקעלדיגע מעשענע לייכטער.

ווען ער איז אריין, איז חייקע גראַד דעמאָלט געשטאַנען נעבען טיש און האָט אָפּגעקליבען פאַר איהם אַ טעלער, דאָס שעהנסטע טעלער פון אלע, מיט רויטע בלומען אויסגעמאָלט אויף איהר, מיט

גרינע ראנדען. דאס דאזיגע טעלער האט זי צום צוואנציגסטען מאל גע־ווישט און געריבען, עס זאל גלאנצען.

— גוט יום טוב!...

דער טעלער איז פערגליווערט געווארען אין איהר האנד, בעת זי האט איהם דערזעהן, און רויטערע בלומען ווי אויפ'ן טעלער האבען זיך אויף איהרע באקען אנגעצונדען.

— אייער טאטע האט זיך פערזעדט אין בית המדרש; ער קומט באלד — האט דער סאלדאט געזאגט און אויסגעטהאן זיין שי־נעל — נו, וואס מאכט איהר עפעס? — האט ער ווידער זיך אנגע־רופען מיט א פער'גנב'עטען קול און איז צוגעגאנגען צו איהר.

זי האט א מאך געטהאן מיט'ן קאפ, שטיל ארויסגערעדט „אט", און האט פערשעהמט א שמייכעל געטהאן. דאן האט זי אוועקגעשטעלט דעם טעלער אויפ'ן טיש, פערריכט די טישטוך, איבערגערוקט די מצות, איבערגעלעגט די לעפעל און גאפעל און געטראכט: „וואס פאר א גלאמפ איך בין, איך קען גאר ניט רעדען מיט א מענשען!"

ער האט געקוקט אויף איהר, אויף דאס הויכע, יונגע, געזונטע מיידעל, אויף איהרע רונדע, דיקע ארעמס, אויף איהר שטארקען בוזים, אויף איהר קלאר־ווייסען האלז מיט א בראדעווקע, אויף איהר שווערען, לאנגען שווארצען צאפ, וואס האט זיך בעוועגט ביי איהר אויפ'ן רוקען ווי א שלאנג, אויף איהרע רונדע פלאמענדיגע באקען, און האט זי געפרעסען מיט די אויגען.

דערנאך האט ער זיך אנגערופען ווייך און מיט א שמייכעל:

— קען מען אייך געבען די האנד?

און ניט געווארט אויף איהר ענטפער, האט ער איהר האנד אנגענומען, געהאלטען א היבשע ווײלע אין זיינער און דאן געזאגט מיט אן אויפגערעגטען קול:

— ווי גלאט און ווארעם איז אייער הענטעלע!...

זי איז געשטאנען, האט די האנד ניט ארויסגעריסען, געהאלטען די אויגען ארונטערגעלאזט און זיך געפיהלט ווי אין א נעבעל איינ־געוויקעלט.

פלוצים האט זי דערפיהלט זיין האנד ארום איהר טאליע און זיינע ליפען אויף איהרע. עס האט איהר א בריה געטהאן, דער

אמהעם האט איהר פערכאפט און אינ'ם מוח האט א מיש געטהאן. זי האט צושראקען א געשריי געטהאן און איז אפגעשפרונגען פון איהם מיט אויסגעגלאצטע אויגען.

ער אליין איז אויך צומומעלט געווארען, האט מיט א שולדיגער מינע געקוקט אויף איהר און געמורמעלט:

— איך האב גאר נישט געמיינט... זייט מיר מוחל...

זי איז אריבער אויף דעם אנדער עק טיש, האט זיך אומגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען, אריבערגענומען דעם צאפ איבער'ן אקסעל און נערוועז איהם איבערגעפלאכטען, האלטענדיג דעם קאפ אביסעלע אן א זייט. דערביי האט זי שנעלער געאטהעמט.

ער האט ווידער אנגעהויבען:

— איך האב גאר נישט געמיינט, גלויבט מיר.

זי האט זיך אביסעלע א קעהר געטהאן צו איהם און געזאגט מיט א ציטערענדיגען קול:

— איהר זאלט וויסען זיין, אז איך בין אן עהרליכע מיידעל...

פונדעסטוועגען, אין א ווייל ארום, אז ר' משה איז געקומען פונ'ם בית המדרש, האט זי אוועקגעשטעלט פאר דעם סאלדאט דאס שענסטע אפגעקליבענע טעלער און דעם בעסטען חלק פיש האט זי פאר איהם אוועקגעלייגט... יענעם אבענד, זיצענדיג ביים טיש, האט זי די גאנצע נאכט געפיהלט, ווי עס ברענט נאך אויף איהרע ליפען זיין קוש און זי האט געטראכט: אפשר איז זי זיך ניט בעגאנגען מיט איהם גוט. טאקי אמת, עס איז אן עברה, אן עהרליכע אידישע מיידעל דארף ניט לאזען א פרעמדען יונגען מאן זי קושען, נאר שייגעצים און שיקסעם קושען זיך אזוי; פונדעסטוועגען ביי היינט־וועלטיגע... ביי זיי קושט מען זיך אפשר יא?... היינט וואס טהוען זיי נאך דער חתונה? — האט זי זיך געפרעגט.

און, מערקווירדיג, אין דער אייגענער צייט, ווען זי האט זיך די דאזיגע פראגע געשטעלט, האט אין איהר נשמה עפעס געהוליעט און געטאנצט און זי האט זיך געפיהלט גליקליך, ווי נאך קיינמאל אין איהר לעבען. איהרע גרויסע שווארצע אויגען האבען געשטראהלט און ווען זי האט זיי אויף איהם אנגעשטעלט, האט פון זיי א ווארימע, ווייכע און צארטע ליכט ארויסגעשטראהלט.

שפּעטער נאָכ'ן עסען, ווען ער האָט זיין שינעל אָנגעטהאָן און „אַ גוטע נאַכט" געזאָגט, האָט זי, ניט וויסענדיג אַליין וואָס זי טהוט, איהם דורך דער טהיר ארויסבעגלייט און אין דעם פינסטערען פיהר־הויז מיט איהם זיך אָבגעשטעלט.

— איהר זייט ניט בייז אויף מיר? — האָט ער שטיל געפרעגט און אָנגענומען איהר האַנד.

— פאַרוואָס עפּעס זאָל איך זיין בייז אויף אייך? — האָט זי שטיל געענטפערט, ניט הערענדיג אַליין, וואָס זי רעדט.

— אַח! — האָט ער שטיל אויסגערופען, און גלייך האָט זי ווידער דערפיהלט ארום זיך זיינע שטאַרקע הענד און זיינע ליפּען אויף איהרע, דאָס מאָל מיט נאָך מעהר פייער.

— דער טאַטע! — האָט זי הייזעריג ארויסגעשעפּטשעט און זיך אַ ריס געטהאָן פון איהם. אָבער בעת דעם האָבען זיך איהרע ליפּען אונגערן פערטשעפּעט אָן זיינע, איז זי פון דעם אין גאַנצען צוטומעלט געוואָרען און געבליבען שטעהן, ווי איינגעגראָבען אין מיטען פינסטערען פיהר־הויז. דאַן האָט ער זי נאָכאַמאָל אַ קוש געטהאָן און נאָכאַמאָל...

זי איז ערשט געקומען צו זיך, ווען זי האָט דערהערט דעם קלאַפּ פון דער פיהר־הויז־טהיר הינטער איהם. דאַן איז זי נאָך אַ ווייל־ע געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט צו דעם שליאָפּען פון זיינע טריט איבער די בלאָטעס אין דרויסען, וואָס זיינען געוואָרען פון דעם שנעע. דערנאָך האָט זי געעפענט די טהיר פונ'ם פיהר־הויז, איז אַרוים אין דרויסען און האָט געזעהן ווי ער האָט דאָרט אויפ'ן ראַג זיך פערקי־רעוועט אין גאַס אריין און איז פערשוואונדען.

— טהייערינקער, טהייערינקער! — האָט איהר האַרץ געשעפּצעט און זיך געצאַפּעלט און זיך געצויגען נאָך איהם.

די נאַכט איז געווען אַ ליכטיגע. אַ פולע לבנה האָט פונ'ם הימעל ארונטערגעקוקט און געשאָטען ארום זיך אַ ווייכען זילבערנעם שטויב, וואָס איז געפאַלען אויף פעלד און וואַלד און אויף דעם שוואַרצען דאַך פון ר' משה'ס שטיבעל. אויף די פעלדער זיינען גע־שטאַנען לוזשעס, אַנדערע זיינען פערצווייגען געווען מיט אַ דין הייטעל פונ'ם מילדען פרעסטעל און אַנדערע, גרעסערע, האָבען אין זיך

אָפּגעשפּיגעלט שטיקלאַך פון דער לבנה. דאָ און דאָרט זיינען נאָך געלעגען איינציגע פּאַסען שנעע און זיי האָבען געבלישטשעט, ווי זילבער. דער וואַלד פון דער ווייטענס, ווי פון אַ זילבערנעם שטויב בעשאָטען, איז געשטאַנען אויסגעצויגען געגען דער לבנה, אַזוי ווי ער וואָלט זיינע געפּראַרענע ביינער אויסגעגלייכט. אין דער לופטען האָט זיך שוין געפיהלט דער הויך פון דעם נאָהענטען פריהלינג.

ר׳ משה האָט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער.

חייקע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן.

— וואָס טהוסטו דאָרט, חייקע?

— הא?... אָט... אָט... אַזוי — האָט זי ארויסגעשטאַמעלט — אוי, עס איז אַזא שענע נאַכט! — האָט זי צום סוף געפונען אַ תירוץ, און איז אריין אין שטוב.

שפּעטער, ליגענדיג אויפ׳ן בעט, איז זי געוועזן אַזוי גליקליך, דאָס זי האָט פּלוצים דעם קאָפּ אין קישען איינגעגראָבען און אויסגעזונגען:

„געהט אַ שאַלדרע איבער׳ן גאַס,
לערנען קען ער גאָר ניט;
ער געהט ארום פּוסט און פּאַס
און טהוט נור, וואָס מען טאָר ניט“...

און ווארום זי האָט געזונגען דאָס דאָזיגע ליעדעל און וואָס פאַר אַ שייכות האָבען די דאָזיגע ווערטער מיט איהר גליקליכען צושטאַנד געהאַט, — ווענגען דעם האָט זי ניט געטראַכט און זיך ניט געפרעגט. גאָרנישט, זי האָט ליעב געהאַט דאָס דאָזיגע ליעדעל, האָט זי אונ־בעוואוסטערהייט דורך איהם אויסגעגאָסען איהרע געפיהלען פון גליק, ווי אַ פייגעלע דורך דעם פּיפּסען...

---

.7

אויף מאָרגען ביינאַכט, ווען ער האָט נאָכ׳ן עסען אָנגעטהאָן זיין שינעל, איז חייקע שוין אַפריהער פאַר איהם ארויסגעלאָפען אין דעם פינסטערען פיהר־הויז. זי האָט שוין איצט געזוכט זיין קוש. און דעם לעצטען אבענד פון פּסח, בעת ער האָט זיך געזעגענט מיט ר׳ משה׳ן

און איהם בעדאנקט פאר דעם יום טוב, איז חייקע ארויסגעלאפען אין פיהר־הויז און האט זיך דארט צו־וויינט. און דערנאך, ווען ער איז ארויס פון׳ם הויז און פיהר־הויז אריין, האט ער דערהערט חייקע׳ס פערשטיקטען שלוכצען, האט ער פערשטאנען, ווארום זי וויינט, האט ער זי צוגעדריקט צו זיך און געזאגט:

— דו ליעבסט מיך, חייקע, הא? איך דיך אויך. איך וועל שרייבען אהיים, אז איך האב א שענע כלה.

און דערהערט עס, האט חייקע זיך א צאפעל געטהאן, צוגעדריקט זיך צו איהם פעסטער און געשטאמעלט מיט א וויינענדיגען קול:

— יא? יא? איהר מיינט עס אויף אן אמת?...

— געווים!

— זאלט איהר אזוי לעבען, הא?

— מיר ביידע זאלען אזוי לעבען. מיין מאמע זאל אזוי לעבען!

— האט ער געזאגט מיט היץ.

— אוי, איצט גלויב איך אייך! — האט זי געזאגט מיט פרייד אינ׳ם קול און מיט פייער איהם א קוש געטהאן. — קומט מארגען, קומט אלע טאג. קומט א זייגער צעהן ביינאכט, ווען דער טאטע שלאפט. אוי, איך׳ל אזוי בענקען נאך אייך — האט זי שטיל גע־רעדט אין איין אטהעם.

— איך וועל זיך סטארען. איך וועל פרובען אונטערקויפען דעם פעלדפעבעל, ער זאל מיר אפלאזען...

— געדענקט! קומט! קומט! קומט! קומט!...

און ער איז טאקי געקומען. שוין אויף מארגען שפעט ביינאכט, ווען ר׳ משה האט געשלאפען, האט חייקע פלוצים דערהערט א שטיל קלאפען אין פענסטער; זי האט ארויסגעקוקט און איהם דערזעהן. זי האט זיך איבערגעדעקט מיט א פאטשיילע און איז שטילינקערהייד פונ׳ם שטוב ארויס. דאן האבען זיי א לאנגע צייט געשפאציערט איבער די לוזשעס ארום הויז און ער האט איהר דערצעהלט וועגען זיין ליעבע צו איהר. זי האט דאן איהם ניט דערצעהלט וועגען איהרע געפיהלען צו איהם, אבער איהר פנים, איהרע אויגען, איהר שמייכעל, איהר האנד, וואס ער האט געהאלטען אין זיינער, האבען גערעדט פאר איהר...

ער איז געקומען גאַנץ אָפּט, ווען נור דער פעלדפּעבעל האָט איהם אָפּגעלאָזט, האָט שטיל אַנגעקלאַפּט אינ'ם פענסטער און דאַן האָבען זיי געשפּאַצירט, אַמאָל ריידענדיג אין דער־שטיל און אַמאָל שוויי־גענדיג, נור צוגעדריקט איינער צום אנדערען.

ביי חייקע'ן איז שוין קיין ספק ניט געווען, אַז ער איז איהר חתן און אפשר ביי איהם אויך ניט...

אַזוי זיינען זיי ארומגעגאַנגען ביז דער פריהלינג איז אַנגעקומען...

---

8.

עס איז געווען אַ ווייסע פריהלינגס־נאַכט אינ'ם מאַנאַט מאַי. חייקע מיט איהם זיינען געזעסען הינטער'ן פעלד, ביים אריינגאַנג פון דעם וואלד. דאָס איז געווען איינע פון יענע פריהלינגס־נעכט, ווען די ווייסע לופט איז, דאַכט זיך, אַנגעפילט מיט סודות... די לבנה האָט ארונטערגעקוקט פונ'ם הימעל אויפ'ן וואַלד, פעלד און טהאָל, אויך אַזוי פער'סודעט און פערבענקט... ערגעץ וויים אינ'ם וואַלד האָט אַ בייק געררעוועט און גאַנץ נאָהענט האָט אַ נאַכטיגעל ליידענשאַפטליך געטרילט...

חייקע איז געזעסען נעבען סאָלדאַט און האָט זיך געפיהלט אַזוי גליקליך.

דאָס געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל האָט אָפּגעקלונגען טיעף, טיעף אין איהר נשמה; איהר האָט זיך אויך געוואָלט זינגען מיט דער נאַכטיגאַל, אויך זיך געוואָלט אויסגיסען אין ווערטער איהר גליק.

„געהט אַ שאָלדרע איבער'ן גאַס,

„לערנען קען ער גאָר ניט" — האָט זי אויסגעזונגען ליידענ־שאַפטליך הויך אויפ'ן קול, זיך באַלד אונטערבראָכען, איז צוגעפאַלען מיט'ן קאָפּ צום סאָלדאַט'ס ברוסט און ארויסגעשעפּטשעט:

— אוי, עס איז אַזוי גוט, זלמנקע, אַזוי גוט מיט דיר! הער, הער, ווי מחיה'דיג דער סאָלאָוויי זינגט!...

— חייקע — האָט ער איהר געענטפערט מיט ליעבע אינ'ם קול — מיר איז אויך גוט נעבען דיר... נאָך אַן עלף מאָנאַטען און איך

בין פריי, דעמאָלט וועל איך מיט דיר חתונה האָבען, חייענקע...

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און אַ קוש געטהאָן.

אין דער אייגענער צייט האָט אין דער ארומיגער שטילקייט אָפּגעהילכט דער ווילדער געשריי פונ'ם בייק.

— ווי מורא'דיג דער בייק שרייט! — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט און זיך ארומגעקוקט אהינטער צום וואַלד — ער איז דאָרט — פּאַשעט זיך מיט בהמות...

— ווייסטו, ווארום ער שרייט אזוי? — האָט דער סאָלדאט זיך אָנגערופען, און זיין קול האָט מאָדנע גענומען ציטערען.

— פאַרוואָס?

— ווייל ער איז פערליעבט. — האָט ער געענטפערט שטילער. זי האָט זיך צולאַכט:

— דער בייק פערליעבט?... כאַ! כאַ! כאַ!

— יאָ, ווייל ער איז פערליעבט! — האָט ער נאָך שטילער געזאָגט און זי אַ ריס געטהאָן צו זיך אויפ'ן שויס.

דער בייק האָט איצט גערעוועט נאָכאַנאַנד, אַלץ מורא'דיגער.

חייקע האָט צומישט אַ קוק געטהאָן זלמנ'ען אין פּנים אריין און זי האָט זיך אַ ריס געטהאָן צוריק. זיין פּנים האָט אויסגעקוקט אזוי ווילד און זיינע אויגען האָבען געברענט.

— וואָס איז מיט דיר, זלמן? האָט זי ארויסגעשעפּטשעט צו־שראָקען, האָט זיך מיט גוואַלד ארויסגעריסען פון זיינע הענד און איז אויף די פיס אויפגעשפּרונגען. ער איז אויך אויפגעשפּרונגען און זי ווידער אַ כאַפּ געטהאָן צו זיך.

— ער איז פערליעבט! ער איז פערליעבט! ער איז פער־ליעבט! — האָט ער ווילד געקרעכצט איינע און די זעלביגע ווערטער. געבראָכען זי אונטער זיינע הענד און געבריהט זי מיט זיין אָטהעם. זי האָט עפּעס אויך גערעדט, זי האָט אָבער איהר קול ניט געהערט. דאָס געזאַנג פון דער נאכטיגאַל, דער געשריי פון דעם בייק, זלמנ'ס קול, איהר אייגענע שטימע, אַלעס איז אויסגעמישט, פערטויבט, פערהילכט געוואָרען פון עפּעס שטאַרקעס, מעכטיגעס, פּיינליכעס און זיסעס....

דערנאָך איז זי אַ ווײַלע געווען אזוי ווי צוטומעלט, האָט געקוקט אויף איהם מיט מוטנע, צושראָקענע אויגען און געטראַכט, וואָס איז

דא געווען ? און פּלוצים האָט זי זיך אָנגעשטויסען. דאַן האָט זי ארויסגעלאָזט אַ פערצווייפעלטען געשריי און זיך אַ וואָרף געטהאָן מיט'ן פּנים צו דער ערד.

ער האָט זי געטרויסט און אין זיין קול האָט געקלונגען אויפ־ריכטיגע ליעבע און דאַנקבארקייט. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבען די האנד אין דער הויך און אויסגעשריען מיט היץ :

— איך שווער דיר, חייקע, אז דו דארפסט ניט מורא האָבען! אויב איך'ל מיט דיר ניט חתונה האָבען, זאָל איך שטאַרבען, מיין מאַמע זאָל שטאַרבען, מיין טאַטע זאָל שטאַרבען. נו, איצט גלויבסטו מיר ?

---

.9

זי האָט איהם געגלויבט. און ווען זי איז געקומען אהיים, איז שוין געווען גרויסער טאָג — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד האָט זיך חייקע דערנאָך געפיהלט, ווי אין אַ חלום.

זיי האָבען זיך געטראָפען כמעט יעדע נאַכט אינ'ם וואלד און יעדע נאַכט האָט ער זיך איבער אנייעס געשוואָרען, אז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען. זי האָט שוין געקוקט אויף איהם, ווי אויף איהר מאַן.

מיט אמאָל איז ער אוועק אין לאגער אַ 30 וויארסט פון שטאָדט. חייקע איז געווען פערצווייפעלט, האָט געבענקט נאָך איהם און זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

איהר אַלטער טאַטע האָט בעמערקט, ווי זי איז שטענדיג צו־טראָגען, האָט ער ביי איהר געפרעגט, וואָס איז די מעשה מיט איהר ; איהר ענטפער איז געווען : אַט אַזוי, גאָר נישט...

דערווייל'ע האָט זי אָפּט גענומען פיהלען שלעכט. דער טאַטע האָט זיך ווידער נאָכגעפרעגט : „וואָס איז מיט דיר, חייקע ?“ האָט זי אמאָל געענטפערט :

— מיר איז שפּל.... דער מאָגען מסתמא...

און אמאָל:

— דער קאָפּ טהוט מיר וועה...

זי האָט איהם ניט געענטפערט; זי האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס מיט איהר איז...

און איינמאָל איז עס איהר קלאָר געוואָרען. דאן איז זי ארויפגעקראָכען אויפ'ן ביידים און האָט זיך דאָרט מיטביידע הענד אין קאָפּ געקלאַפּט און גע'טענה'ט מיט א ניגון, ווי מען בעקלאָגט א טויטען: „ווינד איז מיר, וועה איז מיר! פינסטער איז מיר, ביטער איז מיר! וואָס זאָל איך איצט טהאָן? וואו בעגראָבט מען זיך א לעבעדיגע?!"

זי האָט געוויינט הויך, נור איהר קול איז פערלאָרען געגאַנגען אין דעם טומעל פון די אינגעלשע שטימען, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון שטוב.

לאַנג איז זי דאָרט געזעסען און האָט געוויינט, ביז די שטימען פון איהר טאַטענס תלמידים האָבען זיך מעהר ניט געהערט. דאן איז זי אַרונטערגעקראָכען פונ'ם בוידים און איז אוועק איבער'ן פעלד צום טייכעל אונטער'ן בארג. דאָרט איז זי א ווײַלע געזעסען, נאָך א מאָל איבערגעטראַכט איהר לאַגע און פּלוצים איז איהר איינגעפאַלען, ווען זלמען וועט צוריק קומען פונ'ם לאַגער, וועט ער אויף גיך א שטילע חופּה שטעלען און זי וועט אוועקפאָהרען אין אַנאַנדער שטאָדט. אז ער וועט עס טהאָן, איז ביי איהר קיין ספק ניט געווען. איהר איז גלייך לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען, אזוי ווי א שווערער שטיין וואָלט פון איהר ארונטער.

זי איז צוגעגאַנגען צום טייך און אויסגעוואַשען דעם פּנים, אום איהר טאַטע זאָל ניט בעמערקען, אז זי האָט געוויינט. דערנאָך איז זי אוועק צוריק אין ס'הויז.

אין דער אייגענער צייט איז די זון אונטערגעגאַנגען און דער ברעג טייך אויף דער אַנדערער זייט איז ווי פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט.

איצט האָט זי גענומען וואַרטען אויף זלמן'ען מיט נאָך מעהר אונגעדולד. זי האָט מורא געהאַט, אז די ווייבער זאָלען איהר צושטאַנד

ניט בעמערקען, איז זי אויף דער גאַס ניט אַרויס אָהן איהר גרויסער פּאַטשיילע. די קרעמערין, וואו זי פלעגט קויפען שפּייז, זלאַטע־ברײנע, וועלכע האָט חייקע׳ן שטאַרק ליעב געהאַט, האָט ביי איהר עטליכע מאָל געפרעגט:

— וואָס איז די מעשה, חייקעלע, וואָס דו געהסט אין אזא היטץ אין אַ פּאַטשיילע?

האָט חייקע דעמאָלט געענטפערט:

— כ׳ווייס, מיר איז עפּעס קיהל.

דערווייל איז די צייט געלאָפען. אַ מאָנאַט נאָך אַ מאָנאַט איז אַוועק. זלמן האָט זיך נאָך ניט צוריקגעקעהרט.

מיט שרעק און פערצווייפלונג האָט זי געזעהן, ווי די פרוכט פון דער ליעבע וואקסט פון טאָג צו טאָג אונטער איהר הארצען, אז באַלד וועט זי עס שוין ניט קענען מעהר פערבאָרגען פון דעם טאַטענ׳ס אויגען, פון לייט׳ס אויגען.

דער אַלטער ר׳ משה האָט שוין איינמאָל ביי איהר געהאַט גע־פרעגט מיט אַ פערוואונדערטער מינע:

— זאָג מיר נור, חייקעלע, וואָס איז די מעשה, וואָס דו זעהסט אויס אזוי שלעכט? דאכט זיך, אזוי האָסטו זיך, קיין עין הרע, גאַנץ גוט פּאָפּראַוועט, זעהסט אויס, קיין בייז אויג זאָל דיר ניט שאַדען, מיין טאָכטער, אַ סך דיקער און די צורה פונדעסטוועגען איז ביי דיר אזוי פער׳חשך׳ט... הא? וואָס איז די מעשה?

זי האָט געענטפערט:

— איך ווייס ניט, טאַטע.

זי האָט זיך שטילינקערהייט נאָכגעפרעגט ביי די אינגלאַך אויף דער נייער סלאָבאָדקע, ווען וועלען זיך די סאָלדאַטען צוריקקעהרען פונ׳ם לאַגער, קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט.

---

## 10.

איינמאָל, פערבייגעהענדיג דעם בית־המדרש אויף דער נייער סלאָבאָדקע, האָט זי אַנגעטראָפען נעבען שוהל־הויף איהר אַלטע חבר׳טע יאכנע׳ן. יאכנע איז דאָרט געזעסען אויף אַ באַנק און אויף

איהר שוים האָט זי געהאַלטען אַן עופה'לע אין ווינדעלאַך און צו דעם גערעדט הויך אויפ'ן קול: „פּערעלע, גאָלד מיינס, בעבעלע מיינס, מיר פיר דיין קאָפּ!“

די קורצע דיקע יאַכנע האָט איצט אויסגעזעהן ווי אויף צעהן יאָהר עלטער, אָבגעלאָזען, צו־שוואָלען, מיט די רויטע האָאר צו־שויבערט אונטער אַ ווייס טיכעל. נעבען איהר איז געשטאַנען איהר אַכט יאָהריגער ברודער אַבע, אויך מיט רויטע האָאר און זומער־שפּרינקלאַך אויפ'ן פערברודיגטען פּנים'ל, אַ באָרפּוסער, מיט קויטיגע פיסלאַך ביז אַרויף, מיט שוואַרצע פינגער און פיאַטעס. אַ לאַנגער שמוציגער עק פון זיין העמד האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן שפּאַלט פון זיינע פלודערען פון הינטען. ער האָט אונטערגעטאַנצט אויף זיינע פיס, געפּאַטשט אין די הענד צו דעם עופה'לע, געגרופען: „פּערעלע, פּערעלע!“ און האָט שטאַרק געקוואָלען.

ווען חייקע האָט בעמערקט יאַכנע'ן, האָט זי געוואָלט פערביי־לויפען, אָבער יאַכנע האָט זי אָבגעשטעלט:

— חייקע! חייקע! — האָט זי אַרויף געטהאָן מיט התפּעלות אין'ם קול — קום אהער, וואָס זעהט מען דיך עפּעס ניט אָנעט?

חייקע איז צוגעגאַנגען, איינגעוויקעלט אין איהר פּאַטשיילע.

— וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מיין קינד, חייקע? מהו נור אַ קוק, וואָס פיר אַ גאָלד, וואָס פיר אַ בריליאַנט! גוואַלד, גוואַלד, אַט עס איך דאָס אויף!

— האָם! האָם! — איז זי צוגעפּאַלען צו דעם עופה'לע און עס גענומען ווילד קושען.

חייקע איז געשטאַנען, האָט געקוקט אויף דאָס עופה'לע, אויף יאַכנע'ן און איהר איז געוואָרען אַזוי שווער אויפ'ן הארצען.

— אַט האָב דו אויך חתונה — האָט יאַכנע זיך ווידער אָנגע־רופען — ווענסטו אויך האָבען אַזאַ קעצעלע, איך זאָג דיר, אַז קיין גרעסערער נחת איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ...

חייקע האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ. זי האָט דערפיהלט, אַז אַט־אַט וועט זי זיך צו־וויינען.

דער שמש ר' לייבצע איז אַרויסגעגאַנגען פון'ם בית־המדרש.

— יאַכנע, וואָס האַלסטו דאָרט פּערעלע'ן אויף דער זון? טראָג זי אַריין אין שטוב!

ער איז צוגעגאנגען צו יאכנע'ן, גענומען דאס קינד פון איהר שוים, האט עס מיט ליעבע א קוש געטהאן און געזאגט:

— קום, קום צו מיר, צום זיידען, הולטאיקע!

און ער האט עס אוועקגעטראגען אין הינטער שטיבעל אריין און אין גאנג האט ער געקנאקט צו דעם מיט דער צונג, געשמאקצעט מיט די ליפען און געקוואלען אויפ'ן קול פאר נחת.

יאכנע איז אוועק גלייך נאך איהם.

— חייקע, קום, דו וועסט ביי מיר א ווײלע זיצען! — האט זי געזאגט, און איז פערשוואונדען אויפ'ן שול־הויף.

חייקע איז ניט געגאנגען. זי האט זיך א קעהר געטהאן צום שמש'ס אינגעל, וועלכער האט איצט געקוקט מיט זיינע רויטע אוי־געלעך אויף א ווייסע ציעג, וואס האט זיך דארט בעוויזען אויפ'ן ראג גאס, און שטיל געפרעגט:

— ווייסט ניט, אבעלע, ווען קומען די סאלדאטען פון'ם לאגער?

אבעלע האט זיך מיט אימפעט א כאפ געטהאן:

— הא? די סאלדאטען? וואו?...

— איך פרעג דיך, צי דו ווייסט ניט, ווען זיי קומען פון'ם לא־גער?...

— ווען זיי קומען? אט באלד, מארגען, איבערמארגען... איך ווייס ניט... טראם־טראם־טראם! טראם־טראם־טראם! — האט ער גענומען נאכמאכען דעם פייקעל אי מיט די ליפען, אי מיט די הענד, איז אוועקגעלאפען און גענומען זיך נאכיאגען נאך דער ציעג, שפרינ־גענדיג און שאקלענדיג מיט'ן עק פון'ם העמד.

חייקע האט א זיפץ געטהאן: קיינער ווייסט ניט, און איז אוועק אהיים.

א פיינליך געפיהל פון קנאה צו יאכנע'ן האט זי איצט געמוטשעט. יאכנע איז אזוי גליקליך מיט איהר קינד. זי דארף זיך מיט דעם פאר קיינעם ניט שעהמען. דער זיידע האט עס ליעב. און זי? וואס וועט אידר אלטער קראנקער טאטע זאגען? וואס וועלען לייט זאגען? זי וועט משוגע ווערען! ווען ער קומט ניט באלד צוריק, וועט זי פון'ם זינען ארונטער, וועט זי זיך א מיתה אנטהאן! און אפשר וועט ער איצט גאר אין גאנצען חרטה האבען?

ביי דעם דאָזיגען געדאַנק האָט זי געפיהלט, ווי אַלסדינג אין איהר מישט זיך, שטעלט זיך אָפּ און גליווערט. איהרע אויגען האָבען דאַן געקוקט גרויסע, אויסגעגלאָצטע, און האָבען גאָר נישט פאַר זיך געזעהען...

— ניין, ניט ער, ניט זלמן! — האָט זי זיך אין אַ ווײַלע אַרום געטרייסט.

צוגעהענדיג צום שטיבעל, האָט זי פון ווייטען דערזעהן אַן איינגעהויקערטע געשטאַלט פון אַ מאַנס־פּערשוין, וואָס איז דאָרט געגאַנגען איבער׳ן זאַמדיגען וועג, אָנגעשפּאַרט אָן אַ סוקעוואַטען שטאָק. זי האָט דערקאָנט די געשטאַלט. דאָס איז געגאַנגען „יאַנטשע דער כול־בו׳ניק“. זייט יאָהרען, ווי נור דער פריהלינג איז אָנגעקומען, האָט זי כמעט יעדען טאָג געזעהן, ווי ער שפּאַצירט דאָרט. זי האָט מורא געהאַט פאַר איהם, ווייל נאָך פון איהר מאַמען האָט זי געהערט, אַז דער „כול־בו׳ניק“ האָט צו טהאָן מיט „ניט גוטע“... מיט אַ סך יאָהרען צוריק האָט דער דאָזיגער „כל־בו׳ניק“ געהייסען „יאַנטשע דער עלוי“. די אַלטע אידען פון שטאָדט נ. דערצעהלען נאָך עד היום, וואָס פאַר אַ טהייערע כלי יאַנטשע איז געווען אין זיינע יונגע יאָהרען. זיין פאָטער, אַ רייכער איד, אַ למדן, האָט זיך געגרויסט מיט איהם, מיט זיין זוהן׳ס בקיאות אין דער תורה. אַ שענעם שידוך האָט ער מיט איהם געטהאָן, אַ בעוואוסטען רב׳ס אַ טאָכטער האָט ער איהם פאַר אַ ווייב געגעבען. מיט אַמאָל איז יאַנטשע אַרוים לתרבות רעה, האָט דאַווענען אויפגעהערט, באָרד און פּיאות אָבגעשאָרען און גענומען ריידען זאַכען, פון וועלכע ביי די פרומע אידען האָבען זיך די האָר אויפגעשטעלט קאַפּויר. דאַן האָט זיין טאַטע געריסען קריעה איבער איהם, זיין ווייב האָט זיך מיט איהם געג׳גט און ער אַליין איז ערגעץ פערשוואונדען אין אַ צווייטער שטאָדט. ערשט מיט יאָהרען שפּעטער איז ער ווידער אין דער שטאָדט געקומען. זיינע טאַטע־מאַמע זיינען שוין לאַנג געשטאָרבען, און זיינע ברידער און קרובים האָבען איהם צו זיך אויפ׳ן שוועל ניט אַרויפגעלאָזט.

ער האָט אָנגעהויבען געבען לעקציאָנען אין דייטש און אין רעכנונג צו קינדער פון עטליכע ניט־פרומע אידען, גענומען אַ קוואַרטיר ביי אַ קריסטין אונטער דער שטאָדט, און פון יענער צייט אָן האָט ער זיך אַזוי געלעבט. די פרומע אידען האָבען איהם אויסגעווייכט און

די ווייבער און קינדער האבען פאר איהם מורא געהאט, ווייל מען האט דערצעהלט, אז ביי זיך אויף דער קווארטיר, אין דעם הויז פון דער אלטער קריסטין, האט ער צו טהאן מיט די „ניט גוטע“...

חייקע האט זיך אבגעשטעלט: אפשר ביי איהם פרעגען, ווען די סאלדאטען קומען? ער ווייסט אוד'אי...

אבער ווען ער איז צוגעקומען נעהענטער און זי האט דערזעהן זיינע ברילען און דעם איינגעשרומפּטען פנים פון ערד־קאליר מיט דעם גרויען בערדעל, האט זיך איהר גלייך פארגעשטעלט דער מורא'דיי־גער מכשף און זי איז א צושראקענע אריינגעלאפען אין שטוב.

---

.11

נאך א וואך און נאך א וואך איז אוועק. ווי די טעג האבען זיך פאר איהר געצויגען, ווי די נעכט האבען זי געמוטשעט!... זי האט געטראכט: אפשר איז ער שוין דא און ער ווייזט זיך ניט... דעמאלט איז זי פערלארען... דעמאלט האט זי אפילו פערלארען יענע וועלט אויך... איצט האט זי געשראקען די ביי־נאכטיגע פינסטערניש אין'ם הויז, בעת זי איז אויפ'ן בעט געלעגען. איהר האט זיך אלץ גע־דאכט, אז איהר מאמע קען ניט רוהען אין'ם קבר, און אט־אט וועט זי איהר דערזעהן אין די ווייסע תכריכים, מיט די שערבלאך אויף די אויגען און מיט די ביינערדיגע פערבויגטע הענד. און מאנכעם מאל, ליגענדיג אויפ'ן בעט, האט זי געהערט, ווי דער הוסט שטיקט איהר טאטען, און דאן האט זיך איהר אויסגעוויזען, ווי דורך דער פינסטער־ניש הערט זי איהר מאמע'ס שעפצען: „גזלן'טע, רוצח'טע, וואס האסטו געהאט צו דיין קראנקען, אלטען טאטען?!“ — און זי האט איינגעגראבען דעם פנים טיעף, טיעף אין קישען אריין, אויפגעצי־טערט מיט'ן גאנצען קערפער און פערשטיקט איהרע קרעכצען.

דעם טייטש־חומש האט זי איצט אויך געלייענט שבת נאכמיטאג. און איינמאל האט זי דארט געלייענט, אז א ממזר טאר מען ניט אריינ־לאזען צום קהל ישראל... זי איז דאן פערציטערט געווארען און איז אויפגעשפרונגען, אזוי ווי א שלאנג וואלט זי א ביס געטהאן.

פון דעמאָלט אָן האָט זי דעם טייטש־חומש שבת מעהר ניט גע־לייענט, ווייל איהר האָט זיך געדאכט, אז זי, וואָס טראָגט די טומאה אונטער איהר הארצען, טאָר זיך צום טייטש־חומש ניט צוריהרען, זי, מיט איהרע אונריינע הענד, זי, מיט איהרע אונריינע אויגען און ליפען!...

* * *

איינמאָל, פארנאכט, בעת זי איז געגאנגען פון זלאָטע־בריינע'ס קראָם אהיים, האָט זי ווידער אָנגעטראָפען דעם „כל־בו'ניק" אויפ'ן וועג, ניט ווייט פון איהר הויז, און אזוי נאָהענט, דאָס זיין סוקאָ־וואטער שטאָק האָט דעם ברעג פון איהר קלייד בעריהרט. פלוצים, ניט אָבגעבענדיג זיך אַליין קיין רעכנונג, וואָס זי טהוט, האָט זי איהם אָבגעשטעלט און געזאָגט:

— זייט מוחל, איהר מוזט וויסען... ווען קומען די סאָלדאטען צוריק פון'ם לאגער?

ער האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט דורך זיינע ברילען. דער־נאָך האָט זיך בעוויזען א ווייכער שמייכעל אויף זיינע אַלטע ליפען פון ערד־קאליר, און ער האָט געענטפערט מיט א מויל אָהן צייהן:

— סאָידאטען? איך וויים ניט. וואָס אי? (די לאמעד'ען און רייז'ען האָט ער ניט געקענט ארויסריידען).

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט שרעק.

— בע, בע, בע! — האָט ער זיך צולאכט מיט א דין, קינדערש געלעכטער — איך פעישטהע!... א חתן, הא? איך האָב איהם געזעהן דעם סאָידאט א סך מאָי... עי האָט מיט אייך געשפאָציט ביינאכט איבעי פעיד, וואיד... בע! בע! בע!... מאכט נישט, מאכט נישט! — האָט ער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, שטעהענדיג מיט ביידע אַלטע אויסגעטריקענטע הענד אָנגעשפּאַרט אויפ'ן סוקאָוואטע שטאָק.

חייקע האָט זיך ראפטאָם א כאפּ געטהאָן און איז אנטלאָפען אין הויז.

---

.12

אין עטליכע טעג שפּעטער, בעת זי איז ביינאכט געלעגען אין בעט און האָט געשלאָפען מיט אַן אונרוהיגען שלאָף, האָט זי אַ שטיל קלאַפּען אין׳ם פענסטער אויפגעוועקט. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, אויפגעזעצט זיך אויפ׳ן בעט און אונטער דעם שיין פון דער לבנה, וואָס איז געפאַלען אויפ׳ן פענסטער, האָט זי דערזעהן אַ האַנד און אַן אַרבעל פון אַ סאָלדאַטסקען מונדיר.

— אוי! — האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען און פאַר אויפ־רעגונג איז זי אַ ווײַלע געבליבען ווי פּאַראַליזירט. דאַן האָט זי זיך מיט אימפּעט אַ כאַפּ געטהאָן, געוואָלט אַרונטערשפּרינגען פון׳ם בעט. זי איז אָבער געווען צו שווער, האָט זי זיך כמעט ווי אַרונטערגע־קייקעלט פון׳ם בעט. זי האָט מיט ציטערענדיגע הענד אַרויפגע־וואָרפען אויף זיך אַ קלייד, אָנגעטהאָן די שיך, אַ כאַפּ געטהאָן איהר גרויסע פּאַטשיילע, און ביז זי האָט אָבגעריגעלט די טהיר פון׳ם שטוב און פון פיהר־הויז, האָט זי געמיינט, אַז דאָס האַרץ וועט ביי איהר אַרויסשפּרינגען...

באַלד איז זי געלעגען ביים סאָלדאַט אין די אָרעמס און האָט שטיל, שטיל געוויינט, ניט אַרויסריידענדיג קיין וואָרט.

דער סאָלדאַט האָט זי געדריקט צו זיך און געשעפּצעט:

— וואָס מאַכסטו, חייקעלע? ווי איך האָב געבענקט נאָך דיר... שוין פיער חדשים זייט מיר האָבען זיך ניט געזעהן...

זיי זיינען אַוועק צום וואַלד. זי איז געגאַנגען נעבען איהם און פאַר שמחה און אויפרעגונג האָט זי קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען.

די צייט איז געווען סוף זומער, צוויי וואָכען פאַר ראש השנה. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיגע און אַ קיהלע. די לבנה האָט פון׳ם הימעל אַרונטערגעקוקט. אויפ׳ן פעלד רעכטס זיינען געשטאַנען אין רייהען גאָלדענע בינטלעך קאָרן־זאַנגען און לינקס אויפ׳ן פעלד זיינען צושפּרייט געווען קופּקעלאַך געשניטענע היי, אויף וועלכע דער טהוי איז געלעגען ווי דינינקע גרויע פעדים פון שפּינוועבס. אין דער לופטען האָט זיך שוין געפיהלט דער קאַלטער הויך פון׳ם נאָהענטען הערבסט.

זיי האָבען זיך געזעצט נעבען דעם אריינגאַנג פון׳ם וואַלד. און אזוי ווי דאָס גראָז איז נאָס געווען, האָט ער ארונטערגענומען פון איהר די פאטשיילע און פערשפרייט אויף דער ערד. דאַן ערשט האָט זיך איהם אין די אויגען געוואָרפען איהר פיגור און ער האָט זי אָנ־געקוקט מיט גרויסע, צומישטע אויגען. זי האָט פערשטאַנען זיין בליק, און איז צוגעפאלען צו איהם מיט אַ פערשטיקטען יאָמער.

ער האָט זי גענומען גלעטען און האָט אַ היבשע ווײלע קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט.

ווייט ערגעץ אין׳ם וואַלד האָט אַ וואָלף געוואויעט מיט לאַנגע, מורא׳דיגע טענער. נאָהענט ערגעץ האָבען זשאַבעס געקוואַקעט, און צווישען די צווייגען פון די בוימער איבער זייערע קעפּ האָט עפּעס געקלאַפּט און גערוישט. אַ נאַכט־פויגעל מסתמא...

פּלוצים האָט ער ארויסגערעדט:

— נו, איז וואָס?... אראָבפאלען דאַרפסטו ביי זיך ניט. דאָס איז פון מיר... אין צוויי חדשים ארום ווער איך פריי, און דעמאָלט... האָב נור ניט מורא, חייענקע!...

ער האָט זי ליידענשאַפּטליך אַ ריס געטהאָן אַ אָך; — איי, ווי שווער, קיין עין־הרע! — האָט ער אויסגערופען, און זי גענומען ווילד שטיקען אין זיינע אָרעמס.

שפּעטער האָט זי איהם גענומען בעטען, ער זאָל ערקלעהרען איהר טאַטען די גאַנצע געשיכטע, און וואָס שנעלער שטעלען אַ שטילע חופּה, ווארים זי האָט מורא...

אויף דעם האָט ער געענטפערט, אז איצט האָט ער מורא צו ריי־דען מיט איהר טאַטען, טאָמער מאַכט ער אַ סקאַנדאַל. און אַ סאָל־דאַט דאַרף זיך היטען פון דעם. ער וועט בעסער אָבוואַרטען נאָך צוויי חדשים. ווען ער וועט ווערען פריי, רעמאָלט וועט ער קומען צו איהר טאַטען און וועט איהם זאָגען: אזוי און אזוי, ר׳ משה... עס האָט געטראָפען אזאַ און אזאַ געשיכטע... ער איז אָבער ניט קיין שאַרלאַטאַן און וויל חתונה האָבען מיט זיין טאָכטער. זי, חייקע, דאַרף ניט מורא האָבען. זי וועט, חלילה, ניט ליידען. זיין טאַטע זאָל אזוי לעבען, זיין מאַמע, ער און זי זאָלען אזוי גליקליך זיין, ווי זי דאַרף ניט מורא האָבען!...

און ווען זי האָט איהם דאָן געזאָגט, אַז עס קען נאָך, חלילה, עפּעס פּאַסירען פאַר די צוויי חדשים, האָט ער זיך אַ ווײַלע פערטראַכט, נאָכגעדענקט, און גענומען צעהלען אויף די פינגער.

צום סוף האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט מיט זיכערקייט אין'ם קול:

— ניין, פאַר צוויי חדשים קען גאָר נישט פּאַסירען!..

יענעם ביי־נאַכט האָט זי זיך צוריקגעקעהרט אהיים אַ בערוהיגטע, כמעט אַ גליקליכע.

אויף מאָרגען דעם גאַנצען טאָג איז זי געווען אַזוי פרעהליך, דאָס ר' משה האָט זיך געוואונדערט. אַזוי לאַנג האָט ער קיין פרעהליכע מינע ביי איהר ניט געזעהן. און ביינאַכט האָט זי זיך ווידער געטראָפען מיט זלמן'ען.

שבת נאָכמיטאָג האָט זי ווידער געלייענט דעם טייטש־חומש. זי איז איצט אַזוי זיכער געווען, דאָס זלמן איז איהר מאַן, אַז זי האָט שוין מעהר ניט געפיהלט קיין טומאה אונטער'ן הארצען. די צעהן נעכט צווישען ראש השנה און יום כפור האָבען זיי זיך ניט געטראָפען. דערפאַר אָבער האָט זי אין איהרע תחינות איהם ניט פערגעסען, און ראש השנה און יום כפור האָט זי מיט זודיגע טרעהרען געבעטען ביי גאָט אַ כתיבה און חתימה טובה פאַר איהר זלמן'ען.

נאָך ימים נוראים האָבען זיי זיך ווידער געטראָפען יעדע נאַכט, און אַזוי זיינען פאַראיבער די לעצטע צוויי חדשים פון זלמן'ס דיענסט....

---

### 13.

אין יענער נאַכט איז ער שוין געווען אַנגעטהאָן ציוויל... אַ פינסטערע נאַכט געווען. דער הימעל איז געווען פערוואָלקענט. אַ קאַלטער ווינד האָט געבלאָזען. דער דונקעלער וואַלד האָט זיך געבויגען און געקרעכצט.

חייקע מיט זלמן'ען זיינען געגאַנגען איבער'ן פעלד צום וואַלד צו. נעגען זיי האָט זיך דער ווינד געטראָגען מיט אַ בייזען ברומען און געשמיסען אונטער זייערע פיס געלע, פערוועלקטע, פערטריקענטע בלעטער, וואָס האָבען געשאַרשקעט.

חייקע האָט געבליפּעט:

— זלמנ'קע, האָב רחמנות... דו האָסט דאָך זיך געשוואָרען ביי דיין טאַטען, ביי דיין מאַמען... זלמנ'קע, איך האָב דאָך דיר קיין שלעכטס ניט געטהאָן, פאַרוואָס ווילסטו מיך קוילען אָהן אַ מעסער?

ער האָט געענטפערט מיט אונגעדולד אין'ם קול:

— ווער וויל דיך קוילען?... איך וויל נור אַ פריהער אריי־בערפאָהרען אהיים. איך האָב שוין מיין מאַמען לאַנג ניט געזעהן, מיין טאַטען... איבערמאָרגען קום איך צוריק, און דעמאָלט וועל איך ריידען מיט דיין טאַטען און אַ חופּה שטעלען.

— ניין, ניין, דו וועסט ניט קומען. אוי, איך'ל משוגע ווע־רען!...

—אַז איך וואָלט געמיינט דיך אָבצונאַרען, וואָלט איך היינט צו דיר ניט געקומען. מאָרגען וואָלט איך אוועקגעפאָהרען, און דער־נאָך — זוך מיך.

— איך'ל פון זינען אַראָפּ! איך'ל זיך אַ מיתה אָנטהאָן! — האָט זי ארויסגעשעפּצעט, ברעכענדיג די הענד: — איך בעט דיך — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ בעטענדיגען טאָן — פאָהר ניט אוועק, איי־דער... קום איצט, איך'ל אויפוועקען דעם טאַטען... איך'ל מיט איהם ריידען, אויב דיר איז שווער, נור מאַך מיר ניט אומגליקליך, זלמן! — האָט זי פּלוצים אויסגעשריען מיט אַ יאָמער הויך אויפ'ן קול — דאָס איז דאָך דיין ממזר, גזלן! דאָס איז דאָך דיין ממזר!

ער האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און זיך אָפּגעשטעלט.

— שאַ, שאַ, וואָס שרייסטו, משוגענע?... מען וועט דאָך דערהערען!...

— זאָל מען דערהערען! — האָט זי געיאָמערט הויך אויפ'ן קול — זאָל מען דערהערען... וואָס האָב איך שוין, ברוך השם, וואָס אָנצוזאָווערען!... זאָל מען דערהערען!... מיר איז אַלץ איינס מיין לעבען קיין לעבען ניט... סיי־ווי־סיי איז מיר געקומען פון'ם בריק אין וואַסער! דו האָסט מורא, טאָמער וועט מען דערהערען... דו... דו!... ווארום האָסטו יעמאָלט ניט מורא געהאַט... וואָס האָסטו געהאַט צו מיר, וואָס?...

— גענוג! — האָט ער מיט כעס אויסגעשריען — אַניט, ווי דו זעהסט מיך אַ אידען, אַז איך גען אַוועק פון דיר!

זי האָט זיך צולאַכט מיט אַ משונה׳דיגען געלעכטער, ווי אַ גע־ריהרטע:

— דו וועסט אַוועקגעהן? כאַ! כאַ! כאַ! כאַ! יאַ, יאַ, דו קענסט שוין געהן... דיינס האָסטו שוין געטהאָן... כאַ! כאַ! כאַ! הער אויס — האָט זי מיט אַמאָל גענומען שעפּצען שנעל אין איין אָטהעם, צורוקענדיג זיך צו איהם נעהענטער, און אַריינקוקענדיג איהם מיט ברענענדיגע אויגען אין פּנים אַריין: — דו ווייסט ניט, פיעל איך האָב געליטען, פיעל איך לייד; ווען דו געהסט אַוועק און לאָזט מיך איבער מיט מיין אונגליק, וועל איך... וועל איך אַ מעסער... — איהרע אויגען האָבען ווילד גענומען לויפען איבער איהר קאָפּטע און ארונטער. דאַן האָט זי מיט געוואַלד אַ ריס געטהאָן די קאָפּטע אונטער׳ן האַרצען, דערנאָך דאָס העמד, און גענומען טור־קען מיט אַ פינגער אויפ׳ן נאַקעטען לייב — אַ מעסער וועל איך אַריינ־זעצען דאַ, אין דיין ממזר, אַ מעסער!...

פּלוצים איז זי שטיל געוואָרען. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זלמן איז ניטאָ נעבען איהר. אין די אויגען איז איהר פינסטער געוואָרען, דער קאָפּ האָט איהר גענומען דרעהען און דער לשון האָט איהר אָפּ־גענומען.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אין פּאָראויס.

— זל... — האָט זי קוים אויסגעבראַכט אויף איהרע ליפּען.

זי האָט אָנגעטהאָן אויף זיך אַ כח און אויסגערופען:

— זלמן!...

זי האָט צונויפגענומען אַלע איהרע קרעפטען און אויסגעשריען הויך אויפ׳ן קול:

— זלמן׳קע, האָב רחמנות!

און דער קול איהרער האָט זיך צוטראָגען ווייט, ווייט איבער׳ן פעלד און אָבגעקלונגען טיעף אין׳ם וואַלד.

זלמן האָט זיך ניט צוריקגעקעהרט.

זי האָט גענומען לויפען שנעלער, מיט אַן אימפּעט, איבער׳ן פעלד צו דער שטאָדט צו און געשריען: זלמן! זלמן! זאַ־אַל־מנ־קע! — אָבער קיינער האָט איהר ניט געענטפערט; דער ווינד נור

האָט נאָך שטאַרקער געברומט און געיאָמערט, דער הימעל איז נאָך פינסטערער געוואָרען און דער וואַלד האָט נאָך שטאַרקער געהודיעט...

חייקע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און אָנגעפאַנגען צו רייסען די האָר אויפ'ן קאָפּ; זי האָט געשריען, געיאָמערט און געקרעכצט, ביז וואַנען זי איז געבליבען ליגען בעוואוסטלאָז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען חייקע האָט געעפענט די אויגען, האָט זי זיך דערזעהן אין אַ גרויסען צימער, ליגענדיג אין אַ בעטעל. אַרום איהר זיינען געשטאַנען נאָך אַנדערע בעטלאַך, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען אונבעקאַנטע פרויען מיט בלייכע פנים'ער. אַרום די בעטלעך זיינען אַרומגעלאָפען מענשען מיט ווייסע שירצען. איינער פון די דאָזיגע מענשען, אַ הויכער מאַן, איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנד.

— וואו בין איך? — האָט חייקע איהם געפרעגט.

— אין האָספּיטאַל — האָט ער געענטפערט.

חייקע האָט פערמאַכט די אויגען. זי האָט ווי דורך אַ חלום זיך גענומען אָן עפּעס דערמאָהנען... אָן וואָס האָט זי קלאָהר זיך ניט געקענט דערמאָהנען.

זי האָט ווידער געעפענט די אויגען און גענומען קוקען אויף דעם מאַן, וואָס האָט איהר האַנד געהאַלטען. דער דאָזיגער מאַן איז איהר פאַרגעקומען זעהר בעקאַנט, וואו האָט זי איהם געזעהן? — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן — יאָ, יאָ, אָט דעם אייגענעם מאַן מיט דעם שמייכעל מיט די געלע וואָנצעס האָט זי ערגעץ געזעהן... וואו?... און וואָס טהוט זי דאָ? ווי אַזוי קומט זי אַהער?

זי האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען.

— ווי לאַנג בין איך דאָ? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שוואַכען קול.

— זיעבען וואָכען. אָהּ, יעצט זייט איהר געזונד — האָט דער מאַן געזאָגט — אַרויס פון געפאַהר. פיליייכט ווילט איהר זעהן דאָס קינד?

חייקע האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן.

איצט האָט זי פערשטאַנען. זי האָט זיך דערמאָהנט, וואו זי האָט געזעהן דעם דאָזיגען מאַן... דאָס האַרץ האָט ביי איהר אָנגע־

פאנגען שטארקער צו קלאפען. א נייַ געפיהל האט זיך אין איהר ערוועקט — איהר האט זיך שטארק פערגלוסט זעהן דאס קינד.

— איך וויל עס זעהן — האט זי ארויסגעשעפּצעט און צוגע־מאכט די אויגען.

באלד האט א פרוי אריינגעטראגען אין צימער א וויינענדיג קינד, פערוויקעלט אין ווינדעלאך.

ווען חייקע האט דערהערט דאס געוויין פון דאס קינד, האט זי זיך א כאפּ געטהאן מיט אן אימפּעט און איבערגוואלד א הויב גע־טהאן זיך אויפ'ן בעט; אבער זי האט ניט געקענט איינזיצען, און זיך ווידער ארונטערגעלאזט אויפ'ן קישען.

ווען מען האט איהר דערלאנגט דאס קינד, האט זי עס פעסט צוגעדריקט צום הארצען.

דאס קינד האט געוויינט און זיך פערגאנגען; חייקע האט עס אנגעפאנגען צו גלעטען און איינשטילען: — שא, שא, פויגעלע מיינע... ניט וויין, ניט וויין... איך האב דיך האלט. שא, עופה'לע מיינע... שא, טייבעלע מיינע. ניט וויין, פערעלע מיינע, ניט וויין...

און די דאזיגע אלע צערטליכע ווערטער האבען זיך פון איהר הארצען געגאסען פון זיך אליין; די יונגע מאמע האט אפילו ניט גע־הערט, וואס איהרע ליפען ריידען.

— אוי, וואס פאר א וויינענדיג מיידעל דאס איז! — האט די פרוי געזאגט, קוקענדיג אויף חייקע'ן מיט א שמייכעל.

חייקע האט א קוק געטהאן.

— א מיידעל? — האט זי שטיל געפרעגט.

— א מיידעל! — האט געענטפערט די פרוי.

חייקע האט נאך ליידענשאפטליכער צוגעדריקט צו זיך דאס קינד.

* * *

חייקע האט אנגעהויבען צו פיהלען בעסער און האט שוין געקאנט זיצען. פון דעם טאטען האט זי גאר נישט געהערט. ווייסט ער? איז ער דא געוועזן? און איינמאל, בעת זי האט וועגען דעם א פרעג געטהאן די פרוי, וואס האט אכטונג געגעבען אויף איהר קינד, האט יענע איהר געענטפערט, אז אינ'ם שפּיטאל לאזט מען קיינעם ניט צו צו די קראנקע.

זעהר אפט האט זי געטראכט, וואס וועט איצט זיין? וואס וועט דער טאטע זאגען, וואס וועלען לייט זאגען? ווי וועט זי ועמען קענען קוקען גלייך אין די אויגען? אוי, ווארום איז זי בעסער ניט געשטאר־בען! קוים אבער האט זי דערהערט איהר קינד'ס קול, האט זי אן אלעם פערגעסען, האט נור איהר קינד געפיהלט, און די ליפען איהרע האבען געשעפטשעט:

— עופה'לע מיינע! פויגעלע מיינע!...

---

אין דעם טאג, ווען חייקע האט געזאלט פערלאזען דעם האספי־טאל, איז צו איהר צוגעגאנגען א מאן און זי גאנץ פארזיכטיג ארומ־געקוקט און ארומגעהערט. דערנאך האט ער זי אנגענומען ביי א האנד און מיט א פריינדליכער שטימע געזאגט:

— איך מוז אייך אנזאגען א טרויעריגע נאכריכט. אייער פאטער האט אין דעם טאג, ווען מען האט אייך אהער געבראכט, געקראגען א בלוט־שטורץ און איז געשטארבען.

חייקע האט געקוקט אויף איהם מיט גלעזערנע אויגען, אזוי ווי זי וואלט איהם ניט פערשטאנען. דערנאך האט זי זיך א זעץ געטהאן מיט ביידע הענד אין קאפ, א געשריי געטהאן: „אוי, פינסטער איז מיר!" און איז געפאלען אין אונמאכט...

---

14.

אויף מארגען האט מען זי אויסגעשריעבען פונ'ם האספיטאל. איינער פון די דאקטוירים האט איהר געשענקט 5 רובל און א צווייטער מאן, פון די האספיטאל־בעדיענטע, האט זי מיט'ן קינד אויף א שליטען אפגעפיהרט אהיים. מען האט איהר נאך מיטגעגעבען פון'ם האספיטאל א קערבעלע מיט שפייז.

אין דרויסען האט געברענט א פראסט. דער הימעל איז געווען גרוי; אויף די גאסען איז געלעגען טיעפער שנעע, וואס האט געפינ־קעלט פונ'ם פראסט.

חייקע האט צוגעדריקט צו זיך פעסטער דאס קינד, האט זיך צו־

געבויגען צו דעם מיט איהר בוזים, אום עס זאָל אזוי ניט פיהלען די קעלט.

ווען זי איז דורכגעפאָהרען דעם מארק אויף דער נייער סלאָבאָדקע, האָט זי פּלוצים בעמערקט, ווי די ווייבער, וואָס האָבען זיך דאָרט געוואָרעמט אויף זייערע פייער־טעפּלעך נעבען זייערע טישלעך ברויט, נעבען זייערע וועגלעך פיש און נעבען זייערע קראָמען, זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער, האָבען געפּאַטשט אין די הענד און געשפּיגען. דערנאָך האָט זי דערהערט אַ בייזען קוויטש פון אַ פרוי, וואָס האָט זיך צוטראָגען איבער'ן גאַנצען מאַרק:

— אוי, איינגעזונקען זאָל זי ווערען!

זי האָט דערקענט דעם קוויטש און זיך אַ צאַפּל געטהאָן. דאָס האָט געשריען איהר מאַמע'ס שוועסטער גנענדעל, אַ לייבליכע מוהמע איהרע, וואָס האָט דאָרט פערקויפט ברויט אויף אַ טישעל.

זי האָט פערמאַכט די אויגען און זיך נאָך ניעדריגער צוגעבויגט צום קינד.

ווען דאָס שליטען האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען דעם אַלטען שטיבעל אויפ'ן עק שטאָדט, האָט חייקע'ן פערקוועטשט דאָס האַרץ, בעת זי האָט דערזעהן די בעקאַנטע פענסטער, וואָס זיינען איצט בעדעקט געווען מיט אַ דיקער, ווייסער קאָרע פונ'ם פראָסט.

אינ'ם שטוב איז געווען חושך, קאַלט און פינסטער. יעדעס ווינקעלע, האָט זיך געדוכט, האָט דאָרט געוויינט און געפראָרען. אין מיטען שטוב איז געשטאַנען אַ בעט, אָנגעוואָרפען מיט אַלטוואַרג, שמוציגע וועש און קישענס.

נעבען בעט איז געלעגען אַ לאַנגע שטרוי, הפנים איינע פון יענע שטרויען, אויף וועלכע איהר טויטער טאַטע איז געלעגען. חייקע האָט דערזעהן די שטרוי און זיך פונאַנדערגעקלאָגט אויפ'ן קול.

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויפ'ן בעט, אַרונטערגעוואָרפען די שיך פון די פיס, אַרומגענומען מיט ביידע הענד די קניע און זיך געזעצט אויף דער פערפרוואָרענער פּאָדלאָגע וויינען... זי האָט די קעלט ניט געפיהלט, ניט געהערט, ווי דער האָספּיטאַל־בעדיענטער איז פונ'ם שטוב אַרויס, זי האָט אפילו וועגען גאָרנישט בעזאָנדערעס ניט געטראַכט; זי איז נור געזעסען און האָט געוויינט אָהן ווערטער און ניט געפיהלט איהרע טרעהרען, פּונקט ווי זי האָט דעמאָלט ניט

געהערט איהרע צערטליכע ווערטער, וואס זי האט אויסגעגאסען אויף איהר קינד, בעת זי האט עס א וויינענדיגע צו איהר ברוסט צוגעדריקט.

אזוי איז זי געזעסען א פאאר שעה, ביז דאס קינד האט גענומען וויינען. דאן האט זי זיך אויפגעהויבען פון דר'ערד, אנגעזויגט דאס קינד, צוגעדעקט עס מיט א קישען און איינגעהייצט די אייוועז. אויפ'ן בוידים איז געשטאנען אן אלטע וויעגעלע, דאס אייגענע, אין וועלכע איהר מוטער האט זי, אלס קינד, געלוליעט; חייקע האט עס פונ'ם בוידים ארונטערגענומען, אין שטוב אריינגעטראגען, און אין דעם דאס קינד אריינגעלייגט. דערנאך האט זי אויפגעזוכט א פאאר העמדער איהרע און זיי צוריסען אויף ווינדעלאך.

יענע נאכט, ליגענדיג אויפ'ן בעט מיט'ן קינד נעבען זיך, האט זי לאנג ניט געקענט איינשלאפען. פריהער האט זיך איהר אלץ גע־דאכט, אז אט־אט וועט זי דערהערען איהר טאטענ'ס הוסט פונ'ם צווייטען צימער. איהר איז שווער געווען צו צוגעוועהנען זיך צו דעם געדאנק, אז ער איז געשטארבען... דערנאך, בעת איהר איז פארט קלאהר געווארען, אז ער איז טויט, האט א פחד זי אנגעכאפט. דער מינדסטער ריהר פונ'ם ווינד אין דרויסען הינטער'ן פענסטער האט זי געמאכט אויפציטערען. אין דער דונקעלהייט פונ'ם צימער האט די פראסטיגע ווייסקייט פון די פענסטער אפגעשיינט, און איהר האט זיך דאן געדאכט, אז די דאזיגע ווייסקייט איז ניט דער פראסט, נור איהר טאטענ'ס תכריכים...

אבער אט האט דאס קינד א פיפס געטהאן, און זי האט באלד אן אלסדינג פערגעסען; אלע איהרע געדאנקען און געפיהלען האבען זיך דאן, ווי דורך א כישוף, מיט איינמאל צונויפגעגאסען אין איין בעהערשענדיגען געדאנק, אין איין פייערדיגען, מעכטיגען געפיהל— דאס קינד!...

---

## 15.

זי האט ניט געוואגט זיך צו ווייזען פאר לייטען, פיר די בעקאנטע אידען און אידענעס אויף דער נייער סלאבאדקע, און כל זמן זי האט נאך געהאט דאס עסענווארג, וואס מען האט איהר מיטגע־

געבען פון האספיטאל, איז זי פון׳ם שטוב ניט ארויס. אבער אויפ׳ן פיערטען טאג איז די דאזיגע עסענווארג אויסגעגאנגען, און זי האט גע־מוזט ארויסגעהן עפעס איינקויפען. זי האט בעשלאסען צו געהן צו זלאטע־ברייינע׳ן אין קראם. זלאטע־ברייינע האט זי אלע מאל אזוי ליעב געהאט, און זי האט געהאפט, אז ביי איהר וועט זי אויך קאנען פרעגען אן עצה, וואס צו טהאן.

זי האט פערוויעגט דאס קינד, עס גוט איינגעדעקט מיט קישענס, האט זיך איבערגעדעקט מיט דער גרויסער פאטשיילע און איז פונ׳ם שטוב ארויס.

עס איז געווען פאר־נאכט ערב א מארק־טאג. דער פראסט וואט געברענט. דער הימעל איז ביי די זייטען געווען רויט, ווי פייער, און אין מיטען ווי מיט פערלמוטער אויסגעזעצט. אומעדום איז גע־לעגען א ווייסער שנעע, וואס האט געפינקעלט, אזוי ווי איבער איהם וואלטען בלויאינקע פייערלעך ארומגעטאנצט... איבער׳ן וועג צו דער שטאדט צו האבען זיך געשלעפט דארפישע פוהרען מיט האלץ, היי און אנדערע דארפישע סחורות. די פערד זיינען בעדעקט געווען מיט א גרויען פראסט־טהוי און די שליטענס האבען געסקריפעט איבער׳ן שנעע. ביי דער זייט אדער אהינטער די פוהרען זיינען געגאנגען פויערים און פויערטעס. די פויערים מיט פערפראָרענע בערד, מיט ארונטערגערוקטע ווארימע היטלען איבער׳ן פנים, אין לאנגע גרויע סערמיאגעס און ליאפטעס. די פויערטעס מיט ארומגעוויקעלטע קעפ, אויך אין סערמיאגעס און ליאפטעס. די דאזיגע אלע פויערים מיט זייערע ווייבער, פערד און פוהרען האבען זיך געצויגען אין איין ריכטונג, צום מארק אויף דער נייער סלאבאדקע. און קענען זיי זיינען געלאפען אידען און אידענעס, פערהאוועט און פערשמאיעט, מיט א געשריי און ליארעם, האבען זיך ארומגעכאפט מיט זיי, געדריקט זיי די פערפראָרענע פויערשע הענד, געהאנדעלט און געשלעפט די פערד מיט די פוהרען צו זיך אויף די הויפען.

אויף דער נייער סלאבאדקע איז געווען לעבעדיג ווי ערב א מארק־טאג. די קרעמערס און די קרעמערינס זיינען געשטאנען נעבען זייערע קראמען אין וואליקעס, אין פערשמאלצענע פוטערס, קאפטאנס, קאפטעס, האבען ארויסגעקוקט אויף זייערע בעקאנטע פויערים, און

נאָכאַנאַנד געשריען: זדראַווי, איוואַן! זדראַווי, סטעפּאַן! הא, מיכאַלקאַ, יאַק זשע טי מאַיעש? א. ז. וו.

פון אַלע זייטען האָט זיך געטראָגען אַ טומעל. מענערשע קולות, ווייבערשע קוויטשערייען האָבען זיך געמישט אין דער לופט מיט דעם סקריפּען פון די שליטענס איבער'ן שנעע...

דורך די קוימענס פון די הייזער אויף דער נייער סלאָבאָדקע האָבען זיך געצויגען צום מוטערפערלענעם הימעל גלייכע זיילען רויך. און וואָס פיר אַ רויך! — אַזוי ווי פערבאָרגענע הענד וואָלטען דאָרט דורך די קוימענס, גאַנצע זשמוטעס ראָזעווע שטענגעס צום הימעל געוואָרפען...

חייקע איז געגאַנגען איבער דער נייער סלאָבאָדקע און האָט אויס־געמיידט צו קוקען אויף די בעקאַנטע.

פּלוצים האָט זי דערהערט הינטער זיך אַ קוויטש פון אַ פרוי: „אוי, אָט איז זי דאָך!“...

זי האָט זיך צושראָקען אַ כאַפּ געטהאָן צוריק און דערזעהן איהר מוהמע גנענדעל, אַ הויכע, לאַנגע אידענע אין וואַליקעס און אין אַ פערשמאַלצענער וואַטאַווער קאַפּטע, מיט אַ לאַנגען פּנים און שאַרפער שפּיציגער מאָרדע.

— שעהמסט זיך גאָר ניט צו ווייזען פיר לייט! אַז איינגע־בראָכען זאָלסטו ווערען, רבונו־של־עולם! אַז אויסגערונען און אויס־געשוואומען האָסטו געזאָלט ווערען אין דיין מאַמע'ס בויך, חייענקע, וואָלסטו היינט ניט פערשוואַרצט קיינעם די אויגען! אַז בעגראָבען האָט מען געזאָלט דיך אַ קליינציקע, וואָלט דורך דיר ניט געשטאָרבען דיין טאַטע, אַזאַ איד! — האָט גנענדיל געקוויטשעט אויפ'ן קול.

— מוהמע!—האָט חייקע אַרויסגעשטאַמעלט—האָט רחמנות!...

— רחמנות? — האָט זי גענומען קוויטשען נאָך העכער — ווען דו וועסט אַפילו ליגען ווי אַ נבלה אין מיטען גאַס... טפוי! טפוי! — האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגען און איז אַוועקגעלאָפען.

חייקע איז געבליבען שטעהן צוטומעלט.

— וואָס מאַכט עפּעס דיין ממזר? — האָט זי דערהערט דעם קול פון אַ צווייטער פרוי הינטער זיך — אַ ממזר צי אַ ממזרת? ווי האָסטו איהם אַ נאָמען געגעבען, צו נאָך דיין טאַטען, צו נאָך דיין מאַמען?...

חייקע האָט זיך געלאָזט לויפֿן. זי איז שוין געווען ניט ווייט פֿון זלאַטע־ברײנע׳ס קראָם, איז זי אַהין אַרײַנגעלאָפֿן.

דאָרט זײַנען געשטאַנען עטליכע בעקאַנטע פֿרויען און האָבן וועגן עפּעס זעהר היציג גערעדט.

זלאַטע־ברײנע, אַ ברייטע אידענע אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ נאָז, פֿערשמירט אין מעהל, האָט געמאַכט מיט ביידע הענד און וועגן עפּעס געשריען.

ווען די ווייבער האָבן דערזעהן חייקע׳ן, זײַנען זיי אַלע מיט אַמאָל אנשוויגען געוואָרען.

זלאַטע־ברײנע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן געגען חייקע׳ן:

— וואָס דאַרפֿסטו דאָ, צולאָזענע חזיר? — האָט זי גענומען שרייען, און סליונעס האָבן איהר גענומען שלאָגען פֿונ׳ם מויל: — אַרויס, דײַן פּוס זאָל מיין שוועל ניט איבערטרעטען!

— זלאַטע־ברײנע, איהר אויך?... — האָט חייקע צוטומעלט אַרויסגעשטאַמעלט.

אָבער זלאַטע־ברײנע האָט זי ווייטער ניט געלאָזט ריידען, איז צוגעלאָפֿען צו איהר און האָט זי אָנגעכאַפּט פֿאַר אַן אָרעם: — אַרויס, דו כל־בו׳ניצע, אַרויס! דײַן דוך זאָל ביי מיר ניט זײַן!

חייקע איז אַרויסגעלאָפֿען אַ צומישטע. זי האָט געהערט, ווי די ווייבער האָבן זיך דאָרט הויך צולאַכט.

— איך וועל זיך אַ מיתה אָנטהאָן! — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן און איז אַוועקגעלאָפֿען איבער דער גאַס. וואוהין, האָט זי אַליין ניט געוואוסט, נור אינסטינקטיוו איז זי געלאָפֿען צו זיך אַהיים.

פּלוצים האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען אַ פֿערשטיקטער שלוכץ, אַ צווייטער, אַ דריטער, און זי האָט גענומען וויינען; זי איז געלאָפֿען און האָט אַרויסגעלאָזט אַזוינע געהאַקטע, פֿערשטיקטע טענער, געלאָפֿען אין דער ריכטונג, וואו איהר שטיבעל איז געשטאַנען.

די פֿאַרבייגעהער, וואָס האָבן זי ניט געקענט, האָבן זיך אומגעקוקט אויף איהר און זי אָנגענומען פֿאַר אַ משוגענע. יענע, וואָס האָבן זי יאָ געקענט, האָבן זיך אַפילו געוואונדערט, וואָס זי וויינט, פֿונדעסטוועגען האָבן זיי איהר נאָכגעשפּיגען. אויפ׳ן ראָג פֿון אַ גאַס האָבן אינגלאַך זיך געוואָרפֿען מיט שנעע־קייקלעך. ווען זיי האָבן זי דערזעהן, האָבן זיי גענומען שרייען: „אַט געהט חייקע,

דעם ממזר׳ס מאַמע!״ און זיי אַלע אין איין חברותא האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך איהר און גענומען זינגען: „חייקע מיט׳ן ממזר! חייקע מיט׳ן ממזר! חייקע מיט׳ן ממזר!״...

און דאָס דאָזיגע געזאַנג פון די אינגלאַך האָט געקלאַפּט אויף איהר מוח, ווי מיט שווערע האמערס, און זי האָט גענומען וויינען נאָך העכער, אַזוי ווי מיט איהר קול וואָלט זי פערשטיקען געוואָלט זייערע געשרייען...

---

16.

זי האָט דערפיהלט, אַז עמיצער האָט זי ביי דער האַנד אָנגעכאַפּט. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און, וויינענדיג נאָך אַלץ, זיך אומגעקוקט. נעבען איהר איז געשטאַנען דער „כל־בו׳ניק״ אין אַן אַלטען פוטערל, איינגעהויקערט און אָנגעשפּאַרט זיך אָן זיין סוקאַוואַטען שטאָק.

— האָט רחמנות, ראַטעוועט מיך פון די גזלנים! — האָט זי אויסגעשריען מיט אַ יאָמער.

דער אַלטער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט׳ן שטאָק אויף די אינגלאַך און זיי, די קינדער פון דער נייער סלאָבאָדקע, ווען זיי האָבען דער־זעהן דעם „מכשף״, האָבען זיי זיך דערשראָקען און זיינען אַנטלאָפען. חייקע האָט איצט געכליפּעט.

— דו געהסט אַהיים? — האָט דער אַלטער זיך אָנגערופען — קום, איך געה מיט די... איך האָב געהעיט וועגען די... נו, נו, עס טיעפּט זיך, עס טיעפּט זיך!... אי־אי־אי, די פאַנאַטיקעי וועיען דיך פּעיפּאָיגען! וואו פאַנאַטיקעי, דאָיט איז קיין טאָיעאַנץ ניטאָ — האָט ער געערדט מיט זיין מויל אָהן ציהן, ניט אַרויסרייידענדיג די „לאָ־מעדען״ און „רייזען״.

זי האָט אויפגעהערט צו וויינען. כאָטש זי האָט איהם ניט קלאָר פערשטאַנען און אַביסעל מורא געהאַט פאַר איהם אויך, האָט זי דאָך אינסטינקטיוו דערפיהלט אין איהם אַ פריינד. יעדענפאַלס אין דעם דאָזיגען מאָמענט איז ער געווען דער איינציגער, וואָס האָט איהר ניט וועה געטהאָן.

זי איז א ווײַלע געגאַנגען נעבען איהם, און פּלוצים האָט זי זיך ווידער צוכליפּעט און אויסגערעדט פאַר איהם איהר גאַנץ האַרץ.

— אפשר קאָנט איהר מיר העלפען? אפשר וואָלט איהר זיי געבעטען?...

זי האָט געמיינט די „ניט גוטע", די שדים...

ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס זי מיינט, און ער האָט גע־ענטפערט:

— מי וועיען א טיאַכט טהאַן... דעיוואַיע וועי איך געהן וואָס קויפען צו קאיען פּי די...

און ער האָט זיך צוריקגעקעהרט און איז איינגעהויקערט אוועק צום מאַרק צו.

אין דער היים האָט נאָך דאָס קינד געשלאָפען. חייקע איז צו־געגאַנגען צום וויעגעלע, איז צוגעפאַלען צום קינד און גענומען אויס־ריידען איהר האַרץ:

— זיי וואָלטען דאָך דער'הרג'עט אי מיך, אי דיך, וואָס ביזטו, נעבאַך, שולדיג, ברעקעלע מיינס?... ער איז שולדיג, ער, דער גזלן, וועה איז מיר!...

שפּעטער איז געקומען דער אַלטער יאַנטשע און געבראַכט מיט זיך א פּעקעלע עסענוואַרג.

ער האָט זיך געזעצט נעבען וויעגעלע, אויסגעטהאָן זיינע ברילען, אויסגעווישט זיי, ווידער זיי אָנגעטהאָן און גענומען קוקען אויף דאָס קינד.

— א מיידעלע? — האָט ער א קעהר געטהאָן זיין פּנים פון ערד־קאַליר צו חייקע'ן.

— יאָ, א מיידעלע.

— שען! — האָט ער זיך צולאַכט מיט זיין דין, קינדערש גע־לעכטער — יב! און ווי יופּט מען עם?

חייקע האָט א דריק געטהאָן די אַקסלען.

— איך האָב נאָך קיין נאָמען איהר ניט געגעבען.

— יופּ זי יבע. א קינד פון יבע...

— מיין מאַמע האָט נאָך ניט קיין נאָמען — האָט חייקע ארויס־געכליפּעט — און איהר געבען א נאָמען נאָך מיין מאַמען איז עפּעס, איז עפּעס...

זי האָט זיך רחמנות׳דיג צו־וויינט.

— נאַיעשקייטען! — האָט דער אַלטער יאַנטשע זיך אָנגערו־פען — דיין מאַמע דאַרף ניט קיין נאָמען: אָהן דעם קאָן זי אויך פויען! מיט אַ נאָמען אָהן אַ נאָמען, אין דיעיד פויט מען!... דו יוף זי יבע, דו הערסט? יבע!...

און ער האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צום קינד, אַ שמאַצקע געטהאָן מיט זיינע אַלטע ליפּען און עס אַ רוף געטהאָן מיט ליעבע אינ׳ם קול: יעבעיע!... נאַ־נאַ־נאַ, יעבעיע!... נאַ—נאַ—נאַ!...

חייקע׳ן איז מורא׳דיג געוואָרען: איהר האָט זיך אויסגעגעבען, אַז ער פּראָוועט כישוף מיט׳ן קינד; זי איז אָבער איצט געווען אַזוי דערשלאָגען, דאָס זי האָט ניט געוואָגט איהם צו שטערען.

דאָס קינד האָט געגומען וויינען. חייקע האָט זיך אַ וואָרף גע־טהאָן צום וויעגעלע; דער אַלטער יאַנטשע האָט זי אָבער אָפּגעשטופּט:

— דו נעהם עפּעס אין מוי דאָיט... איך וועל יבעיען צו־וויעגען...

און ער האָט געגומען וויעגען דאָס וויעגעלע

— דאָס עישטע מאָי אין מיין יעבען וויעג איך אַ קינד — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל אויף זיין אַלטען פּנים — איך האָב יאָ אמאָי געהאַט אַ קינד... אַן אינגעיע... היינט מוז עי שוין זיין אַ יאָי 50 אַיט, אַ זיידע מסתמא און אויך אַ פאַנאַטיקעי מסתמא... וואָס דען? דעי טאַטע איז צו קיאָיר פּי זיי געוועזן... צו אויפגע־קיעט... צו געבידעט... האָט מען איהם... אַי—אַי—אַי, קען איך זיי! — האָט ער געגומען שאָקלען מיט׳ן קאָפּ — מיין אינגעיע אוועקגענומען, מיין טאַטענ׳ס הייזעי אוועקגענומען און מיך פּעיפאַיגט און אַז איך וועי שטאַרבען, וועט מען מיך מסתמא בעגיאַבען עיגיץ הינטעין פּיאַנקען... כע, כע, כע!! מיין דאגה!... פון מיינטוועגען מעג מען מיך בעגיאַבען מיט אַ פּעיד אין איין גיוב! אַ נפקה מינא, וואו מען פויט!...

— און איהר האָט גאָר קיין מורא ניט פאַר יענער וועלט? — האָט חייקע געפרעגט מיט שרעק אין די אויגען.

— יענע וועיט? ניין, איך האָב ניט מויע! וואָס דאַרף מויע האָבען שטויב, עיד, צופויטע ביינעי?...

— מכשפים האָבען הפּנים ניט מורא פאַר יענער וועלט אויך! — האָט חייקע אַ טראַכט געטהאָן, און עס איז איהר נאָך מורא׳דיגער

געוואָרען צו קוקען אויף זיין אויסגעצויגענעם שפּיציגען פּנים פון ערד־קאָליר מיט דער גרויער שפּיציגער בערדיל, מיט די ברילען, און אויף זיין איינגעהויקערטער געשטאַלט אין גאַנצען.

---

### 17.

עטליכע חדשים זיינען אוועק, ער איז געקומען צו חייקע'ן כמעט יעדען טאָג, און זי האָט זיך צוגעוועהנט צו איהם, זיך ניט געשראָקען מעהר פאַר איהם און ווען ער איז אַמאָל איין טאָג ניט געווען, האָט זי געבענקט נאָך איהם. אגב האָט זי איהם געהאַלטען פאַר איהר רעטער און פאַר דעם איינציגען פריינד פון איהר און דעם קינד. איהר חיונה האָט זי געצויגען פון וואשען וועש פאַר עטליכע פאַמיליעס, וואָס ער האָט פאַר איהר אויפגעזוכט צווישען די דאָקטוירים און לעהרערס פון דער שטאָדט. דאָס קינד איז אַלט געווען זעקס חדשים און האָט שוין געלאַכט אויפ'ן קול. חייקע האָט זיך צוגעבונדען צו איהר ליעבקעלע'ן (זי האָט טאַקע אַזוי אַ נאָמען געגעבען דעם אַלטען צוליעב) מיט לייב און לעבען.

דאָס קינד איז געווען אַ שענס און אַ געזונדס, מיט קלאָהרע פולע בעקלאך, בלויע אויגעלאך און בלאָנדע הערעלעך. האָט עס גע־לאַכט, האָבען מיט דעם מיטגעלאַכט די ראָזעווע חן־גריבעלעך אויף די באַקען, און דער מאַמען האָט זיך דאַן אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט לאַכט מיט איהר. אַ סך מאָל, בעת חייקע האָט זיך מיט איהר ליעבקעלען געשפּיעלט, האָבען די אַלטע וועגד פון'ם שטיבעל גע־הערט אַזאַ גליקליך געלעכטער, וואָס זיי האָבען נאָך קיינמאָל, זייט זיי שטעהען, ניט געהערט... די גאַנצע ליעבע און פריינדשאַפט, וואָס חייקע האָט אין דער וועלט פערלאָרען, האָט זי אין איהר קינד'ס שמייכעל און געלעכטעריל געפונען אין אַ פיעל־פאַך פערדאָפּעל־טער מאָס...

איין מאָל, אין אַזאַ גליקליכער מינוט, האָט זי זיך הויך אויפ'ן קול צוזונגען:

„געהט א שאַלדרע איבער'ן גאַס  
לערנען קען ער גאָר ניט;  
ער געהט אַרום פּוסט און פּאַס  
און טהוט נור, וואָס מען טאָר ניט"...

פּלוצים האָט זי ברייט פאַנאַנדערגעעפענט די אויגען און איי־בערגעריסען איהר געזאַנג. „אַ שאַלדרע?... טהוט וואָס מען טאָר ניט?" — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן. און דאָס וואָרט „שאַלדרע", אָדער ריכטיגער „שאַלטאַק", וואָס מיינט אין דעם פּאָלק'ס מויל „שאַרלאַטאַן", האָט זי איצט פאַר זיך אויסגעלייגט: — „סאָלדאַט"... זי איז געבליבען שטעהן, ווי אַן איינגעגראָבענע...

— איך האָב געזונגען און האָב ניט געוואוסט, אַז איך זינג וועגען מיין אייגענעם מלאך המות, וועה איז מיר! — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן.

דער אַלטער יאַנטשע האָט זיך כמעט ניט ווייניגער צוגעבונדען צום קינד, ווי די מוטער. יעדען טאָג האָט ער עפּעס פאַר איהר ליעב־קעלען געבראַכט. און ווען ליעבקעלע האָט צו איהם געשמייכעלט, האָט זיך זיין אַלטער פּנים בעלעבט מיט פרייד און דאַן האָט ער גע־שריען אויף זיין דינעם, קינדערשען קול:

— זעה, זעה, ווי יבקיעע יאַכט! זי האָט מיך האָיד!.. דעי עישטעי נפש אויף דעי וועיט, וואָס האָט מיך האָיד!... אַי—אַי—אַי, ווען איך וואָיט אינגעי געוועז, ניט קיין זיעבציג, נוי פופציג, איך וואָיט דאַן יבקעיען אַן עיציהונג געגעבען — אַי־אַי־אַי! — האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

גאַנץ אָפט, ווען חייקע האָט אָפּגעטראָגען וועש צו די קונדען, איז דער אַלטער פערבליבען נעבען דאָס קינד און דאַן האָט ער ליעב־קעלען מעשות דערצעהלט פון זיין לעבען, ווי מען האָט איהם פער־פּאָלגט, ווי יאָהרען גאַנצע האָט ער ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידען און ווארום מען האָט איהם פערפאָלגט. און אַמאָל האָט ער זיך פאַר דאָס קינד גאָר אריינגעלאָזען אין אַ טיעפע חקירה וועגען דער וועלט און יענער וועלט, וועגען נאַטור און גאָטהייט און האָט זאָגאַר דערצעהלט, וואָס שפּינאָזא זאָגט און וואָס קאַנט זאָגט.

דאָס קינד האָט געמאַכט מיט די ווייכינקע פּולינקע הענטעלאַך, געשמייכעלט מיט די חן־גריבעלעך און גערעדט: מאַם! מאַם! מאַם!...

* * *

מאַנכעס מאָל האָט זיך חייקע צוריקגעקעהרט אַהיים אַ פערצווייפעלטע, אַ פערביטערטע פון די בעליידיגונגען אויף דער גאַס. דאַן האָט זי אויסגערעדט פאַר דעם אַלטען דאָס האַרץ: די אידען און די אידענעס לאָזען זי ניט דורכגעהן אַ גאַס אָהן קללות. די קינדער פערוואַרפען זי מיט שטיינער און שרייען איהר נאָך: „וואָס מאַכט דער ממזר?“ איבערהויפּט פערפאָלגט זי אבעלע, דעם שמש'ס אינגעל. וואָס זאָל זי טהאָן?

דער אַלטער יאַנטשע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געלאַכט מיט גאַל:

— מאַמזעים, האַ? בע! בע! בע! זיי מסתמא זיינען בעשאַפען געוואָרען דויך אַן אַנדערען שם המפורש? אי, אי, אי, פינסטעיע מענשען!

— אָבער וואָס טהוט מען? ווי העלפט מען זיך געגען די גזלנים? — האָט חייקע געפרעגט פערצווייפעלט.

— פּיעט זיי דעם מוח איינעם, אַ צווייטען, וועיען זיי דיך יאָזען צויו! — האָט ער געענטפערט.

— איך'ל עס אַמאָל טהאָן! — האָט חייקע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט טיעפען האַס אין'ם קול — איך האָב שוין קיין כח ניט מעהר צו ליידען פון זיי!

---

### 18.

דער פריהלינג איז געקומען. די זון האָט וואַרים און ליכטיג געלויכטען. די פעלדער האָבען געגרינט, דער וואַלד האָט געדונקעלט...

חייקע האָט אָפט, בעת זי האָט איצט אָפּגעטראָגען די וועש צו איהרע קונדען, מיטגענומען מיט זיך דאָס קינד אויף די הענד.

און איינמאָל, בעת זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־המדרש אויף דער נייער סלאָבאָדקע מיט'ן קינד אויף די הענד, האָט זי נעבען

שוהל־הויף דערזעהן אבעלע'ן מיט זיין שוועסטער יאַכנע'ן, איהר אמאָליגע חבר'טע. יאַכנע האָט געהאַלטען איהר קינד אויף די אָרעמס, האָט איהם געהאָטשקעט אין דער הויך און געזונגען. אבעלע איז געשטאַנען נעבען איהר, האָט אונטערגעטאַנצט אויף די פיס און צוגעקנאַקט מיט דעם צונג צום קינד.

— זעה, אַט געהט זי דאָך! — האָט פּלוצים יאַכנע אויסגע־שריען מיט פעראַכטונג אין'ם קול, דערזעהענדיג חייקע'ן, האָט צו געדריקט איהר קינד צו דער ברוסט און אַ שטאַרקען שפּיי געטהאַן.

אבעלע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאַן און אז ער האָט חייקע'ן דער־זעהן, האָבען די רויטע אויגעלעך ביי איהם גענומען טאַנצען און ער האָט גענומען זינגען:

— חייקע מיט'ן ממזר! חייקע מיט'ן ממזר! חייקע מיט'ן ממזר!...

חייקע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו יאַכנע'ן:

— זאָג דעם אָרעסטאַנט, ער זאָל מיך צורוה לאָזען, אַניט וועל איך איהם צופּלעטען דעם מוח!

— צו וועמען רעדסטו, צולאָזענע מויד? — האָט יאַכנע גענומען קווויטשען — געה ניט צו מיט דיין ממזר נאָהענט צו מיין קינד!...

חייקע'ן האָט אַ מיש געטהאָן אין'ם מוח; זי האָט אין גאַנצען גענומען ציטערען און, אויסגלאָצענדיג אויף יאַכנע'ן אַ פּאָר ברענענ־דיגע אויגען, האָט זי ארויסגעשעפּצעט צווישען פערשצעמטע ציינער:

— וואָס מיין קינד אין איין האָר, זאָל צו דיר און דיין קינד אויסגעהן גאָר!

אין דער איינענער צייט האָט זיך פון'ם שול־הויף בעוויזען יאַכנע'ס פאָטער, דער שמש לייבצע.

יאַכנע האָט אַ געשריי געטהאָן:

— זעה נור, טאַטע, וואָס וויל זי מיט איהר ממזר פון מיין לע־בען האָבען?

— וואו איז אַ שטעקען? — האָט לייבצע זיך אַ כאַפּ גע־טהאָן — אַוועק מרשעת, דאָ איז אַ בית־המדרש, אַ מקום־קדוש! אַוועק! לא יבוא ממזר בקהל ה'!...

— איך'ל זיך אַמאָל מיט אייך אָפּרעכענען! — האָט חייקע אויס־גערעדט מיט טיעפען האַס, און איז אוועק אַ צומישטע, מיט אַ ברע־נענדיגען פּנים.

קומענדיג אַהיים, האָט זי דאָרט געטראָפען דעם אַלטען יאַנטשען. זי האָט ווידער פאַר איהם אויסגערעדט דאַס האַרץ און דערנאָך האָט זי פּלוצים געזאָגט:

— הערט אויס, איהר זייט אַזוי גוט צו מיר... איהר האָט אַזוי האָלד מיין קינד, טהוט מיר נאָך אַ טובה... איך מוז זיך אָפּרעכענען מיט יאַכנע'ן. איך האָב זי פיינד שנאת מות מיט איהר קינד צוזאַ־מען... הערט אויס, רעדט זיך דורך מיט אייערע דאָרט... זאָלען זיי איהר אָוועק'פּטור'ן דאָס קינד...

— מיט וועמען זאָי איך יעדען? וואָס מיינסטו?

— מיט אייערע, מיט אייערע שדים, מיט אייערע רוחות... איהר זייט דאָך אַ מכשף!...

דער אַלטער האָט זי ניט פערשטאַנען.

— וואָס בין איך?...

— אַ מכשף, — האָט זי איבערגע'חזר'ט — אַלע ווייסען עס... זעהט, האָט רחמנות, רעכענט זיך אָפּ מיט יאַכנע'ן!...

— געה. נאַי, געה! וואָס יעדסטו? אַ מכשף גאַי? און זיי זאָגען אַזוי? דו האָסט אייען געהעיט? כע! כע! אַי—אַי—אַי, וואָס פאַנאַטיקעי קאָנען! אַי—אַי—אַי! — האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— זעהט, האָט רחמנות — איז זי צוגעשטאַנען צו איהם — נור מיט יאַכנע'ן זיך אָפּרעכענען, נור מיט איהר!...

— שווייג, משוגענע, גויב זיי ניט! ניטאָ קיין מכשפים אויף דעי וועיט, ניטאָ!...

זי האָט איהם אָבער ניט געגלויבט און אין'ם האַרצען האָט זי ביי זיך געטראַכט, אַז זי וועט וועןעס־איז ביי איהם נאָך פּועל'ן, אַז ער זאָל אָן אַרבייט טהאָן מיט זיינע „ניט גוטע"...

.19

איינמאָל איז חייקע פּרעבייגעגאנגען דעם בית־המדרש אויף דער נייער סלאָבאָדקע. דאָס איז געווען אין אַ שענעם פּאַרנאַכט אין מי־טען חודש תמוז. איבער די גאַסען האָבען אַרומגעשפּאַצירט ציעגען. היהנער האָבען זיך אַרומגעדרעהט אַרום די טויערען פון די הויפען. אויף די פּריזבעס נעבען די הייזער זיינען געזעסען אידישע ווייבער און האָבען געציערעוועט זאָקען אויף גלעזער, געשטריקט טישטוכער און טיכלאך פון בלאָטשקע, געלאַטעט העמדער, בגדים. קינדער האָבען זיך געשפּיעלט און געליאַרעמט. אַ טיעף־בלויער הימעל מיט רויטע, פייערדיגע ברעגעס האָט אַרונטערגעקוקט אויף די טרוקענע שטויביגע גאַסען. חייקע איז פּערבייגעגאנגען דעם בית־המדרש מיט'ן קינד אויף די אָרעמס. אויפ'ן רוקען האָט זי געטראָגען אַ פּאַק וועש, וואָס איז אַרומגעבונדען געווען אַרום איהר ברוסט מיט די ברעגעס פון אַ ליילאַך. דאָס קינד האָט פרעהליך געמאַכט מיט די הענטלאַך און גליקליך געשמייכעלט און גערעדט צו זיין מוטער.

אויפ'ן שול־הויף האָבען זיך דאַן געשפּיעלט איינגלאַך און אבע צווישען זיי.

איינער פון די איינגלאַך האָט דערזעהן חייקע'ן, און אַ געשריי געטהאָן:

— אוי, קינדער, אָט געהט חייקע מיט איהר ממזר!...

און אין איין מינוט זיינען די קינדער אַרויסגעלאָפען פון'ם שול־הויף, אבע שפּרינגענדיג אין פאָראויס, און האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן נאָך חייקע'ן מיט אַ זינגעריי:

— חייקע מיט'ן ממזר! חייקע מיט'ן ממזר!

חייקע האָט זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען אַ שטיין און אַ וואָרף געטהאָן אויף זיי.

און גלייך האָבען די איינגלאַך אויף איהר גענומען וואַרפען שטיי־נער. איין שטיין האָט געטראָפען איהר אין פּוס; חייקע האָט פער־ביסען די ליפּען פאַר וועהטאָג און מיט שרעק צוגעדריקט צו זיך דאָס קינד.

דאָס קינד האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט די הענטלאַך אַרום חיי־קע'ס האַלז און גענומען וויינען.

חייקע האט גענומען שרייען מיט אימה'דיגע קולות:

— אי, ראטעוועט מיין קינד! אי, ראטעוועט, זיי וועלען זי פטר'ן!...

פלוצים איז א שטיין געפלויגען און געטראפען דאס קינד אין שטערען. עס האט זיך א צאפּעל געטהאן און איז געפאלען מיט'ן קעפּעל אן א זייט אויף חייקע'ס אקסעל, עס האט אבער געשוויגען, קיין פּיפּס אפילו ניט ארויסגעלאזט.

חייקע האט ארויסגעלאזט א ווילדען געשריי און, ווי א פערריקטע, זיך א לאז געטהאן נאך די אינגלאך. די אינגלאך זיינען זיך צולאפען, אבע איז אנטלאפען אויפ'ן שול־הויף. זי האט זיך א לאז געטהאן נאך אבע'ן; פלוצים האט זי דערפיהלט, אז דאס קינד ביי איהר אויף די הענד ריהרט זיך ניט, זי האט זיך אבגעשטעלט און א כאפּ געטהאן זיך צום קינד.

עס איז געלעגען מיט האלב אפענע, גלעזערנע אויגען און מיט אן אפענעם מיילכעל, פון וועלכען עס האבען ארויסגעקוקט צוויי אויבערשטע צייהנדעלאך. פון'ם רעכטען שלייף האט זיך געצויגען א לאנגער שנירעל בלוט איבער'ן בעקעלע און ארונטער. עס האט ניט געאטהעמט.

ביי חייקע'ן האט אבגענומען דער לשון. זי האט עס א כאפּ געטהאן און גענומען טרייסלען און שאקלען און דערביי האט זי ארויסגעלאזט אזוינע משונה'דיגע טענער, וואס זיינען עהנליך געווען צו דעם געוויין פון א שטומער.

דאן האט זיך מיט אמאל ביי איהר ארויסגעריסען א ווילדער געשריי: „אוי, מיין קינד!" און זי האט זיך, ווי א משוגענע, געלאזט לויפען מיט'ן קינד אהיים. זי איז געלאפען און דער שווערער פּאק וועש האט געטאנצט אויף איהר רוקען.

אריינגעלאפען אין שטוב, האט זי ווידער גענומען טרייסלען דאס קינד, געשפריצט אויף דעם וואסער, ניט מיט איהר קול גערופען: „ליעבעלע, ליעבעלע!" דאס קינד האט זיך ניט א ריהר געטהאן... דאן האט זי אווארף געטהאן דאס קינד אין וויעגעלע אריין און מיט'ן פּאק וועש אויפ'ן רוקען, פערגעסענדיג אין גאנצען אן איהם און ניט פיהלענדיג זיין משא, איז זי ארויסגעלאפען פון'ם שטוב און ניט מיט איהר קול גענומען שרייען:

— גוואַלד, ראַטעוועט מיין קינד!...

איינגע קריסטליכע אַרבייטער, וואָס האָבען געאַרבייט ניט ווייט אויפ'ן פעלד, זיינען געקומען צולויפען. חייקע איז צוגעפאַלען צו איי־נעם פון זיי, געכאַפּט ווילד קושען זיינע הענד און געשריען: „ראַטויטע! ראַטויטע! ראַטויטע!" — נור דאָס איינציג וואָרט האָבען די אַר־בייטער פון איהר איצט געהערט.

זיי זיינען אַריינגעלאָפען מיט איהר אין הויז, האָבען געמינטערט דאָס קינד אויף פערשיעדענע אופנים, עס האָט ניט געהאָלפען, דאָס קינד איז געווען טויט...

איינער פון די אַרבייטער האָט ביי חייקע'ן אַרונטערגענומען דעם פּאַק וועש און איהר געזאָגט, אַז דאָס קינד איז טויט.

זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפ'ן שטוהל נעבען וויעגעלע און איז געבליבען זיצען, ווי אַ פערשטיינערטע, מיט די אויגען אויסגע־גלאָצט, גרויסע און צושראָקענע, אויף דאָס טויטע קינד... זי האָט איצט ניט געוויינט, נור פון צייט צו צייט האָבען די ווינקלעך פון איהרע ליפּען אויפגעציטערט און אונטער איהרע אויסגעגלאָצטע אויגען האָ־בען ווי שאָטענס געצוקט...

די אַרבייטער האָבען זיך איבערגעצלמ'ט און זיינען אַרויס. זי איז געבליבען אַליין מיט'ן טויטען קינד.

די נאַכט איז צוגעפאַלען, אַ געדיכטע פינסטערניש האָט זיך צושפּרייט איבער'ן שטיבעל און חייקע איז נאָך אַלץ געזעסען אויף דעם איינגענעם אָרט און אין דער איינגענער פּאָזע.

דערנאָך איז געקומען דער אַלטער יאַנטשע.

— פינסטעי גאַי? וואו ביזטו, חייקע?...

זי האָט ניט געענטפערט און האָט זיך ניט געריהרט.

דער אַלטער האָט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און ער האָט דערזעהן חייקע'ן אויפ'ן שטוהל נעבען וויעגעלע.

— שיאָפּסט, חייקע? איך האָב געבראַכט אַ שעהנע צאַצקע פּי יביעיען...

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קינדערשע שפּיעלצייג און איז מיט אַ פרעהליכער מינע צוגעגאַנגען צום וויעגעלע.

פּלוצים האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן אין פאַראויס און צוריק און אַרויסגעלאָזט דאָס שפּיעלצייג פון די הענד.

— וואַ—וואַ—וואַ? — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט און זיך אומגעקוקט אויף חייקע'ן. זי איז געזעסען און געקוקט פאר זיך מיט גלעזערנע אויגען.

ער האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן.

— יבעיע! — האָט ער גערופען העכער מיט פערצווייפלונג אין'ם קול.

— יבעיע! — האָט ער אויסגעשריען מיט פערשטיקטע טרעהרען אין'ם קול, האָט עם ארויסגעכאפּט פון'ם וויעגעלע, גענומען עם שאָקלען און צופּען און האָט געשריען מיט פערצווייפעלטע טענער אויף זיין דינעם, קינדערשען קול:

— יבעיע! יבעיע! קינדעיע! זי איז קאַיט, טויט!... מען האָט זי דעיהאַיגעט... אַט איז ביוט!... — ער האָט זיך צואוויינט רחמנות'דיג.

ער האָט זיך ארונטערגעלאָזט מיט דעם אויף א שטוהל, האָט צוגעדריקט זיין אַלטען קאָפּ צו דעם קאַלטען פּנים'ל פון'ם קינד און רחמנותדיג געכליפּעט:

— יבעיע... יבעיע!... טאַכטעיע מיינס... וואָס האָבען זיי געהאַט צו די? פאַי וואָס, גזינים? פאַי וואָס, יוצחים?... יבעיע... יבעיע... יבעיע!... טאַמעי האָב איך אַמאָי געהאַט א ביסעיע פייד — האָט ער זיך פערשטיקט צואוויינט — טאַמעי האָב איך אַמאָי געהאַט אביסעיע פייד אין מיין יעבען... יבעיע, יבעיע, דו קענסט שוין ניט מעהי צום איטען שמייכיען... דעי איטעי וועט שוין ניט האָבען פי ווען צאַצקעם צו ביענגען... ווען איך וואָיט געגיובט אין יענע וועיט, וואָיט איך געקאָנט האָפען, דיך אַמאָי צו זעהן... יבעיע! יבעיע! — איז ער צוגעפאַלען מיט די ליפּען צו דעם טויטען קינד'ס קאַלטען פּנים'ל, האָט עם געקושט און פערצווייפעלט געוויינט.

דאַן איז ער מיט אַמאָל אופגעשפּרונגען מיט'ן טויטען קינד אין די אָרעמס און האָט אויסגעשריען אויף אַ שאַרפען, שניידענדען קול:

— אוי, ווען איך וואָיט איצט געווען יונג, איך וואָיט זיך מיט זיי אָפּגעיעכענט! פעיביענט זאָיען זיי וועיען, אַזוינע יוצחים!... יבעיע, יבעיע, טאַמעי האָב איך אַמאָי געהאַט אביסעיע פייד... — איז ער ווידער צוגעפאַלען צום קינד מיט אַ פערשטיקטען געוויין.

פּלוצים האָט חייקעלע זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און איז אויפגע־שפּרונגען פון'ם אָרט.

— אבעלע האָט זי דער'הרג'עט, יאַכנע'ם ברודער... — האָט זי ארויסגעשטאַמעלט — און איהר קינד לעבט...

— ער לעבט! ער לעבט! — האָט זי געגומען שרייען — וואו זיינען אייערע ניט גוטע? איצט מוזען זיי מיר העלפען! איהר הערט? איהר הערט? — איז זי צוגעלאָפען צום אַלטען יאַנטשע'ן מיט ברע־נענדיגע אויגען.

—אוי וועה איז מי! — האָט דער אַלטער געוויינט און געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ איבער דאָס טויטע קינד.

מיט אַמאָל האָט חייקע זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער טהיר און איז מיט אימפּעט ארויסגעלאָפען פון שטוב. אין דעם פינסטערען פיהר־הויז האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. דאָרט איז געלעגען אַ קופּע שפּענער, מיט וועלכע זי האָט דעם אויוען אונטערגעהייצט.

זי האָט פערריסען דאָס קלייד און שנעל גענומען וואַרפען די שפּע־נער צו זיך אין פּאָלע אריין. דאַן האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן עפּעס אַ בלעכענע כלי פון אַ ווינקעלע און איז ארויסגעלאָפען אויף דער גאַס.

---

.20

אין דרויסען איז געווען פינסטער און שטיקענד. דער שיין פון דעם ברענענדיגען לאָמפּ אין'ם שטיבעל האָט אָבגעשלאָגען דורך די פענסטער און האָט בעלויכטען עטליכע טריט אַרום הויז. עס איז שוין געווען שפּעט, אַרום האַלבער נאַכט.

חייקע האָט זיך געשטעלט נעבען פענסטער, האָט אויסגעשאָטען די שפּענער אויף דער ערד און גענומען גיסען אויף זיי פון דער בלע־כענער כלי. דאַן איז זי אריינגעלאָפען צוריק אין הויז, האָט ארונטער־געכאַפּט פון בעט אַ ליילאַך, איז צוגעלאָפען צום אָרט, וואו די שווע־בעלאַך זיינען געלעגען, האָט אַ כאַפּ געטהאָן אַ גאַנצען הויפען און איז ווידער ארויסגעלאָפען פון'ם שטוב.

דער אַלטער יאַנטשע איז די גאַנצע צייט געזעסען מיט'ן טויטען קינד אין די אָרעמס, האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ און געכליפּעט.

חייקע האָט אויסגעשפּרייט די ליילאַך אויף דר'ערד און אריינ־געוואָרפען אהין די שפּענער און די בלעכענע כלי. דערנאָך האָט זי פון דעם געמאַכט א פּאַק, ארויפגעוואָרפען עס אויפ'ן רוקען, די ברעגעס פון ליילאַך ארומגעבונדען ארום דער ברוסט און זי איז אוועק. מען האָט געקאָנט מיינען, אז זי טראָגט עס איינעם פון איהרע פּעק וועש.

זי איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער נייער סלאָבאָדקע. אויף די גאסען איז געווען שטיל, עס האָט זיך געדאכט, אז די פינ־סטערניש האָט דערשטיקט אַלעס לעבעדיגעס. דאָ און דאָרט האָט דונקעל ארויסגעבלישצט דורך דער פינסטערניש א רויכיג לעמפּעל און א לאַנטערנע. ווייט ערגעץ האָט געקלאַפּט א וועכטער מיט זיין קאַלאַקאַטקע און פון א צווייטער זייט האָט זיך געהערט א געזאַנג פון א שיכור'ער שטימע.

חייקע איז געלאָפען איבער די פינסטערע גאסען, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט עפּעס צו פערשפּעטיגען...

אין א ווײַלע ארום איז זי ארויף אויפ'ן בעקאַנטען שוהל־הויף. דאָ האָט זי גענומען געהן שטילער, אויף די שפּיץ־פינגער.

דאָס פענסטער פון'ם הינטער שטיבעל איז געווען אָפען און א שוואכע ליכט האָט פון איהר ארויסגעשיינט. חייקע איז פאָרזיכטיג צוגעגאַנגען צום פענסטער און נאָך פאָרזיכטיגער אריינגעקוקט אין איהם. א קליין, בלעכען לעמפּעל מיט א קנויטעל איז געשטאַנען אויף א קאָמאָדע און זיך געגרויצערט. אלע אין'ם הינטער־שטיבעל האָבען געשלאָפען. יאכנע איז געלעגען אויף א בעט מיט די רויטע האָר צושאָטען איבער די קישען און געכראָפּעט. איהר מאַן איז געלעגען אויף א קאַנאַפּע. דאָס וויעגעלע מיט'ן קינד איז געשטאַנען נעבען בעט. הינטער'ן וואַנטעל, אין דעם צווייטען צימער, האָבען געשלאָפען לייבצע און די איבריגע פון זיין הויז־געזינד.

חייקע האָט ווילד א מאַך געטהאַן מיטביידע פויסטען צו יאכנע'ן צו. דערנאָך האָט זי שטילערהייט אַרונטערגענומען דעם פּאַק פון'ם רוקען, פאַנאַנדערגעבונדען איהם, ארויסגענומען די בלעכענע כלי און עס אין גאַנצען אויסגעגאָסען אויף די שפּענער און אויפ'ן ליילאַך. דאַן האָט זי גענומען זוכען ארום זיך די שוועבעלאַך און, ניט געפינ־נענדיג, האָט זי פערבראָכען די הענד.

פלוצים האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן, שטילינקערהייט אַרונטער־געלאָזט דעם פּאַק דורכ'ן פענסטער אין הינטער־שטיבעל אריין, אריינ־געקראָכען אליין דורכ'ן פענסטער און האָט, טרעטענדיג אויף די שפּיץ־פינגער, צוגעטראָגען דעם פּאַק צום שלאָפענדיגען קינד און אונ־טערגעלייגט עס אונטער זיין וויעגעלע. דאָן האָט זי פאָרזיכטיג אַרונ־טערגענומען דאָס רויכיג לעמפּעל פון דער קאַמאָדע, האָט זיך אומ־געקוקט מיט ווילדע, משוגענע אויגען אויף די שלאָפענדיגע יאַכנע'ן, איינגעבויגען זיך צום פּאַק און צוגעלייגט דאָס לעמפּעל. איבער דעם נאַסען ליילאַך האָט אַ פייערדיג צינגעלע זיך אַ צאַפּעל געטהאָן, דער־נאָך נאָך איינס, נאָך איינס... חייקע האָט אַ שמייץ געטהאָן דאָס לעמפּעל אויף די שפּענער און איז שנעל ארויסגעקראָכען דורכ'ן פענסטער.

איצט האָט זי אין גאַנצען געציטערט פון אַ מין קדחת און האָט אין דער אייגענער צייט געלאַכט מיט משונה'דיגע טענער.

זי האָט זיך פעררוקט אויפ'ן הויף אין אַ ווינקעלע, ניט אַרונטער־גענומען די אויגען פון דעם פענסטער, האָט געשווידערט און געלאַכט שטיל מיט אַזוינע טענער, וואָס האָבען געקלונגען: הא—הא—הא—הא!...

באַלד האָט פון דעם פענסטער אַ זעץ געטהאָן אַ דיקער וואָלקען רויך און דערנאָך אַ פלאַם, וואָס האָט גענומען פויזען און טאַנצען אויף דער טרוקענער הילצערנער וואַנד אַרום פענסטער.

חייקע האָט גענומען שפּרינגען און איהר „הא—הא—הא" האָט גענומען קלינגען העכער און משונה'דיגער.

דערנאָך האָט זיך דערהערט פונ'ם הינטער־שטיבעל אַ ווילדער געשריי פון אַ פרוי: „גוואַלד, ראַטעוועט!"...

— הא!—הא!—הא! — האָט אָבגעענטפערט חייקע'ס משו־גענער קול — וועסט שוין האָבען אַ קינד, הא?

פונ'ם בית־המדרש זיינען ארויסגעלאָפען לייבצע, אבעלע, האַלב נאַקעטע, מיט ווילדע געשרייען. נאָך זיי האָט יאַכנע'ס מאַן גע־שלעפּט יאַכנע'ן, וועלכע האָט ווילד געשריען:

— מיין קינד, וואו איז מיין קינד? מיין קינד איז פערברענט!..

חייקע האָט זיך געלאָזט לויפען מיט אַ משוגענעם געלעכטער איבער דער גאַס און געשריען: „פערברענט! פערברענט!" און גע־

פּאַטשט אין די הענד... געגען איהר זיינען געלאָפען אידען און אי־דענעס, באָרפוסע, אין איינע העמדער, און האָבען געשריען, און גע־בראָכען די הענד. זי האָט זיי אָבער ניט בעמערקט, איז געלאָפען ווייטער, האָט געלאַכט, געפּאַטשט אין די הענד און ווילד געלאַרעמט:
„פערברענט! פערברענט!"

פון אַלע זייטען האָט זיך גענומען טראָגען אַ פייפעריי, אַ געלאַף, אַ קלינגען פון אַ גלאָק, דערנאָך האָט זיך דערהערט דאָס ליארם פון די פייער־לייט, וואָס זיינען דאָרט ערגעץ געפלויגען אין דער ווייטער פינסטערניש אויף זייערע פערד — חייקע האָט עס אָבער אויך ניט גע־הערט; זי איז געלאָפען, האָט זיך ניט אָבגעשטעלט און געשריען ווילד דאָס איין וואָרט נור:

— פערברענט! פערברענט!...

נעבען איהר שטיבעל איז זי שטעהן געבליבען. זי האָט שווער געאָטהעמט און פערשטיקט געלאַכט. אָהער האָט זיך אויך דער־טראָגען דער ליארם פון דער נייער סלאָבאָדקע.

דער אַלטער יאַנטשע, דערהערענדיג דעם ליארם און דעם טומעל, איז ארויסגעגאַנגען פון שטוב. איצט איז ער געשטאַנען צונויפגע־הויקערט נעבען הויז, האָט געקוקט אויפ'ן הימעל און זיך צוגעהערט צום ווייטען ליארם. איין זייט פון'ם הימעל איז געווען רויט, ווי פייער, און האָט בעלויכטען מיט אַ רויטען שיין אַ שטיק פעלד און די צווייטע זייט פון'ם הימעל אַנטקעגען איז געווען שוואַרץ, ווי קויל...

ער האָט דערזעהן חייקע'ן און איז צו איהר צוגעגאַנגען:

— וואו ביזטו געווען, חייקע? — האָט ער שטיל געפרעגט.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און משוגע זיך צולאַכט.

— פערברענט! — האָט זי מיט ווילדען נצחון אויסגעשריען.

ער האָט זיך אַ שאָקעל געטהאָן אויף די פיס.

— זי האָט עס געטהאָן — האָט ער ארויסגעשעפּצעט און מיט שרעק אַ געשריי געטהאָן:

— חייקע!...

— פערברענט! — האָט זי געענטפערט.

— וועה איז מיר, זיי האָבען זי משוגע געמאַכט! — האָט דער אַלטער ארויסגעקרעכצט, זי אָנגענומען פאַר אַ האַנד און זי אין שטוב געפיהרט.

זי איז געגאנגען מיט איהם, האָט געלאכט און גערעדט: — פער־ברענט! פערברענט!...

דער אלטער האָט זיך רחמנות'דיג צוכליפּעט:

— טאָמעי האָב איך אָמאָי געהאַט אַביסעיע פּייד....

יולי 24, 1911, ברוקלין, ניו יאָרק.



# דאָס טענעמענט־הויז.

(אנשטאט אַ פאָרוואָרט)

---

אַ טענעמענט־הויז אויף סאַפאָלק סטריט. ווי ס'רוב טענעמענט־הייזער אין דעם ניו־יאָרקער אידישען קוואַרטאַל· אַ דונקעל־גרויע, מגושם'דיג גרויסע, זעקס־שטאָקיגע געביידע. אין אַנדערע פענסטער לופטערען זיך קישען. פון אַנדערע הענגען אַרונטער דאָ אַ ווינטער־דיגע קאָלירטע דעקע און דאָרט אַ ווייסער ליילאַך, אַ בגד פון אַ מאַן, אַ גלאַנציג, זיידען אונטערקלייד פון אַ פרויענצימער, צי גאָר קינדערשע ווינדעלאַך· עס שטעהט צווישען אַ רייהע אַנדערע אַזוינע הייזער מיט קראָמען און קעלערס, און „סטענדס", מיט איין אפּטהעק פון איין זייט גאַס און אַ צווייטער פון דער אַנדערער... זעהט אויס אַזוי גרוי און אונפריינדליך, ווי עפּעס אַ תפיסה, אַזוי ווי אַ שווערער אומעט וואָלט אין איהם פערמויערט געווען...

עס פערשפּאַרט דעם וועג דער זון, און איהרע שטראַהלען קענען זיך ניט דורכברעכען דורך זיינע הויכע שטיינערנע ווענד. עס פער־האַלט די לופט, און זעלטען־זעלטען אַמאָל גנב'עט זיך דורך אַ פרישׁ ווינטעלע אין פענסטער אַריין. סיידען ווען אַ שטורם ברעכט אויס, ווען איבער'ן דאַך טראָגט זיך אַ כמורער וואָלקען און בליצען שלענגלען זיך, דונערען פּלאַצען, אַ רעגען רוישט און שמייסט אין די פענסטער, דורך וועלכע הענד בעווייזען זיך און פערשווינדען גלייך מיט די קי־שענס, דעקעס און די אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען אַרויסגעהאַנגען,— שמייסט אין די פענסטער, אויף די שטיינערנע ווענד, און אַרום צי־טערען און קלאַפּען די בלעכענע שילדען פון די קראָמען, — דאַן האַלט ניט אויס דאָס טענעמענט־הויז דעם דאָזיגען מעכטיגען געדרענג, און

שטראָמען פרישער לופט רייסען זיך אויף א ווילע אריין אין זיינע קאָרידאָרען, אין זיינע צימערען דורך טהירען און פענסטער...

אזוי אָבער שטיקט דאָרט אין זיינע קאָרידאָרען און צימערען אפילו ווינטער. א אייביגע האלב־פינסטערניש לויערט דאָרט, אזוי ווי א וואלקען וואָלט אמאָל אהין פערבלאָנדזשעט, צושפרייט זיך איבער אלע ווינקעלאך און פערבליבען דאָרט אויף תמיד. און א בעזונדערער גערוך, א ספּעציפיש טענעמענט־הויז גערוך, טראָגט זיך דאָרט איבער די האלב־פינסטערע קאָרידאָרען.

שיינט די זון אין דרויסען, גיסט א רעגען, פאַלט א שנעע, קיין אונטערשיעד—דאָס מגושם'דיג־גרויסע טענעמענט־הויז ענדערט ניט זיין פערגליווערטען, אונפריינדליכען, גרויען, שטיין־בלינדען אויס־דרוק. ארום איהר גרינט ניט דער פריהלינג, וואקסט ניט דער זומער און וועלקט ניט, און פוילט ניט, און פריהרט ניט דער הערבסט און דער ווינטער...

די שטיינער ארום בליהען ניט, גרינען און וואקסען ניט. און פון קיין ביימעלע צי גרעזעלע איז קיין סימן נישטאָ... הינטער זיינע ווענד רוהט קיינמאָל ניט. דאָס לעבען קאָכט דאָרט, טומעלט און לאָזט זיך הערען. תמיד הערט זיך זיין קול פון דאָרט, זיין געלעכטער און געזאנג, זיין זיפץ און קרעכץ. אפילו אין די שפּעטסטע שטונדען פון נאַכט הערט זיך אויך דאָרט דער קול פונ'ם לעבען. א קינד האָט זיך צו־וויינט. א קווארטיראנט האָט זיך פארטאָג צוריקגעקעהרט פון א באָל, הערען זיך זיינע הילכענדיגע טריט איבער די טרעפּ, זיין קלאַפּ מיט דער טהיר. א קווארטיראנטקע האָט זיך צוריקגעקעהרט פון א ליעבעס־ראנדע־וואו, שרעקט זי זיך פאַר דעם שאָרשקען פון איהרע פּער'גנב'עטע, ניט־דרייסטע טריט איבער די שטיינערנע, נאַקעטע טרעפּ און פאַר דעם סקריפּ פון דער פאַרזיכטיג־געעפענטער טהיר... א יונגער מאַן לויפט דורך, אויך א שכן פון דעם טענעמענט־הויז—די שאַנד און דאָס אונגליק פון ניו־יאָרקער אידען, א באַנדיט, וואָס לעבט פון מאָרד און רויב, און זיינע טריט הילכען מיט חוצפּה איבער'ן גאַנצען הויז. און אמאָל געהט דאָרט אין מיטען נאַכט א פּרוי צו קינד, הערען זיך קולות. און אמאָל שטאַרבט דאָרט אין מיטען נאַכט אימיצער, הערען זיך יללות. א דאָקטאָר געהט ארויף די טרעפּ. א דאָקטאָר

געהט אַרונטער די טרעפּ. אַ טהיר טהוט אַ קלאַפּ דאָ אויף דעם שטאָק, דאָ אויף אַן אַנדערען. אַ שליאַפּען פון באָרפיסע פיס דערהערט זיך, אַ הוסט, אַ פערשלאָפענער געניץ... אַ יונגערמאַן גנב'עט זיך אויף די טרעפּ, דערגרייכט דעם קאָרידאָר פון דעם ער־שטען שטאָק, געהט צו צו אַ טהיר אויף די שפּיץ פינגער און קלאַפּט אַן שטיל. עפענען די טהיר אַ פּאָאָר נאַקעטע אָרעמס און לאָזען איהם אַריין אין אַ האַלב־דונקעלען צימער, וואו אַ יונגע פרוי האַנדעלט שטילערהייט מיט איהר פלייש—און צו וועלכער מען קען קומען פון צעהן ביינאַכט ביז פינף פּאַרטאָג... און פון דער טהיר אַנטקעגען טראָגט זיך אַ הייזעריג רוישען פון אַ מאַשין. דאָרט אַרבייט אַ בלייכע פרוי, אַ מאַמע פון עטליכע קליינע קינדער, ווייל איהר מאַן, דער ברויט־געבער, איז אין שפּיטאָל. זי האָט אַרויסגעקראָגען קינ־דערשע קליידלאַך פון אַ שאָפּ און אַרבייט ביינאַכט, ווייל בייטאָג איז זי פערנומען מיט'ן הויז און מיט די קינדער. און אויפ'ן שטאָק העכער טראָגט זיך איבער'ן קאָרידאָר פון איין טהיר אַ שווערער כראָפּען און נערוועזע טריט איבער'ן צימער הין און צוריק, הין און צוריק... דאָרט וואָהנט אַן אָרימער, יונגער אידישער דיכטער ביי אַן אַרבייטער פאַמיליע. דער מאַן דער אַרבייטער, נאָך אַ שווערען טאָג האָרעווען אינ'ם שאָפּ, שלאָפט איצט און פייפט און כראָפּעט. דער יונגער דיכטער איז אין זיין צימער געזעסען און געדיכטעט וועגען אַ פּאָאָר ברענענדיגע אויגען, בלומען און טייכלאַך, לבנה־שיין און נאַכטיגאַל־טרעלען, האָט פּלוצים דער כראָפּען זיין רוח הקודש פער־טריבען, זיין יום־טוב'דיגע שטימונג דערשטיקט, לויפט ער אַרום אי־בער'ן צימער, צופּט זיך נערוועז די שוואַרצע האָאר און קוקט אַרום זיך פערצווייפעלט...

און גאַנץ אויבען, אונטער'ן דאַך, אויפ'ן זעקסטען שטאָק הערען זיך פון אַ טהיר אַנדערע טריט, לאַנגזאַמע, לאַנגזאַמע, אַזוי ווי עמיצער וואָלט דאָרט די פּאַדלאָגע געמאָסטען מיט טריט... אַ יונגער מאַן גרייט זיך צום קאָלעדזש... בייטאָג אַרבייט ער, האָט ער קיין צייט ניט צו לערנען, געהט ער איצט אַרום איבער'ן צימער לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם, טריט ביי טריט, מיט'ן בוך אין די הענד, די אויגען מיעד, רויט, און זוברעט, זוברעט, ציהט די ווערטער מיט אַ פערשלאָפענעם קול...

און אין די הייסע זומערדיגע נעכט, ווען זיינע איינוואָהנער, די

הונדערטע נפשות, פּיהלען אַזוי ווי די שטיינערנע ווענד וואָלטען זיי געשטיקט מיט זייער גאַנצער שווערער משא, דאַן בעוועגט זיך דאָרט נאָך מעהר. די טהירען קלאַפּען אָפּטער. נאָכאַנאַנד הערען זיך טריט איבער די קאָרידאָרען, איבער די צימערען, באָרפיסע און אין שיך... אַ אָכצען טראַגט זיך פון אויבען און פון אונטען, אַ שילטען, אַ זידלען... מען זוכט לופט און שלאָף אויפ'ן דאַך, אויפ'ן „פייער־עסקייפּ", אונטען אין דרויסען, נעבען הויז, געגען די פעסלאַך מיסט, וואָס די טענעמענט־הייזער האָבען ארויסגעשטעלט פאַר די מיסט־וואָגענס... זיצען די מענער נעבען די פענסטער אין איינע אונטער־העמדער, זייערע פרויען אַזוי, און אַמאָל זייערע ערוואַקסענע זיהן און טעכטער, און אַמאָל אפילו זייערע קוואַרטיראַנטען און קוואַרטיראַנט־קעס... די שטיקעניש דערשטיקט די בושה אויך!... מען זוכט דעם אָטהעם אָפּצוכאַפּען, אַ טראָפּען לופט, דעם ברענענדיגען קערפּער צו קיהלען, מען ווערט דערשטיקט!... די קליינע עופה'לאך, נעבאַך, שרייען. די אויסגעמוטשעטע מאַמעס זינגען הילפלאָז. די פערמאַ־טערטע טאַטעס בייזערען זיך...

פיער און צוואַנציג פאַמיליעס וואָהנען דאָרט, צו פיער פאַמיליעס אויף אַ שטאָק, מיט זייערע קוואַרטיראַנטען און קוואַרטיראַנטקעס, צוזאַמען אַ צוויי הונדערט נפשות... די צימערען זיינען קליינע אָב־געצוימטע קעסטעלאַך, לענגליכע אַזן פיער־עקיגע, צו פיער און פינף פאַר אַ פאַמיליע. די פאַפּיערענע טאַפּעטען אויף די ווענד זיינען פער־פלעקט, צי פון פעטס, צי פון שוויים, צי אפשר גאָר פון טרעהרען... די אייגענע ענגשאַפט און האַלב דונקעלהייט אין אַלע צימערען. די אייגענע בלינדע, גרויע וואַנד פון אַ צווייטען טענעמענט־הויז אין די פענסטער פון די הינטערשטע צימערען...

אידישע אימיגראַנטען וואָהנען דאָ. אידען פון ליטאַ, פון פוילען, פון זיד־רוסלאַנד, פון גאַליציען און רומעניען. ס'רוב ארבייטער־מענער און ארבייטער־פרויען, ס'רוב ניט־ארבייטער פון דער אַלטער היים... אויף יעדען שטאָק, הינטער יעדער טהיר אַן אַנדערע פער־גאַנגענהייט, אַ בעזונדערע געגענוואַרט, אַן אנדערע לעבענס־פּאַסירונג, אַ בעזונדערע עקזיסטענץ—דאָ אַ טרויעריגע, אַן אויסגעפּאַטשטע, אַ פערוואונדעטע, אַ האָפנונגסלאָזע, און דאָרט אַ פרעהליכע, אַ זוניגע,

א טרוימענדע, פול האפנונגען און ערווארטונגען... דא אז אלטע, וואס וועט באלד אין גאנצען פערזינקען אין דער פערגאנגענהייט, און דארט א בלוט־יונגע, וואס שפינט ערשט די פיעל־פארביגע פעדים פון איהר צוקונפט... דא און דארט מענשען פון פערשיעדענעם אלטער, פערשיעדענע כאראקטערס און טיפען. דא דערהערט זיך פון א טהיר א ליטווישער אידיש און דארט א פוילישער; דארט שטעהן אין קאר־רידאר א מאן און א פרוי און ריידען אויף וואהלינישען אידיש און דארט שילט זיך א פרוי אויף גאליציאנישען אידיש... אפטער הערט זיך דער אמעריקאניזירטער אידיש, גאר אפט דער פעראידישטער ענגליש, אויסגעמישט מיט גראבע ווערטער פון דער גאסען־שפראך, און ניט זעלטען די וואונדער־שפראך פון שעקספיר און בייראן, און אמאל זאגאר די שענע, ליטעראַרישע רוסישע שפראך פון א טור־געניעוו...

מענשען פון פערשיעדענע לענדער און שטעדט פערבארגען די דאזיגע הויכע, גרויע, שטיינערנע ווענד פון דעם טענעמענט־הויז, מיוחסים און נגידים און פשוט'ע מענשען און קבצנים פון דער אלטער היים. עדעלע מענשען און גראבע, היימישע למדנים און עם־הארצים. טאטע־מאמעס מיט קינדער, וואס זיינען א נחת פאר זייערע הערצער, און מיט קינדער, וואס הלואי וואלטען זיי גאר ניט געבארען גע־ווארען... קינדער, וואס האבען איבערגעלאזט זייערע עלטערען אין דער אלטער היים און בענקען נאך זיי, און עלטערען, וואס זייערע אמעריקאנישע קינדער האבען זיי איבערגעלאזט... עלטערען, וואס שעהמען זיך מיט זייערע קינדער, און קינדער וואס שהעמען זיך מיט זייערע עלטערען... אלטע און יונגע, מיאוס'ע און שענע. זוניגע פנים'ער פון מיידלאך, וועלכע זיינען בעגאסען מיט פריהלינגס־צויבער, און בלייכע, פערוועלקטע פנים'ער פון פרויען, אויף וועלכע דער שאטען פון א מיעדען לעבען שוועבט... פער'חלום'טע אויגען פון יונגע לייט, אין וועלכע דער גדאנק לייכטעט, און טעמפע אויגען פון אויסגעמא־טערטע ארבייטער, אין וועלכע דער גדאנק איז שוין לאנג פערלאשען. א פרעכער, טירישער פנים פון א יונגענמאן א באנדיט, און א עדלער, פערטראכטער פנים פון א קאלעדזש־סטודענט,—דאס אלעס פערבאר־גען די הויכע, גרויע, שטיינערנע ווענד פון דעם טענעמענט־הויז...

געהט ארוים א מיידעל פון דער דונקעלער טהיר, בלייבט שטעהן

אין דרויסען אויף די שטיינערנע טרעפּלאַך. די האַלז איז ווייס, די האָאר טיעף שוואַרץ, מיט אַ גלאַנץ. די באַקען אַ פּאָאר רויזען. שטעהט זי און קוקט פאַר זיך. די לאַנגע, אויסגעבויגטע אויגען־לעדעלאַך בעוועגען זיך קוים. וואָס פאַר אַ צויבער איז דאָס צוגאָסען אויף דעם ריינעם, ווייסען שטערן אונטער די שוואַרצע האָאר! וואָס פאַר אַ חן דאָס ליעגט אין דעם ליעבען, אונשולדיגען שמייכעל!...

בלייבסט שטעהן פערוואונדערט: ווי קומט זי אהער? ווי אַזוי האָט זי געקענט אויסוואַקסען אַזאַ פּאַרשוין הינטער די דאָזיגע גרויע ווענד, אין דער דאָזיגער שטיינערנער וועלט, אָהן גרינער בליהונג, אָהן זונען־שיין און אָהן געזונט לופט? ווי אַזוי איז זי ביז היינט ניט פער־וועלקט געוואָרען אינ'ם שאָפּ?

הויבען זיך אויף די אויגען־לעדלאַך, טהוען אַ קוק אַ פּאָאר אויגען, אַזוינע שוואַרצע און שיינענדיגע, און די גאַנצע שטיינערנע, גרויע אומגעבונג ווערט בעשיינט און בעלויכטען...

אָה, דו יונגע אידישע פּאַרשוין, דו בליהסט און דו וואַקסט פון דיין אייגענעם שיין, וואָס איז אין דיר, וועלכער דאָס טענעמענט־הויז און דער שאָפּ קענען אפילו ניט דערשטיקען!...

געהט אַרויס אַ יונגערמאַן, אַ פּראַנט, פון דער דונקעלער טהיר, בלייבט שטעהן אין דרויסען אויף די שטיינערנע טרעפּלאַך. אויפ'ן פּנים שפּירען פון לאַסטער, אין די אויגען דער אונבעשטימטער, פער־שלייערטער בליק פון דעם פערברעכער... ער דערזעהט זי, הויבען אָן זיינע אויגען פריינדליך און העפליך צו איהר צו שמייכלען.

ער קען זי נאָך ניט, זוכט זיך מיט איהר צו בעקענען. אַמאָל געלינגט עס איהם און אַמאָל ניט.

אָה, בעהיט זי, גאָט, פון זיין בעקאַנטשאַפט!...

און אַזוי וואָהנען דאָרט אין שכנות די ריינקייט און אונשולד מיט דעם לאַסטער און די פערברעכערישע ליידענשאַפטען, דער בעגייסטער־טער געדאַנק מיט דער געדאַנקענלאָזיגקייט, די רייכע פאַנטאַזיע פון דעם אָרימען דיכטער מיט דער אָרימער, וואַכעדיגער פאַנטאַזיע פון דעם דער־שלאָגענעם שאָפּ־אַרבייטער, די האָפנונג מיט דער האָפנונגסלאָזיגקייט, די שענקייט מיט דער העסליכקייט...

* * *

פאַר זעקס אין דער־פריה. דאָס טענעמענט־הויז האָט זיך אין גאַנצען אויפגעכאַפּט, מיט אַ טומעל... אויף יעדען שטאָק קלאַפּען טהירען, הערען זיך טריט, שטימען... עס קומען מענשען פון דעם טענעמענט־הויז אויף דרויסען ארויס מיט'ן דרימעל נאָך אויף די געזיכטער, מיט פעקלאך אונטער'ן אָרעם, איינציג־ווייז, פּאָר־ווייז און צו עטליכע מיט אַמאָל, אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, בחורים און מיידלאך. קומען ארויס און מישען זיך אויס מיט די אַנדערע מענשען, וואָס שטראָמען פון אַלע טהירען, אַלע עקען גאַסען... און עס וואַקסען די לעבעדיגע שטראָמען און הויבען אַ טומעל אין דער אין־דער־פריהערדיגער לופט, פערפלייצען די טראָטוארען און די גאַסען און ציהען זיך צווישען פערד און וועגלאך, צווישען אויטאָמאָבילס, מישען זיך ווידער אויס מיט די דונקעלע, געדיכטע לעבעדיגע שטראָמען פאַר זיי, פילען אָן די טראַמוויי֫ען אויף די גאַסען, ציהען זיך איבער די טרעפּ צו דעם עלעווייטעד־באַהן אין דער הויך, טראָגען זיך צו דעם באַהן אונטער דער ערד און ווערען פערלאָרען מיט אַ דומפּפען טומעל אין די וויים־געמויערטע לעכער...

עס קלינגען די טראַמוואיען, געפּאַקט מיט טענעמענט־הויז איינוואָהנער. עס טראָגען זיך די וואַגאָנען אויבען, פול געפּאַקט מיט די זעלביגע מענשען. עס פליהען און הודזשען די וואַגאָנען אונטער דער ערד, געפּאַקט מיט די אייגענע פּאַסאַזשירען.

און שפּעטער וואַרפען ארויס די טראַמוואיען און די וואַגאָנעס גרויסע כוואַליעס פון אָט די דאָזיגע מענשען אויף די עקען גאַסען, אויף די סטאַנציאָנען... און די דאָזיגע מענשען צושפּרייטען זיך דאַן איבער די גאַסען, וואו די פאַבריקען שטעהען, מישען זיך אויס מיט די כוואַליעס מענשען פון אַנדערע געגענדען, פון אַנדערע נאַציאָנען...

די פאַבריקען שווייגען, די שוואַרצע טהירען ברייט געעפענט פאַר די לעבעדיגע כוואַליעס וואָס טראָגען זיך אַהין, טראָגען זיך און טראָגען און ווערען דאָרט פערלאָרען.

ווערט אויף די גאַסען לעדיג, ווערען די שוואַרצע טהירען געשלאָסען, דערהערט זיך באַלד דער מעכטיגער און בייזער ליאַרם פון די פאַבריקען. פון אַלע פענסטער טראָגט זיך דער דאָזיגער ליאַרם, פון אַלע עטאַזשען, פון אויבען און פון אונטער דער ערד...

דאָס ליאַרמען אַזוי די כּחות פון די טענעמענט־הויז איינוואַה־נער, דאָס ליאַרמט אַזוי זייער אַרבייט.

האַלב ניין אין־דער־פריה... עס ציהען זיך קינדער פון דעם טענעמענט־הויז אויף דרויסען אַרויס, מישען זיך אויס מיט די קינ־דער פון די אַנדערע טענעמענט־הייזער און די לויפט הילכט פון זייערע געשרייען און שטיפערישען געלעכטער... זיי ציהען זיך צו די גרויסע־גרויסע, ליכטיגע געביידעס, וואָס שטעהען מיט ברייט־געעפענטע טהירען. די קינדער געהען און געהען אין די ליכטיגע טהירען אַריין און באַלד זיינען זייערע קינדערשע טריט פערלאָרען הינטער די ווענט פון די דאָזיגע געביידעס — שטאָדטישע שוהלען...

אפילו דאָן איז אין דעם טענעמענט־הויז אויך ניט שטיל. די גאַס שרייט צו איהם אַרויף. אַ עופה'לע וויינט, עס איז אַרונטערגע־פאַלען פון אַ שטוהל, שלאָגט עס נאָך די מאַמע און שרייט אויף דעם מיט טרעהרען אין'ם קול. אַ שכנה מיט אַ שכנה האָבען זיך פאַר עפּעס צוקריעגט, שטעהט יעדע פון זיי אין איהר אָפענער טהיר, דעם קאָפּ מיט די צופּאַטעלטע האָאָר אַרויסגערוקט איינע געגען דער אַנדערער, מאַכען מיט די הענד און שילטען זיך מיט אַזוינע וויסטע קללות, זאָל מען דאָס נור אויף וויסטע פעלדער זעהן!... אַ פרוי קומט אַרויף מיט אַ שווערען עמער און קלאַפּט מיט דעם אויף יעדען שטיינערנעם טרעפּ. און דאָ לויפט מיט אימפּעט אַ פרוי פון די טרעפּ. זי דאַרף עפּעס אין קראָם און אויפ'ן גאַז־אויוועלע קאָכט זיך דאָרט ביי איהר... און דאָרט האָט זיך גאָר אַן אַרבייטסלאָזער קוואַרטיראַנט צוזונגען אַ ימים־נוראים'דיג, חזן'יש שטיקעלע, הילכט זיין קול אַזוי אומעטיג איבער'ן גאַנצען טענעמענט־הויז...

אַזוי ביז פאַרנאַכט...

פאַרנאַכט ציהט זיך צוריק דער מענשען שטראָם איבער די גאַ־סען, ציהט זיך פון אויבען, פון די עלעווייטעד־סטאַנציאָנען, פון די וויים־געמויערטע לעכער, פון אונטער דער ערד, פון די טראַמוואַיען, ציהט זיך פון אַלע און אין אַלע זייטען גלייך נאָך די האַלב־דונקעלע טהירען פון די טענעמענט־הייזער... עס שרייט די גאַס מיט טויזענדע שטימען. עס פליהען די אויטאָמאָבילס מיט די גרויסע, פייערדיגע אויגען. עס בעוועגען זיך וואָגענס און וועגלאַך, פון פערד געשלעפּט, פון מענשען. עס קלינגען די קאַרס, די טראַמוואַיען... און דער

מענשען־שטראָם טראָגט זיך, שטעלט זיך ניט אָפּ, קוקט זיך ניט אום, הערט זיך ניט איין און הונדערטע טויזענדע פיס געהען און געהען אין די האלב־דונקעלע טהירען פון די טענעמענט־הייזער...

אויף די גאַסען צינדען זיך אָן די עלעקטרישע לאַנטערנעס. פון די קראָמען און רעסטאָראַנען ווינקען שוין פייערלאַך, און דער מענשען־שטראָם טראָגט זיך נאָך...

אונזער טענעמענט־הויז הילכט איצט. אויף יעדען שטאָק ברענט אין קאָרידאָר א גאַז־ברענער. פון יעדער טהיר הערט זיך א טומעל, דאָ א קלינגען פון געשיר, דאָרט א געשריי פון קינדער, דאָ א געלעכטער און דאָרט גאָר א געוויין... הינטער יעדער טהיר א בעזונדער וועלט.

פּרובען מיר אריינקוקען אין די טהירען פון'ם ערשטען שטאָק.

אָט איז א גרויע טהיר מיט'ן גרויסען שווארצען איינס אויף איהר... ווער וואָהנט דאָרט? וואָס פאר אן עקזיסטענץ? וועלכע פערגאַנגענהייט? וואָס פאר א האָפנונגען און וועלכע ענטטוישונגען? וואָס פאר א פרייד און וואָס פאר א פערצווייפלונג?...



# טהיר נומער 1

.1

די אַלטע גיטעל, א קליינצינקע אידענע, מיט א קליין, צוקנייטשט פּנים'ל, איז געשטאַנען ביים טיש און אויסגעשטעלט די טעלער פאר סאפּער.

עס איז געווען אַ ווינטערדיגער פאַרנאַכט צווישען זעקס און זיעבען, אין דער צייט, ווען די ארבייטער קעהרען זיך צוריק פון די שעפּער.

די אַלטע האָט געוואַרט אויף איהר מאַן, וואָס האָט געדאַרפט קומען אויך פון שאַפּ.

דאָס עס-צימער וואו זי איז געשטאַנען, איז בעלייכטעט געווען פון אַ גאַז-ברענער, וואָס האָט געברענט אונטער אַ גרויסען, רויטען קאַלפּאַק איבער'ן טיש.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם טיש-גרייטען, האָט די אַלטע פער־ריכט דעם שייטעל אויפ'ן קאָפּ און זיך גענומען צוהערען צו די טריט אינ'ם קאָרידאָר — איהר משה קומט נאָך ניט, זי קען זיינע טריט...

פערביי איהר טהיר איבער'ן קאָרידאָר האָבען זיך נאָכאַנאַנד געהערט טריט, דאָ לייכטע, איילענדיגע, און באַלד שווערע, שלעפּענדיגע, מיעדע... דאָ איז דאָרט עמיצער פערבייגעגאַנגען און האָט פערטראַכט אַ פּאָפּולערע גאַסען-ליעדעל געפייפט, און אָט איז דאָרט עמיצער פער־בייגעגאַנגען און האָט געהוסט. און באַלד האָבען זיך געהערט טריט פון עטליכע מענשען מיט אַמאָל און אַ היציגער געשפּרעך...

די טהיר האָט זיך געעפענט, און איהר מאַן איז אריין, א מיטעל־געוויקסיגער מאָגערער, בלייכער איד, מיט פער'מרה-שחורה'טע אויגען,

אַ שפּיציג און קאַלטענוואַט גרוי בערדעל, און שמאָלע, שפּיציגע אַקסלען.

— גוט'ן אָבענד דיר, גיטעל!

ער האָט אַרונטערגענומען זיין ראָק און איהם אַריינגעטראָגען אין אַ צווייטען צימער. באַלד האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אָהן אַ הוט, מיט אַ רונדע יאַרמולקע אויפ'ן שפּיץ־קאָפּ.

לויט זיין אויסזעהן און קליידונג האָט מען איהם געקענט אָננעהמען פאַר אַ היימישען בעל תפילה צי פאַר אַ שוחט, צי גאָר פאַר אַ מלמד, אָבער בשום אופן ניט פאַר איינעם, וואָס איז באַשעפטיגט אין אַ שאָפּ.

— קאַלט עפּעס אויף דרויסען, משה? — האָט גיטעל אַ פרעג געטהאָן.

— עה, ניט אי־אַי, דערפאַראָהרען קען מען ניט ווערען — האָט ער געענטפערט צוטראָגען, אין אַזאַ לאַנגזאַמען טאָן, אַזוי ווי ער וואָלט יעדעס וואָרט מיט געוואַלד פונ'ם מויל געשלעפּט, און דערביי אויסגעדריקט מיט'ן קאָפּ און מיט די הענד מעהר ווי מיט זיינע ווערטער.

דערנאָך האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ קעסטעלע סיגאַרעטען פון קעשענע און פערדרויכערט.

— פּיפּקעסט שוין? טרינק אויס אַפריהער אַ גלאָז טהעע, משה! ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד.

— שפּעטער!

— וואָס ביזטו היינט עפּעס אַזוי צוטראָגען, משה?

און פּלוצים האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— מזל טוב דיר, גיטעל!...

— מיט מזל זאָלסטו לעבען. וואָס איז, משה?

— מיר האָבען אַן אוראייניקעל...

— האַ?!

גיטעל האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָאַר ברייט־פונאַנדערגעעפּענטע אויגען.

— סטעללאַ האָט געבוירען אַ מיידעל...

— אונזער סטעללאַ? ווען?...

— נעכטען. מיכעל־מייק האָט מיר היינט געזאָגט אין שאָפּ.

די אַלטע האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, געטראַכט אַ ווײַלע און אַרויסגעזיפּצט:

— און די באָבע וויים גאָר ניט... אײַ־אײַ־אײַ!... מילאָ, זאָל זײַן אין אַ מזל'דיגער שעה!...

זי האָט אַ פּיהר געטהאָן מיט בײדע הענד און צוגעלעגט, קוקענדיג פאַר זיך מיט אויגען, פול צער:

— מילאָ, מסתמא איז אונז באַשערט אַזוי!...

— אַ באָבע, האַ? — האָט ער זיך אָנגערופען צוטראַגען, מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.

— שוין אַן עלטער־באָבע, משה...

— זעהסט דאָך, נו?...

— נו, זעהסט דאָך! — האָט זי געענטפערט מיט צער.

זי האָט אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהעע און אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש.

ער האָט זיך געזעצט טרינקען און געטרונקען לאַנגזאַם, פערטראַכט.

זי איז געשטאַנען ביים אײַזערנעם אויווען, האָט געמישט מיט אַ לעפעל אין אַ טעפּעל און געווישט פער'גנב'עט די אויגען.

— גיטעל, אַ גיטעל... — האָט ער דערנאָך אַ רוף געטהאָן.

— וואָס, משה? — האָט זי געפרעגט שטיל, מיט אַ פערשטיקטען טרעהר אינ'ם קול, ניט אומקעהרענדיג צו איהם דעם פּנים.

— וועט זײַן אַ מזל טוב, ווי רעכענסטו?

זי האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און געשוויגען.

— מסתמא וועט זײַן אַ מזל טוב — האָט ער ווידער אָנגעהויבען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין געענטפערט — אַ פּריצישער מזל טוב... מסתמא וועט מען „פּרעפּלען" אויך אויף זייער שטייגער...

זי האָט זיך פּלוצים אַ קעהר געטהאָן צו איהם:

— דו האָסט שוין אָנגעהויבען?... — האָט זי שטיל געזאָגט מיט טיעפען, טיעפען וועהטאָג.

— עס טהוט וועה, גיטעל...

— נו!...

— אונזערע אייגענע קינדער, גיטעל...

— נו! נו!...

— אונזער פלייש און בלוט, גיטעל... ביזטו א באבע? בין איך א זיידע?... הא?

— נו, נו, איז וואס, איז וואס? איך ווייס דאך דאס אהן דיר. גזלן, וואס מוטשעטסטו מיך? — האט זי פלוצים פערצווייפעלט ארויס־גערעדט.

— שא, שא, גיטעל, איך וועל שווייגען. עס זיך ניט נור אפ דיין הארץ. נו, טאקי, וואס העלפען די רייד?...

---

.2

אין א ווײלע ארום זיינען זיי געזעסען ביים טיש און האבען געגעסען. איבער זייערע קעפ האט די סטעליע יעדע ווײלע אויפגע־ציטערט און געקרעכצט פון דעם טופען מיט די פיס פון די שכנים, וואס האבען דארט געוואהנט אויפ'ן צווייטען שטאק איבער זיי. און דער אייזערנער רעהר, וואס האט זיך געצויגען פון דער סטעליע ארונטער מיט דעם רויטען, גלעזערנעם קאלפאק איבער דעם גאז־ברענער, האט זיך געטרייסעלט. זיי האבען זיך אבער וועגען דעם ניט געקימערט. ערשטענס, זיינען זיי שוין געוואהנט געווארען צו דעם, און צווייטענס, זיינען זיי ביידע איצט אזוי טיעף פערטהאן געווען אין זיך, דאס זיי האבען בכלל גארניט געהערט און געזעהן ארום זיך.

זיי האבען געגעסען און ניט געפיהלט, וואס זיי עסען...

מיט א מאל האט די אלטע אוועקגעלעגט איהר לעפעל און אנגע־קוקט איהר מאן.

— משה, א משה...

ער האט אויפגעהויבען זיינע פערטראכטע מרה־שחורה'דיגע אויגען אויף איהר, צוטראגענדיג דאס לעפעל צום מויל.

— הא?

— ווי רעכענסטו, וועט מען אונז רופען צום מזל טוב, משה?

— כ'ווייס?...

ער האט אויך אוועקגעלעגט זיין לעפעל און האט ווייטער גערעדט:

— ווען מען וועט מיך אַפּילו רופען, וועל איך אויך ניט געהן. סטעללא'ס חתונה ליעגט נאָך מיר גוט אין זכרון... פאַרוואָס עסטו ניט ?...

— כ'וויים ?... עס קריכט עפּעס ניט אין האַלז...

ער האָט זיך פּלוצים גענומען בייזערען אויף איהר :

— נו, נו, עס, עס ! לאָך זיך אוים פון זיי ! זיי זיינען דאָס אסור ווערטה ! ...

ער האָט ווידער אַ כאַפּ געטהאָן זיין לעפעל און גענומען מיט כעס עסען.

— עס, גיטעל, עס ! ...

דאָן האָט זי אויך אריינגענומען איהר לעפּעל אין דער האַנד.

עטליכע מינוט זיינען דאַן פאַריבער אין שווייגען.

דערנאָך האָט זיך ווידער דערהערט דעם אַלטענ'ס קול. ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין :

— מסתמא פּיטשי־פּיטשי, צו בעמטריטשע, צו מיטשימיטשי!...

— האַ ? דו זאָגסט עפּעס, משה ? ...

— איך זאָג, נאָך מיין מאמע לאה'ן וועט מען מסתמא איהר ניט אַ נאָמען געבען...

— וועמען, משה ?

— אונזער אוראייניקעל...

— און נאָך מיין מאַמען ? אַזאַ צדקנית געווען און אַזאַ שענער נאָמען : חאַסע־מירעל ! ...

— פּיטשי־פּיטשי איז אַ שענערער נאָמען ווי לאה און חאַסע־מירעל ! — האָט ער געזאָגט מיט ביטערניש.

— מיכעל האָט דיר געזאָגט, אַז מען וועט איהר אַזוי אַ נאָמען געבען ?

— מיכעל־מייק האָט מיר גאָר נישט געזאָגט. נור איך וויים, אַז קיין אידישען נאָמען וועט מען איהר מסתמא ניט געבען... אונזער זלמן־זשאָן מעג האָבען אַ בעמטריטשע, היינט פאַרוואָס זאָל נאָך איז אונזער משפחה ניט זיין קיין פּיטשי־פּיטשי, צי קיין מיטשי־מיטשי ! ...

— אַי, וועה איז מיר ! אונזער משפחה... זיי ווילען הפּנים וויסען פון אונזער משפחה ? — האָט זי שטיל ארויסגערעדט.

— אונער משפּחה לאַכט פון זיי... שענערע מענשען, ווי זיי

אלע! ... אי, רעד בעסער ניט פון זיי, ניט כדאי... עס! מילא, דאס איז עפּעס א נייעס? מיר קאָנען דאָך זיי! ...

ער האט זיך אויפגעהויבען פונ'ם טיש.

— פארוואס עסטו ניט, משה?

— עס ווילט זיך ניט... אין האלז קריכט ניט... פארט קינדער... פאר זיך אליין א בזיון... א זיידע... א באבע... שטייטש!..

ער האט פעררויכערט א סיגארעט.

— אבער שא, געגוג!... ניט ריידען מעהר פון דעם א ווארט. איך וויל ניט... שא!...

ער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד און גענומען געהן איבער'ן צימער הין און צוריק.

זי האט זיך אויך אויפגעהויבען פון'ם טיש.

— מילא, זאל זי זיין גליקליך, ווי אזוי מען וועט איהר דארט ניט א נאמען געבען... פארט אונזער אוראייניקעל, דער ערשטער אור־אייניקעל, משה!... — האט זי געזאגט, צונויפשטעלענדיג די געשיער אויפ'ן טיש.

— אבער איך בעט דיר, רייד ניט! — האט ער זי אונטערבראכען

— גענוג! איך וויל גאר ניט טראכטען וועגען דעם!... אונזערע זיהן זיינען קיין זיהן ניט, אונזערע אייניקלאך זיינען קיין אייניקלאך ניט, און זיי ניט קיין נאר... מיר האבען געהאט אמאל א זוהן זלמן, איז ער אוים זלמן, נור זשאן... ניטא קיין מאיאראוויטש מעהר, נור מייערס... ניטא קיין זיידע, ניטא קיין באבע, ניטא קיין אייניקלאך. ניט מיר פערשטעהען וואס זיי רעדען, ניט זיי פערשטעהען וואס מ י ר רעדען. איך האב דיר טויזענד מאל געזאגט, גיטעל, אז מיר זיינען קיין מחותנים ניט מיט זיי. זיי שעהמען זיך מיט אונז, דארפען מיר זיך שעהמען מיט זיי. איך ארבייט ביי זיי אינ'ם שאפ, צאהלען זיי מיר... נו אמת, בעסער ווי זיי וואלטען א פרעמדען געצאהלט. א דאנק דערפאר!... זיי זיינען אמאל גוט צו דיר, זיי שיקען דיך אויף פרישע לופט אין די קעטסקילס, גיבען דיר אמאל מתנות,— אויך א דאנק! אבער מחותנים, ריכטיגע ווי עס בעדארף צו זיין, ווי טאטע־מאמע מיט קינדער, ווי קינדער מיט טאטע־מאמען, — ווארוער? ווייס איך! א פנים ווי בלאטע האבען מיר ביי זיי!...

— אמת, משה, וועה איז מיר — האָט זי אַרויסגעכרעכצט — ווי בלאָטע, ווי בלאָטע! וואָס טויג מיר, וואָס זיי גיבען דיר אַ סך צו פּערדיגענען, וואָס טויגען מיר זייערע מתנות, זייער פרישע לופט, אַז איך האָב זיי נישט, וועה איז מיר, מיינע אייגענע קינדער!... אַ טרוקען שטיקעל ברויט עסען, נור זיין אַ מאַמע, אַ באָבע, אַ עלטער באָבע, וועה איז מיר!...

זי האָט אָבגעווישט די אויגען, צונויפגענומען די געשיער פון'ם טיש און זיך געשטעלט זיי וואַשען אונטער'ן קראַן. דערביי האָט זי נאָכאַנאַנד געקרעכצט און געזיפצט.

דער אַלטער משה האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און זיך געשטעלט אין אַ ווינקעל, דאַוונען מעריב.

אין דעם פינסטערען צימער אויף דער לינקער האַנד האָט די טהיר אַ קלאַפּ געטהאָן. די קוואַרטיראַנטקע, וואָס האָט ביי זיי געוואָהנט, איז דאָרט אריין דורך דעם בעזונדערען אַריינגאַנג. באַלד האָט אַ ליכטיגקייט אַ שטראָם געטהאָן פון יענעם צימער...

---

### 3.

פון אויבערשטען שטאָק האָט זיך דערהערט אַ ימים־נוראים'דיג חזניש שטיקעלע, אַרויסגעזונגען פון אַ פאָנאָגראַף... אַ טענאָר האָט דאָרט געקלאָגט און געקרעכצט, און די ווייבע, האַרציגע, אידיש־טרויע־ריגע טענער האָבען זיך געגאָסען פון אויבען און אָנגעפילט די צימערען פון אונזערע אַלטינקע מיט אַ וויינענדיגער שטימונג... דער אַלטער האָט גענומען דאַוונען העכער און יעדע ווייל׳ע האָט זיך אַ זיפץ אַרויסגעריסען צווישען זיינע ווערטער. די אַלטע האָט אויך גענומען זיפצען העכער...

די קוואַרטיראַנטקע איז אַריינגעקומען, אַ עלטערע מיידעל אין ברילען, געל ווי אַ וואַקס. זי איז אַריינגעקומען שטיל, צוגעגאַנגען צום אויוועז, האָט זיך אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהעע און איז אַזוי שטיל, נים אויסריידענדיג קיין וואָרט, אַריין צוריק צו זיך אין צימער מיט'ן גלאָז טהעע און האָט צוגעמאַכט די טהיר.

זי האָט שוין געוואָהנט ביי זיי באַלד אַ יאָהר און ביז היינטיגען

טאג האבען די אלטע ניט געוואוסט וואס פאר א מענש זי איז: צי א גוטע, צי א שלעכטע, צי א נאר, צי א קלוגע. זי האט קיין מאל ניט גערעדט מיט זיי, קיין מאל ניט דערצעהלט זיי פון איהר פערגאנ־גענהייט. זיי האבען נור געוואוסט, אז באלד נאך די פאגראמען איז זי געקומען אהער פון אדעס און זייט דעמאלט ארבייט זי אין די שעפער ביי קינדער־מאנטלען. זי איז געווען א גוטע קווארטיראנטקע, האט געצאהלט צו דער מינוט פאר דעם צימער; איהרע מאהלצייטען האט זי אין די רעסטאראנען גענעסען און איהר וועש האט זי אין די וועשעריי אליין אוועקגעטראגען; דא האט זי נור טהעע געטרונקען. קיינער איז צו איהר ניט געקומען און זיי האבען גאר ניט געפיהלט, אז ביי זיי וואהנט עמיצער. האט געלעזען ביכער, אלץ רוסישע, און מען האט קיין פארע פון איהר ניט געהערט. און איז זי אמאל ארוים פון איהר צימער, נאך א גלאז טהעע, צי א גלאז וואסער, צי א שוועבעלע, האט מען איהרע טריט ניט געהערט, ווי א שטומער, טרויעריגער שאטען איז זי דורכגעגאנגען... נור ווען־ניט־ווען האט זיך א שטיל געזאנג פון איהר צימער געהערט, א רוסיש ליעדעל האט זי דארט געזונגען. און דאס דאזיגע געזאנג האט תמיד פול בענקעניש און פערשטיקטע טרעה־רען געקלונגען...

דאן האבען די אלטע, צוהערענדיג זיך צו איהר געזאנג, זייערע אייגענע בענקעניש שארפער דערפיהלט און זיי האבען געזיפצט:

— א מאדנע מיידעל... ווער איז זי? קאנטיג אן ערעל קינד פון דער־היים, געבילדעט...

— ווער ווייס? מען קען דען אין אמעריקא וועמען? די אייגענע קינדער, ברוך השם, קען מען ניט...

— פע!...

— ניט גוט!...

און ווען איהר געזאנג האט זיך נאך לענגער געהערט, האט דער אלטער געמורמעלט:

— א עלענדע... א פערביטערטע הארץ, אפנים...

און די אלטע האט דאן א טרעהר ארונטערגעווישט און גע־פליסטערט:

— און מיר?... און מיר?... קענען נאָך זיין גרעסערע יסורים?...

— נו, יאָ, אַמעריקע! — האָט ער אונטערגעכאַפּט.

— אַמעריטשקע, יאָ, נו! — האָט זי געזיפצט.

דערווײַלע איז דער אַלטער משה פאַרטיג געוואָרען מיט מעריב־דאַוונען, די אַלטע האָט צושטעלט די אויסגעוואַשענע געשיר אין׳ם אַלמער. ער האָט ווידער פערדרייכערט אַ סיגאַרעט. זי האָט גענו־מען ווישען די סאַראַטע פון׳ם טיש.

— משה, אַ משה...

ער האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו איהר.

— איז וואָס מאַכט זי?

— ווער?

— די קינפּעטאָרין?...

— כ׳וויים?

— האָט דיר מיכעל ניט געזאָגט?

— ניין, מיכעל־מייק האָט מיר ניט געזאָגט...

— פאַרוואָס האָסטו ניט געפרעגט?

ער איז פּלוצים ווידער בייז געוואָרען.

— איך האָב ניט געוואָלט.

— וואָס הייסט?... דו ביזט דאָך אַ זיידע! ווי פרעגסטו ניט?...

— אַז ער האָט מיר אַליין ניט דערצעהלט, וויל איך ניט פרעגען!

— ביזטו דאָך ניט בעסער פון זיי!...

— נו, בין איך ניט בעסער, גט זיך מיט מיר!...

— סטייטש, אַן ערשטלינג... ווי פרעגסטו ניט, גזלן?...

— הער אויף מיר צו דולען דעם קאָפּ, איך בעט דיך! אַז איך וויל גאָר ניט טראַכטען וועגען זיי!...

זי האָט אַרויסגעזיפצט:

—נו, נו!... גאָט ווייסט, וואָס זי מאַכט דאָרטען... אַזאַ ערעלע, אַזאַ נאָכגעגעבענע, אַן ערשטלינג...

ער האָט זיך געלייגט אויף דער זאָפע, געקוקט אַרויף צו דער סטעליע און געדרייכערט. זי האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל און גע־

נומען שטריקען א זאק. דער טהעע־קאן אויפ'ן ברענענדיגען אויווען האט געזונגען. הינטער די פענסטער האט זיך געטראגען א פער־שטיקטער טומעל פון דער גאס. יערע וויילע האט זיך א קול דער־הערט, האבען טריט געהילכט, דא פון די דערבייאיגע טהירען אויף דעם זעלבען שטאק און דא אויבען...

ביידע אלטע האבען א היבשע ווייזלע געשוויגען.

דאן האט משה זיך ווידער אנגערופען ווי צו זיך אליין:

— אז עס וואלט געווען ווי ביי לייטען, אי־אי־אי! שבת אין שוהל וואלט מען א נאמען געגעבען... דאס וואלט א ביסעל נחת געווען!...

— ניט באשערט אונז, משה!...

— ווי אבגעשניטען פון אונז... ווי מען שניידט אב א האנד צי א פוס פון א לעבעדיגען גוף... עלטערען און קינדער זיינען דאך איין גוף מיט אייגענע אברים, גיטעל...

— אפנים אזוי, משה... דערפאר האט מען דאך די קינדער אזוי האלט, דערפאר טהוען זיי אזוי וועה...

— פע, מיאוס! מיט צעהן יאהר צוריק, בעת מיר זיינען גע־פאהרען אהער, האט זיך עס אונז אפילו ניט גע'חלום'ט...

— ווער האט זיך געקענט ריכטען אויף אזא אונגליק?...

די אלטע האט מיט'ן הויפען אבגעווישט די אויגען.

— און פארוואס, גיטעל? פארוואס, פרעג איך דיך?

— נו, איך פרעג דיך, משה!...

ער איז אדורכגעקראכען פון דער זאפע, האט גענומען געהן איבער'ן צימער הין און צוריק און גערעדט אלץ ביטערער, אלץ מיט מעהר וועהטאג:

— מען זאגט, א טאטע איז א גנב, שעהמט מען זיך מיט איהם. א מאמע א הולטאיקע, שעהמט מען זיך מיט איהר. צי אמאל זיינען טאטע מאמע פון ניעדריגען שטאנד און די קינדער האט גאט דער־הויבען, שעהמט מען זיך מיט זיי. אבער פארוואס שעהמען זיי זיך מיט אונז? אי דיין טאטע־מאמע, אי מיין טאטע־מאמע, דוכט זיך, זיינען גע־ווען שענע מענשען? און איך אליין האב, דאכט זיך, אויך געפיהרט אלע מיינע יאהרען א שענעם שטאט אין וויטעבסק? געהאט א פיינע קראם,

א שענע הויז, געווען יאָהרען נאָכאַנאַנד דער משגיח אין דעם אַלטען בית־המדרש, דאַנקען גאָט, — היינט וואָס שעהמט איהר זיך מיט מיר, אַ מהומה אויף אייך?

זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן:

— שאַ! שילט זיי ניט!...

— איך זאָל זיי בענשען, ווילסטו? בענשען זאָל איך זיי, האַ? נו, בענש, בענש!... דו האָסט אַפּנים פּערגעסען? איך ניט, איך קען ניט. געדענקסטו סטעללאָ'ס חתונה? נחת האָבען מיר דאָרט געהאָט, האַ? הרחבה, האַ? האָט אונזער אייניקעל געוואָלט האָבען דיין בענשען, באָבע? האָסטו זיי געפיהרט צו דער חופּה? ביזטו דאָרט עפּעס געווען אַ מחותנ'טע? איז דער זיידע עפּעס דאָרט געווען אַ מחותן? צו דער חופּה האָט זי געפיהרט אַן אַנדער זיידע, אַ טייטש מיט אַ געשמיילעטער מאָרדע; אַן אַנדער באָבע, אַ חצופה מיט אַ נאַקעטען האַרצען און פּלייצעס; אויסגעפּוצטע חצופות מיט נאַקעטע הערצער, שקצים אָהן היטלען — אָט ווער עס זיינען דאָרט געווען די מחותנים, און ניט דער פרומער זיידע און ניט די עהר־ליכע באָבע... אפילו אַז דו האָסט זיך געוואָלט מיט איהר צוקושען, האָסטו ניט געקענט!...

זי האָט ארויסגעקרעכצט:

— משה־גזלן, וואָס רייסטו מיר די וואונדען?

— איך רייס זיך אַליין די וואונדען, גיטעל. שטייטש, אַן אור־אייניקעל ווערט געבאָרען, דער ערשטער אור־אייניקעל, און דעם זיי־דען און דער באָבען לאָזט מען אפילו ניט וויסען. יענעם זיידען, דעם טייטש מיט דער געשמיילעטער מאָרדע, האָט מען, זיי זיכער, ניט פערגעסען צו לאָזען וויסען!...

— האָט דאָך מיכעל דיר היינט אָנגעזאָגט! וואָס טשעפּעסטו זיך?

— ער האָט מיר אָנגעזאָגט. אָבער ווען? ווי אַזוי? ווען ער האָט מיר געדאַרפט זאָגען, אַז איך זאָל מאָרגען קומען פריהער אין שאָפּ, ווייל ער וועט ניט קענען קומען פאַר־פריה. מחמת ער וועט אַפריהער געהן געוואָהר ווערען סטעללאַ'ן. זי האָט געבוירען אַ טאָכטער. נו, ווי געפעלט דיר אַזאַ אָנזאָגען אַ זיידען?...

— נו, וואָס קען מען זיך העלפען? — האָט זי אַ זיפץ געטהאָן. הינטער דער טהיר האָט זיך דערהערט אַ טומעל און אַ געלאָף איבער די טרעפּ. די אַלטע האָבען זיך אומגעקוקט אַהין און זיך צו־געהערט.

אימיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר.

— קאָם אין!

---

.4

די טהיר האָט זיך געעפענט, און אַ רויטער פּנים, מיט שווארצע, בלישצענדע אויגען, מיט אַ קאָפּ צושויבערטע האָאָר פון אַ פּרויענצי־מער האָט אריינגעקוקט.

— איהר זייט דאָ, מיססעס מאיראָוויטש? — האָט דער רויטער פּנים געפרעגט מיט אַ געהיימער מינע.

— וואָס איז, מיססעס דראבקין?

די פרוי האָט זיך אריינגערוקט אין גאנצען אין צימער. דאָס איז געווען די הויז־קיפּערין פון׳ם הויז, וועלכע האָט געוואָהנט אונ־טען, אין קעלער. אַ דיקע, נאָך גאָר יונגע פרוי, מיט הויך־פּערקאָ־שערטע אַרבעל איבער רויטע, דיקע עלענבויגענס, מיט אַ צושפּילטעטער קאָפּטע ביי דער ברוסט, ווייל זי האָט ערשט מיט איין האַלב שעה צוריק געזויגט איהר עופה׳לע...

— וואָס זאָגט איהר, מיססעס מאיראָוויטש? — האָט זי ארויס־געזעדט מיט אַ מינע און קול, אַזוי ווי זי וואָלט אַ סוד דערצעהלט — דער באָי האָט זיך דאָך אָבגעטראָגען און זיין מאַמע חלש׳ט דאָרטען. מען קען זי קוים דערמינטערען...

— וואָס פאַר אַ באָי?

— אָט פון דעם פינפטען פלאָר. מיסטער לעפקאָוויטש׳עס באָי. וואָס מען האָט נעכטען געשאָסען. ערשט אין שפּיטאָל געשטאָרבען...

— אָט דער באנדיט? וואָס די אנדערע באַנדיטען האָבען איהם דערשאָסען? — האָט זיך אריינגעמישט דער אַלטער משה — אַזוי? געשטאָרבען? אַ ליכטיגען כּף הקלע זאָל ער דאָרטען האָבען! אַזאַ סוף זאָלען זיי אַלע האָבען!...

— אי־אי־אי, אזא באַי! — האָט די הויז־קיפּערין געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — מען האָט זיך דאָך געקאָנט פּערליעבען אין איהם. האָט דאָך געשיינט ווי אלע זיעבען זונען. און אזא גוטער! מיר פּלעגט ער אלע מאָל עפּעס שענקען, אמאָל אפילו א גאַנצען דאָלאַר אויך! ווען זאָל גאָר איינפאַלען, אז ער זאָל זיין אזא באַנדיט, אז ער זאָל גאָר האָבען צו טהאָן מיט א חברה גנבים און גזלנים? דאָ האָט מען דאָך גאָר קיין מאָל פון איהם קיין פּיפּס ניט געהערט!... איהר ווייסט? איצט ערשט האָט מען זיך דערוואוסט פון דער פּאָליציי, אז ער איז געווען גאָר א געפעהרליכער באַנדיט...

— טהייערע קינדער אין אמעריקא, אזא מזל אויף מיינע שונאים! — האָט דער אלטער ארויסגעמורמעלט.

— א נחת פאר טאטע־מאַמען! — האָט די אלטע א זיפץ געטהאָן.

— זיינע עלטערען זיינען דוקא אָרענטליכע מענשען. דער טאטע איז א שוואַכער איד, א מלמד, לערענט מיט קינדער, קוים וואָס ער לעבט, אָבער אַן אָרענטליכער מענש. און די מאַמע איז אויך א פיינע אידענע, א קראַנקע, אָבער א שטילע. זיי האָבען אויך ניט געוואוסט, אז ער איז אזא. ער פלעגט זיי שטיצען און זיי דערצעהלען, אז ער ארבייט אין א סאַלון ביינאַכט — האָט די הויז־קיפּערין ווייטער גערעדט.

— און וואָס זאָגט איצט דער טאַטע? — האָט דער אלטער משה געפרעגט.

— ער? וואָס זאָל ער זאָגען, נעבאך? געהט אַרום ווי א דער'הרג'עטער איבער'ן שטוב, העלפט מינטערען זיין ווייב, וויינט און טענה'עט, אז ער וועט אפילו צו דער לויה ניט געהן...

— אויב אזוי, איז ער אַן עהרליכער איד — האָט דער אלטער משה ארויסגעמורמעלט.

— א רחמנות, ניט אמת? א גוטע נאַכט אייך! — האָט די הויז־קיפּערין פלוצים געזאָגט אין דער־שנעל, אזוי ווי זי וואָלט זיך מיט אמאָל דערמאָנט, אז זי האָט קיין צייט ניט, איז ארויסגעלאָפען און גלייך האָט זיך דערהערט, ווי זי קלאַפּט אין דער טהיר אנטקעגען.

— זעהסטו, משה? — האט זיך דאן די אלטע גיטעל אנגערו־פען — מיר זינדיגען. לייט האבען ערגערען צער פון קינדער אין אמעריקא...

ער האט זיך פלוצים בעליידיגט און געזאגט:

— להבדיל אלף הבדלות... בהמה דו, וואס פערגלייכסטו אונ־זערע קינדער צו אזוינע באנדיטען, גנבים, בייטעל־שניידער? אונ־זערע זיהן זיינען דאך עפעס... עפעס... מענשען... מהות'ען... מיט נעמען... זיי זיינען מפרנס איבער דריי הונדערט נפשות אין זייער שאפ... שטייטש, א שאפ! צוויי גרויסע עטאזשען, ווי פעלדער, אנגעשטאפט מיט מאשינען און סחורה, און עס איז נאך ענג... די ארבייטער מוזען זיצען צונויפגעקוועטשט און אלע ארבייטען העמ־דער... מיכעל־מייק האט מיר אנומעלט געזאגט, אז דער שאפ גור אליין איז פערסטראכירט אין צוויי הונדערט טויזענד טאלער... דו הערסט, גיטעל? אין צוויי מאות אלפים טאלערס!

זיין קול האט מיט אמאל גענומען קלינגען מיט שטאלץ און התפעלות, וואס זיינע זיהן זיינען אזוי רייך. און פון זיין פנים איז אויך פערשוואונד'ען דער אויסדרוק פון דערשלאגענקייט, פון פער־טראכטער מרה־שחורה...

— ווען זיי וואלטען ניט געווען אזוינע חזרים — האט ער ווייטער גערעדט — ווען זיי וואלטען אידען געווען, קינדער, ריכטיגע קינ־דער, ווען מיר וואלטען כאטש ביי זיי געהאט א פנים, ווי דער אלטער דייטש מיט דער געשמיילעטער מארדע, ווי די אלטע דייטשקע, די חצופה, אונזערע מחותנים, ברוך השם, וואלטען מיר דאך טאקע גע־דארפט לויבען און דאנקען גאט... אזוי אבער... וואס העלפט עס, וואס זיי זיינען אזוי רייך, וואס זיי זיינען אזוינע מהות'ען, ווען זיי זיינען פארט חזרים, אז זיי שעהמען זיך פארט מיט אונז — האט ער גערעדט און איז אלץ מעהר און מעהר אריינגעפאלען אין זיין פריי־הערינען טאן, פול וועהטאג, און זיין פנים האט ווידער אנגענומען זיין פריהערדיגען אויסדרוק — פון דעם ערשטען טאג אן, וואס מיר זיינען אהער געקומען... גיטעל, איך וועל דיר ווידער זאגען, וואס איך האב דיר שוין טויזענד מאל געזאגט: א סך גלייכער וואלט פאר אונז גע.עזען, ווען מיר וואלטען געפאלגט די קינדער און ניט גע־פאהרען אהער. זיי האבען אונז געשיקט געלד, געשטיצט אונז,

האָבען מיר געדאַרפט בלייבען זיצען אין דערהיים. בפרט, ווען זיי אליין האָבען אונז געשריעבען, אַז מיר זאָלען בלייבען אין דער־היים. מיר האָבען געדאַרפט פערשטעהן, אַז זיי ווילען דאָ אונז ניט האָבען...

— ווער האָט עס געקענט וויסען, משה? צוואַנציג יאָהר ווי מען האָט זיי ניט געזעהן. אַוועקגעפאָהרען נאָך גאָר יונגערהייט. קיין אנדערע קינדער האָט מען ניט. און דאָ הערט מען, אַז גאָט האָט זיי געהאָלפען. זיי האָבען חתונה געהאַט, האָבען שוין אליין קינדער־לאַך... איך וואָלט דאָך אפילו צו־פוס געלאָפען, זעהען מיינע זיהן און מיינע שניר, און מיינע אייניקלאַך!... דו געדענקסט דאָך, משה, ווי דאָס הארץ האָט ביי אונז געצאַפּעלט, בעת מיר זיינען געפאָהרען אהער?...

— צי איך געדענק?... ווי זעהט אויס עפּעס מיכעל? ווי זעהט אויס עפּעס זלמן? זיי מוזען שוין זיין אידען מיט גרויסע בערד... די שניר ווי זעהן אויס? די אייניקלאַך?... אָט באַלד וועלען מיר זיי זעהן, באַלד, באַלד. קוים דערלעבט צו קומען...

ער האָט זיך ביטער צולאַכט:

— כע! כע! כע! אָבער צום סוף?... צום סוף? גע־דענקסט, גיטעל, הא? האָבען מיר אונזערע זיהן גאָר ניט דערקענט... אַנשטאָט אונזערע זיהן, וואָס זיינען אוועקגעפאָהרען פון אונז מיט אידישע פּנים'ער, זיינען געקומען צום שיף, אונז אראָבנעהמען, זיהן מיט געגאָלטע, גוי'אישע פּנים'ער, אָהן בערד און אָהן וואָנצען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז צוויי פּוילישע קסיאָנדזען זיינען געקומען... היינט זייער אידיש ריידען... מיר האָט זיך אויסגעגעבען, אַז אונזער סטעפּאַן דער גאַראָדאָוואָי רעדט עס!... דו געדענקסט, מיר האָבען דאָך דעמאָלט שוין געמיינט, אַז זיי האָבען זיך אין גאַנצען דאָ איבערגעקוליעט?...

זי האָט א מאָך געטהאָן מיט'ן קאָפּ און אַ זיפץ ארויסגעלאָזט:

— און אַז מיכעל־מייק האָט אונז דערנאָך נעבראַכט אויף „לאָקאָמאָביל" צו זיך אהיים און מיר האָבען דערזעהן די געטשקעס און געטשיכעס דאָרטען, די נאַקעטע, גיפּסענע מענשעלאַך און מוידען, די פעלען פון חיות, נבלה, אויף דער ערד, דעם גאַנצען ניט־אידישען טאַראַראַם אין הויז, די דיענסטען מיט די ווייסע הייבלאַך, די שנור

מיט די אייניקלאַך, וועלכע מיר האָבען אַזוי גע'חלש'ט צו זעהן, — דעמאָלט, דעמאָלט, געדענקסטו, האַ?... כע! כע! כע!...

איך געדענק, איך געדענק... איך האָב גענומען ריידען צו דער שנור, זי פערשטעהט מיך ניט. איך האָב גענומען ריידען צו די אייניקלאַך, זיי פערשטעהען מיך ניט...

— און אַז דו האָסט ארומגעכאַפּט קושען די שנור, האָט זי געמאַכט אַ מינע, אַזוי ווי זי וואָלט ריצענאויל איינגענומען... און דיביידע אייניקלאַך, אי סטעללאַ, אי וויקטאָר, האָבען געקוקט אויף אונז, אַזוי ווי מיר וואָלטען בערען פון וואַלד געווען... דו געדענקסט? עטליכע טעג נאַכאַנאַנד זיינען מיר דעמאָלט ארומגעגאַנגען אָהן אַ מוח, ניט געשלאָפען, ניט געגעסען און ניט געטרונקען. האָבען זיך אַלץ געקליבען איהם צו פרעגען און עפּעס מורא געהאַט... דו האָסט געזאָגט, איך זאָל פרעגען. איך האָב געזאָגט, דו זאָלסט פרעגען...

— צום סוף האָב איך געפרעגט, משה...

— מיר ביידע, גיטעל. דו האָסט אָנגעהויבען, אבער ריכטיג געפרעגט האָב איך. „ביזטו געבליעבען אַ איד, מיכעל? איז דיין ברודער זלמן געבליעבען אַ איד? זיינען אונזערע שניר און אייניקלאַך אידישע?"...

— מילא, אבי זיי זיינען ניט קיין גוים, משה, דאַרפען מיר דאַנקען גאָט...

— אבער ביז מיר האָבען זיך דאָס דעמאָלט דערוואוסט, וואָס פאַר אַ יסורים מיר האָבען געליטען!...

— יאָ, איך ווייס טאַקע ניט, ווי איך האָב דעמאָלט אריבערגעטראָגען...

— אמת, גיטעל, טאַקע אַ וואונדער. ווי אַזוי מיר זיינען אין גאַנצען ארויס לעבעדיגע פון דעם הויז, איז אַן אמת'ער וואונדער. יענעם חודש, וואָס מיר האָבען דאָרטען געוואוהנט, וועל איך געדענקען כל זמן איך וועל לעבען. קיין גיהנום וועלען מיר שוין ניט דאַרפען אָבקומען... די שנור קרימט זיך און בלאָזט זיך, און ווינשט אונז מיט די אויגען, זאָל מען דאָס אויף וויסטע פעלדער און שטיינער זעהן!... רעדט צו אונז מיט די פינגער, אַזוי ווי מיר וואָלטען שטומע נפשות געווען. האָסטו אַמאָל אַ קוש געטהאָן דיין אייניקעל סטעללאַ'ן, האָט סטעללאַ פערקרימט דעם פנים, אַקוראַט ווי דו וואָלסט זי דער־

הרג׳עט, אבגעווישט דאס בעקעלע, וואס דו האָסט א קוש געטהאָן, און דער מאַמען איהרער איז דאס אויך ניט אָנגעשטאַנען...

— טאַמער וואָלט דיר געווען גענוג, משה? — האָט זי איהם פּלוצים אונטערבראָכען.

— וואס איז? וואס האָסטו מורא? קיין פרעמדע הערען דאָך ניט, מעגען מיר דאָך ריידען...

— מיר האָבען שוין גענוג גערעדט וועגען דעם, משה... דאַכט זיך יעדען טאָג ריידען מיר וועגען דעם...

— היינט אָבער, זינט איך האָב זיך דערוואוסט, אז סטעללא האָט מיט מזל... האָב איך זיך ערשט ריכטיג דערמאָנט אָן די אלע יסורים, וואס מיר זיינען דאָ אויסגעשטאַנען פון׳ם ערשטען טאָג אָן... דו געדענקסט, הא, ווי אונזער שנור האָט ניט געוואָלט ליידען, וואָס די באָבע האָט א קוש געטהאָן דעם אייניקעל? דעמאָלט האָבען מיר דעם ערשטען מאָל דערהערט פון איהר א אידיש וואָרט: „דו דאָס ניט טהו דאָס... איך דאָס ניט ליעב!“... א לשון אביסעל... אונזער אמאָליגע וואַסער־טרעגערין, אוודאטיא, האָט דאָך געגען איהר אידיש גערעדט, ווי א רביצין!...

— אָבער גענוג דיר, גענוג. וואס האָסטו זיך דערמאָנט אויף אַלטע צרות, וועניג האָסטו נייע?

— איך זאָג נעגען דעם, אז שוין דעמאָלט האָבען מיר געדאַרפט פערקעהרען די האַלאַבּליעס און צוריק אהיים...

— נו, האָסטו געזאָלט פאָהרען. זיי וואָלטען דיך, חלילה, ניט פערהאַלטען — האָט זי געזאָגט מיט הארץ.

— איך מיין עפּעס, אז זיי וואָלטען אונז ניט פערהאַלטען. די שנור און די אייניקלאָך אודאי ניט... און אפשר וואָלטען זיי אונז יאָ פערהאַלטען? — האָט ער זיך פּלוצים א כאַפּ געטהאָן מיט ביטער־ניש אין׳ם קול — וואס איז, וועניג שפּאס האָבען זיי פון אונז געהאַט? דער אייניקעל וויקטאָר שטעלט זיך אוועק געגען דעם זיידען און רעדט, און רעדט... וואס־ווען — ווייסט ניט דער זיידע. אפשר שילט ער גאר דעם זיידען!... קומט צו איהם מיט א שערעלע און ווייזט איהם אויף שטום־לשון, ער זאָל די באָרד אבשערען. „מען טאָר ניט זוהנוניו, גאָט וועט שמייסען!“ נור רייד צו דער וואַנד, ער פערשטעהט

אפּנים אַ וואָרט, וואָס דער זיידע רעדט!... און אַמאָל האָט דער איניקעל געבראַכט אַ סיגאַר דעם זיידען... דער זיידע האָט זיך שוין דערפרעהט. נאַ, סוף כל סוף האָט ער זיך דאָך געכאַפּט, אַז אַ זיידע אין אַ זיידע, אַז מען דאַרף איהם כבוד אבגעבען... צינדט נאָך אָן אליין אַ שוועבעלע פאַר דעם זיידען. „פּיין, אָט אַזוי ביזטו אַ וואויל בחור'ל, זוהנוניו!“... מיט אַמאָל — טראַסק!... דער סיגאַר האָט אויפגעריסען, צופליגען אויף אַלע זייטען... דעם זיידענ'ס מויל שיער צוריסען, אין גאַנצען דעם זיידען שיער דער'הרג'עט, — האָבען זיי אַשר וועניג שפּאַס דעמאָלט געהאַט פון אונז, האַ?...

ער האָט זיך שטיל און ביטער צולאַכט.

— נו, ער איז געווען נאָך אַ קינד, אַ שטיפער... מיכעל האָט איהם דעמאָלט דערפאַר גוט אָנגעשלאָגען...

— און וואָס האָט מיכל־מייק'ס ווייב דעמאָלט געטהאָן? זי האָט זיך אָנגענומען פאַר'ן שגץ. איז בעפאַלען מיכעל־מייק'ן אויף איהר לשון און מיר האָבען פערשטאַנען, אַז דאַס מיינט זי אונז...

— נישקשה, מיכעל אליין האָט אויך דעמאָלט גענוג געליטען צוליעב אונז... דו געדענקסט דאָך די קריגערייען, וואָס ער האָט געהאַט מיט איהר? מיר האָבען ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט, אבער פערשטאַנען האָבען מיר, אַז ער קריגט זיך מיט איהר פאַר אונז...

— וואָס דען? ער זאָל זיך נאָך ניט אָננעהמען פאַר אונז? אפילו אַ טאָטער וואָלט דאָך אויך ניט געקענט צוזעהן, ווי אַזוי מען מאַכט אַזאַ חוזק פון זיין טאַטע־מאַמען... שטייטש אַ חוזק! די דיענסטען מיט די ווייסע הייבלאַך לאַכען דיר אריין אין פּנים. קומט צוגעהן יענער זיידע, מיט דער געשמיילעטע מאָרדע, איז הערר מאָזעס און הערר מאָזעס, דער שד ווייסט איהם, וואָס ער וויל פון מיר! מאָזעס גאָר!... די שנור קרימט זיך, יענע באָבע קומט, קרימט זי זיך אויך. איהר, דער חצופה, שטעהט אויך ניט אָן... די איניקלאַך וויכען. זעצסט זיך צום טיש עסען — זייער טרפה'נע געקעכץ ריהרסטו ניט אָן, קומסט אב מיט מילכיגס, מיט אַ גלאָז טהעע — לערנען זיי דיך, ווי צו עסען... וויקטאָר דרעהט דיר ארום אַ סאַל־פעטקע ארום האַלז, ער דערווערגט דיך שיער מיט איהר! די שנור וויזט דיר, ווי צו האַלטען אַ גאָפּעל, אַ לעפעל, ווי צו נעהמען אַ שטיקעל צוקער פון צוקערניצע, אקוראַט ווי מיר וואָלטען עופה'לעך

געוועזן. נו, האָסטו געהערט אויף דיין לעבען? איבער זעכציג יאהר האָבען מיר געגעסען ביי שענע טישען, דאנקען גאָט, אי שבתים, אי יומים־טובים, און האָבען געוואוסט, ווי אַזוי מען דאַרף עסען, און מיט אַמאָל... אַפילו, עסען ווייסען מיר ניט ווי אַזוי מען עסט! מיר האָבען דאָך שוין געוואוסט דעמאָלט דאָרט אַנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר אונזער אייגענעם קול, פאַר אונזערע אייגענע טריט, אפשר דאַרפען מיר דאָ ריידען גאָר אויף אַן אַנדער קול אויך, אפשר דאַרפען מיר זיך דאָ לערנען געהן אויך? און אפשר טאַקע, ווען די זיהן אונזערע וואָלטען פאַר אונז באַלד ניט גענומען אַט די רומס אין דעם טענעמענט־הויז, וואָלטען מיר היינט גאָר אַנדערש געערדט און גע־גאַנגען, הא, גיטעל? איך מיין אָבער, אַז דעמאָלט וואָלטען מיר שוין לאַנג געהאַט אויסגעצויגען אין גאַנצען די פיס, ניט אַזוי?

— ניט דאָ גערעדט, טפוי! וואָס האָסטו זיך היינט צופלוידערט אַזוי?

— איך מוז דאָך פאַר וועמען אויסריידען דאָס האַרץ, ניין?— האָט ער גענומען בייז שרייען—אַ ניט, קען איך דאָך פּלאַצען! פאַר די זיהן ניט, פאַר די אייניקלאך ניט, פאַר דיר אויך ניט? פאַר וועמען דען? אפשר פאַר די מענשען אויפ'ן סטריט אויסריידען זיך?... הא?...

זי האָט אַ זיפץ געטהאָן:

— אַי, וועה איז מיר!...

---

.5

פון אַהינטער דער טהיר האָט זיך דערהערט אַ שטיל גערויש, אַזוי ווי אימיצער וואָלט דאָרט געגראַבעלט מיט די פינגער.

דער אַלטער משה האָט זיך אומגעדרעהט:

— ווער איז דאָרט? קאָם אין!

אַ קליין מיידעלע איז אריינגעקומען, מיט בלאָנדע, געקרויזטע הערעלאך און בלויע אויגעלאך, אַ יאָהר פיער אַלט. זי איז געבליבען שטעהן נעבען דער טהיר, אריינגענומען אַ פינגערל אין'ם מויל און,

קוקענדיק אויף משה'ן פון אונטען ארויף, פערשעהמט, האָט זי ניט־דרייסט ארויסגערעדט:

— דער גרענד־פּאַ פרעגט... עה־עה־ דער גרענד פּאַ...

זי האָט זיך אויף א ווײַלע אָבגעשטעלט, ארויסגענומען דעם פּייכטען פינגערעל פון'ם מויל און גענומען איהם דרעהען צווישען די פאַלדען פון איהר ראָזאָווען, פלאַנעלענעם קליידעל ביי דער ברוסט. דערנאָך האָט זי ווידער אָנגעהויבען מיט איהר קינדערשען לשון:

— דער גרענד־פּא פרעגט — עה — עה־עה, אויב מיסטער מאָי־ראָוויטש אויב דו אין דער היים?...

— יאָ, אסתר'קע, זאָג איהם, אז איך בין אין דער־היים — ראָט משה געענטפערט, און זי א גלעט געטהאָן איבער'ן קעפּעלע.

— אָלל־רייט! — האָט זי געזאָגט און זיך אומגעדרעהט צו דער טהיר.

— קום אהער, אסתר'קע! — האָט די אַלטע גיטעל זי א רוף געטהאָן.

אסתר'קע האָט זיך ווידער אומגעדרעהט. א קוק געטהאָן פון אונ־טען אויף גיטל'ען מיט איהרע בלויע קינדערשע אויגען און איצט, דרעהענדיג די פינגער שוין פון איהרע ביידע הענטעלאך צווישען די פאַלדען ביי דער ברוסט, איז זי מיט ניט־דרייסטע טריט צוגעגאַנגען צו גיטל'ען. צוגעגאַנגען און זיך געשטעלט געגען איהר מיט א פער־שעהמטען שמייכעל.

— האָסטו עפּעס ליעב דיין זיידען, אסתר'קע? — האָט זי געפרעגט.

אסתר'קע האָט א מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ און א ציה געטהאָן מיט די ליפּעלאַך אויף א בעזונדער קינדערשען שטייגער.

— שור — האָט זי געענטפערט — איך ליעב. ער גיט מיר א פּעני.

— און דיין באָבען ליעבסטו אויך, אסתר'קע?

— שור.

די אַלטע גיטעל האָט איהר א פּעני געגעבען מיט די ווערטער: „נאַ אסתר'קע, האָב מיך אויך ליעב!“ דערנאָך האָט זי פּלוצים צוגע־צויגען זי צו זיך און זי שטאַרק־שטאַרק אָנגעקושט...

— און איך, אסתר'קע, האָב אויך אייניקלאך — האָט זי גע־זאָגט — שעניגקע, קלוגינקע... שוין אַן אור־אייניקעל, דאנקען גאָט, און ניט באַשערט...

זי האָט גענומען ווישען די אויגען מיט ביידע הויפענס.

אסתר'קע איז ארויסגעלאָפען, דריקענדיג די פּעני אין אַ פויסט...

דער אַלטער האָט געקוקט אויף זיין ווייב און געשמייכעלט.

— אויף מיר שרייט זי, וואָס איך רייד וועגען דעם, און אַליין רעדט זי וועגען דעם אפילו מיט אסתר'קען! — האָט ער זיך אָנ־גערופען.

זי האָט ארויסגעקרעכצט:

— יענע באָבען האָבען זיי דאָך האָלט, פאַרוואָס ניט מיך? האָב איך זיי אַזוי ניט האָלד ווי יענע באָבע? מיין לעבען וואָלט איך דאָך פאַר זיי אַוועקגעגעבען, היינט פאַרוואָס בין איך אַזאַ גע־שטראָפטע! קומסט אַמאָל אַהין, דיין האַרץ צאַפּעלט זיך... ווילסט זיי אַ קוש טהאָן, אַ גלעט טהאָן, און דו האָסט מורא... עפּעס גאָר פרעמדע ווייזען זיי דיר אויס! מעהר ווי „האללא" הער איך ניט פון זיי. אמת, מען טראָגט מיר אונטער אַ שטוהל, מען איז מיך מכבד מיט טהעע... אָבער געה איך דען אהין צוליעב דעם?... טהעע, דאנקען גאָט, האָב איך דאָך אַליין אויך אין דער־היים... אויף אַ שטוהל קען איך דאָך אין דער־היים אויך זיצען. איך קום דאָך זעהן מיינע אייניקלאָך... זיי אָבער, וועה איז מיר, ווילען מיך ניט זעהן... „העללא", אַ בויטש מיט'ן קאָפּ און מעהר קוקט מען ניט אויף דער באָבען!... און אַמאָל, אַז איך רייד דאָס אויס מיכלען, פערענטפערט ער זיך, אַז די קינדער פערשטעהען מיך ניט. וואָס הייסט, ניט פערשטעהן אַן אייגענע באָבען? האָסטו געהערט אַ תירוץ אויף דיין לעבען, משה?...

— און אַז איך האָב זיך שוין אויסגעלערענט אַביסעל צו טאָלאָ־פּעטשען אויף ענגליש, איז וואָס? האָב איך ביי זיי מעהר פּנים? קום איך אַמאָל צו זיי און הויב אָן מיט זיי צו ריידען אויף ענגליש, הויבען זיי אויף אַזאַ קאַראַאָול מיט אַ געלעכטער, כאָטש בעגראָב זיך לעבעדיגערהייט פאַר בושה. פערשטעהסטו? רייד איך צו זיי אידיש, שווייגען זיי. רייד איך צו זיי ענגליש, איז נאָך ערגער, לאַכען זיי פון מיר!...

— אי, ווען מען וואָלט געקענט ביי זיך פּועל'ן, אין גאַנצען ניט געהן צו זיי. די צרה איז אָבער, וואָס עס ציהט דיך אַהין... וואָס דו האָסט זיי אַזוי האָלד... עס דאַכט זיך אַלץ, טאָמער וועלען זיי זיך אַמאָל פאַרט כאַפּען, אַז איך בין אויך זייער באָבע, ווער איז מיר, אַז איך האָב זיי נאָך מעהר האָלד ווי יענע טייטשקע...

זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, אויפגעהויבען זיך, אוועקגעלייגט די זאָק אויפ'ן טיש, צוגעגאַנגען צום אויוועז, אַרונטערגענומען אַ דעקעל — דערביי האָט אַ רויטער, פייערדיגער שיין אַ שפּאַר געטהאָן פון דער געעפענטער לאָך אויפ'ן איוווען — און זי האָט אַריינגעשאָטען אַהין קויהלען פון דעם אייזערנעם עמער, וואָס איז דערביי געשטאַנען.

דער אַלטער איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן שטוב, די הענד פערלייגט אַהינטער, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, האָט געמורמעלט און געזיפצט.

---

6.

ווידער אַ קלאַפּ אין דער טהיר און משה'ס „קאָם אין“. אסתר'קעס זיידע איז אַריינגעקומען, אַ הויכער, מאַגערער איד, מיט פלינקע, בעוועגליכע אויגען אונטער געלע ברעמען, אַ שיטער, געל בערדעל, אַ הויכער, לאַנגער, געל־האָריגער האַלז און לאַנגע, שמאָלע אָרעמס. האָט געטראָגען אַן אַלטען אַנצוג און צוקרימטע שיך און דער אַלטער, שוואַרצער הוט איז ניעדריג געווען אַרונטערגערוקט אויף זיין קאָפּ, מיט די פערשטויבטע ראַנדען אַזוי ווי צוגעקלעפּט צו זיינע ביידע בלייכע אויערען.

ער האָט געוואָהנט מיט זיין פאַמיליע און זיין פערהייראַטער טאָכטער, צעהן נפשות צוזאַמען, אין פיער הינטערשטע צימערן אויף דעם זעלבען שטאָק, איז געווען אַ פרעסער ביי קינדער־מאַנטלען און משה'ס אַ לאַנדסמאַן.

— אַ גוטינקען אָבענד אייך — האָט ער געזאָגט מיט אַ פרעהליך קול, און זיינע אויגען מיט די געלע ברעמען האָבען פרעהליך געשמייכעלט אונטער דעם אַרונטערגערוקטען, שוואַרצען הוט.

— זיצט, ר׳ נחום — האָט דער אַלטער משה זיך אָנגערופען — וואָס מאַכט איהר?

— אָט... דאַנקען גאָט... מען פּרעסט קינדערשע מאַנטלען פאר דער מענשהייט און מען מאַכט אַ לעבען, אי איך, אי, דאַנקען גאָט, דער באָס...

ער האָט זיך געזעצט.

— איהר פערשטעהט דאָך מסתמא, ר׳ משה, וואָס איך וויל פון אייך?

— אַ גמילת חסד?...

— געטראָפען. נור אויף אַ פּאָר טעג, ר׳ משה. עס איז מיר אביסעל ענגליך אין שיסעל, ניט פאר אייך געדאכט...

— וויפיעל דארפט איהר?

— וויפיעל איך דארף? דארפען דארף איך שוין גאָר אַ סך, א מיליאָן דאָלאַר, נור איהר זייט דאָך אַ שלעכטער איד, איך קען דאָך אייך, וועט איהר דאָך מיר אַזוי פיעל מסתמא ניט וועלען גע־בען, טאָ גיט מיר כאָטש דערוויילע פינף דאָלאַר.

משה האָט ארויסגענומען פינף דאָלאַר פון אַ פּאָרטמאָנע און איהם דערלאַנגט.

— נור איהר וויצעלט זיך, ר׳ נחום, אפּנים אייך איז קיינמאָל ניט שלעכט אויפ׳ן הארצען — האָט ער געזאָגט.

נחום האָט בעהאַלטען דאָס געלד אין אַ קעשענע און געענטפערט נאָך פרעהליכער:

— זאָל אונזערע שונאים זיין שלעכט אויפ׳ן הארצען, מיר איז תמיד פרעהליך.

— ארבייט שוין אייער איידים?

— ניין, ער סטרייקט נאָך.

— און אייער טאָכטער?

— מיין פריידעל? האָט איהר געלעזען היינט אין די צייטונ־גען? מען האָט דאָך מיין פריידלען ארעסטירט...

— וואָס הייסט? — האָט די אַלטע גיטעל זיך אַ כאַפּ גע־טהאָן, שטעהענדיג נעבען אויוועז: — ווער?

— אַ פּאַליסמאַן. זי האָט געפּיקעטעט נעבען דעם שאַפּ, וואו זי סטרייקט, האָט מען זי ארעסטירט...

ער האָט זיך פרעהליך צולאַכט און צוגעלעגט:

— זי איז איינמאָל אַ קעמפּפערין!...

דער אַלטער משה האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו גיטל'ען:

— הערסט? און ער לאַכט נאָך, עס איז איהם געפעלען. נו? נחום־חאַסע־דבורה'ס, האַ? אויך זיך אויסגעמענשעלט אין אַמע־ריקא, אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרען! „ששי" איהם געגעבען ביי אונז אין בית־המדרש, „מפטיר", און אין אַמעריקא קוועלט ער, וואָס מען האָט זיין מיידעל אַרעסטירט!...

נחום האָט זיך נאָך העכער צולאַכט.

— אין אַמעריקא האָב איך זיך טאַקע אויסגעמענשעלט... אַכט יאָהר האָט עס ביי מיר גענומען, ביז וואַנען איך האָב אַרויסגעשלאָגען פון מיין קאָפּ, אַז אין דער־היים בין איך געווען אַ שטיקעל סוחר, מיט'ן גוי געהאַנדעלט אויפ'ן מאַרק, אַ גאַנצער מהות... היינט בין איך צופריעדען... דאַנקען גאָט, מיך פערדריסט ניט, וואָס איך בין אַוועק פון רוסלאַנד. נו, אַרבייט איך שווער אין שאַפּ, טהוט אַמאָל אַ פּייף דער דלות, קוועטשט אַמאָל אין אַ שוך, פעהלען שיך אַמאָל אין גאַנצען — כאַפּט עס דער קאַדיק! — דערפאַר אָבער וועלען מיינע קינדער צו עפּעס קומען... מיין בעני וועט אויסשטודירען דאָקטאָר... פאַר איהם לייה איך דאָס גמילת חסד... ביכער דאַרף ער זיך קויפען... ביי מיר איז דאָך היינט אַ הויז פול מיט סטרייקערס, איז איהם, נעבאָך, היינט זעהר שווער. שטיצען איהם קען קיינער ניט, האָט ער געמוזט קריגען ביינאַכטיגע אַרבייט. קומט ער אַהיים צוועלף בייַ־נאַכט און נעהמט זיך ערשט צו די ביכער. זיצט ביז דריי־פיער פאַרטאָג און אויף מאָרגען אין קאָלעדזש און דערנאָך ווידער צו דער אַרבייט... נעבאָך, עס קומט איהם אָן מיט גרינגע ווערים. ער וועט אָבער מיט גאָט'ס הילף אויסשטודירען, איך וועל איהם העלפען. עס וועט שוין זיין אָלל־רייט. שפּעטער, האָף איך, וועלען מיינע קלענערע קינדער אויך שטודירען. וואָס וואָלט פון זיי אין רוסלאַנד געוואָרען, האַ? איך זאָג אייך: לעבען זאָל טאַקע אַמעריקא און געבענשט זאָל זיין די שעה, ווען איך מיט מיינע קינדער זיינען אַהער געקומען!...

— משוגע דאָ געוואָרען און גאַר! — האָט דער אַלטער משה אַרויסגעמורמעלט און אַ דריק געטהאָן די אַקסלען.

די אַלטע גיטעל האָט אויך אַ ציה געטהאָן די אַקסלען, גענומען די זאַק פון׳ם טיש, אוועקגעזעצט זיך און געזאָגט:

— אייערע גליקען, ר׳ נחום, אויך אויף אונזערע שונאים געזאָגט געוואָרען. וואָס פאַר אַ גליקען האָט איהר דאָ? סיידען דאָס רעכענט איהר פאַר אַ גליק, וואָס מען האָט אייער מיידעל אַרעסטירט?...

— מען האָט זי אַרעסטירט ניט פאַר אַ גנבה, חלילה, פאַר אַ שענע זאַך האָט מען זי אַרעסטירט. ווען איך האָב פאַר צוויי יאָהרען געסטרייקט, האָט מען מיך אויך אַרעסטירט און איך בין געוואָרען ביי זיך נאָך מעהר שענער מענש דערפאַר...

— נו, געה, טענה מיט איהם! — האָט דער אַלטער משה אויסגעשריען — פע, איך שעהם זיך פאַר אייך! איהר זייט דאָך אַ ייִדע, ווי שעהמט איהר זיך ניט?

נחום האָט זיך צולאַכט:

— וואָס איך בין אַ ייִדע, שעהם איך זיך שוין גאָר ניט — האָט ער געענטפערט — גענוג נחת האָב איך פון מיין אסתר׳קען. היינט פון דער אַנדערער, פון דער איין־יאָהריגער עופה׳לע, פרעגט שוין ניט! אַלע ראָטשילד׳ס אוצרות אַ כפרה פאַר דעם! קריכט אַריין מיט די לאַפּקעלאַך מיר אין באָרד... אַי־אַי, אַ מאכל! טהוט וועה, אָבער עס איז געשמאַק!...

דער אַלטער משה האָט אַ זיפץ געטהאָן:

— און מיינע אייניקלאַך וואָלטען מיר אויך די באָרד געוואָלט אויסרייסען! — האָט ער אַרויסגערעדט אונטער דער נאָז.

— זעהט איהר, ר׳ נחום, דאָס בין איך אייך טאַקע מקנא — האָט די אַלטע אויך אַרויסגעזיפצט — די אייניקלאַך... איך האָב דאָך שוין, דאַנקען גאָט, אַן אור־אייניקעל, האָט איהר געהערט?

— טאַקע? מזל טוב אייך, גיטעל.

— מיט מזל זאָלט איהר לעבען, ר׳ נחום.

— זלמן׳ס אַ קינד?

— ווי קומט צו זלמנ׳ען אַ קינד? ער, נעבאַך, האָט קיין קינדער ניט... מיכעל׳ס טאָכטער, סטעללאַ, זי האָט, מיט מזל, געבוירען אַ מיידעלע...

— וועט איהר, הייסט עס, האָבען אַ רייכען מזל טוב...

— שטייטש, אַ מזל טוב! — האָט זיך דער אַלטער משה מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטהאָן — אַ קאַטאַוועס! הלוואי פערמאָגט איהר דאָס, ר׳ נחום, וואָס דער מזל טוב פון מיין אור־אייניקעל וועט אָפּקאָסטען!...

— איך שטעל זיך מיר פאָר. נאָך אַ גמילת חסד צו אייך וועלען זיי ניט דאַרפען קומען. אייערע זיהן האָבען ניט צוגעלייגט צו קאָלומבוס׳ן!...

— מיליאָנערען, ר׳ נחום! — האָט דער אַלטער אויסגעשריען מיט התפעלות — ראָטשילדס!... איבער דריי הונדערט נפשות עסען ביי זיי ברויט!...

— איהר מיינט פערקעהרט?...

— וואָס פערקעהרט?...

— אַז זיי עסען דעם ברויט פון דריי הונדערט נפשות?

— דו הערסט, גיטעל? — האָט דער אַלטער זיך אַ קעהר געטהאָן צו זיין אַלטער — נו, הערסט דיבורים?

און דאַן אַ קעהר טהוענדיג זיך ווידער צו נחום׳ען, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— איהר זייט אַ בהמה, מען הערט אייך ווי די קאַץ!

גיטעל האָט זיך אריינגעמישט:

— וואָס שרייסטו, מטורף? ר׳ נחום גלייכווערטעלט זיך און ער שרייט, דער נאַר!

— מען הערט איהם ווי די קאַץ, גיטעל! אַ חכם געוואָרען אין אַמעריקא! דו פערשטעהסט דאָך ניט, וואָס ער האָט דאָ געזאָגט! די אייגענע ווערטער זאָגען דאָך די שקצים, די ארבייטאַרער אין שאָפּ! „יונגע" האַ? — האָט ער זיך ווידער אַ קעהר געטהאָן צו נחום׳ען צורייצט — איהר וואָלט אויך געוואָלט האָבען אַ „יונגע" ביי מיינע זיהן אין שאָפּ, האַ? אָט דאָס — אַ! אָט דאָס! איהר זעהט?

ער האָט איהם געוויזען אַ פייג.

— פאַרך!...

נחום האָט זיך הויך צולאַכט.

גיטעל איז אויפגעשפרונגען.

— משה, ביזט משוגע געוואָרען, צו חסר דעה?

— ער איז אַ שונא אונזערע קינדער, ער פערגינט זיי ניט. ניט דעם ערשטען מאָל, וואָס איך הער פון איהם אַזוינע דיבורים. איהם געפעלט דאָך ניט, וואָס איך טהו ביי זיי אין שאָפּ אויך!...

— געזונטינקערהייט, ר' משה — האָט נחום זיך אָנגערופען און געלאַכט — טהוט זיך וואָס איהר ווילט ביי זיי אין שאָפּ, אַ דאגה מיינע! גאָר נישט, איך האָב נור דעמאָלט געמיינט, בעת איך האָב דאָס אייך געזאָגט, אַז פאַר אַזאַ אידען, ווי איהר, וואָס איז אַמאָל געווען אַ משגיח אין'ם אַלטען בית־המדרש, פאַסט ניט צו זיין אַזאַ מין משגיח, ווי איהר זייט ביי אייערע זיהן אין שאָפּ... אַכטונג צו געבען, אַז די אַרבייטער זאָלען חלילה ניט קומען שפּעטער צו דער אַרבייט, ווי האַלב נאָך זיעבען און ווען זיי געהען אַהיים, זאָלען זיי ניט אַוועקשלעפּען קיין פּעקלאָך פון'ם שאָפּ, — דאָס איז אַ אַרבייט פאַר איינעם מיט אַ מעשענעם קנעפּעל, אָבער ניט פאַר אַזאַ אידען ווי איהר...

— ווער פרעגט ביי אייך? — האָט דער אַלטער צו איהם אויס־געשטעלט ביידע הענד — מען לאַכט פון אייער טאַטען! מען לאַכט פון אייער היטעלע! ווי די קאַץ הערט מען אייך! מען וואָלט דאָך מיינע קינדער בע'גנב'עט, אַז איך זאָל ניט אַכטונג געבען. אַזעלכע ווי איהר זיינען ביי אונז אין שאָפּ גענוג דאָ!...

— בין איך, הייסט עס, אַ גנב אויך, ר' משה? — האָט נחום זיך אָבגערופען מיט אַ שמייכעל.

— כמעט, כמעט, כמעט! — האָט דער אַלטער משה גענומען שרייען מיט היץ — אַז איהר רעדט אַזוי...

— משה!—האָט די אַלטע אַ געשריי געטהאָן—אַי גוואַלד!...

— איהר זייט עפּעס היינט ניט מיט אַלעמען, ר' משה — האָט נחום געלאַכט.

— איהר ווייסט, אַז איך האָב פיינד, אַז מען רעדט רשעות אויף מיינע זיהן... זייט איהר אַמאָל ביי זיי געווען? ווייסט איהר, ווי זיי לעבען? האָט איהר געזעהן זייער פּאַלאַץ? האָט איהר געזעהן, וויפיעל דיענסטען זיי האָבען? זייערע לאַקאַמאָבילען? מען וואָלט אַפּנים געלאָזט אייך אַריבערטרעטען זייער שוועל? פון ווייטען וואָלט מען דאָך אייך אפילו ניט צוגעלאָזט. דאַרפט איהר פאַר זיי דרך־ארץ האָבען. מענשען מיט קעפּ, מיט גרויסע מוחות זיינען זיי.

ראָטשילדס, ניט אַבי ווער! — האָט דער אַלטער משה גערעדט מיט בעגייסטערונג.

— אַלע מיינע גוטע פריינד זאָלען האָבען אַזוינע קינדער, ר' נחום — האָט די אַלטע אויך געזאָגט און איהר פּנים האָט איצט אויך געשטראַהלט מיט הרחבה.

— שיקען אייערע קינדער אויך זייער מאַמען אויף פרישע לופט זומער? גיבען זיי אויך זייער מאַמען מתנות, האַ? — האָט דער אַלטער משה זיך ווידער אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַ בעריהמערישען טאָן.

— הלוואי וואָלטען נור מיינע קינדער אַזוי פיעל געהאַט, ווי־פיעל זיי וואָלטען זייער מאַמען ניט געזשאַלעוועט — האָט נחום געענטפערט גוטמוטהיג און צוגעלעגט מיט אַ כיוון, כדי דעם אַלטען אַ שטאָך צו טהאָן: — און זיי וואָלטען זייער נאָמען אפילו אויך ניט געביטען! . . .

דער אַלטער משה האָט זיך אָנגעבלאָזען:

— היינט וואָלטען מיינע דאָס אויך ניט געטהאָן. זיי זיינען געוועזען קינדער, האָבען זיי דאָס געטהאָן. און אפשר האָבען זיי עס געדאַרפט צוליעב דעם געשעפט. נישקשה, מיכעל־מייק און זלמן־זשאָן ווייסען, וואָס זיי טהוען — האָט דער אַלטער זיי פערענטפערט.

נחום האָט זיך ווידער צולאַכט.

— ר' משה — האָט ער זיך אָנגערופען — אַז איהר זייט אַזוי צופריעדען פון זיי, היינט פאַרוואָס רופט איהר זיי „מיכעל־מייק", „זלמן־זשאָן" — מען קען דאָך מיינען, אַז איהר רופט זיי אַזוי פאַר כעס? . . .

— מיכעל און זלמן האָב איך זיי אַ נאָמען געגעבען, און מייק און זשאָן האָבען זיי זיך דאָ צוגעלעגט, רוף איך זיי מיכעל־מייק און זלמן־זשאָן. . . האָסטו געהערט אַ שאלה? און אַז מיין ברודער זלמן'ען האָט מען צוגעלעגט דעם נאָמען חיים, בעת ער איז קראַנק געוועזען, פרעגט אימיצער, פאַרוואָס מען רופט איהם איצט זלמן־חיים? ווי דען זאָל מען איהם רופען? אי, געהט שוין, געהט, איהר זייט משוגע געוואָרען דאָ אין אַמעריקא און גאַר! . . .

— מען דאַרף טאַקע געהן, איהר זייט גערעכט. נו, האָט מיר קיין פעראיבעל ניט און אַ דאַנק פיר דעם גמילות חסד. גוט נאַכט! . . .

— געהט געזונטערהייט, ר' נחום — האָט די אַלטע געזאָגט — און האָט קיין פּאַראיבעל אויף מיין אַלטען, איהר קענט דאָך איהם ?

— אוודאי קען איך איהם. אַ וואוילער איד, נור אַמאָל כאַפּט איהם אָן דער האַנער, ווי אין דער־היים. אַ גוטע נאַכט אייך, ר' משה !

— אַ גוטע נאַכט. געהט געזונטערהייט — האָט משה גע־ענטפערט אונטער דער נאָז און פערדרויכערט אַ סיגאַרעט.

נחום איז ארויסגעגאַנגען.

— וואָס ביזטו איהם בעפאַלען, משוגענער דו ? — האָט די אַלטע זיך דאַן געווענדעט צו איהר מאַן.

— געוואָרען דאָ אַ פּוסטע כלי אין אַמעריקאַ. משוגע אויף טויט. פאַרך, ווי קומט ער גאָר צו ריידען אויף אונזערע קינדער ? — האָט דער אַלטער זיך ווידער צוהיצט — זייער שיחת חולין פערמאַגט ער דאָך ניט !...

פּלוצים האָט זיך די אַלטע אויפגעהויבען און אוועקגעלייגט איהר זאַק אויפ'ן טיש.

— איך פאָהר ! — האָט זי געזאָגט — דו ווילסט צופאָהרען מיט מיר, משה ?

ער האָט זיך אומגעדרעהט צו איהר :

— וואוהין ?

— צו סטעללאַ'ן, געוואָהר ווערען זי.

— האַ ?

דער אַלטער האָט אויסגעשטעלט אויף איהר זיינע מרה־שחורה'־דיגע אויגען. דערנאָך האָט ער ארויסגערעדט :

— דו ביזט משוגע, גיטעל ?

— איך בין דאָך אויך אַזאַ באָבע, ווי די טייטשקע דאָרט. איך וויל אויך זעהן מיין אור־אייניקעל...

— זיי ווילען דיך אָבער ניט זעהן. חזרים זיינען זיי, רוצחים און ניט קיין קינדער. דיר מאַג איך דאָס זאָגען, דו ביזט ניט נחום. פאַר דיר דאַרף איך דאָס ניט שטיקען. חזרים ! — האָט ער שוין ווידער געזעדט מיט האַרץ און וועהטאַג וועגען זיינע קינדער.

— משה, איך וויל ניט וויסען, איך פאָהר ! זיי מאַגען זיין שלעכט, אָבער אונזערע קינדער זיינען זיי, וועה איז מיר ! אַ ערשט־

לינג... וואס מאכט זי דארטען? פארוואס זאל יענע באבע זיצען נעבען איהר און איך נית?

— נו, פאהר, פאהר, דו ווייסט, וואו זי וואהנט?

— פון וואנען? איך בין דאך ביי איהר קיינמאל נית געוועז.

— נו, איך וויים אויך נית.

— זי וואהנט ערגעץ ארום מיכלען...

— ערגעץ?

— מען קען פרעגען ביי מיכלען...

— געה דו צום שווארץ־יאהר! — האט ער א געשריי געטהאן און איז ארויסגעלאפען אין צווייטען צימער.

זי האט א זיפץ געטהאן און זיך ווידער געזעצט אויף איהר שטוהל, גענומען די זאק פון'ם טיש, געשטריקט און זיך געווישט די אויגען.

אין א ווײַלע ארום איז ער, איהר אלטער, צוריק אריינגעקומען, שוין א בערוהיגטער.

— הער־זשע אוים — האט ער געזאגט — מארגען, אם ירצה השם, פאהרען מיר צו איהר. איך וועל נעהמען ביי מיכעל־מייק איהר אדרעס.

און אזוי איז ביי זיי געבליבען.

שפעטער, לעגענדיג זיך שלאפען, האבען די אלטע א צייט לאנג נאך גערעדט צווישען זיך וועגען דעם...

— דארף זיין א שען עופה'לע... די מאמע איז אזא פארשוין...

— זאל עם נור א שען מזל האבען...

— א אידישע טאכטער זאל עם זיין...

— הלוואי, רבונו של עולם...

ביז זיי זיינען איינגעשלאפען.

---

9.

אויף מארגען אין דער־פריה, ווען דער אלטער משה האט אין שאפ געדארפט געהן, האט גיטעל איהם עטליכע מאל דערמאהנט, אז ער זאל, למען השם, דעם אדרעס נית פערגעסען צו נעהמען ביי מיכלען...

דעם גאַנצען טאָג האָט זי מיט אונגעדולד געוואַרט אויף איהם און געטראַכט פון איהר אור־איינִיקעל, וואָס ליגט דאָרט ערגעץ אין אַ רייכען הויז, אויף אַ שענער גאַס... און פאַר איהרע אויגען האָט זיך געטראָגען אַ קליין נפש'ל, פערוויקעלט אין ווינדעלאַך, און איהר הארץ האָט זיך געצויגען צו דעם, געצויגען מיט אַזוי פיעל וואַרימ־קייט, מיט אַזוי פיעל ליעבע, און זי האָט גערעדט צו דעם אין איהרע געדאַנקען און עס געשאָקעלט אויף איהרע הענד, און געשמאָקעצט צו דעם מיט די ליפּען, און עס גערופען מיט איהר מאַמע'ס נאָמען פערצויגען: חאַסע־מירעלע...

נאַכט איז צוגעפאַלען. זי האָט די גאַז אָנגעצונדען. הינטער־דער טהיר איבער'ן קאָרידאָר האָבען זיך דערהערט די געוועהנליכע טריט און שטימען פון די איינוואָהנער, וועלכע האָבען זיך צוריקגע־קעהרט פון די שעפּער. איהר קוואַרטיראַנטקע האָט שוין דאָרט אויף אַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר אין דעם צווייטען צימער און משה איז נאָך ניט געוועזען...

די אַלטע האָט פערלאָרען די געדולד...

צום סוף איז משה געקומען מיט אַ פּעקעל אין די הענד.

— אַזוי שפּעט?...

— מיכעל־מייק האָט מיך דאָרט פערהאַלטען. ער האָט אַרויס־געשיקט קויפען פאַר דיר אַ זיידענע קאָלדרע און ער האָט געוואָלט, איך זאָל זי נעהמען אַהיים...

ער האָט אָוועקגעלעגט די דעקע אויפ'ן טיש.

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף די דעקע, בעטאַפּט מיט די פינגער און געזאָגט:

— אַ פיינע דעקע, אַ וואַרימע, אַ וואוילער זוהן!

ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד:

— עט!...

האָט זיך געזעצט און אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

— וואָס איז, משה?

— מיר פאָהרען ניט...

— הא?...

— מיכעל־מייק האָט טעלעפאָנירט אַהין, גערעדט און גערעדט, און געבייזערט זיך אויף דורכ'ן טעלעפאָן...

— נו?...

— נו? גאַר נישט!

— וואָס הייסט?...

— מען טאָר ניט. מען לאָזט קיינעם ניט צו צו איהר. אי — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט ביטערניש אין'ם קול — לאָז זיי צופריעדען, טשעפּע זיך אָפּ פון זיי! זאָל דאכטען, אז מיר האָבען קיינמאָל קיין קינדער ניט געהאַט!

זי האָט זיך ארונטערגעלאָזט אויף אַ שטוהל, אזוי ווי מען וואָלט איהר די פּיס אונטערגעהאַקט, און געשוויגען.

— אַפילו אַ קוק טהאָן קען מען ניט? — האָט זי אין אַ ווײַלע ארום שטיל געפרעגט.

— מען טאָר ניט.

— איין קוק טהאָן?... יענע באָבע איז דאָך שוין מסתמא ניט איינמאָל...

— מען טאָר ניט, מען וויל ניט...

— כאָטש פון דערווייטענס?... יענע באָבע זיצט דאָך מסתמא דאָרטען די גאנצע צייט...

— מען וויל ניט! מען וויל ניט! — האָט ער גענומען שרייען צורייצט — טשעפּע זיך אָפּ!... יענער זיידע איז אויך מסתמא דאָרטען!... אונז וויל מען ניט, טשעפּע זיך אָפּ!...

— אָי, וועה איז מיר! — האָט זי ארויסגעקרעכצט.

דערנאָך האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף דער קאָלדרע און פּלוצים ארויסגעפּליסטערט:

— וואָס האָסטו מיר געבראכט די קאָלדרע? מיין הארץ וועט זי ניט דערוואַרימען!... מוחל! מוחל! מוחל!...

און זי האָט אַרונטערגעוואָרפען די קאָלדרע פון'ם טיש.

די קוואַרטיראַנטקע איז אריינגעקומען אין צימער, ווי אַ שטומער, טרויעריגער שאָטען, האָט זיך אָנגעגאָסען אַ גלאָז טהעע ביים אויוון, און איז ווי אַ שאָטען פערשוואונדען צוריק אין איהר צימער, צו־מאכענדיג הינטער זיך די טהיר. און באלד האָט זיך דערהערט פון דאָרט אַ שטיל זינגען פון אַ רוסישער ליעד, ווי אַ פערשטיקטער שלוכצען. אונזערע אַלטינקע האָבען גענומען זיפצען, ער אַ זיפץ, זי אַ זיפץ, און פאַר איהרע אויגען האָט זיך געטראָגען אַ קליין נפש'ל.

בלוט פון איהר בלוט, פלייש פון איהר פלייש, א צווייגעלע פון איהר, דעם אלטען בוים, און ליעב האָבען האָט זי עס געוואָלט און מען האָט איהר ניט געלאָזען, און לאָסצען האָט זי עס געוואָלט, און ניט געקענט...

— משה — האָט זי ארויסגעקרעכצט — אזוינע יסורים, אזוינע יסורים... וואָלטען זיי ביי אונז כאָטש ניט געווען אזוי איינגע־באָקען אין'ם הארצען!

ער איז צו איהר צוגעגאנגען מיט א פנים, צוקרימט פאר וועהטאָג:

— נו, שאַ! נו, שאַ! — האָט ער געמורמעלט — נו, מילא!...

און פלוצים איז זי צוגעפאלען מיט'ן פנים צו זיין אקסעל און האָט זיך צוכליפעט, געכליפעט, געכליפעט אזוי רחמנות'דיג...

אין'ם טענעמענט־הויז האָט געטומעלט, פון הינטער יעדער טהיר, פון יעדען שטאָק. הינטער די פענסטער האָט די גאס ארויפגע־שריען...

אויגוסט, 25, 1913.



# טהיר נומער 2.

.1

ער האָט זי בעגליים ביז'ן טענעמענט הויז און איהר דערלאַנגט די האַנד: — גוט נאַכט!...

און ווען זי האָט איהם שטיל געענטפערט, האָט ער איהר האַנד באַלד ניט ארויסגעלאָזט, נור זי געהאַלטען אין זיינער און זיינע אויגען, גרויסע, אויסגעגלאָצטע, האָבען מיט שטומער ענטציקונג געקוקט אין איהרע. זי האָט אויך געשוויגען. געקוקט אויף איהם מיט איהרע שענע, בלויע אויגען האַלב פערלאָרען, אין גאַנצען פערליעבט, און בעגאָסען איהם מיט בליקען, פול ליכטיגער, שטראַהלענדיגער וואַרעמקייט...

עס איז געווען אַרום צוויי נאָך האַלבער נאַכט, סוף זומער. איבער די גאַסען האָט זיך געגאָסען די מאַטאָווע, דרימלענדיגע ליכטיגקייט פון די עלעקטרישע לאַנטערנעס, אַ ליכטיגקייט ווי פון דער לבנה דורך אַ לייכטען נעבעל...

דער רוישיגער אידישער ניו־יאָרקער קוואַרטאַל האָט געשלאָפען. די קראָמען זיינען געווען צוגעמאַכט, אויף די גאַסען שטיל. און יענע קליינע קרעמלאַך מיט „סטענדס", און יענע רעסטאָראַנען, וואָס זיינען אָפען געווען אַ גאַנצע נאַכט, האָבען רעליעף ארויסגעטראָטען מיט זייערע פייערלאַך צווישען די ארומיגע דונקעלע, צוגעמאַכטע טהירען פון די געשעפטען און די גרויסע טענעמענט־הייזער. און איז עמיצער דורכגעגאַנגען איבער'ן טראָטואר, האָבען זיינע טריט ווייט־ווייט די ביינאַכטיגע שטילקייט געוועקט. און איז אַ וואָגען דורכגעפאָהרען, האָט דער שטיינערנער באָדען אונטער איהם מאָדנע

געפּילדערט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיט שרעק פון׳ם שלאָף אויפ־געכאַפּט. פון צייט צו צייט איז אַ קלינגען פון אַ קאַר ארויסגע־שוואומען און איז באַלד פערלאָרען געגאַנגען ערגעץ אין דער ביי־נאַכטיגער שטילקייט. די נאַכט איז געווען אַ מילדע, אַ לופטיגע, און די איינוואָהנער פון די טענעמענט־הייזער האָבען געקאָנט שלאָפען אין זייערע ענגע שטייגלאַך...

זיי זיינען געשטאַנען ווייט פון אַ בעקעריי. פון דעם דונקעלען קעל־לער, וואו מען האָט געבאַקט, האָט זיך געצויגען אַ וואַרעמער, געשמאַקער גערוך פון הייסען, פרישען געבעקס. נעבען דער אָפענער טהיר פון׳ם קעלער, ביים אַראָבגאַנג, אויף דעם אויבערשטען טרעפּעל, איז גע־שטאַנען אַ יונגערמאַן אַ בעקער, אין ווייסע קליידער מיט אַ ווייסען מיצעל אויפ׳ן קאָפּ, מיט אַ פּנים, וואָס איז געווען אויפפאַלענד בלייך, אַזוי ווי אין גאַנצען אַ מעהלענער, איינער פון יענע פּנים׳ער, וואָס מען זעהט אָפט אַזוי צווישען די בעקערס. און אַזוי ווי ער איז גע־שטאַנען הינטער זיי נעבען דעם שוואַרצען קעלער און האָט געצויגען אין זיך די ביינאַכטיגע לופט, האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ מת אין ווייסע תכריכים, וואָס וואָלט פון זיין פערשטיקטען קבר ארויסגע־קראָכען, כדי אביסעלע פרישע לופט ביי די לעבעדיגע צו גנב׳ענען.

זיי האָבען איהם ניט בעמערקט, איהם, וואָס ער האָט אַזוי דערמאָנט די טויטע. זיי, וואָס זיינען איצט אין גאַנצען בעהערשט געווען פון׳ם לעבען, האָבען קיינעם און גאָר נישט ארום זיך ניט בעמערקט און ניט געהערט. ביידע האָבען זיי זיך איצט געפיהלט אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט, אַ פער׳כשופ׳טער וועלט, וואו נור ער און זי, און זי און ער זיינען געווען...

ערשט מיט איין שעה צוריק האָט זי געהערט פון איהם אין צענטראַל פּאַרק דאָס, פון וואָס זי האָט גע׳חלומ׳ט די גאַנצע צוויי חדשים, זינט זי האָט זיך מיט איהם בעקאָנט ביים לעצטען סטרייק פון איהר יוניאָן. און ער האָט פון איהר אויך געהערט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט אַזוי געגאַרט צו הערען. און אויף ביידענס ליפּען איז נאָך ניט פערלאָשען געווען דער שפּור פון די ברענענדיגע קושען. און אין ביידע יונגע קערפּערס האָט נאָך געהוליעט די לעבענס־פרייד, וואָס די אומאַרמונגען האָבען ארויסגערופען. און ביידען איז אַזוי אנגענעהם געווען צו שטעהן אַזוי, האַלטען אַזוי איינער דעם אַנדערענ׳ס

האַנד, און קוקען, קוקען אַזוי איינער דעם אַנדערען אין די אויגען אַריין און דורך זיי ריידען איינער צום אַנדערען אָהן ווערטער מיט פונקען־שפּראַך, מיט נשמה־שפּראַך, מיט וועלכער נור די ליעבע אַליין קאָן ריידען...

ביידע זיינען געוועזען יונג און שטאַרק. אין ביידען האָט דאָס רווישיגע לעבען געקאָכט. זי אַ יאָהר 19 אַלט, אַ העלער, ליכטיגער, שלאַנקער און בייגיגער וועזען, מיט אַ פיינעם קאָפּ בלאָנדע האָר, וואָס האָבען אָפּגעשלאָגען אונטער דעם מאַטאָווען, עלעקטרישען שיין ווי גאָלדענע, מיט אַ פּנים, ווייס און צאַרט, און אויגען בלוי און פער'חלום'ט. ער אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, הויך און ברייט, מיט אַ פּנים רויט־פליישיג און פלאַציג, אָהן וואָנצעס, מיט אויגען אויסגעגלאָצט ווי ביי אַ קאַלב. ער איז געשטאַנען מיט אַ ניט פער־דעקטען קאָפּ, דעם שטרויענעם הוט אָנגעשפּילעט מיט אַ שנירעל אָן אַ קנעפּעל פון זיין רעקעל, מעשה פראַנט, מיט אַ ווייס טיכעלע ניעדריג אַרום האַלז. זיין נאַקען איז געוועזען קורץ און דיק, און רויט, און מעכטיג, ווי אַ בופלאַקס. און אַזוי מעכטיג איז געוועזען זיין האַלב־אויסגערונדעטער גלאַנציגער שטערן, אַזוי ווי פון דעמב אויסגעשניצט און אָפּגעפּאָלירט, איבער וועלכען, דאַכט זיך, אַ שטאַר־קער האַמער וואָלט געקאָנט צובראָכען ווערען. און — זיין רויטע האַנד, וואָס האָט געהאַלטען איהר קליינציקע הענטעלע, איז, דאַכט זיך, ווי בעשאַפען געוועזען, אומצואוואַרפען אָקסען אין אַ „באָינע“-קוריץ, נעבען איהר האָט ער אויסגעזעהן אַ שטיק געזונדע, מעכטיגע ניט געצאַצקעטע פּראָזא נעבען אַ הערליכען פּאָעטישען טרוים...

צום סוף האָט זי אַרויסגערעדט:

— אָי, מאַקס, שוין שפּעט! מען דאַרף מאָרגען צו דער אַרבייט געהן.

— יאָ, שקלאַפען! — האָט ער אַרויסגעמורמעלט — גוט נאַכט!...

ער האָט אַרויסגעלאָזט איהר האַנד. זי האָט איהם אַ לאַסצע געטהאָן מיט די אויגען און איז אַרויפגעלאָפען די עטליכע שטיינערנע טרעפּלאַך, וואָס האָבען געפיהרט צו דער טהיר פון דער טענעמענט־הויז. דאַן האָט ער זי ווידער אַ רוף געטהאָן:

— פריידעל!...

זי איז שוין געווען אין דער אריינגאנגס־טהיר, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אומגעדרעהט איהר פּנים צו איהם.

— וואָס, מאַקס ?....

— איין מינוט. (זיי האָבען ביידע געפּליסטערט).

ער איז ארויפגעגאנגען די טרעפּ.

— וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגען ?... — האָט ער ארויס־געפּליסטערט פערטראַכט און געקוקט מיט זיינע קעלבערנע אויגען....

— וואָס ?

— יאָ, ווען קומסטו פון דער ארבייט ?

— זעקס.

— האלב נאָך זעקס וועל איך ביי דיר זיין.

— אָלל־רייט, מאַקס. גוט נאַכט.

— גוט נאַכט.

זיי האָבען זיך ווידער געגעבען די הענד און ווידער זיך אריינ־געקוקט אין די אויגען אריין. דאַן ווידער:

— גוט נאַכט.

— גוט נאַכט.

ער האָט אָבער איהר האנד נאָך ניט ארויסגעלאָזט:

— פריידעל, פאָהרען מיר דעם זונטאג אין קוני־איילאַנד זיך באָדען ?

— וואָס רעדט איהר ? שוין קאַלט....

— פּטור נו ! איך'ל זיך נאָך באָדען און באָדען ביז אָקטאָבער אודאי....

— איהר זייט, קיין עין הרע, אזוי געזונד...

— און אויף מיין בייסיקעל וועל איך דיר אויך אויסלערנען פאָהרען, פריידעל... איך'ל זיך קריגען אַ בייסיקעל פאַר צווייען און מיר וועלען פאָהרען, פריידעל, יעדען טאָג אין פּארק...

— און ווער וועט ארבייטען, מאַקס ? און אויף אַ מיטינג דארף מען דאָך אמאָל אויך געהן...

— אויף אַליז אַ צייט, פריידעל.... ווי זאָגט מען על הכל... על [illegible]

ער האָט איהר האַנד ארויסגעלאָזט, אונגעדולדיג אַ קראַץ געד
טהאָן זיך אין קאָפּ און ארויסגעמורמעלט:

— איך זאָל פערגעסען! על הכל... על הכל... ווי איז דאָרט
ווייטער?... מאָדנע. דאַכט זיך, אַזוי געדענק איך דעם שווערסטען
וויסענשאַפטליכען וואָרט, וואָס וועלכער בעהאַנדעלט דעם וויסענ־
שאַפטליכען סאָציאַליזמוס, און אָט אַזאַ וואָרט, ניט קיין וויסענ־
שאַפטליכער, איז מיר פון'ם זינען ארויס... אָבער דו פערשטעהסט
דאָך, וואָס איך מיין, פריידעל?... ביי מיר איז אויף יעדער זאַך דאָ
אַ צייט. איך פערפעהל ניט קיין מיטינגען, געה צו לעקטשורס, פאָהר
אויפ'ן בייסיקעל, באָד זיך אין קוני איילאַנד, מיט איין וואָרט,
פריידעל, על הכל... אי! עת!... — האָט ער זיך פלוצים אַ
כאַפּ געטהאָן און אַזוי אַ פּאַטש געטהאָן אין די הענד, דאָס אין דער
ביינאַכטיגער שטילקייט האָט אָבגעהילכט ווי עפּעס וואָלט געפּלאַצט,
און פריידעל האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן, און דער יונגער בעקער,
וואָס איז געווען פערשוואונדען אין קעלער, האָט זיך ווידער בעוויזען
אויף דעם אויבערשטען טרעפּעל נעבען קעלער־טהיר, כדי צו זעהן,
וואָס האָט דאָרט פּאַסירט...

— על הכל עת! איך האָב זיך פאָרט דערמאָנט! פערגעסען
און זיך דערמאָנט! — האָט מאַקס געשריען.

— ש־ש־ש! מען שלאָפט!...

ער איז אנשווייגען געוואָרען מיט אַן אויסדרוק פון התפעלות
אויף דעם רויטען, פלאַציגען פנים.

— גוט נאַכט, מאַקס!

— גוט נאַכט.

זי האָט אַ שטוים געטהאָן די גאַס־טהיר. זי האָט זיך גע־
עפענט. פריידעל איז אריין אין קאָרידאָר. ער האָט זיך אריינ־
געשטופּט נאָך איהר.

— געהט אהיים, מאַקס!

ער האָט איהר ניט געענטפערט. און אַזוי ווי דאָרט איז גע־
ווען פינסטער, האָט ער זי צוגעצויגען צו זיך.

זי האָט איהם געוואָלט ווידער בעטען, ער זאָל שוין געהן, ווייל עס
איז שפּעט. נור דערפיהלט זיין קוש אויף איהרע ליפּען, האָט זי פער־

געסען, וואָס זי האָט איהם געוואָלט בעטען און זיך צוגעדריקט צו איהם אזוי, אקוראט ווי זי וואָלט געוואָלט אין איהם אריינקריכען אין גאנצען. דאן האָט זי זיך מיט אמאָל א כאַפּ געטהאָן:

— אָי! אָי! אָי! מאַקס! איהר זייט צו געזונד פאר מיר!...

ער האָט זיך שטיל און גליקליך צולאכט:

— איך וואָלט דיך אזוי א נעהם געטהאָן — האָט ער געפליי־סטערט — אָט אַזוי אָ, אויפ'ן לאדאָן, און וואָלט דיך גאנצע מיילען געטראגען. איך וואָלט ניט מיער געוואָרען קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט... ווען דו וואָלסט אפילו געוואויגען הונדערט פוד, וואָלט איך דיך איצט געקענט טראָגען. אזוי שטאַרק ליעב איך דיך. הער נור: האָסטו אמאָל געלעזען דאָס ביכעל „סאפהא?“ דו געדענקסט, ווי דער געליעבטער טראָגט זי ארויף אויף די טרעפּ?... דו ווילסט, פריידעל, איך זאָל דיך אויך ארויפטראָגען?...

— נו, נו, זייט ניט משוגע, מאַקס! גוט נאכט!

— גוט נאַכט!

זי איז ארויפגעגאנגען א פּאָר טרעפּלאך, וואָס האָבען געפיהרט צום ערשטען שטאָק, וואו זי האָט מיט איהרע עלטערען געוואָהנט. האָט זיך אָבגעשטעלט און אומגעקוקט צו איהם. ער איז צוגעגאנגען צו דער ארויסגאנג־טהיר, האָט זי געעפענט, — דערביי האָט א העל־קייט פון דרויסען אין דעם פינסטערען קאָרידאָר זיך אריינגעריסען — און ער האָט זיך אויך אָבגעשטעלט און אומגעקוקט צו איהר.

א ווײילע האָבען ביידע זיך אזוי פון וויטען אָנגעקוקט און ביי־דע האָבען געשמייכעלט אַזוי גליקליך. פון אויבען האָט זיך אימיצער געַ'גנב'עט אויף די שפּיץ־פינגער פון די טרעפּ. זי האָט זיך אומגע־קוקט. א מאַן איז ארונטערגעגאנגען. ער האָט דאָרט, אויף דעם ערשטען שטאָק, פון געקויפטער ליעבע גענאָסען. איצט האָט ער זיך גע'גנב'עט פון דעם הויז ארויס א פערשעהמטער. ער איז פארביי־געלאָפען פריידעל'ן און דערנאָך מאַקס'ן און איז פערשוואונדען.

דאן האָט מאַקס זיך ווידער אָנגערופען:

— פריידעל, געהסט טאקע שלאָפען?

— יאָ, איהר האָט א מעטש?...

— יאָ, קום איך וועל דיר געבען.

און ער האט ארויסגענומען א קעסטעלע שוועבעלאך פון א קעשענע.

— וועט איהר מיך ניט פערהאלטען?

— ניין.

— שווערט זיך.

— דו קענסט דאך מיך, איך בין ניט קיין בלאפער...

— געדענקט־זשע!...

און זי איז צוריק ארונטער פון די טרעפלאך, האט גענומען פון איהם דאס קעסטעלע שוועבעלאך, אנגענומען איהם ביי זיין מעכ־טגען אקסעל און גענומען איהם שטופען פון דער טהיר. נור, געה, שטופ א טענעמענט־הויז!...

— נו, מאקסעלע, טהייערינקער, איך בעט אייך!...

— נור איין קוש, פריידעל! — האט ער ארויסגעפליסטערט און געקוקט אויף איהר מיט זיינע קעלבערנע אויגען אזוי פערליעבט.

זי האט זאכט א פיהר געטהאן מיט איהרע פינגער איבער זיינע גלאטע, ווארימע באקען, מיט אימפעט איהם א קוש געטהאן, א ריס געטהאן זיך פון איהם, ארויסגעשטופט איהם, שנעל צוגעמאכט די גלעזערנע גאס־טהיר, הינטער וועלכער ער איז שטעהן געבליבען מיט א פער'שיכור'טען שמייכעל אויף זיין ברייטען פנים, און האט דורכ'ן שויב פון דער טהיר קינדערש־שטיפעריש צו איהם מיט דער האנד א מאך געטהאן:

— גוט נאכט!

— גוט נאכט! הער נור, פריידעל — ער האט צוגעלעגט זיין פנים צום שויב און געפליסטערט פון יענער זייט טהיר — האסט אמאל געהערט פון א גרויסען שרייבער שאפענהאוער?

— דאכט זיך, אז יא. וואס איז?

זי האט אויך צוגעלעגט איהר פנים צו דעם שויב פון דער זייט.

— ער איז א בלאפער — האט מאקס געזאגט.

— נו, דיין דאגה!

— ניין, ער איז א בלאפער, פריידעל. אויף א לעקטשור האב איך געהערט, אז ער שרייבט, אז עס איז ניט ווערטה צו לעבען אויף ד'ער וועלט. — נו, איז ער ניט קיין בלאפער, פריידעל?...

— שור, מאַקס.
— עס איז דאָך אַזוי אַ מחיה צו לעבען, ניט אַזוי, פריידעל?...
— שור, מאַקס!
— איך וועט!

ער האָט אויסגעשטעלט זיינע ווייסע ציינער הינטער'ן שויב און זיך גליקליך און שטיל צולאַכט.

זי האָט איהם געענטפערט מיט אַ ליכטיגען שמייכעל.

דאַן האָט זי זיך מיט גוואַלד אַ ריס געטהאַן פון דער טהיר:

— גוט נאַכט!
— גוט נאַכט!...

---

2.

אין אַ ווייל'ע אַרום איז פריידעל געווען אין איהר צימער הינטער דער טהיר, אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבען געווען אַ גרויסער שוואַרצער צוויי. זי האָט אָנגעצונדען די גאַז און זיך גענומען אויסטהאָן. אין דעם ענגען צימער אָהן פענסטער זיינען צוויי בעטען געשטאַנען. אויף איינעם, וואָס איז געשטאַנען האַרט ביי דער וואַנד, האָט געשלאָפען זי און זייער קוואַרטיראַנטקע ברכה, אַ עלטערע מיידעל מיט אַ ראָבען פּנים און רויטע האָר. אויפ'ן צווייטען, וואָס איז געשטאַנען באַלד נעבען דער טהיר, האָבען געשלאָפען איהר אַכט יאָהריגער ברודער'ל לואי און די פיער יאָהריגע פלימעניצע אסתר'קע. אויף דער וואַנד, איבער איהר בעט, זיינען געהאַנגען קליידלאַך און אונטער־קליידלאַך, ווייסע, שוואַרצע און קאָלירטע, וועלכע האָבען געהערט איהר און זייער קוואַרטיראַנטקע ברכה'ן. אויף דער פּאָדלאָגע האָבען זיך געוואַלגערט ברכה'ס וואַכעדיגע קליידעל און בלוזקע, איהרע שיך און לואי'ס שיכעלאַך און אסתר'קעס. אין'ם צימער איז נאָך געשטאַנען אַ קליין טישעלע, אויף וועלכען אַ אידישע צייטונג איז געלעגען, און אַ שטוהל איז נאָך דאָרט געשטאַנען, און פוןביידע בעטען האָט מען געקענט דערלאַנגען צום טישעלע און שטוהל, מען האָט נור געדאַרפט זיך אַביסעל אָנשפּאַרען אָן דעם קישען, אַזוי קליין איז דאָס צימער געווען... עס האָט דאָרט געשטיקט און, ווען פריידעל

האט די גאז אנגעצונדען, האבען איבער די ווענד זיך פרייסען גענומען יאגען און זיך בעהאלטען ערגעץ אין די שפאלטען און הינטער די קליידלאך...

פריידעל האט א קוק געטהאן אויף ברכה'ן. יענע איז געלעגען אויפ'ן רוקען, די דיקע, ווייסע אָרעמס פערלייגט הינטער'ן נאקען, די רויטע האר צושאטען איבער'ן קישען, די רויטע ליפען פאנאנדער־געעפענט, און האט געשמאק געכראפעט. פון צייט צו צייט האט זי דעם אטהעם טיעף אפגעצויגען און דערנאך איהם ווידער אפגעלאזט. דערביי האט זי אזוי קאמיש מיט די ליפען געבלאזען, דאס קוקענדיג אויף איהר, האט פריידעל זיך שיער ניט צולאכט. די קינדער אויפ'ן צווייטען בעט האבען רוהיג געשלאפען, אסתר'קע מיט'ן נעזעלע אריינגעדריקט אין לואי'ס רוקען, און לואי, דעם קאפ האלב פערדרוקט אונטער'ן קישען און איין הענטעל פון'ם בעט ארונטערגעהאנגען. פון די אנדערע צימערען האט זיך געטראגען דער אטהעם פון די שלאפענדע. צייטענווייז האבען זיך דערהערט שטילע פער'גנב'עטע טריט פון א נאהענטען צימער. דאס האט פריידעל'ס ברודער בעני, דער סטודענט־מעדיק, פערשפארט אין זיין צימער, זיינע לעקציאנען געמאכט, ווייל קיין אנדער צייט האט ער דאפיר ניט געהאט, זייענדיג בייטאג פערנומען אין קאלעדזש און ביינאכט, ביז צוועלף, ביי דער ארבייט... אויבען האט זיך ערגעץ א קינד צו־וויינט. א טהיר האט א קלאפ געטהאן.

פריידעל האט פערלאשען די גאז און פארזיכטיג, ניט אויפצו־וועקען ברכה'ן, אין בעט זיך געלעגט. זי האט ניט געקענט איינ־שלאפען. דאס געזאנג אין איהר האט דעם שלאף פון איהרע אויגען פערטריבען. אלע געפיהלען האבען אין איהר געהוליעט, בערוישט פון'ם לעבענס־כשוף.

זי האט איצט געטראכט נור וועגען איהם און איהר גליק.

— ער ליעבט מיך! ער ליעבט מיך! ער ליעבט מיך! — האט זי געמורמעלט און געוואלט אויסשרייען דאס פון'ם טיעפען הארצען ארויס הויך אויפ'ן קול.

א רגע האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז דאס איז נאך אלץ א חלום, ווי נעכטען, ווי מיט א וואך צוריק, ווי מיט א מאנאט צוריק, בעת זי האט דערפיהלט, ווי שטארק זי ליעבט איהם; בעת זי האט

אזוי געבענקט, איהם צו זעהן, זיין קול צו הערען; ווען יעדעס מאָל אז ער איז צו איהר אין צימער אריינגעקומען, האָט זי געפיהלט, ווי דאָס הארץ רייסט זיך אב ביי איהר פאר אויפרעגונג. באַלד אָבער איז די האַלב־דונקעלע, זייטיגע אלעע אין צענטראל־פּאַרק פאר איהר ארויסגעשוואומען, די בוימער, דאָס שטיקעל בלויער הימעל מיט אַ פּאָאר ליכטיגע שטערענדלאך צווישען די שפּיצען בוימער, די גראָז און ער נעבען איהר אויף די גראז. דאן דער מאָדנער בליק פון זיינע אויגען. דער נאָכאנאַנדיגער צינדען א סיגארעט נאָך א סיגארעט. זיין פּלוצים'דיגער שווייגען. זיין אפּהוסטען זיך און איהר אייגענער געפּיהל, וואס האָט זי פּלוצים ארומגעכאפּט, פון מאָדנער אויפרעגונג און עפּעס צוטומעלטקייט, אזוי, דאָס זי האָט מיט אמאָל געמוזט אפּקעהרען דעם קאָפּ פון איהם, אויסגעבויגט זיך, געריסען גרעזלאָך און געווארפען זיי פון איין האַנד אויף דער אנדערער. און דערנאָך פּלוצים די בעריהרונג פון זיין האַנד און איהר צאַפּעל... דער מאָד־נער אויסדרוק אויף זיין פּנים און אין זיינע אויגען. דאן זיין ציטער־רענדיגער קול: „פריידעל... איך טראכט מיר... ווען איך וואלט געווען א לאַססאַל... אזאַ רעדנער מיין איך... כאָטש ניט אזאַ וויסענשאפטסמאַן, נור זיין צונג וואלט איך פערמאָגט... אָי, פריי־דעל, מיינע אלע געפיהלען, מיין גאַנצע האַרץ, וואָס־וועלכע ברענט און שטורמט מיט אמת'ן פייער... איך זאג דיר, פריידעל, איך זאָג דיר, אז נור לאַססאַל מיט זיין רעדנער־קראפט וואלט דאָס געקענט ארויסברייגגען אָט דעם פייער, אָט די ליעבע, וואָס־וועלכע עס ברענט אזוי אין מיר צו דיר. פריידעל, איך ליעב דיך!" און באַלד דער נעבעל, וואס האָט ארומגעוויקעלט אי די בוימער, אי דעם שטיקעל הימעל מיט די שטערענדלאך, אי די גראָז, אי איהם, אי זי, און דורכ'ן נעבעל זיין קול, זיינע ליפּען, זיין פייערדיגען אטהעם, זיינע ברענענ־דיגע הענד און באַקען, — און זי האָט זיך ראפּטאָם ארוק געטהאָן צו ברכה'ן, צוגעדריקט זיך צו איהר, אויסגעפליסטערט: „ניין, דאָס איז ניט קיין חלום!" און זי א קוש געטהאָן.

— ם־ם־ם!... — האָט זיך דערהערט ברכה'ס פערשלאפענער קול אין דער ארומיגער פינסטערניש.

פּלוצים האָט פריידעל זי גענומען וועקען:

— ברכה! ברכה! ברכה'לע!...

— מ־מ־מ !...

— ברכה'לע, הער נור...

— הא? וואס איז? — האט זיך יענע א כאפ געטהאן.

— דו שלאפסט, ברכה'לע?...

— דו, פריידעל?...

— יא. איך וויל דיר עפעס דערצעהלען, ברכה'לע — האט פריידעל גערעדט מיט אן אויפגערעגטען קול.

— וואס?...

— אי, ברכה'לע, איך האב אזא שטיקעל נייעס פאר דיר, אי ווען דו וועסט נור דערהערען!

— און זי האט ווידער ברכה'ן א קוש געטהאן.

— דו קושט זיך גאר? — האט ברכה ארויסגערעדט פערוואונדערט מיט א הייזעריגען פערשלאפענעם קול — וואס עפעס מיט אמאל אזא ליובזע?...

* * *

זיי האבען איינע די אנדערע ניט ליעב געהאט. ברכה האט איהר ניט פערגונען, וואס זי, פריידעל, איז אזוי יונג און אזוי שען און וואס די יונגע לייט רייסען אזוי אויף איהר די אויגען. זיי האבען געארבייט אין איין שאפ ביי פרויען־קליידער און זייט א יאהר, זינט ברכה האט אריינגעצויגען צו פריידעל'ס עלטערען, האבען זיי געשלאפען אין איין בעט. ווען די יוניאן האט ארויסגערופען דעם סטרייק, איז פריידעל געווען די אנפיהרערין פון דעם סטרייק אין זייער שאפ. דאן האט מען אפט גערעדט פון איהר, און יונגע לייט, מאקס אויך צווישען זיי, האבען זיך גענומען דרעהען ארום איהר. דעמאלט האט ברכה אויך געוואלט ציהען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די יונגע לייט און האט טיכטיג גענומען ארבייטען אין'ם סטרייק. זי האט א פאאר מאל געכאפט קלעפ פון „סקעבס“ און איז זאגאר איינמאל ארעסטירט געווארען. אבער קיינער פון די יונגע לייט האט זיך מיט איהר ניט פעראינטערעסירט, קיינער האט פון איהר ניט גערעדט, אקוראט ווי זי וואלט נור געווען סתם א „האנד“, וואס סטרייקט...

דאן האט זי גענומען פיהלען א פערביטערטקייט געגען די אלע יונגע

לייט, וואָס האָבען זיך געמישט אין דעם סטרייק, געגען דעם סטרייק אין גאנצען און נאָך מעהר געגען דער שענער פריידעל, וואס, דאכט זיך, נור איהר צוליעב האָבען אַלע יונגע לייט געסטרייקט... זי האָט געערדט, אַז דער סטרייק איז פערלארען, אַז דאָס איז נור דער אויפטהו פון נארישע אינגלאך און מיידלאך, וועלכע ווילען, מען זאָל פון זיי ריידען. און שפּעטער, ווען מ'האָט פריידל'ען ארעסטירט און די צייטונג, וואס זי, ברכה, האָט געלעזען, האָט אריינגעשטעלט פריידעל'ס בילד, האָט ברכה פאר כעס אויפגעהערט צו לעזען די דאָזיגע צייטונג, האָט זאגאר ניט געוואלט וויסען, וואָס פאר א סוף עס האָט געהאט די העלדין פון דעם ראמאן אין יענער צייטונג, די אונשולדיג־פערפיהרטע העלדין, איבער וועלכע זי, ברכה, האָט אזוי פיעל טרערען פערגאסען, און זי האָט גענומען לעזען אַנאַנדער צייטונג און אנאנדער ראָמאַן...

ווען מאַקס האָט שפּעטער אָנגעהויבען צו געהן צו פריידלען אַהיים, האָט זי, ברכה, תמיד געזוכט מיט איהם צו ריידען, האָט איהם אין די אויגען אריינגעקוקט, פריהער פאר פריידלען איהם געפרעגט, אויב ער וועט טהעע טרינקען, דערלאנגט איהם שוועבעלאך צו זיינע סיגארעטען, אליין זיי אָנגעצונדען פאר איהם. און איז זי געבליבען אויף א רגע מיט איהם אליין אין'ם צימער, האָט זי תמיד געזאָגט עפּעס וועגען פריידלען, אַלע מאָל אין אַ נערוועזען טאָן, און ניט קיין גוטעס... און האָט מאַקס עפּעס גערעדט — און ריידען האָט ער ליעב געהאט, און דוקא מיט אויסגעוועהלטע ווערטער פון די ארטיקלען, וואס ער האָט געלעזען, און פון די לעקציעס, וואס ער האָט געהערט — האָט זי זיך צוגעהערט צו איהם מיט אַלע אברים. אמת, זי האָט איהם זעלטען ווען פערשטאַנען, בעזאָנדערס ווען ער האָט גערעדט פון „וויסענשאַפט" — זיין שוואכקייט — אָבער זי האָט איהם שטענדיג צוגעבאַמקעט מיט'ן קאָפּ. ער איז געווען אַ אָנהענגער פון יענער צייטונג, וואָס זי האָט אויפגעהערט צו לעזען, האָט זי איהם צוליעב ווידער יענע צייטונג אָנגעהויבען צו לעזען און איהם ערקלערט, אַז נור די צייטונג טאָקי איז די ריכטיגע. זי איז עטליכע מאָל אויף געגאַנגען מיט איהם און פריידלען צו לעקציעס. אָבער אַלע מאָל האָט זי זיך צוריקגעקעהרט פון דאָרט מיט אזא שווערער בענקעניש אויפ'ן הארצען, מיט אַזוינע בעליידיגטע געפיהלען. דען, ארויסגעהענדיג פון'ם הויז,

האָט זי ערשט ריכטיג דערפיהלט, ווי גלייכגילטיג ער איז צו איהר און ווי ניט גלייכגילטיג ער איז צו פריידלען. אויף דער גאַס האָט ער נור געזוכט צו זיין נעהענטער צו יענער, גערעדט צו יענער, געקוקט יענער אין די אויגען אריין. אַזוי אויך אין'ם לאָקאַל. זי, ברכה'ן, האָט ער ווי גאָר ניט בעמערקט... און דעם לעצטען מאָל, ווען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט פון אַ לעקציע, צו וועלכער זי איז געגאַנגען מיט איהם און פריידלען, האָט זי זיך געפיהלט אַזוי, ווי צו קלאַפּען זיך דעם קאָפּ אָן וואַנד. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען ארויסצוגעהן מיט פריידלען אין גאַנצען אָהן איהר. דעמאָלט, אַז ער איז אַמאָל געזעסען אין'ם צימער און זי איז אויך געווען דערביי, האָט זי גערעדט צו איהם פערביטערט, געלאַכט פון איהם און פריידלען און אום אָפּטהאָן עפּעס איהם אַ צו־להכעיס, האָט זי ווידער געוואָרפען לעזען יענע צייטונג, זיין צייטונג, און אָנגעהויבען צו לעזען אַנ'אַנדערע. פריידלען האָט זי אמת פיינד געקראָגען און האָט דאָס איהר ארויסגעוויזען אויף שריט און טריט. דערפאַר האָט פריידעל זי אויך ניט ליעב געהאַט און איהר אָפּט געזאָגט, אַז זי איז אַ שלאַנג. מיט אַ פּאָאָר וואָכען צוריק האָט ברכה שיער אין גאַנצען פון זיי ניט ארויסגעצויגען נאָך אַ קריעג מיט פריידלען. זיי זיינען געשטאַנען נעבען דער גאַס־טהיר. עס איז געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. אין די צימערען האָט מורא'דיג געשטיקט. מען האָט ניט געקענט שלאָפען פאַר היץ און שטיקעניש. זיינען זיי ארויס אין דרויסען און זיך געשטעלט אויף די טרעפּ נעבען דער גאַס־טהיר. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיגע. די לבנה האָט געשיינט. פּלוצים איז אָנגעקומען דער יונגערמאַן, וואָס האָט געוואָהנט מיט זיין מוטער און שוועסטער אויף דעם זעלביגען שטאָק, אין דער טהיר נומער דריי. אַ יונגערמאַן, אַ שענער יונג, אַ גרויסער פראַנט, מיט אויגען, וואָס האָבען אַ פּאָאָר מאָל דורכגענומען ברכה'ן אַזוי, דאָס זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן. ברכה, וועלכע האָט געהאַט שוין פריהער מיט איהם אַ פּאָאָר מאָל גערעדט, האָט, דערזעהענדיג איהם, צו איהם פאַמיליאר אַ שמייכעל געטהאָן. ער האָט זיך זעהר העפליך פערנויגט פאַר איהר, זיך אָפּגעשטעלט אויף די טרעפּ נעבען זיי, ארויסגענומען אַ סיגאַר, פערויכערט און גענומען ריידען פון דעם הייסען וועטער. דערביי האָט ער זיי דערצעהלט, אַז ער קומט נור־וואָס פון קוני־איילאנד,

וואו ער האָט אַ געשעפט. זיי האָבען זיך צורעדט מיט איהם. ער איז געווען אַזוי העפליך, האָט ארויסגענומען פון קעשענע אַ קעסטעלע קאָנפעקטען (פון זיין געשעפט) און זיי מכבד געווען. ער האָט זיי אויך דערצעהלט, אַז ער איז אונפערהייראט, וואָהנט מיט זיין מוטער און שוועסטער. ביי ברכה'ן האָט אַ ציטער געטהאָן דאָס הארץ. „וואס פאר אַ פארשוין ער איז און וואָס פאר אַ ריכטיגער זשענ־טעלמאן" — האָט זי אַ טראַכט געטהאָן. און דערנאָך האָט ער עפּעס גאָר ווי פערגעסען אָן איהר און אַלץ גערעדט צו פריידלען און ווידער יענער מכבד געווען מיט קאָנפעקטען און ווידער, און ווי־דער... און ווען ער האָט זיך געזעגענט, איז ברכה געווען אין גאַנצען אויפגערעגט געגען פריידלען און זי האָט זי גענומען בעשולדיגען, אַז זי מאַכט אויגלאָך צו יונגע לייט. פריידעל האָט איהר געענטפערט, אַז זי דאַרף ניט מאַכען קיין אויגלאָך צו יונגע לייט, אַז זיי דערזעהן זי אַזוי אויך. און עס איז ניט איהר שולד, וואָס די יונגע לייט ווילען זי, ברכה'ן, ניט בעמערקען, ווען זי מאַכט אפילו צו זיי אויגלאָך... האָט זיך ברכה דאָמאָלט נאָך מעהר אָנגעצונדען: ווער מאַכט אוי־גלאָך, זי? !אַזא חוצפּה פון אַ מויד!... זי בלייבט דאָ ניט מעהר וואוינען. מאָרגען זוכט זי זיך אויף אַנאַנדער קוואַרטיר...

זי האָט זיך אָבער מישב געווען: זי וועט זיך בעקאַנען מיט דעם יונגענמאַן'ס שוועסטער. אויף דעם זעלביגען שטאָק. וועט אַריינגעהן צו איהר לייהען אַ נאָדעל... און זי איז געבליבען וואוינען.

אין עטליכע טעג שפּעטער, האָט זי טאַקע אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר נומער דריי. אַ יונגע פרוי מיט געפאַרבטע באַקען האָט ארויס־געשטעקט דעם קאָפּ. און ווען ברכה האָט ביי איהר געפרעגט אויף אַ נאָדעל, האָט יענע אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און פערקלאַפּט די טהיר. ברכה האָט זיך צוריקגעקעהרט אין איהר צימער מיט זעהר אַ שווערען הארצען. „עס איז שווער צו לעבען" — האָט זי געטראַכט.

איצט האָט זי אין'ם הויז זעלטען ווען פריידלען געזעהן. יענע איז שטענדיג ארומגעגאַנגען מיט מאַקסען. אין שאָפּ האָבען זיי אויך זעלטען ווען גערעדט.

דערפאַר האָט זי זיך איצט אַזוי פערוואונדערט, ווען פריידעל, פון איהרע געפיהלען איבערפילט, האָט זי געבאָפּט קושען.

* * *

— אי, ברכה'לע, איך בין אזוי גליקלאך, אזוי גליקלאך... דו ווייסט?...

— וואס?

— מאקס האט זיך דאך מיר ערקלעהרט... ער ליעבט מיך, ברכה'לע!... איך בין אזוי גליקלאך!...

פריידעל האט דערפיהלט, ווי ברכה האט זיך נעבען איהר א צאפעל געטהאן און זיך אויפ'ן בעט אויפגעזעצט.

זי האט זיך אויך אויפגעזעצט.

— מיר זיינען געווען אין'ם פארק און דארט האט ער זיך ערקלעהרט...

ברכה האט געשוויגען.

— דו הערסט, ברכה'לע?...

יענע האט אלץ געשוויגען. אין דער ארומיגער פינסטערניש האט פריידעל נור עטוואס פון ברכה'ס ווייסען העמד געזעהן.

— דו ביזט נאך אלץ ברוגז אויף מיר, ברכה? נו, איך בעט דיך, זיי איצט א גוטינקע, איך האב דיך ליעב, ברכה'לע!...

זי האט דערהערט ברכה'ס טיעפען זיפץ.

— דו זיפצסט, ברכה? וואס איז דער מעהר?

זי איז ארונטער פון'ם בעט, האט אנגעצונדען ווידער די גאז און א קוק געטהאן אויף ברכה'ן.

יענע איז געזעסען מיט'ן רוקען אריינגעדריקט אין דער וואנד, די דיקע, ווייסע פיס ארויסגערוקט פון דעם ווייסען העמד, די רויטע האאר צושאטען איבער די אקסלען, האט געהאלטעןביידע אמס פערלייגט איינעם איבער'ן אנדערען ביים אויסגעשניטענעם בוזים אזוי, דאס זיי האבען די בריסט כמעט אין גאנצען פון'ם העמד ארויס־געשטופט, האט געקוקט פאר זיך, אין איין פונקט, מיט איהרע גרויע, קעצישע אויגען און שווער געאטהעמט. דערנאך האט זי אזוי מאדנע א שמייכעל געטהאן, ארויסגעמורמעלט ווי צו זיך אליין: „שוין? נו, מזל טוב!“ — ניט א קוק געטהאן אפילו אויף פריידלען און זיך צוריק אוועקגעלעגט מיט'ן פנים צו דער וואנד.

פריידלען איז מיט אַמאָל געוואָרען אונאַנגענעהם. ווי אַ קעלט. אַ בייסענדיגע, דורכנעהמענדיגע קעלט, האָט אַ ציה געטהאָן אויף איהר פון ברכה'ם רוקען. זי האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען.

— וואָס פאַר אַ שלעכטס דו ביסט, ברכה! — האָט זי צום סוף אַרויסגעמורמעלט.

יענע האָט אַ קעהר געטהאָן דעם קאָפּ צו איהר און אַרויסגערעדט צורייצט:

— אַ שלעכטס, האַ? איך פערגין דיר ניט, האַ? וואָס איז דאָ צו פערגינען? אַ טהייערע מציאה! פּ־ש־פּש, אַ קאַטאַוועס, אַ קליי־ניגקייט, מאַקס, אַ טהייערע מצאַציע!... עס איז דאָ וואָס מקנא צו זיין!... לאָז שלאָפען! פערדרעה די גען! איך בין ניט מחויב פון דיר צו ליידען! — האָט זי פּלוצים גענומען שרייען מיט טרערען אין'ם קול — שלעפּט זיך אַרום אַ גאַנצע נאַכט מיט דער רוח ווייסט וועמען און קומט דערנאָך מיך וועקען! וואָס וועקסטו מיך? פער־דרעה זיך אַליין דעם קאָפּ! איך דאַרף מאָרגען אַרבייטען! אָי, וואָס מען שטעהט זיך פון איהר אויס!...

— שאַ, שריי ניט! וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטהאָן? מען שלאָפט! — האָט פריידעל אַרויסגעמורמעלט צוטומעלט.

— טאָ רייד ניט צו מיר! וואָס וועקסטו מיך? וואָס דערצעהל־סטו מיר מעשיות? ווער פרעגט ביי דיר? ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך אַזוי ליעב, פערשטאָכענע אויגען דיינע—האָט ברכה גערעדט נאָך מעהר צורייצט, ווידער אומגעדרעהט דעם פּנים צו דער וואַנד און גע־נומען ציהען מיט דער נאָז, אַזוי ווי טרערען וואָלטען זי געשטיקט...

פריידעל האָט ווידער אַ דריק געטהאָן די אַקסלען, פערלאָשען די גען און זיך געלעגט אויף איהר אָרט.

מעהר האָבען זיי ניט גערעדט.

און שפּעטער, ווען דער שיין פון טאָג האָט זיך אַריינגעג'גנב'עט פון די אַנדערע צימערען אין זייער צימער דורך דער אָפענער טהיר, איז ברכה פון'ם בעט אַרונטערגעקראָכען, האָט זיך אָנגעטאָן, פון'ם הויז אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרויסגע'גנב'עט און זיך געזעצט אין דרויסען אויף די טרעפּלאַך נעבען דער גאַס־טהיר.

עס איז געווען נאָך גאַנץ פריה. די קראָמען זיינען נאָך געווען צוגעמאַכט. די הויכע טענעמענט־הייזער האָבען אויסגעזעהן פערשלאָפען. דער הימעל איבער זיי רויט. אַ קיהל ווינטעלע האָט זיך איבער דער דאָזיגער שטיינערנער וועלט געטראָגען. זעלטען־ווען האָט זיך סתם אַ פערבייגעהער געוויזען. נור מילך־וואָגענס זיינען נאָכאַנאַנד פערבייגעפאָהרען מיט געפּילדער און ציימונגס־פערקויפער זיינען פערבייגעלאָפען מיט פּעקלעך ציימונגען אונטער די פּאַכוועס, און בעקער מיט וועגלאַך געבעקס. נעבען דער דערבייאיגער בעקעריי איז אַ וועגעל געשטאַנען. אַ בלייכער מאַן איז פון׳ם קעלער ארויס מיט אַ קאָרב געבעקס און זיי איז׳ם וועגעל אויסגעלעגט.

ברכה איז געזעסען צונויפגעקאָרטשעט אויף די שטיינערנע טרעפּ, טיעף פערטהאָן אין זיך, האָט געקוקט פאַר זיך מיט טרויעריגע אויגען און קיינעם און גאָר נישט בעמערקט.

אַלע האָבען גליק, נור זי ניט! — האָט זי געטראַכט מיט טיעפער, טיעפער בענקעניש — זי איז שוין באַלד דרייסיג... וואָס וועט זיין דער סוף? וואו איז דאָס לעבען? ווען וועט זי אַמאָל שוין אויך לעבען? שאַפּ, שאַפּ, שאַפּ, היינט, מאָרגען, אַזוי אָהן אַ סוף, אָהן אַן ענד, און קיין ברעקעלע פערגעניגען, קיין ברעקעלע לעבען, ליעבע — גוואַלד!...

עמיצער האָט זי ביים אַקסעל אָנגעריהרט, זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן. דער שענער יונגער מאַן איז פאַר איהר געשטאַנען, דער אייגענער וואָס האָט געוואָהנט אין טהיר נומער דריי מיט זיין מוטער און שוועסטער; איז געשטאַנען, האָט געקוקט איהר אין פּנים אריין מיט זיינע פּרעכע און דורכדרינגענדע אויגען און געשמייכעלט, ארויסווייזענדיג זיינע ווייסע, געזונדע צייהן.

זי איז צומישט און רויט געוואָרען.

— וואָס זיצט איהר עפּעס דאָ? — האָט ער געפרעגט.

— כ׳וויים, עס שלאָפט זיך עפּעס ניט... און פון וואַנען קומט איהר אַזוי פריה, צי שפּעט... איך ווייס אַליין ניט, ווי איך זאָל דאָס זאָגען...

זי האָט זיך שטיל צולאַכט.

— איך קום פון אַ באַלל... פערבראַכט אַביסעל... געהט איהר אַמאָל צו באַללער?

— פאַרוואָס ניט? ווען עס זאָל זיין עפּעס אַ פיינער זשענטעל־מאַן, וואָס זאָל מיך איינלאַדען — האָט זי געענטפערט מיט אַזאַ מינע, וואָס האָט ווי געזאָגט: „אַט אדרבא נעהמט מיך מיט, וועל איך מיט אייך געהן!“

ער האָט זיך אָנגערופען:

— אַז איך וועל אייך אַמאָל איינלאַדען?

— מיט פּלעזשור — האָט זי געענטפערט.

— אויב מיט פּלעזשור איז גוט. איך האָב ליעב פּלעזשור. דאָס איז די בעסטע זאַך אויף דער וועלט.

זי האָט זיך העכער צולאַכט:

— ווער האָט עפּעס פיינד פּלעזשור? סיידען אַ נאַר! אַי, אַ ביסעלע פּלעזשור, אַ טהייערע זאַך!...

— איהר ווייסט עס? — האָט ער זי אַ פרעג געטהאָן, און מאָדנע אַ קוק געטהאָן אויף איהר.

— וואָס? — האָט זי געפרעגט נאַאיוו.

— גאָר נישט — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן און ארויסגענומען פון קעשענע אַ קעסטעלע קאָנפעקטען — איהר ווילט?

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנד.

— נעהמט עס אין גאַנצען. איך האָב עס געבראַכט פאַר מיין שוועסטער, נור מיר וועט זיין אַנגענעהמער, ווען איהר וועט עס עסען...

איהרע באַקען האָבען זיך אָנגעצונדען נאָך רויטער ווי דער הימעל איבער די טענעמענט־הייזער.

— דהענקס!...

אַ שניידענדיגער פייף האָט אין דער אין־דער־פריהערדיגער־ לופט אָפּגעהילכט, דער יונגערמאַן האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און געענט־פערט אויף מיט אַזאַ פייפען.

— העי, בענ־ני! — האָט זיך דאַן דערהערט אַ קול פון וויטען.

— האַללאָ, מייק! — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט הויך אויפ'ן קול, צולעגענדיג די האַנד צו די ליפּען — ענטשולדיגט! — האָט ער זיך פּלוצים געווענדעט צו ברכה'ן — מיין פריינד רופט מיך!...

און איז ארונטערגעלאָפען פון די טרעפּ און איז פערשוואונדען.

ברכה איז נאָך אַ ווײַלע געזעסען מיט דער קעסטעלע קאָנפעקטען אין דער האַנד. דאַן איז איהר מיט אַמאָל אַזוי לײַכט געוואָרען אויפ'ן האַרצען, אַ האָפנונג האָט דאָרט אַרויסגעשפּראָצט און גענומען בליהען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוריק אַרײַן אין הויז.

אַרײַנקומענדיג אין איהר צימער, האָט זיך אַ רגע איהר געוואָלט אויפוועקען פריידלען און איהר זאָגען: „ווילסטו, פריידעל, אַ קענדי? דער שענער זשענטעלמאַן האָט דאָס מיר געבראַכט, און צו אַ באַלל האָט ער מיך אויך אײַנגעלאַדען...‟ זי האָט זיך אָבער מיישב געװען: עס האָט נאָך צײַט. ווען גאָט וועט װעלען, וועט זי זיך נאָך אויסלאַכען פון פריידעל'ס קאָפּ. און זי האָט זיך געלעגט אין בעט, ניט אויסטהאָנדיג זיך, ווײַל אין אַ צוויי שעה אַרום וועט זי דאַרפען אויפשטעהן צו דער אַרבייט.

און באַלד איז זי אַנשלאָפען געוואָרען מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען.

---

## .3

ווען פריידעל האָט געעפענט די אויגען, איז נעבען איהר געשטאַנען איהר מאַמע, אַ בלייבע, דאַרע פרוי מיט אַ ווײַס טיכעל אויפ'ן קאָפּ.

— שטעה אויף, טאָכטערל, דער טאַטע און אַלע זײַנען שוין אַוועק אין שאָפּ...

פריידעל האָט זי אָנגעקוקט מיט יענעם צוטומעלטען אויסדרוק אין די אויגען, מיט וועלכע מענשען קוקען באַלד ווי זיי האָבען זיך פון אַ חלום אויפגעכאַפּט.

די מאַמע האָט געקוקט אויף איהר מיט אויגען, פול צער:

— אַי, פריידעל, פריידעל — האָט זי גערעדט מיט וועהטאָג — דו האָסט גאָר ניט קיין רחמנות אויף זיך אַליין. שלעפּסט זיך אַרום גאַנצע נעכט, שלאָפסט זיך ניט אויס און דערנאָך אַרבייטסטו אַ גאַנ־צען טאָג אין שאָפּ... וועה איז מיר, דו וועסט נאָך אַמאָל, חלילה, אַזוי פאַלען ביי דער מאַשין!...

דאַן האָט פריידעל מיט אַמאָל גענומען שמייכלען און איהר גאַנצער פּנים איז בעגאָסען געוואָרען מיט ליכטיגער פרייד.

זי האָט אַ כאַפּ געטהאָן איהר מאַמע'ס האַנד, אַליין זיך אויפ־געזעצט אויפ'ן בעט, צוגעצויגען זי צו זיך און זי גענומען קושען, קושען.

דערביי האָט זי גערעדט:

— ווען דו וואָלסט וויסען, מאַמע, וואָס פאַר אַ בשורה איך האָב פאַר דיר!... מאַמע! מאַמע!...

די מאַמע האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— פאַר מיר אַ בשורה?

— איך האָב דאָך אַ חתן, מאַמע! מאַקס זוערט דאָך מיין חתן!...

די מאַמע האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן:

— הא?...

און ארויסגעשטעלט אויף איהר נאָך גרעסערע אויגען.

— יאַ, יאַ, מאַמע, נעכטען איז דאָס געוואָרען. ער האָט מיך אַזוי ליעב, מאַמע! און איך איהם, איך איהם!...

זי איז ארונטערגעשפרונגען פון'ם בעט, די גאָלדענע האָאר צושאָטען איבער די ווייסע, צאַרטע אַקסלען, די בלויע אויגען שפּריצענדיג פרייד, האָט ארומגעכאַפּט איהר מאַמען און זיך צוגעדריקט צו איהר ווי אַ קליין קינד.

דער מאַמע'ס בלייכער פּנים האָט זיך צופלאַמט, אַזוי ווי זי וואָלט פאַר אַ ברענענדיגען אויווען געשטאַנען, און איהרע ליפּען האָבען אַ ציטער געטהאָן.

דערנאָך האָט זי שטיל־שטיל ארויסגערעדט:

— מאַקע?

— יאַ, יאַ, מאַמע!...

— מאַקע! מאַקס?...

— מאַקס, מאַמע! מאַקס!... ביזטו צופריעדען, מאַמע?

די מאַמע האָט ארויסגעלאָזט אַ טאָן, וואָס איז געווען האַלב לאַך און האַלב כליפּ, גענומען גלעטען איהר טאָכטער איבער'ן קאָפּ און מיט אַמאָל האָט זי ראַפּטאַם זי געכאַפּט קושען, געכליפּעט דערביי און גערעדט:

— נו, א דאנק גאט, א דאנק גאט, א דאנק גאט! מיט גליק, רבונו של עולם, מיט גליק! איך וועל געהן אנזאגען בעני'ן!...

און זי איז ארויסגעלאפען מיט א געפילדער.

די קינדער אויפ'ן אנדערען בעט האבען זיך אויפגעכאפט. לואי האט דערזעהן זיין שוועסטער, האט ער די ערשטע זאך געבעטען ביי איהר א סענט, ווי ער פלעגט עס טהאן יעדען טאג. אסתר'קע האט זיך אויפגעזעצט אויפ'ן בעט, אריבערגעבויגט זיך איבער לואי'ן און אויסגעשטעלט איהר הענטעלע צו פריידלען:

— ענד מי, פייעדי, ענד מי!...

— אלל רייט, איך וועל אייך היינט געבען א גאנצען ניקעל! — האט פריידעל געזאגט.

און דערהערט עס, האט דער שטיפער לואי פאר שמחה זיך אזש איבערגעקוליעט אין'ם בעט. און אסתר'קע האט זיך צולאכט מיט איהר קינדעריש געלעכטערעל, געוואלט נאכטהאן לואי'ן, איינגעבויגען דאס קעפעלע, געוואלט זיך איבערדרעהען, ניט געקענט, האט זי זיך אזוי גענומען קייקלען איבער'ן בעט, דריגעווענדיג מיט די נאקעטע, צארטע פיסלאך, און פערהילכט דעם צימער מיט איהר געלעכטערעל...

פריידעל, וועלכע האט שוין געהאט איהר קליידעל אנגעטהאן, איז צום בעט צוגעלאפען, האט א כאפ געטהאן אסתר'קען אויף די ארעמס און האט זי גענומען האטשקען אין דער הויך. אסתר'קע האט נאך העכער געלאכט. דאן האט פריידעל געזאגט, נאכמאכענדיג אסתר'קעס קול:

— פייעדיע האט שוין א חתן, עסתעקע. מאקסעיען...

און דערנאך זיך געווענדעט צו לואי'ן:

— דו ווייסט, לואי, מאקס איז דאך מיין חתן?...

דער אכט־יאהריגער לואי, וועלכער האט אין גאנצען ניט געקענט אפשאצען די בעדייטונג פון דעם, האט דאך אבער געוואוסט, אז א חתן איז זעהר א טהייערע זאך, ווייל אפט האבען טאטע־מאמע גערעדט וועגען א חתן פאר פריידלען, און ער האט אויסגעשריען:

— הוררייו!!!

— הויעי!... — האט אסתר'קע איהם נאכגעשריען.

— הוררריי! — האָט פריידעל אויך אַ קוויטש געטהאָן, אַ כאַפּ געטהאָן זיך, אָנגערופען זיך „משוגענע" און זיך צולאכט.

דאָן נאָך האָט זיך לואי געכאַפּט, אַז איצט וועט ער קענען בעטען ביי מאַקס'ען אַ גאַנצען ניקעל (ביז היינט האָט ער ביי איהם נור פּענים געבעטען), איז ער גאָר געוואָרען מלא שמחה, ארונטערגע־שפּרונגען פון'ם בעט, האָט אין איין העמד גענומען טאַנצען און שפּרינגען, און נאָך העכער געשריען:

— הוררריי!... הוררריי!!...

הינטער דער טהיר נומער צוויי האָט דאָס געזאַנג פון דעם גליק און דער שמחה איצט געהילכט...

פאַרנאכט איז די שמחה געווען נאָך גרעסער. זיי אַלע זיינען געזעסען ביים טיש און האָבען געגעסען: נחום, זיין פרוי מירקע, פריידעל, איהר פערהייראטע שוועסטער לאה'קע מיט איהר מאַן דזשעק, לואי, אסתר'קע און ברכה. דאָס עופה'לע פון'ם שטוב, עננעלע, אסתר'קעס שוועסטערל, אַן איין־יאָהריגע בייבי מיט געקרייזטע בלאָנדע הערעלאך און בלויע אויגעלאך, איז געזעסען אויף אַ קינדערשעג הויכען שטוהל, צווישען דעם זיידען און באָבען, האָט געהאַלטען אין'ם פויסטעלע אַ שטיקעל ברויט, וואָס נחום האָט פריהער איינגעטונקט אין זיין טעלער סופּ, געשטופּט עס אין'ם מויל און איז אָפּט מיט דעם פערקראָכען אויפ'ן נעזעל, אויף אַ בעקעל און איבערגעלאָזט דאָרט פייכטע ברעקלאך פון'ם ברויט. נחום האָט, עסענדיג, נאָכאַנאַנד זיך געוויצעלט. יעדע ווײלע האָט ער אימיצען אָנגעקוקט מיט לאַכע־דיגע אויגען און עפּעס געזאָגט מיט הרחבה אין'ם קול. „ווי רע־בענסטו, פריידעל, וועט דיין מאַקס צופריעדען זיין מיט אַ צעהן טויזענד דאָלאר נדן? זאָג איהם, אַז מעהר קען ער פון מיר ניט קריגען קיין איין פּעני!"

און אין אַ ווײלע ארום, אַ קעהר געטהאָן זיך צום עופה'לע מיט ליעבע אין'ם קול:

— און דו, קעצעלע, וויפיעל ווילסטו נדן פאַר דיין חתן?

— סעי, שוועהר, בעליידיגט זי ניט — האָט זיך אריינגעמישט עננעלע'ס טאַטע דזשעק, אַ מאַגערער יונגער מאַן מיט פערקאַשערטע ארבעל און האָריגע ארמס — זי איז אַ סאָפרעזשעטקע.

און לאה'קע, די מאמע, בלאנד און העל ווי איהר שוועסטער פריי־דעל, האט געזאגט:

— דער חתן וועט איהר געבען נדן, א צוואנציג טויזענד.

— וויס איך וואס איהר רעדט — האט פריידעל זיך אויך אנ־גערופען, האלב אין שפאס און האלב אין ערנסט — ביז יענער צייט וועט שוין לאנג זיין די סאציאלע רעוואלוציאן און קיין געלד וועט שוין מעהר אויף דער וועלט ניט עקזיסטירען.

— די כלה איז גערעכט — האט נחום זיך צולאכט — זי האלט מיט איהר חתן...

— און דו האלסט דען ניט מיט איהם, טאטע?

—ער האלט מיט מיר, טאכטער!...

איין ברכה האט געשוויגען. זי האט געגעסען און געטראכט וועגען דעם שענעם יונגען מאן, וואס האט געוואהנט מיט זיין מוטער און שוועסטער אין דער שכנה'ישער טהיר.

נאכ'ן עסען איז זי גלייך אוועק מיט א צייטונג אין איהר צימער. פריידעל און לאה'קע האבען גענומען אויפראמען פונ'ם טיש. דזשעק האט זיך אויסגעצויגען אויף דער זאפע מיט א סיגארעט אינ'ם מויל. מירקע האט גענומען ענגעלע'ן אויף די הענד, נחום אסתר'קען און ביידע האבען זיך גענומען שפיעלען מיט די אייניקלאך. לואי איז ארויס־געלאפען אין סטריט צו זיינע חברים.

— גיב מיר אהער ענגעלע'ן אויך — האט נחום זיך אנגערופען

— איך וויל זיך צוגעוועהנען צו האלטען עטליכע אייניקלאך מיט אמאל...

מירקע האט איהם געענטפערט מיט יענעם בעזונדערען שמיי־כעל, וואס מען בעמערקט ביי דער פשוט'ער פרוי, ווען מען זאגט א געפעפערטען וויץ:

— שוין? האסט קיין צייט ניט? ביים זיך אב די צונג, דו אלטער נאר!...

דערנאך, ווען דער טיש איז געווען אויפגעראמט, און לאה'קע האט זיך געזעצט נעבען איהר מאן אויף דער זאפע, און פריידעל האט זיך געשטעלט פלעכטען איהרע גאלדענע האאר, ווארטענדיג אויף מאקס'ען, האבען זיי אלע זיך צורעדט וועגען דעם לעצטען. זיי

אַלע האָבען פיעל געהאַלטען פון איהם. אַן אָרענטליכער באָי, א גוטער פערדיענער. ניט קיין פּראָסטאַק, חלילה. ווערט שטאַרק רעספּעקטירט אין זיין שניידער־יוניאָן. האַלט אַמאָל אַ שענע רעדע, איז אַנגעלעזען. שטייטש, אַנגעלעזען, ר׳עדט אַמאָל אַזוי, דאָס נאָר אמת געבילדעטע קענען איהם פערשטעהן...

— אַ מאָדנע זאַך — האָט זיך דזשעק אָנגערופען — ווי ער האָט זיך דאָ „אויסגעבילדעט“... איך געדענק איהם דאָך נאָך, ווען ער איז אָנגעקומען אַ גרינער. געווען אַ פּשוט׳ער, היימישער שניידער. איך גלויב ניט, אויב ער האָט זיין נאָמען געקאָנט אונטערשרייבען. דאָ אָבער האָט ער זיך אַ נעהם געטהאָן צו לעזען די צייטונגען, די אידישע סאָציאַליסטישע ביכלאַך, אָנגעהויבען צו געהן אויף די לעקט־שורס און היינט איז ער פיין „אויסגעבילדעוועט“ און רעדט אַמאָל אין דער יוניאָן ווי אַן אמת׳ער לעקטשורער.

— דאָס איז אַמעריקא! — האָט נחום אונטערגעכאַפּט — גע־בענשט זאָל זיין אַזאַ לאַנד. מענשען מיט ניט קיין פערשטאָפּטע מוחות קענען דאָ ווערען לייט!...

— היינט זיין ארבייטען אין דער צייט פון אַ סטרייק — האָט דזשעק גערעדט ווייטער — ווי אַזוי ער פּיקעוועט נעבען די שעפּער. זיין שלאָגען די „סקעבס“. איך ווינש קיינעם ניט צו פערזוכען זיי־נעם אַ פּלעם...

—קיין עין הרע ניט! — האָט מירקע אונטערגעכאַפּט.

— אַ טהייערער באָי! — האָט נחום אויסגעשריען און גענומען האַטשקען אסתר׳קען אין דער הויך.

— איך זאָל דאָס מיר דענקען! — האָט לאה׳קע געזאָגט.

פריידעל האָט זיך צוגעהערט, געפלאָכטען איהרע האָאָר און איהר האַרץ האָט געטאַנצט פאַר גליק. דאַן האָט זי זיך אָנגערופען:

— פאַרוואָס איז ער נאָך נישטאָ?

— הערט אויס — האָט נחום פּלוצים געזאָגט — איך וויל האָבען אביסעל שפּאַס מיט איהם, ווען ער וועט קומען. — איהר מישט זיך נור ניט!...

און גלייך טאַקע האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— שאַ! — האָט נחום ארויסגעשעפּצעט — איהר זאָלט שוויי־גען! קאַם אין!

מאַקס איז אַריינגעקומען, פריש פון'ם באַרבער, און זיין רויטער פּנים האָט געגלאַנצט, פונקט ווי זיינע נור־וואָס אָפּגעפּוצטע שיך.

— גוד איווענינג...

— דו הולטאַי דו! — האָט זיך נחום אויף איהם אַרויפגע־וואָרפען מיט זעהר אַן ערנסטער מינע — סמייע ניט צו געהן אַהער! דו וועסט מיר איינריידען מיין טאָכטער, אַז דו ליעבסט זי!

מאַקס איז געבליבען שטעהן מיט אויסגעגלאַצטע אויגען אויף איהם. פריידעל איז צוגעפאַלען מיט'ן פּנים צו טיש און געשטיקט איהר געלעכטער. לאה'קע איז אַרויסגעלאָפען אין אַ צווייטען צימער. מירקע האָט צוגעדריקט איהר פּנים צו ענגע'לען אויף איהרע אַרמס, גע־לאַכט און געמורמעלט: „דער מטורף!" און דזשעק, ליגענדיג אויף דער זאָפע, האָט אונטערגעהאַלטען זיין שווער:

— מען דאַרף איהם צוברעכען רוק און לענד, אַזאַ חברה־מאַן!...

מאַקס האָט געקוקט צומישט פון דזשעק'ען אויף נחום'ען און פון נחום'ען אויף פריידלען ביים טיש. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים אָנ־געשטויסען, און מיט אַ ברייטען שמייכעל צוגעגאַנגען צו נחום'ען, דעם גראָבען פינגער אויסגעשטעלט געגען יענעם'ס בויך און איהם אַ קיצעל געטהאָן:

— קיץ! קיץ!...

נחום האָט זיך צולאַכט און נאָך איהם מירקע און פריידעל, און דזשעק. און לאה'קע איז צוריק אַריינגעלאָפען, מיט די הענד דריי־קענדיג די ברוסט און לאַכענדיג אויפ'ן קול. אפילו אסתר'קע האָט אויך איהר פרייד אַרויסגעוויזען, צוטאַנצענדיג זיך ביי איהר זיידען אויף די הענד מיט אַ פרעהליכער קוויטשעריי. דערנאָך האָט נחום אַרונטערגעלאָזט אסתר'קען אויף דער ערד, געגעבען מאַקס'ען די האַנד, אַרומגענומען איהם און זיך מיט איהם צוקושט.

— זאָל זיין מיט מזל, מיט גליק, מיין זוהן!

— אמן! — האָט מירקע אונטערגעכאַפּט מיט'ן גאַנצען האַר־צען און אָפּגעווישט אַ טרער.

---

## .4

עטליכע מאָנאַט זיינען פאַראיבער. מאַקס און פריידעל זיינען געווען גליקליך. זיינען געגאַנגען אַמאָל אין אידישען טהעאַטער און האָבען דאָרט אַפּלאָדירט די שענע, „עהרליכע" מענשען אויף דער ביהנע, בעזאָנדערס ווען יענע האָבען געגוואַלדעוועט מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזען... האָבען בעזוכט לעקציעס און אַזוי מאַסען־פערזאַמלונגען און דאַן האָט מאַקס איהר ערקלעהרט אויף זיין בעזונדערען שטייגער, מיט וואָס ער איז איינפערשטאַנען מיט'ן לעקטשורער אָדער רעדנער און מיט וואָס ניט. זי איז אַלע מאָל געווען איינפערשטאַנען מיט איהם, מיט מאַקס'ען, כאָטש זי האָט איהם זעלטען־ווען פערשטאַנען, און האָט גרויס דרך־ארץ געהאַט פאַר זיינע שווערע „וויסענשאַפטליכע" ווערטער, וועלכע האָבען זיך פון זיין מויל געשאָטען צו הרג'עטע, צוקאַליעטשעטע, אַלע מאָל אָהן אַ סדר, אָבער קיין מאָל ניט מיט דער אַבזיכט צו ווייזען, וואָס ער קען, אָדער ריכטיגער, וואָס ער קען ניט, אַלע מאָל עהרליך און אויפריכטיג... ער האָט אויף זיין בעזונדערען שטייגער געדענקט און פערשטאַנען די שווערע ענינים, וועגען וועלכע די לעקטשורערס האָבען גערעדט און די שרייבער האָבען געשריעבען, אויפגעכאַפּט די שווערע ווערטער ביי זיי און דערנאָך ארויסגעשאָטען זיי אויף זיין בעזונדערען שטייגער. וואָס שווערער אַ לעקטשורער האָט גערעדט און אַ שרייבער האָט געשריבען, אַלץ מעהר דרך־ארץ האָט ער פאַר זיי געהאַט, אַלץ גרעסערע וויסענשאַפטסלייט זיינען זיי געווען אין זיינע אויגען. גאַנץ אָפט איז ער געזעסען אין איהר צימער און איהר פאָרגעלעזען אויפ'ן קול די שווערסטע אַרטיקלען פון דער „צוקונפט", צי פון דער אַלטער „פרייע געזעלשאַפט" און האָט זיי איהר ערקלעהרט און פערטייטשט, אָדער „בעלייכטעט" — ווי ער אַליין פלעגט זאָגען. אַמאָל האָט ער פאַר איהר פאָרגעלעזען בעלעטעריסטישע זאַכען — אגב נאָך מיט מעהר הנאה, ווי די וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען — אָבער אַלע מאָל די בעסטע, די אמת רעאַליסטישע, אָדער ווי ער פלעגט ארויסריידען: „רילאַאיסטישע"... און אמת רעאַליסטישע האָבען ביי איהם געהייסען אַזוינע ערצעהלונגען, צי ראָמאַנען, וואָס האָבען אָפען בעהאַנדעלט די געשלעכטליכע פראַגע. און דערפאַר זיינען געווען אַ טאָלסטאָי, אַ

זאָלאַ, אַ מאָפּאַסאַן און מאַנכע אידישע שריפטשטעלער גרויסע שרייבער. אמת, אַמאָל, ווען ער האָט געלעזען אַ שונד־ראָמאַן און דאָרט געטראָפען אַזאַ סצענע נאָך אָפענער געשילדערט, האָט ער זיך דאַן געוואונדערט: שטייטש, אַזוי „ריאַליסטיש“, הײנט ווארום זאָגט מען עפּעס, אַז דאָס איז שונד!... האָט ער זיך דאַן געוואונדערט און אויף דעם קיין ענטפער ניט געפונען...

און ווען ער האָט פּאר איהר געלעזען די דאָזיגע זאַכען, האָט ער איהר דאַן אויך ערקלעהרט, אָבער מעהר מיט זיינע שטאַרקע, מעכטיגע הענד... יעדעס מאָל נאָך אַזאַ, „ריאַליסטישע“ זאַך האָט זי געפיהלט ווייי אַלע אברים טהוען איהר וועה... אַזוי געזונד און מיט אַזאַ פייער האָט ער איהר ערקלעהרט...

אין׳ם הויז איז ער איצט שוין פערערכענט געווען ווי איינער פון דער פאַמיליע, האָט דאָרט געגעסען און געטרונקען און אַלע דאָרט האָבען איהם ליעב געהאַט און פון איהם נחת געקליבען.

נור איין ברכה האָט איהם פיינד געקראָגען. אָנקוקען איהם ניט געקענט, ווי כמעט יעדען אין׳ם הויז, זינט פריידעל איז אַ כלה געוואָרען. זי איז איצט יעדען אָבענד אין דער גאַס־טהיר געשטאַנען און דעם שענעם יונגען מאַן אָפּגעוואַרט. זי האָט איהם אָבער ניט געזעהן. אפנים, ער איז פערנומען געווען אין זיין געשעפט. איז זי געשטאַנען, ביז איהר איז גוט קאַלט געוואָרען, דערנאָך איז זי אוועק ערגעץ אין אַ פינף סענטיגען טהעאַטער, געזעהן דאָרט בילדער, אַ מואָווינג פּיקטשור... געהערט ליעדלאַך און אויף אַזאַ אופן געזוכט אויסצופילען די פּוסטקייט אין איהר האַרצען, געזוכט איהר בענקעניש צו דערשטיקען...

* * *

און מיט אַמאָל איז מען אין דעם דאָזיגען הויז אונרוהיג געוואָרען. מאַקס האָט ערקלעהרט, אַז ער פערלאַנגט „פרייע הייראַטה“, אָהן אַ חופּה הייסט עס... ביי פריידלען וואָלט ער דאָס אפשר גע־פועל׳ט, נור איהר מאַמע האָט ערקלעהרט, אַז ווען מען זאָל איהר אפילו אָנשיטען אַ פולע הויז מיט גאָלד, וועט זי דאָס ניט דערלאָזען. דערביי האָט זי אויפגעהויבען אַזאַ יאָמער, אַקוראַט ווי מען וואָלט פון איהר פערלאַנגט, אַז פריידעל זאָל זיך שמד׳ען, אָדער שטאַרבען.

נחום איז אויך צומישט געוואָרען: וואָס הייסט אָהן אַ חופה? אמת, ער איז טאַקע אַ פרייער מענש, אַן אויפגעקלעהרטער, אָבער אַ חתונה דאַרף זיין ווי געהעריג איז. מען מאַכט איין מאָל חתונה אַ קינד. אָהן אַ חופה איז עפּעס גאָר קיין חתונה ניט. עס ווילט זיך אַמאָל אין לעבען אַ טאַנץ טהאָן אויך. וואו זאָל מען אַ טאַנץ טהאָן, ווען ניט ביי אַ קינד אויף דער חתונה?... און ווידער טאַקע אַז מען האָט חתונה מיט אַ חופה איז מען עפּעס מעהר מאַן און ווייב פאַר לייטען אויך. אויפגעקלעהרט היינט, אויפגעקלעהרט מאָרגען, נור אַ קינד איז אַ קינד און מען קען ניט מיר נישט דיר נישט, כאַפּ־לאַפּ, און שוין מאַן און ווייב!... אָבער מאַקס האָט זיך איינגעעקשנ'ט: ביי איהם איז נישטאָ קיין „מאָנקי ביזנעס", ער איז אַ פּרינציפּיעלער מענש. אומזיסט האָט איהם דזשעק אנגעוויזען אויף זיך אַליין: ער, דזשעק הייסט עס, איז אויך אַ מענש מיט פּרינציפּען, פונדעסטוועגען האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ חופּה. מאַקס האָט איהם געענטפערט:

— דו ווייסט אזוי פיעל אין פּרינציפּען, וויפיעל דער קאַפּיטאַ־ליסטישער קלאַס פון רחמנות און יושר...

האָט זיך לאַה'קע, דזשעק'ס ווייב, דאַן אויך אריינגעמישט:

— און אַז מיר האָבען חתונה געהאַט מיט אַ חופה, ליעבען מיר דען דערפאַר ניט איינער דעם אנדערען?...

— און איך וויל חתונה האָבען אָהן די פיער פּלעקלאַך — האָט מאַקס געענטפערט — איך בין ניט קיין היפּאָקריט. ווען איך זאָל ניט האַנדלען פּרינציפּיעל און רעוואָלוציאָנער, מעג מיך דאַן דער טייפעל נעהמען!...

— אָבער מען דאַרף האָבען רחמנות אויך — האָט מירקע זיך געווענדעט צו איהם מיט אַ געוויין — איך וועל דאָך אַזאַ זאַך ניט איבערלעבען!...

מאַקס האָט געענטפערט, ציהענדיג די ווערטער, אזוי ווי ער פלעגט ריידען אין זיין יוניאָן:

— דאַרפסט איהר ניט זיין אזוי נאַריש, ניט אזוי פאַנאַטיש, ניט אזוי בלינד; איהר דאַרפט אָנהויבען צו פערשטעהן, צו בעגרייפען, אריינדרינגען אין דעם גייסט פון אַזאַ טהאַט, פון אַזאַ האַנדלונג, וואָס וועלכע יעדער קאָנסעקווענטער, אמת'ער רעוואָלוציאָנער מיט „קאָפּראַ־

מיסלאַזע" פּרינציפּען און ניט קיין היפּאָקריט מוז האַנדלען אַזוי „קאָמפּראָמיסלאַז" און ניט ווי אַ גאַט פערדאַמטער היפּאָקריט!...

— וואָס זאָגט ער, האַ? — האָט מירקע זיך געווענדעט צו איהר מאַן.

— גיטאַ וואָס צו הערען! — האָט נחום פּלוצים אויסגעשריען מיט אַזאַ כעס, וואָס קיינער וואָלט פון איהם קיינמאָל ניט ערוואַרטעט: — מאַקס, קענסט געהן! זי וועט קריגען אַן אַנדער חתן!...

— אָלל־רייט — האָט מאַקס אַרויסגעמורמעלט — איך געה!

און ער איז אַוועק מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ.

פריידעל איז אַריין צו זיך אין צימער און האָט זיך צו־וויינט. ברכה, וועלכע איז געוועזען דערביי, בעת דער געשפּרעך מיט מאַקס'ען איז פאָרגעקומען, האָט איהר פריידע ניט געקענט פערבעהאַלטען און אַזש גענומען זינגען אַ פרעהליך, ציגיש ליעדעל, וואָס זי האָט געהערט אין דעם בילינגען טהעאַטער, ביז לאה'קע, וועלכע האָט פערשטאַנען, פאַרוואָס זי פרעהט זיך, איז אויף איהר אָנגעפאַלען און זיך גענומען מיט איהר קריעגען. נחום איז אַרומגעגאַנגען אַ צומישטער. מירקע האָט זיך פערדרוקט אין אַ ווינקעלע און געווישט די אויגען. אַפּילו אסתר'קע האָט געקוקט אַרום זיך צושראָקען. לואי איז אין'ם שטוב ניט געוועזען און שפּעטער, ווען ער איז אין הויז אַריין, האָט ער גלייך דערשמעקט, אַז עפּעס איז דאָרט ניט גלאַט, איז ער צוגעגאַנגען צו לאה'קען און ביי איהר אַזוי לאַנג געפרעגט, ביז זי, וועלכע איז געוועזען איצט אין כעס, האָט איהם אַ שטויס געטהאַן פון זיך. דאַן איז ער אַוועק שלאָפען.

שפּעט ביינאַכט איז בעני, דער סטודענט, פון דער אַרבייט געקומען, אַ בלאָנדער, בלייכער, מאַגערער יונגער מאַן. נחום האָט אויף איהם געוואַרט. ער האָט איהם דערציילט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. בעני האָט אויסגעהערט דעם פאָטער, דערנאָך האָט ער געענטפערט:

— איך האָב דאָס ערוואַרטעט... איך וועל מאָרגען זיך מיט איהם זעהן... אפשר... איך וועל פּרובען...

אויף מאָרגען האָט זיך בעני מיט איהם געזעהן. עס האָט ניט געהאָלפען. מאַקס האָט גע'טענה'ט, אַז ער איז ניט קיין היפּאָקריט, און וויל האַנדלען לויט זיינע פּרינציפּען...

פריידעל איז געווען פערצווייפעלט, האָט ניט געגעסען און ניט געקענט שלאָפען.

אין אַ צוויי טעג ארום האָט זיך מאַקס ווידער בעוויזען ביי זיי אין הויז, ער איז אריינגעקומען בלייך און פערמרה'שחורה'ט און האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל. אַלע אין'ם הויז האָבען זיך דערפרעהט, ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָבען אָבער זייער פרייד ניט ארויס־געוויזען, נור זיך דורכגעוואונקען מיט די אויגען.

זיי האָבען איהם געבעטען עסען, ער האָט ניט געוואָלט. טרינ־קען אַ גלאָז טהעע, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

דאַן האָט מירקע זיך אָנגערופען:

— זעה, מאַקס, וואָס פון פריידלען איז געוואָרען און דו זאָגסט נאָך, אַז דו האָסט זי ליעב!...

מאַקס האָט ארויסגעמורמעלט:

— איך לייד ניט וועניגער פון איהר... מיר ליידעןביידע...

איך געה ארום אָהן אַ קאָפּ... איך האָב שוין צוויי טעג ניט געגעסען...

— הייגט פּאַרוואָס ביזטו אזא עקשן? — האָט נחום זיך אָנ־גערופען.

— אַן עקשן? פּאַרוואָס? ווייל איך בין אַ פּרינציפּיעלער מענש? ווייל איך האָב מיין „אנשויאונג?" — האָט מאַקס כמעט ארויסגעקרעכצט.

דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— הערט אויס... גוט! מיר וועלען אָנשרייבען אַ בריעף

אין אונזער צייטונג וועגען דער גאַנצער געשיכטע און פרעגען ביי איהר אַ ראַטה און ווי זי וועט ראַטהען, אַזוי זאָלען מיר טהאָן. זייט איהר איינפערשטאַנען?...

אויף דעם האָבען אַלע מסכים געווען. די צייטונג וועט, חלילה, ניט הייסען טהאָן קיין עולה. זיי האָבען יעדען טאָג געלעזען די עצות פון דער צייטונג און האָבען אין איהרע עצות געגלויבט, ווי פרומע אידען אין די עצות פון אַ גוטען אידען...

— נור דעם אמת זאָל מען איהר שרייבען — האָט נחום גע־זאָגט — דעם גאַנצען ריינעם אמת, דעמאָלט וועט זי געבען אַ ריכ־טיגע עצה...

— און וועגען די יסורים פון מיין הארצען זאָלט איהר אַריינ־שרייבען — האָט מירקע זיך אַ כאַפּ געטהאָן — אי, אַז איך אַליין וואָלט געקענט שרייבען!...

און מאַקס האָט זיך געזעצט שרייבען דעם בריעף, איז געזעסען איבער אַ שטונדע און האָט צום סוף איהם אָנגעשריבען. אַלע האָבען זיך ארום איהם ארומגעשטעלט, ברכה אויך, און ער האָט גענומען לעזען:

„איך און די אויסגעוועהלטע מיינע, וואָס־וועלכע איך וויל מיט איהר מיין צוקונפט פערבינדען, זיינען פרייע גייסטער, וואָס־וועלכע שטרעבען מיט אונזער צוקונפט־שיף צו דער פרייער געזעלשאַפט אָהן צוואַנג און אָהן שקלאַפעריי און וואָס־וועלכע ווילען לעבען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט פון קאַפּיטאַליסטישער היפּאָקריטסטווע קאָמ־ראָמיסלאָז און פּרינציפּיעל לויט אונזערע פּרינציפּען און אַנשויאונ־גען. די עלטערען איהרע פאָדערען די פיער שטעקענס מיט אַ חופּה, אַניט קעמפּפען זיי געגען אונזער פעראייניגונג. איך לייד שרעקליך און מיין אויסגעוועהלטע ליידעט אויך שרעקליך און אויף איהרע על־טערען איז אויך אַ מיטלייד, ווארים זיי זיינען דאָך ניט שולדיג, וואָס אין זייערע קעפּ איז נאָך פינסטער... האָבען מיר זיך פערלאָזען אויף אייך און ווי איהר וועט אונז ראַטהען אַזוי וועלען מיר טהאָן...“

ער האָט זיך ארומגעקוקט:

— נו? ווי געפעלט אייך דער בריעף?

— און וואו זיינען מיינע יסורים, מאַקס? — האָט מירקע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט טרערען אין׳ם קול — די צייטונג זאָל וויסען, אַז ווען איהר שטעלט ניט, חלילה, קיין חופּה, וועל איך דאָס ניט אויסהאַלטען, איך וועל שטאַרבען. שטעל דאָס אריין, מאַקס, דער־מאָלט וועט זי רחמנות האָבען אויף מיין לעבען!...

מאַקס האָט צוגעשריעבען:

„און איהר מוטער זאָגט, וואָס־וועלכע קעמפּפט מעהר פון איהר פאָטער, אַז זי וועט בעגעהן זעלבסט־מאָרד, אויב מען וועט קיין חופּה ניט שטעלען...“

— אַז איך וועל פּלאַצען, אַז איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען — האָט איהם פערריכט מירקע — אָט דאָס שרייב!...

מאַקס האָט נאַאיוו געענטפערט :

— נו, וואָס פאַר אַן אונטערשיעד, ווי אַזוי איהר וועט שטאַר־בען : צי פּלאַצען, צי אַנדערש, אַבי עס וועט זיין אַ זעלבסט־מאָרד. און דאָס האָב איך קלאָהר געשריעבען...

דערנאָך איז ער אַוועק מיט פריידלען אריינוואַרפען דעם בריעף. דאַן האָט יעדער גענומען בעטען אין האַרצען, אַז די צייטונג זאָל געבען די ריכטיגע עצה.

ברכה איז געשטאַנען פערטהאָן אין זיך. עס איז איהר פּלוצים איינגעפאַלען, פאַרוואָס זאָל זי אויך ניט אריינשרייבען אין איהר צייטונג. זי לעזט דאָרט יעדען טאָג, ווי חתנים זוכען דאָרט כלות און כלות חתנים, פאַרוואָס האָט זי דאָס ביז היינט ניט געטהאָן ?... אוי, אַ גלאָמפּ !... און טאַקע אויסריידען דאָס האַרץ אויך. אפשר וועט ווער רחמנות האָבען !...

און זי איז אריין צו זיך אין צימער מיט'ן טינט און פעדער, גענומען פּאַפּיער, געזעצט זיך אויפ'ן בעט, צוגערוקט צו זיך דעם קליין טישעלע און גענומען שרייבען :

„איך בין פינף יאָהר אין אַמעריקא" — האָט זי געשריעבען — „קום פון מינסק. איך האָב דאָ ניט קיין עלטערען און קיין פריינד. איך בין דאָ עלענד ווי אַ שטיין. איך פערגעה דאָ פאַר בענקעניש נאָך אַ היים. איך וועל קענען זיין אַ גוטע פרוי און אַ גוטע בעל־הבית'טע צו אַ מאַן. מעג ער זיין ניט קיין שענער, ניט קיין רייכער, נור אַן עהרליכער ארבייטער..."

זי האָט אַ טראַכט געטהאָן, דאַן האָט זי ווייטער געשריעבען :

„און ער מעג זיין אפילו אַן אלמן, אָבער אָהן קינדער..."

זי האָט ווידער אַ טראַכט געטהאָן :

„און ער מעג זיין אפילו אַן עלטערער (זי האָט עס אויסגעמעקט און עס דערנאָך ווידער אָנגעשריעבען), איך וועל יעדען זיין אַ גוטע ווייב. איך בין עלענד ווי אַ שטיין (איהרע אויגען האָבען זיך אָנ־געפילט מיט טרערען און זיי האָבען פערשטעלט פאַר איהר די בוכ־שטאַבען. דאַן האָט זי אָבגעווישט די אויגען און ווייטער געשריע־בען). קיין געלד האָט איך ניט, נור אַ ווארימע האַרץ און אַ גוטען כאַראַקטער. איך בין אַלט... (זי האָט זיך אָבגעשטעלט און גענומען טראַכטען. דאַן האָט זי אָנגעשריעבען „25 יאָהר" און באַלד פון דעם

פינף געמאַכט א דריי. זי האָט געשריבען ווייטער): איך בין א גע־זונדע, וועג 170 פונט און ווען איך וואָלט אזוי פיעל ניט געליטען, וואָלט איך נאָך מעהר געוואויגען. איך לייד זעהר שטאַרק, ווייל איך בין עלענד ווי א שטיין".

זי האָט זיך אונטערגעשריעבען:

„די בענקענדע".

אויף מאָרגען האָט זי איהר בריעף אוועקגעשיקט. איהר בריעף איז ערשיינען אין איהר צייטונג פריהער ווי מאַקס'עס בריעף אין זיין צייטונג. און זי האָט גענומען וואַרטען, אַז אימיצער זאָל זיך אָברופען אויף איהם. יעדען פאַרנאַכט, ווען זי איז פון דער ארבייט געגאַנגען, האָט זי מיט א קלאַפּענדיגען האַרצען איהר צייטונג געקויפט און געזוכט דאָרט, אַז אימיצער זאָל זיך אָפּרופען אויף דעם בריעף פון „די בענקענדע', אָבער קיינער, קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופען, אַקוראַט ווי איהר בריעף וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געדרוקט געווען. איצט איז זי נאָך מעהר פערצווייפעלט געווען. אנדערע ענטפערט מען דאָך. פאַרוואָס ניט איהר!... א פּאָר מאָל האָט זיך איהר גע־חלום'ט, אַז זי האָט געקראָגען בריעף פון יונגע לייט און זייערע פאָ־טאָגראַפיעס מיט א פאָרשלאָג. און איין מאָל האָט זי זאָגאַר דערקענט אין א פאָטאָגראַפיע דעם שענעם יונגען מאַן, וועלכער האָט געוואָהנט מיט זיין מוטער און שוועסטער אין דער טהיר נומער דריי. דערנאָך אָבער, אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זיך די ווירקליכקייט איהר אויסגעוויזען נאָך פינסטערער...

יענע האָבען אויך מיט אונגעדולד ערוואַרטעט זייער בריעף אין דער צייטונג.

מאַקס איז געווען אונרוהיג, טאָמער הייסט איהם די צייטונג בלייַ־בען „קאַפּראָמיסלאָז", ער האָט זיין אונרוהיגקייט אָבער ניט ארויסגע־וויזען. פריידעל האָט אויך פאַר דעם געציטערט און שטילענקערהייט האָט זי צו דעם גאָט, וואָס האָט אין איהר האַרצען געלעבט, געבעטען: „גוטינקער גאָט, האָב רחמנות, לעג זיי דאָרט אריין די ריכטיגע עצה..." און איהר מאַמע מירקע האָט א סך מאָל געוועדט צו נחום'ען:

— טאָמער וואָלטען מיר צוגעגאַנגען צו דער צייטונג און זי גע־בעטען, האַ?

ביז איינמאָל אַ זונטאג גאַנץ פריה, ווען אַלע האָבען נאָך גע־שלאָפען, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּען אין זייער טהיר.

נחום האָט געעפענט. מאַקס איז אריינגעלאָפען, פאָכענדיג מיט דער צייטונג אין דער־הויך, און דער פּנים האָט ביי איהם געברענט פלאַם־פייער און ער האָט אין גאַנצען געשמייכעלט. ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן נחום'ם האַנד מיט אַזאַ התפּעלות, דאָס יענער האָט גענומען שרייען פאר וועהטאָג. דאן האָט ער איהם געוויזען די צייטונג. נחום האָט דאָרט געפונען דעם בריעף און דעם ענטפער. ער האָט איבער־געלייענט און גענומען טאַנצען.

— אַהאַ — האָט ער געשריען — נו, ווער איז געווען גערעכט, אַ מהומה אויף דיר? זעהסט? וואָס די צייטונג ענטפערט? אַ קאַטאָוועס אַ מאַמע'ס האַרץ! די גמרא זאָגט אויך... דער בחיי אויך... מירקע! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן און איז אוועקגעלאָפען מיט דער צייטונג צו איהר אין שלאָף־צימער.

באַלד זיינען אַלע אויף געווען אין'ם הויז. האַלב־אָנגעטהאָנענע איז מען ארויסגעלאָפען פון די אנדערע צימערען, דזשעק אַ באָר־פוסער, לאַה'קע מיט אַ ראַפּער מיט צולאָזענע האָאָר, בעני איז אויך ארויסגעקומען מיט אַן אויפגעשטעלטען קראַגען, פריידעל אין שיך אָהן זאָקען, מירקע מיט'ן טיכעל פערדרעהט אויפ'ן קאָפּ, כליפּענדיג פאר פרייד, נחום הינטער איהר מיט דער צייטונג אין דער־הויך, אפילו לואי און אסתר'קע זיינען אויך אריינגעשפּרונגען אין זייערע קורצע העמדעלאך, כמעט נאַקעט. מען האָט געלעזען דעם ענטפער, געפרעהט זיך און געבענשט די צייטונג.

נחום האָט געזאָגט:

— פאָרט אַן אויפגעקלעהרטע צייט! אַמאָל האָבען אידען גע־שיקט קוויטלאך וועגען עצות צו גוטע אידען, היינט שיקט מען בריעף צו די צייטונגען. און עס איז בעסער אזוי. אין די צייטונגען מעג מען טאַקע האָבען אמונה!...

— אמת, אמת! — האָט מירקע מסכים געווען מיט התפּעלות.

און בעני, דער סטודענט, האָט אַ טראַכט געטהאָן:

— טאַקע אַ נייע אמונה ביי אידען! וויפיעל גוטעס די צייי־טונגען וואָלטען געקאָנט אויפטהאָן ביי אַזאַ גלויבען אין זיי!...

מאַקס איז צוגעגאַנגען צו נחום'ען, האָט איהם אַ קיצעל געטהאָן מיט'ן גראָבען פינגער אין זייט און זיך אָנגערופען מיט אַ ברייטען שמייכעל:

— צופריעדען, הא?

נחום האָט איהם ניט געענטפערט, ארומגעכאַפּט איהם און זיך מיט איהם צוקושט...

ברכה איז דורכגעגאַנגען. זי האָט שוין געהערט וועגען דעם ענטפער און עס האָט זי אַזוי געמוטשעט, געמוטשעט. זי איז גע־גאַנגען קויפען איהר ציטונג, טאָמער האָט זיך היינט אימיצער דאָרט אָפּגערופען.

אין דער גאַס־טהיר איז זי פּלוצים שטעהן געבליבען. זי האָט דערזעהן דעם שענעם יונגען מאַן אין דרויסען אויף די טרעפּ.

ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אַזוינע לאַסצענדיגע אויגען.

— העללאָ! מען זעהט אייך עפּעס ניט!...

זי האָט קוים ארויסגערעדט פאַר אויפרעגונג:

— און אייך אויך ניט...

— איך האָב אייך שוין פיעל מאָל געוואָלט טרעפען... איך וויל אייך איינלאַדען צו אַ באָלל... היינט, אויב איהר ווילט...

זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן:

— היינט? אָלל־רייט, מיט פערגעניגען.

—איך וועל אויף אייך וואַרטען פּונקט אַכט אוהר אבענדס דאָ ביי גרענד סטריט. פערגעסט־זשע ניט.

און ער איז אריין אין דער טהיר, וואו זי איז געשטאַנען, דורכ־געקוועטשט זיך אויף אַ בעזונדערען אופן מיט זיינע עלענבויגענס פערביי איהר, אַזוי, דאָס זיי האָבען בעריהרט איהר בוזים, אַקוראַט ווי ער וואָלט אפריהער געוואָלט בעטאַפּען אַ געוויסע סחורה, צו זעהן, וואָס דאָס איז אַזוינס, דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, נאָך אַמאָל זי אָנגעקוקט מיט זיינע דורכדריגענדע אויגען, געזאָגט: „גוד־ביי, פערגעסט־זשע ניט, פּונקט אַכט". און איז אוועק אויבען...

אין אַ ווײַלע ארום איז זי געלעגען אין איהר בעט און אַלסדינג אין איהר האָט געשריען:

— היינט אַכט אוהר! היינט אַכט אוהר! היינט אַכט אוהר!..

פון דעם צווייטען צימער האָבען זיך געהערט די פרעהליכע שטימען פון פריידלען, מאַקס׳ען, און די אנדערע. ערגעץ האָט אַ טהיר אַ קלאַפּ געטהאָן. באַלד נאָך איינע. ערגעץ האָט אַ זייגער געשלאָגען. פון די טרעפּ איז אימיצער געלאָפען. דאָס טענעמענט־הויז האָט זיך היינט שפּעטער אויפגעכאַפּט. די גאַס האָט היינט אזוי ניט גע־ליאַרעמט. זונטאג....

**דעצעמבער, 1913. ברוקלין.**



# טהיר נומער 3.

1.

הינטער דער דאָזיגער טהיר האָט געוואָהנט דער „שענער זשענ־טעלמאַן“ בעני, דער אייגענער, מיט וועמען די רויטע ברכה פון דער טהיר נומער 2 איז צום באָלל געגאַנגען. ער האָט דאָרט געוואָהנט מיט זיין „מאַמען“ און זיין „שוועסטער“.

זיין „מאַמע“ מיסעס גוטמאַן איז געווען אַ דיקע, עלטערע אי־דענע מיט אַ פרומען, גוטען פנים און האָט געטראָגען אַ שייטעל אויפ'ן קאָפּ. זיין „שוועסטער“ מייביל איז געווען אַ אונגעוועהנליך־שען מיידעל, אַ הויך־געוואַקסיגע ברונעטקע, מיט אַ לענגליכען, דונקעלען פנים, שווארצע, גרויסע פייערדיגע אויגען, פעך־שווארצע האָאר און מיט אַ מעכטיגען בוזים.

די שכנות האָבען אַלע פאַר די דיקע מיסעס גוטמאַן דרך ארץ געהאַט, געהאַלטען זי שיעור פאַר אַ צדקנית. קיינעם פון זיי וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געקענט איינפאַלען, אַז דאָס שעהן געוואַקסיג מיידעל מיט די ברענענדיגע אויגען, וואָס ביי איהר ערשיינען אַמאָל אין'ם קאָרידאָר, האָבען די מענער אינסטינקטיוו אַ ציטער געטהאָן און די פרויען האָבען מיט בעוואונדערונג די קעפּ געשאָקעלט און זיך גע־סוד'עט: „וואָס פאַר אַ שענער בוים, קיין עין הרע ניט“, — אַז זי איז ניט איהר טאָכטער און אַז דער שענער יונגערמאַן איז ניט איהר זוהן. אַז זי זאָל זיין אַ בעל הבית'טע פון אַ „שטילען הייזעל“, זי, די פרומע מיסעס גוטמאַן, וואָלט אודאי קיינעם ניט איינגעפאַלען. זיי, די שכנים און די שכנות, האָבען זי תמיד געזעהן מיט איהר

גוטען, פריינדליכען און כמעט צנועות'דיגען שמייכעל, און גערעדט האָט זי אזוי ווייך, אַלע מאָל געברויכענדיג די ווערטער „אַ גדולה אויף אייך", און געקוקט האָט זי אזוי מילד, אזוי גוטהערציג. און אַלע מאָל האָט זי אַ שענע נדבה געגעבען, ווען מען האָט צו איהר אין די טהיר אָנגעקלאַפּט. די טהיר האָט זי שטענדיג געהאַלטען צוגעשלאָסען פון אינווענינ, און האָט מען אין איהר אָנגעקלאַפּט, האָט מיסעס גוטמאַן זי אַ ביסעלע געעפענט און ארויסגערוקט דעם קאָפּ, צו זעהן, ווער דאָרט איז. אַ שכנה האָט זי קיינמאָל אינווענינ צו זיך ניט אַריינגעלאָזט אַלע מאָל מיט'ן תירוץ: „איהר קענט ניט אַריינגעהן, אַ גדולה אויף אייך. מיין טאָכטער טהוט זיך אָן"... אָדער: „מיין זוהן, זאָל לעבען, איז ערשט אויפגעשטאַנען און זיצט זיך ווי אין דער היים, אַ גדולה אויף אייך". און האָט אַ שכנה ביי איהר אַמאָל געבעטען, אַ טעפּעל צו לייהען, האָט זי איהר קיינמאָל ניט געליהען: „טהייערינקע" — האָט זי איהר געזאָגט — „האָט קיין פעראיבעל ניט, אַ גדולה אויף אייך, איך קען עס ניט טהאָן, איך וויים ניט, אויב עס איז געגוג כשר ביי אייך".

און זי האָט עס טאַקי געמיינט אויך. זי איז געווען פרום. האָט אָפּגעהיט כשרות און טריפה אין'ם הויז, געוואַשען זיך צום עסען, אָהן אַ ברכה גאָר נישט אין'ם מויל ניט אריינגענומען. און איז אַ תענית געווען, האָט זי געפאַסט. און פּסח האָט אַ ברעקעלע חמץ ניט געטאָרט זיך געפינען אין איהר גאַנצען הויז. יעדען שבת האָט מיסעס גוטמאַן (פריהער האָט זי אַנדערש געהייסען) איהר טייטש־חומש געלייענט. דאַן האָבען אָפּט גאָטס־ווערטער זי דורכגענומען און זי האָט זיך צוזיפּצט און צו'טענה'ט וועגען די מענשליכע זינד און האָט איהר אייגען זינדיג האַרץ פאַר מייביל אויסגערעדט. און דעמאָלט האָט מייביל איהר יעדעסמאָל געזאָגט, אַז זי איז „פּאָני", קאָמיש, און זי געפרעגט, פאַרוואָס זי איז ניט קיין „ראבי". און די גאַנצע צעהן טעג צווישען ראש השנה און יום כפּור איז איהר הויז „ריין" געווען, און זי האָט תחינות געזאָגט, און אין האַרצען זיך געקלאַפּט, און געקלאָגט. יום כפּור איז זי דעם גאַנצען טאָג אין דער שוהל אָפּגעזעסען און אַז זי איז דערנאָך אַהיים געקומען, איז דער גאַנצער פּנים ביי איהר פערשוואָלען געווען פון געוויין און אין'ם האַרצען האָט איהר וועה געטהאָן פון די זען. וואָס זי האָט זיך מיט

אַלע כוחות געגעבען... זי האָט אין די דאָזיגע מורא'דיגע טעג אַזוי געציטערט, דאָס איהר פּחד האָט זיך אויך אינסטינקטיוו איבער־געגעבען מייבלען, וועלכע פריהער מיט אַ יאָהר, א י י ד ע ר זי איז געזונקען, א י י ד ע ר זי איז צו מיסעס גוטמאַן אָנגעקומען, קיין גאַט אין איהר האַרצען קיינמאָל ניט געפיהלט.

נור איין מיסעס דראַבקין, די יונגע דיקע הויז־קיפּערין מיט די צושויבערטע האָאר, שווארצע אויגען און שטענדיג צושפּילעטען בוזים, האָט געוואוסט, וואָס ביי מיסעס גוטמאַן הינטער דער טהיר טהוט זיך.

אַ היבשע צייט האָט זי אויך ניט געוואוסט. דערנאָך אָבער האָט זי איינמאָל לעצטען ווינטער אין אַ שבת נאַכט בעמערקט עט־ליכע מיידלאך אַהין אַריינקומען, וואָס זיינען איהר עפּעס ניט גע־פעלען געוואָרען. (שבת ביי נאַכט און זונטאָג דעם גאַנצען טאָג זיינען אימער דאָרט געווען עטליכע מיידלאך, אויסער מייביל). דאַן האָט זי זיך אוועקגעשטעלט נעבען איהר קעלער אונטער די טרעפּ און גענומען היטען יעדען, וואָס איז אין דאָס הויז אַריין. אַ אונבעקאַנ־טער יונגערמאַן איז צום הויז צוגעגאַנגען, האָט זי איהם געפרעגט: „מיסטער, ווען דאַרפט איהר?“ האָט ער געענטפערט: „מיסעס גוטמאַן“, און איז אין'ם קאָרידאָר פערשוואונדען. האָט זי זיך דערנאָך געשטעלט אויף די טרעפּ און דורך די גאַס־טהיר, וואָס איז בעלויכטען געווען מיט אַ גאַז־לאָמפּ, אין דעם קאָרידאָר אַריינגעקוקט. אַ יונגערמאַן האָט זיך בעוויזען מיט פערראויטעלטע באַקען און זיך איהר פערבייגע'גנב'עט, ווי פערשעהמט... דערנאָך אַ צווייטער, אַ דריטער, אַלץ מיט פערראויטעלטע פּנים'ער און אראונטערגעלאָזענע אויגען. האָט זי אַ טראַכט געטהאַן: „עפּעס איז מיר דאָרט ניט גלאַט!“ דערנאָך איז מיט אַמאָל בעני אַרויסגעקומען. האָט זי דערזעהן, געוואָרפען אויף איהר אַ דורכדרינגענדען בליק און זיך גלייך צוריקגעקעהרט. „עפּעס איז מיר דאָרט ניט גלאַט!“ — האָט זי דאַן אַ צווייטען מאָל אַ טראַכט געטהאַן. אין אַ ווײלע אַרום איז מיסעס גוטמאַן אַליין אַרויסגעקומען.

— אַ גוטינקע וואָך אייך, מיסעס דראַבקין — האָט זי געזאָגט מיט איהר גוטען, צנועות'דיגען שמייכעל — וואָס שטעהט איהר עפּעס דאָ אין קעלט, אַ גדולה אויף אייך? ביי מיר איז היינט אַ

שטיקעל יום־טוב. מיין טאָכטער, זאָל לעבען, איז היינט א כלה געוואָרען, מיט מזל.

און זי האָט עס געזאָגט מיט אזא אויפריכטיגער מינע און טאָן, דאָס מיסעס דראבקין האָט פערשטאַנען, אז די אויסגעפוצטע מיידלאך, וואָס זי האָט געזעהן אהין אריינגעהן, זיינען חבר׳טעס אָדער קרובות און די יונגע לייט מיט די פעררויטעלטע פנים׳ער האָבען צו ביסלאך דאָרט געטרונקען אויף דער שמחה און זיינען מסתמא געווען שיכור־לאך...

— מזל טוב אייך, מיסעס גוטמאַן — האָט זי זיך דאַן א כאַפּ געטהאָן מיט חרטה אין׳ם הארצען, למאי זי האָט גאָר די חוצפה געהאט חשד צו זיין אזא פרומע אידענע, ווי מיסעס גוטמאַן איז: — גאָט זאָל געבען, איהר זאָלט פון איהר נחת זעהן!...

— א שענעם דאנק אייך, מיסעס דראבקין — האָט מיסעס גוטמאַן געזאָגט, אָנגענומען זי ביי א האנד און איהר אריינגעקוועטשט א ווייכינקע אסיגנאציע.

— א צוויי דאָלארדיגע?

— דאנקט ניט, דאנקט ניט, מיסעס דראבקין, א גדולה אויף אייך, פערניצט געזונד. ביי מיר איז היינט א שמחה, האָט אויך הנאה...

און ווען מיסעס דראבקין איז דערנאָך אין איהר קעלער אריין און האָט עס דערצעהלט איהר מאַן, האָבען זיי ביידע זי געבענשט. מיסטער דראבקין, א יאָהר דרייסיג אַלט, מיט א בלייך־שווינדזיכטיג געזיכט און שפּיציגען, מאָגערען גוף, איז געווען א פּעדלער, האָט געפּעדעלט פון אין דער פריה ביז ביינאכט אין די געגענדען פון בראָנקס און קוים פערדיענט אן אכט דאָלאר א וואָך. פאר דריי יאָהרען, פאר דער חתונה, איז ער א שניידער געווען און האָט פערדיענט איבער אכצעהן דאָלאר וועכענטליך. מיט אמאָל אָבער האָט ער זיך גענומען קלאָגען אויף די ברוסט, דער דאָקטאָר האָט איהם פערבאָטען צו זיצען אין א פערשטיקטען שאָפּ, איז ער פּעדלען אוועק. זיין יונגע פרוי, אום איהם צו העלפען, איז געוואָרען די הויז־קיפּערין פון דעם דאָזיגען טענעמענט־הויז, וואָס האָט געהערט צו א רייכען לאַנדסמאַן. זי האָט שווער געארבייט אויף אַלע עטאַזשען, געוואוסט

וואָס ביי די מייסטע שכנים אין טעפּעל טהוט זיך. נאַטירליך, אין דעם דאָזיגען גרויסען טענעמענט־הויז זיינען אויך געווען שכנים, אפילו זעהר וועניג, וואָס הינטער זייערע טהירען האָט זי נור ווען־ניט־ווען אריינגעקוקט.

מיסעס גוטמאַן האָט אָבער שוין ניט געקענט רוהען: ווען מיסעס דראבקין האָט איינמאָל בעמערקט, האָט זי געקענט אַ צווייטען מאָל בעמערקען. ניט אַלע טאָג קען דאָך אַ טאָכטער אַ כלה ווערען... מען מוז איהר צו'חתמה'נען די אויגען און דעם מויל. און אויף מאָרגען, ווען אַ געוויסער פּאליטישען איז געקומען, קאָלעקטען ביי איהר געלד „פאַר פּראָטעקשען“ (יעדען זונטאָג האָט ער ביי איהר „געקאָלעקטעט“), האָט זי מיט איהם וועגען דעם איבערגערעדט. ער האָט אויך געזאָגט: „מען מוז איהר כשר מאַכען“. און בעני האָט דערביי בעמערקט: זי אַליין מוז מען טריף מאַכען... ער וועט שוין דאָס האָבען אין זינען... דערווייל אָבער, דענקט ער אויך, מוז מען זעהן, זי זאָל ניט זעהן, זי זאָל שטום זיין. דערווײַלע מוז מען איהר „כשר“ מאַכען...

און דעם קומענדען מאָנטאַג בייטאָג, ווען אין'ם הויז איז קיינער ניט געווען און מייבעל האָט דאָרט געשלאָפען אין'ם פראָנט־צימער, האָט מיסעס גוטמאַן אריינגערופען צו זיך מיסעס דראבקין, גע־בעטען זי זיצען און גאַנץ פאַרזיכטיג אזוי אָנגעהויבען:

— מיסעס דראבקין, אַ גדולה אויף אייך, וואָס איך וויל אייך פרעגען... בין איך אַן עהרליכע פרוי, ווי דענקט איהר?

מיסעס דראבקין האָט זי פערוואונדערט אָנגעקוקט מיט איהרע שווארצע אויגען:

— אויב איהר זייט אַן עהרליכע אידענע? וואָס פרעגט איהר מיך, מיסעס גוטמאַן־לעבען, רבונו של עולם, מיין קינד זאָל זיין ניט ערגער ווי איהר!

— איא, מיסעס דראבקין, איך האָב גאָט אין'ם הארצען? פון קיין מצוה זאָג איך זיך ניט אָב, פון קיין נדבה; איך בין גערן צו טהאָן אַ טובה אַ אידען...

— אודאי, אודאי, ווער ווייסט דאָס ניט?...

— איך מיין דאָך, קיינער פון די שכנים וועט, אַ דאַנק גאָט, אויף מיר קיין שלעכטס וואָרט ניט זאָגען...

— חלילה, וואָס רעדט איהר!...

— מען קען האַלטען ניט קיין שענעם געשעפט און זיין אַ שענער מענש, נישט אַזוי?

— געוויס. געשעפט איז דאָך חיונה, ברויט...

— אָ־אָ־אָ־אַט דאָס מיין איך טאַקי, אַ גדולה אויף אייך! — האָט מיסעס גוטמאַן זיך אַ כאַפּ געטהאָן און זי אַ לאַסצע געטהאָן מיט די אויגען — איהר זייט דאָך גאָר אַ קלוג וויבעל, לעבען זאָל איך אַזוי. הערט זשע אויס, אַ גדולה אויף אייך: איך וויל, איהר זאָלט פּערדיענען אַ פּאָאַר דאָלאַר פון דער זייט. אייער מאַן, נעבאָך, איז אַ קראַנקער, דאַרף פּעדלען, נעבאָך, די פּאָאַר דאָלאַר וועלען אייך אודאי צוניץ קומען...

— אֵי־אֵי, נאָך ווי! — האָט מיסעס דראַבקין אויסגעשריען און מיט התפּעלות, דאַנקבאַרקייט און ליעבע געקוקט אויף מיסעס גוטמאַן: — אדרבה, זאָגט נור ווי אַזוי איך קען פערדיענען די פּאָאַר דאָלאַר. איך בין בערייט צו ארבייטען איבער מיינע כוחות. קוים וואָס מיר קומען דורך מיט מיין שוואַכען מאַנ'ס פערדיענסט...

— איהר דאַרפט גאָר ניט ארבייטען. איהר דאַרפט נור קוקען און שווייגען און היטען, אַז אַנדערע זאָלען ניט זעהן. איהר פערשטעהט?

— הא? ניין. איך פערשטעה ניט.

— און איהר דאַרפט נאָך ביי זיך טראַכטען: „פאַר דעם אַנדערנ'ס עבירות וועט מען מיך ניט שמייסען“... דערפאַר וועט איהר קריגען פינף דאָלאַר יעדע וואָך.

— הא? לעבען זאָלט איהר, מיסעס גוטמאַן, איך פּערשטעה דאָך אייך ניט...

— מילא, ווי איך זעה, מוז איך מיט אייך ריידען אָפען. עס קומען צו מיר אַריין מיידלאַך און יונגע לייט און... איהר פערשטעהט נאָך אַלץ ניט? איהר קריגט פינף דאָלאַר יעדע וואָך פאַר וויסען דאָס און שווייגען.

מיסעס דראַבקין האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן פון שטול מיט אַ פלאַמענדיגען פּנים און זי האָט אַזש פערבראָכען די הענד.

— מיסעס גוטמאַן — האָט זי אַרויסגעשעפּצעט — איהר?!
אָי, אַ וועהטאָג איז מיר, איך וואָלט זיך גיכער געריכט אויף אַ מיתה משונה אויף זיך אַליין. שטייטש, אַזאַ פרומע אידענע!...

— זעהט איהר דאָך, ווי איך האָב אייך שוין פריהער געזאָגט: מען קען האָבען ניט קיין שענעם געשעפט און בלייבען אַ שענער מענש. וואָס טהוט מען ניט צוליעב חיונה? אָט איך גיב אייך די ערשטע פינף דאָלאַר...

— ניין, ניין — האָט זיך מיסעס דראבקין אַ כאַפּ געטהאָן — זאָל מיך גאָט אויסהיטען פון אַזוינע געלד! איך וויל ניט, איך וויל ניט אַזאַ געלד...

— פאַרוואָס? איהר גזל'ט זיי דאָך חלילה ביי קיינעם ניט אוועק!

— איך וויל ניט, איך וויל ניט...

— פאַרוואָס ניט, איהר נאַרישע אידענע, וואָס איהר זייט, אַ גדולה אויף אייך?

— איך וויל ניט. איך האָב מורא...

— קיינער וועט דערפון ניט וויסען, דאַרף ניט וויסען, אייער אייגענער מאַן אויך ניט. פאַרוואָס זאָלט איהר נישט האָבען אייערע אייגענע פאָאַר דאָלאַר, זאָגט אַליין, אַ גדולה אויף אייך?

און זי האָט צו איהר אַזוי לאַנג גערעדט און איינגערעדט זי, ביז מיסעס דראבקין האָט זיך צום סוף מישב געווען: „טאָקי נו, פיר זייערע עבירות וועט מען דאָך מיך נישט שמייסען!“...

---

**2.**

און זי האָט אָנגעהייבען צו קריגען יעדען מאָנטאָג איהרע פינף דאָלאַר, ניט דערצעהלט איהר מאַן פון דעם און איז געוואָרען אַן אָפּטע אריינגעהערקע צו מיסעס גוטמאַן, ווען קיין בעזוכער איז דאָרט ניט געווען. אַמאָל האָט מיסעס גוטמאַן פיר איהר אויסגערעדט איהר זינדיג הארץ, גלויבענדיג, אַז אַזוי פערענטפערט זי זיך פיר גאָט. און אַנאַנדערסמאָל, ווען זי איז געזעסען דאָרט ביי אַ גלאָז טהעע

און געשמועסט מיט מיסעס גוטמאַן, איז פּלוצים צו איהר צוגעגאנגען פון הינטען דער שענער, שטאַרקער בעני, וועלכער איז נור־וואָס פון אַ צימער ארוים מיט מייבעל, האָט זי גראָב אַזוי אַ כאַפּ געטהאָן, ווי שווער זי איז ניט געווען, ביי דער טאַליע און זי אַ הייב געטהאָן אין דער הויך. זי האָט געקוויטשעט, געדרעהט זיך מיט איהר דיקען קערפּער אין זיינע אָרעמס און געדריגעוועט מיט די פיס. מייבעל האָט געקוקט אויף זיי, געלאַכט און געשריען אויף ענגליש: „בעני, האָב חתונה מיט איהר!“ און מיסעס גוטמאַן האָט מיט אַ גוטמוטהי־גען שמייכעל געצופּט בעני'ן ביים ארבעל און גערעדט געלאַסען: „לאָז זי צורוה, אַ גדולה אויף דיר, לאָז זי צורוה!“

און ווען ער האָט זי צום סוף פון זיינע הענד ארויסגעלאָזט, זיינען די האָאָר ביי איהר צושאָטען געווען איבער'ן שטערן און איבער די פערשעהמט־שמייכלענדיגע שווארצע אויגען, און דער פּנים האָט ביי איהר געברענט פלאַם־פייער, און זי האָט סאָפּענדיג ארויס־געשעפּצעט: „ווי געזונד, אַ פייער אויף איהם!“...

דערנאָך איז זי גלייך ארויסגעלאָפען.

דאַן האָט בעני געזאָגט צו מיסעס גוטמאַן:

— קען זיין אַ וואוילע סחורה. איך מוז זי טריף מאַכען.

— שור, שור, טהו דאָס, טהו דאָס! — האָט מייבעל אונטערגע־כאַפּט אויף ענגליש און געלאַכט.

אָפט איז זי נייגעריג געוואָרען און איז געשטאַנען נעבען איהר קעלער, צו זעהן, ווער עס געהט אהין... יונגע לייט זיינען אהין גע־גאַנגען, געזונטע, שטאַרקע, און איהר פאַנטאַזיע האָט זיך צוברענט, זעהענדיג, ווי זיי זיינען אהין אריין. און אין איהר הארצען האָט זיך עפּעס געוועקט, און מייבעל האָט זיך איהר דאַן פאָרגעשטעלט און בעני, און זי האָט געפיהלט ווי דאָס גאַנצע הויט האָט זיך אויף איהר אָנגעצונדען... דאַן האָט זי זיך מיט אַמאָל ראַפּטאָם אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַ פלאַמענדען פּנים, איז מיט אַן אימפּעט אריינגעלאָפען צו זיך אין דעם קעלער און האָט געכאַפּט זיך עפּעס טהאָן — קלאַפּען, האַקען, וואַשען, סקראָבען, געטהאָן עס מיט אַ מין רציחה...

און מאַנכעסמאָל אין אַזאַ צייט האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן אויף די הענד איהר צוויי יאָהריגע עופה'לע, וואָס האָט דאָרט אויף דער

פארלאָנגע אליין זיך געשפּיעלט, און צוגעדריקט עס שטארק, שטארק צום הארצען און געריעדט צו דעם מיט אַ קאָבעדיגען אָטהעם:

— וואָס דיר איז אין איין האָאַר, אין איין נאָגעל, עופה'לע מיינס, צו זייער קאָפּ, צו זייער לייב און לעבען!...

אין דער אייגענער צייט אָבער האָט זי געטראַכט וועגען איהר מאַן: „גוואלד, ווי געל, ווי קראַנק ער איז!“...

מיט אַ חודש צוריק, ווען פון דער טהיר נומער 4 האָבען די שכנים ארויסגעצויגען, אַן אַלט פּאָאַר פּאַלק, האָט מיסעס גוטמאַן זיך איבערגעלעגט, אַז זי דאַרף ניט האָבען קיין פרעמדע פּאַר צו נאָהענטע שכנים און פאַרגעלעגט מיסעס דראבקין, זי זאָל אַהין אריינציהען. רענט פיר די וואָהנונג וועט זי, מיסעס גוטמאַן, צאָהלען. אַ דער מאַן? וועט מען איהם קענען זאָגען, אַז דער לענדלאָרד גיט איהר אָפּ די וואָהנונג אויף די אייגענע קאָנדיציאָנען, ווי דעם קעלער, מחמת ער איז צופריעדען פון מיסעס דראבקין'ס ארבייט; און דעם לענדלאָרד קען מען זאָגען, אַז ווייל דעם מאַן פערשאַדט די לופט אין דעם קעלער, האָט אַ רייכע קרובה איהר געהייסען נעהמען די רומס און זי וועט פיר זיי רענט צאָהלען.

מיסעס דראבקין האָט זיך אָן דעם אָנגעבאָפּט. אוודאי איז בעסער צו וואָהנען אויבען, ווי אין דעם קעלער, בפרט נאָך, ווען זי וועט קענען דעם קעלער פערדינגען צו אַנאַנדערען און נעהמען דאָס געלד פיר זיך. דער מאַן האָט זיך מיט דעם דערפרעהט. די לופט אין'ם קעלער הרג'עט איהם גאָר אוועק. ער האָט דעם לענדלאָרד געבענשט און געהאָלפען זיין פרווי איבערציהען...

איצט, ווען זיי האָבען געוואָהנט אַ טהיר געגען אַ טהיר, איז מיסעס דראבקין נאָך אָפטער געווען ביי מיסעס גוטמאַן אין'ם הויז. און בעני איז נאָך געווען פרעכער מיט איהר און זי אליין אויך דרייסטער מיט איהם, האָט זיך ניט געשעהמט שוין אַזוי, ווען ער איז גראָב צו איהר צוגעשטאַנען. פערקעהרט, עס האָט געשיינט, אַז זי האָט דערפון פערגעניגען געהאָט. נור פאַראַכטאָגען מאנטאָג ביי־טאָג, באַלד נאָכדעם ווי זי האָט געקראָגען איהר געוועהנליכע פינף דאָלאַר, און בעני האָט זיך צו איהר אונטערגע'גנב'עט און זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהר, ווי אַ חיה, האָט זי פאַר שרעק איהם אזא

פלעם געטהאָן אין פּנים, דאָס ער האָט זיך מיט'ן רוקען אַ זעץ גע־טהאָן אָן דער ערד.

זי האָט מיט אַן אימפּעט די טהיר געעפענט און איז אַרויס־געלאָפען. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דר'ערד, די גלאַנציגע שוואַרצע טשופּרינע אויף אַ זייט אַ שאַר געטהאָן און געשמייכעלט. ער האָט דערפיהלט אַ וואַרימע פייכטקייט אויף דער נאָז, האָט ער מיט די פינגער אַ וויש געטהאָן און דערזעהן אויף זיי בלוט.

— דאָט'ס רייט! דאָט'ס רייט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטעכיגען שמייכעל און זיינע אויגען האָבען אָנגענומען אַזאַ הארטען און ענטשלאָסענעם אויסדרוק: — מיר וועלען שוין זעהן!...

מייבעל איז געפאַלען אויף די זאָפע, האָט זיך געקייקעלט, געלאַכט און געשריען:

— אָה, האָלי מאָזעס, דהאַט וואַז ע גוד וואַן! דאָס איז געווען איינמאָל אַ זעץ אָן דר'ערד!...

מיסעס גוטמאַן האָט גוטמוטהיג געשמייכעלט און זיך געריי־צט מיט איהם:

— איך האָב דיר געזאָגט, האַ, אַז דו וועסט פון איהר אַמאָל כאַפּען? אַ גדולה אויף דיר, זי איז דאָך געזונטער פון דיר!

דאָ האָט ער זיך אויפגעהויבען, איין האַנד ביי דער נאָז און די צווייטע אויסגעשטעלט צו איהר:

— ווילסט זיך וועטען, אַז נאָך די וואָך מאַך איז זי טריף? נו, וועט זיך, אין וואָס?...

— איך וויל זיך ניט וועטען — האָט זי געענטפערט — און איך וויל זיך אין דעם ניט מישען. איך הייס דאָס דיר ניט טהאָן...

אין'ם הארצען אָבער האָט זי געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשעהן: פרישע סורה איז תמיד די בעסטע סחורה. אָבער זאָגען דאָס אָפען, האָט זי ניט געזאָגט, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז גאָט זאָל דאָס ניט דערהערען. בכלל האָט זי געוואָלט, אַז ער זאָל אַזוינע זאַכען טהאָן אָהן איהר, עפּעס איז דאָן די זינד געטהאָן געווען פון אַנאַנדערען און ניט פון איהר...

אגב, האָט זי געוואוסט, אַז זי קען זיך אויף איהם פערלאָזען. ער איז געווען איינער פון יענע נפשות, וואָס האָט זיך פיר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט. איז געווען דאָס אונגליק פון זיינע עהרליכע

טאַטע־מאַמע, אידיש־רוסישע אימיגראַנטען, וואָס האָבּען איהם אין דער סקוהל געלאָזט לערנען, אַ לייט פון איהם געוואָלט מאַכען און אַן אַנשטענדיגען אידען. זיי זיינען אָבער צופיעל פערנומען געווען מיט דאַגות פרנסה אין דעם דאָזיגען פרעמדען לאַנד, אום צו קענען אַכ־טונג געבען אויף זייער „לויפער" בּענעלע׳ן. און דערצו נאָך איז בּע־נעלע, דער אַמעריקאַנער „בּאָי", בּאַלד אין גאַנצען אַרויס פון דעם רשות פון זיין אויבּיג־גרינגע טאַטע־מאַמע. דער אירלענדישער און איטאַליענישער „לויפער", זיינען איהם נעהענטער געווען, ווי זיין טאַטע־מאַמע, די רוסישע אידען. איז ער געוואָרען מיט זיי איין חברה, אויף די „קאָרנערס" מיט זיי געשטאַנען, „פייטס" מיט זיי בעזוכט, אין קוני אײלאַנד מיט זיי אַרויסגעפאָהרען, אין טאַנץ־שוהלען מיט זיי געגאַנגען און ווען ער איז פון „פּאָבּליק סקול" אַרויס, האָט ער ערקלערט, אַז ער וויל מעהר זיך ניט לערנען. האָבען טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבען אַ קרעמעל אין אַ קעלער פון אַ טענעמענט הויז געהאַט, איהם אין די קרעמעל אַריינגענומען, זאָל ער העלפען, צו די קונדען די בּעשטעלטע גראָסערי זאַכען פונאַנדערצוטראָגען. דאָן איז ער איין שטונדע אין דער קרעמעל געשטאַנען און פינף אויף די גאַסען מיט זיינע חברים. איצט האָט ער אַפּט אַ דאָלאַר פון דעם טיש־קעסטעל שטילערהייט אַרויסגע׳גנב׳עט, האָבען די חברים איהם געלערענט, וואָס צו טהאָן מיט׳ן דאָלאַר — אין אַלערליי שלעכטע פּלעצער איהם געשלעפּט, און קאָרטען איהם געלערענט שפּיעלען. דאָן האָט ער אָפטער גענומען שלעפּען די דאָלאַרס פון דעם טאַטענ׳ס אָרעמען טיש־קעסטעל, ביז דער טאַטע האָט איהם אַמאָל ביי דער האַנד גע־כאַפּט און איהם אָנגעפּאַטשט.

ער איז דאָן געווען אַ יאָהר אַכצעהן אַלט, שען, שטאַרק און שלאַנק. האָט ער געוויזען דעם גרינהאָרן דעם טאַטען, וואָס אַזאַ אַמעריקאַנער בּן, וועלכער איז אַ בּקי אין הלכות „פייטען", קען טהאָן. ער האָט מיט איין זעץ שיער אין גאַנצען ניט אַרויסגעזעצט דעם טאַטען אַן אויג און איז אַנטלאָפען. דער טאַטע האָט אויפגעהויבּען אַ גוואַלד. די מאַמע האָט גע׳חלש׳ט. מענשען זיינען זיך צונויפגע־לאָפען. מען האָט דעם טאַטען איינגערעדט, אַז ער זאָל דעם בּן אַרעס־טירען, נור דער בּן איז ווי אין דר׳ערד אַריין. דאָן האָט ער אַ קורצע צייט געאַרבּייט אין אַ שאַפּ ביים פּאַקען, דערוויילע זיך בּעקאַנט מיט

אַ מיידעל, איז געוואָרען איהר „בעשיצער“ און צוגענומען ביי איהר דעם פערדיענסט. האָט זיך שוין מעהר ניט גענויטיגט אין דעם שאַפּ, אין קיין אַרבייט. דוורך דאָס מיידעל איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט אַנדערע מיידלאַך און זייערע „בעשיצער“, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ מויט“ איז ביי איהם אַלץ איינס געווען — האָט ער גענומען שפּיעלען אַ ראָלע אין זיין נייעם קרייז. האָט מען געדאַרפט איינעם צוברעכען לונג און לענד, צו גאָר אַוועקפּעקלען אין גאַנצען פון דער וועלט, איז ער אויף דעם געווען איין בריה... די הענד האָבען איהם גוט געדיענט, אַניט איז אַ פּיסטאָל אויך רעכט געווען, צי אַ „שטילער“ מעסער. מיט אַנדערע פון די פּאָליסלייט איז ער געווען אויסגע־בונדען. די „מיידלאַך“ זיינע האָבען איהם פערגעטערט, אַנ'אַנדערע פון זיי איז זיין מורא'דיגער שלאָגען ליעב געווען, אַבי זי זאָל קענען זאָגען, אַז ער איז איהר „בעשיצער“. ער האָט אַ מערקווירדיגען חוש געהאַט, צו וועלכער מיידעל עם לוינט זיך צוצוגעהן און צו וועלכער ניט. אַזוינע מיידלאַך, ווי די רויטע ברכה פון דער טהיר נומער 2, האָט ער גלייך דערשמעקט, ווי אַ געיעג־הונד, אַ חיה. און קיינע פון זיי האָט זיך דערנאָך פון איהם ניט אַרויסגעדרעהט. איינמאָל האָט זי צו איהם געהערט, האָט ער שוין געוואוסט, ווי אַזוי צו מאַכען, זי זאָל צו אַנדערע אויך געהערען... ער איז געווען איצט מיסעס גוטמאַן'ס שותף אין צוויי „הייזלאַך“, איינס דאָ און אַ צווייטעס אויף אַנאַנדער סטריט. און זייט ער איז אַ שותף געוואָרען, האָט ער כמעט יעדע צוויי חדשים פרישע „סחורה“ אַריינגעבראַכט אין דעם געשעפט. נור איינע, וועלכע האָט איהם משוגע ליעב געהאַט, האָט זיך צו אַנדערע בשום אופן ניט געוואָלט אָפּגעבען — די קליינע רחל'ע, אַ 16 יאָהריגע מיידעלע, אַ יתומה, וועלכע איז אַנטלאָפען פון איהר פערהייראַטער שוועסטער אין פילאַדעלפיא. ער האָט זי אַמאָל געטראָפען אין קוני־איילענד מיט אַ בעקאַנטער מיידעל און זי אַריינ־געקראָגען. ער האָט זי געבראַכט צו מיסעס גוטמאַן. זי אָבער האָט א י ה ם .נור ליעב געהאַט, האָט ער זי געשלאָגען און וואָלט זי נאָך ערגער געשלאָגען, ווען ניט מיסעס גוטמאַן. זי, וועלכע האָט געוואוסט, ווי זיך צו בעגעהן מיט אַזוינע נפשות נאָך פון דער היים, האָט אויף איהם אַ גרויסען איינפלוס געהאַט. און זי האָט איהם דאַן געזאָגט: „ניין, בענעלע, אַ גדולה אויף דיר, שלאָגען איז גאָר

קיין שכל נים. אַן עפּעל איז אַ סחורה, ווען עס איז שען, גאַנץ, אַ צושלאָגען עפּעל איז גאָר קיין סחורה נים". און בעני האָט איהר טאַקי געפאָלגט און, צום סוף, מיט גוטען ביי דער קליינער רחל'ען אויס־געפיהרט, און ער האָט איהר דערנאָך אוועקגעשיקט אין דעם צווייטען געשעפט.

קורץ, מיסעס גוטמאַן האָט זיך שוין געקענט פערלאָזען אויף איהר שותף און ביי זיך אין'ם הארצען האָט זי גוט געוואוסט, אַז מיסעס דראַבקין וועט סוף כל סוף פון איהם זיך נים ארויסדרעהן...

---

.3

נאָך דער געשיכטע מיט בעני'ן האָט מיסעס דראַבקין זיך צוויי טעג נים געוויזען ביי מיסעס גוטמאַן. זי האָט זיך געשעהמט און מורא געהאַט פאַר איהם. אין דער אייגענער צייט אָבער — מיט שרעק האָט זי דאָס געשפּירט — האָט איהר געצויגען אַהין, געצויגען טאַקי צו בעני'ן.

— גוואַלד, וואָס איז דאָס פאַר אַן אונגליק? — האָט זי דאַן געטראַכט און געזידעלט זיך, און איהר מאַן געשאָלטען פאַר איהר מערכה, פאַר זיין הוסטען, פאַר זיין געלזוכט.

אויפ'ן דריטען טאָג אַזייגער צעהן אין דער פריה איז מיסעס גוט־מאַן צו איהר אַריינגעקומען:

— וואָס זעהט מען אייך עפּעס נים אַן, אַ גדולה אויף אייך?

זי האָט געענטפערט:

— עס איז אַ מורא צו אייך אַריינצוקומען. איך בין נים אַזאַ...

— ווייס איך, ער וועט אייך שוין מעהר נים טשעפּען. איך האָט איהם אויסגערעדט.

— מיך אַרט נים, אַז ער טהוט אַמאָל אַ שטיף מיט מיר. מילא... אָבער אַזוי ווי אַ הפקר־יונג? ווי אַ שאַרלאַטאַן? — זי האָט זיך פּלוצים צו־וויינט — איך בין אַ מאַמע פון אַ קינד!...

— נו, נו, אַ גדולה אויף אייך, ער וועט שוין וויסען... קומט אריין, ער איז נישטאָ. קומט, מיר וועלען טהעע טרינקען, איך האָב היינט פיינע קייק...

— אָט באַלד. איך'ל נור דאָס קינד איינשלעפערען...

* * *

שפּעטער אַ ווײַלע האָט זי אָנגעקלאַפּט אין די טהיר נומער 3.

— ווער איז דאָרט?

— איך, מיסעס גוטמאַן.

דאָס שליסעל פון יענער זייט האָט אַ קלונג געטהאָן, די טהיר האָט זיך געעפענט און מיסעס דראבקין איז אריין און איז פּלוצים געבליבען שטעהן מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען.

אין מיטען צימער איז געשטאַנען מייבעל, האַלב נאַקעט און האָט זיך געקאָמט די לאַנגע פּעך־שווארצע האָאָר, וואָס זי האָט נור־וואָס געזויפּט און ווארימען וואַסער געוואַשען. די האָאָר האָט זי געקאָמט אויף פּאָרענט און זיי זיינען מיט זייער גאַנצער שווערקייט געפאַלען איהר איבער'ן פּנים און אַרונטער איבער איהר שטייפען, בעוועגליכען בוזים, וועלכער האָט פון צייט צו צייט, בעת זי האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, אַרויסגערוקט זיך פון אונטער דעם האָאָר־שלייער נאַקעט־פרעך און היים־לינדיג, ווי פון אונטער אַ געדיכטען, שווארצען און פייכטען בוש. זי איז געשטאַנען מיט אַ זייט און אַביסעלע איינגעבויגט, איין דיקער רונדער אָרם מיט'ן קאָם איבער'ן קאָפּ. דאָ און דאָרט זיינען געלעגען זייף־פלעקען אויף איהר שענעם, געוויקסיגען, דונקעל־ראָזאָווען גוף, דורך וועלכען, ווי עס האָט זיך געדאַכט, דאָס רויטע, זינדיגע בלוט האָט דורכ־געלויכטען.

זי האָט זיך דאָס אַזוי געפּוצט פיר זעהר אַ רייכען „גאַסט“, וואָס זי האָט ערוואַרטעט.

מיסעס דראבקין האָט די אויגען פון איהר ניט געקענט אָפּ־רייסען. אַזאַ שענהייט האָט זי נאָך אויף איהר לעבען קיינמאָל ניט געזעהן. אַזוי, לכל הפּחות, האָט זיך איהר אויסגעוויזען.

— גוואלד — האט זי א טראכט געטהאן — אזא מיידעל האט דאך געדארפט האבען א מאנארכען פיר א מאן. הײנט װי קומט זי אהער?

מיסעס גוטמאן האט זיך מיט אמאל אנגערופען, אזוי װי זי װאלט זיך געװאלט פערענטפערען פאר מיסעס דראבקין:

— אי, גוואלד, זי האט גאר קיין חרפה ניט! מייבעל, א גדולה אויף דיר, וואס שטעהסטו אזוי פאר א פרעמדען מענשען? געה אריין אהין, געה, האב כאטש אביסעל בושה!...

מייבעל האט פונאנדערגענומען די האאר פון פארענט, ארויס־גערוקט פון דארט דעם פנים מיט די שווארצע ברענענדיגע אויגען, וואס האבען פון דארטען ארויסגעקוקט ווי פון צווישען א שווארצען ראהם, דאן האט זי גאנץ שטייף צונויפגענומען די האאר פון פארענט. אויסגעבויגט זיך, א ציה געטהאן איין מאל, א צווייטען, און מיט אמאל האט זי א ווארף געטהאן דעם קאפ אהינטען, און די האאר, ווי א שווארצע, געדיכטע כמארע, זיינען איהר צוריק אויפ'ן רוקען געפאלען, און זי האט זיך אויסגעגלייכט אין גאנצען וואוקס. דער־נאך האט זי א קוק געטהאן מיט איהרע ברענענדיגע אויגען אויף מיסעס דראבקין, זיך הויך צולאכט און זיך א לאז געטהאן איבער'ן צימער מיט א ווילדען, משוגה'דיג־אויסגעלאסענעם טאנץ.

מיסעס דראבקין האט זיך צוגעזעצט אויף א שטול, די אויגען איינגעגעסען אין מייבעל'ן, געטראכט אפריהער: ווי שעהמט זי זיך ניט? דערנאך: אז עס מוז איהר זיין גוט, ווען זי איז אזוי פרעה־ליך, אזוי שען, האט געפיהלט, ווי די באקען ברענען ביי איהר פון עפעס, ווי אין'ם הארצען קאכט און קלאפט ביי איהר.

פלוצים האט מייביל זיך אבגעשטעלט, סאפענדיג מיט'ן גאנצען קערפער פון'ם ווילדען טאנץ, ווי א יונגע ברענענדיגע קליאטשע פון שנעל לויפען, און א ווינק געטהאן צו מיסעס דראבקין, זי זאל צוגעהן.

מיסעס דראבקין, פערשעהמט, מיט צופלאמטע באקען, איז צו איהר צוגענאנגען.

— וואס ווילט איהר?

— ווישט מיר אפ אביסעלע דעם רוקען — האט זי געזאגט אויף ענגליש אביסעלע פערסאפעט — זעהט, אויב דארט איז ניט פערבליעבען זייף...

און ווען מיסעס דראבקין האָט געגומען אָבווישען די זייף־פלע־קען, וואָס זיינען דאָ און דאָרט אויף איהר גלאָטען, ווארימען קערפער געבליבען, האָט זי אַליין דערפיהלט זעהר ווארעם, און אונטער איהר בוזים האָט נאָך הייסער גענומען קאָכען, אזוי ווי די היץ, וואָס האָט זיך פון דעם דאָזיגען זינדיגען קערפער געטראָגען, וואָלט איהר אייגענעם גוף אָנגעשטעקט און דאָס בלוט דאָרט זינדיג אָנגעצונדען. זי האָט פּלוצים ארויסגעמורמעלט:

— ווי שען איהר זייט, קיין עין הרע ניט!

— שען, הא? — האָט מייביל זיך צולאַכט און גערעדט ווייטער אויף ענגליש — איך בין אייך געפעלען, הע? זיי בין איך נאָך מעהר געפעלען, די דזשענטעלייט... און איהר וואָלט זיי אויך געפעלען. און יענע דיקע, רויטע מיידעל פון דעם הויז... ווי הייסט זי? ברכה... זי וועט זיי אויך געפעלען. איהר ווייסט, בעני האָט איהר שוין אויך חתונה געמאַכט, יעס!...

— מייביל, ביזטו משוגע? וואָס רעדסטו? — האָט מיסעס גוטמאַן זיך אַ בייזער געטהאָן.

— נעווער מיינד, זי איז אַן אייגענע, זי מעג וויסען — האָט מייביל בעמערקט און גערעדט ווייטער אויף ענגליש — די רויטע ברכה איז שוין באַלד דריי וואָכען פערהייראט מיט בעני'ן און היינט אָדער מאָרגען וועט מען איהר חתונה מאַכען מיט אַן אַנדערן. קומט אויך אויף דער חתונה, איהר וועט זיין ווילקאָמען!...

מיסעס גוטמאַן איז צו איהר צוגעלאָפען און האָט זי ארויסגע־שטופּט אין דעם צווייטען צימער:

— געה, טהו זיך אָן. יענער קומט באַלד!

דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צו מיסעס דראבקין:

— שדים ווייסען, וואו זי האָט זיך אויפגעהאָדעוועט, שעהמט זיך גאָר ניט!

---

.4

מייביל האָט זיך ניט געשעהמט. דעם איינגעבאָרענעם בושה־געפיהל, וואָס וואַכט אין יעדער פרויען נשמה, האָט זי געהאַט כמעט שוין אינגאַנצען פערלאָרען. אגב האָט דאָס דאָזיגע געפיהל קיינמאָל

שטאַרק אין איהר נשמה ניט געוואַכט, פון קינדוויז אָן האָט עס אין איהר נשמה געוועלקט, ווי עס וועלקט אַ בלום אין אַ ניט געזונטער לופט.

דאָס עלטסטע פון זיעבען קינדער ביי איהרע אָרימע עלטערן, איז זי פון אַכט יאָהר אָן אַרומגעגאַנגען מיט אַ קעסטעלע קאָנפעטען איבער די קאַפע־הייזער און מיט אַ בעטענדיגער שטימע זיך געווענדעט צו יעדען פון די געסט: „פּליעז, ביי סאַמטהינג“. האָט אַרויסגענומען פון דעם קעסטעלע אַ שטיקעל שאָקאָלאַד מיט איהר קליין הענטעל, אַרויסגעשטרעקט עס צום גאַסט: „וואָן פּעני, פּליעז“, און איז ניט אָבגעטראָטען, ביז זי האָט די פּעני געקראָגען. און געגאַנגען איז זי, געוועהנליך, ביינאַכט איבער די קאַפע־הייזער, ווייל ביי טאָג האָט זי געמוזט אין סקוהל געהן. פאַר צעהן ביינאַכט האָט זי זיך קיינמאָל אַהיים ניט צוריקגעקעהרט. דאָן האָט זי אין דער היים אויף דעם זעקסטען שטאָק פון אַן אַלטען, פינסטערען טענעמענט־הויז געטראָפען איהר מאַמען ביים טיש מיט׳ן קוואַרטיראַנט, שפּיעלענדיג אין קאָרטען. ביי איהר מאַמען, נאָך גאָר אַ יונגע פרוי, אַ זעלטענע שענהייט מיט ברענענדיגע אויגען, האָבען די באַקען געפלאַמט, בעת זי האָט די קאָרטען געוואָרפען, אַריינגעטהאָן אין דעם אַזוי, דאָס זי האָט אַפילו ניט בעמערקט, ווי איהר סערע — אַזוי האָט מייביל דאָן געהייסען — איז אין דאָס האַלב פינסטערען צימער אַריין. די איבריגע קינדער האָבען צוויי געשלאָפען אויף דער זאָפע, צוויי אויף דער פּאָדלאָגע, אַ פיער־יאָהריג אינגעלע אויף צונויפגעשטעלטע שטולען און דאָס קלענסטע, אַ מיידעלע, מיט׳ן טאַטען אין׳ם בעט. סערע אַליין פלעגט שלאָפען אין דעם פראָנט־צימער, וואו עס איז אויך געשטאַנען דעם קוואַרטיראַנט׳ס בעט. זיי אַלע צוזאַמען האָבען פערוואָהנט דריי צימערן, פיר וועלכע מען האָט געצאָהלט עלף דאָלאַר אַ מאָנאַט. נור דאָס ווענינ געלד איז סערע׳ס טאַטען אויך שווער געווען צו צאָהלען, ווייל ער, אַ לאַנגזאַמער פּרעסער ביי קינדער הייזען, האָט אין די בעסטע צייטען ניט פערדיענט מעהר ווי זיעבען דאָלאַר אַ וואָך. האָט מען געמוזט האַלטען אַ קוואַרטיראַנט און סערע האָט געמוזט מיט איהר קעסטעלע פעדלען, אום צו קענען דורכקומען מיט דער הוצאה. טאַטע מאַמע האָבען זיך שטענדיג אַרומגעקריגט. ער האָט איהר נאָכאַנאַנד אויפגעוואָרפען, אַז זי איז צו פריינדליך מיט דעם קוואַרטי־

ראַנט, און זי האָט זיך תמיד מיט איהם גערייצט: „אָט דוקא, דוקא, אָט וועט צופּלאַצט!" אָדער אַמאָל, ווען ער האָט עס איהר אויפגע־וואַדפּען, איז זי פּלוצים אויסער זיך געוואָרען און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם: „איך'ל דיר דעם קאָפּ צושפּאַלטען, אָנשיקעניש מיינער, ווען דו וועסט נאָך אַמאָל זאָגען!" ער האָט עס איהר אָבער געזאָגט ווידער און ווידער, יעדעסמאָל, ווען ער האָט איהר בליק אויף'ן קוואַרטיראַנט געכאַפּט, יעדעסמאָל, ווען ער האָט געהערט, ווי וויך זי רעדט צו יענעם. דער אונגליקליכער סערע'ס טאַטע, אַן אויסגע־מוטשעטער איד, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, מיט אַ פער'צרה'טען, פער־חושכ'טען פּנים, רויטליכע אויגען, אָבגעברענטע הענד און איינגע־בויגטען רוקען און אַקסלען פון פּרעסען מיט דעם הייסען אייזען טאָג איין, טאָג אויס, וואָך איין, וואָך אויס, גאַנצע קיילעכדיגע יאָהרען נאָכאַנאַנד, — ער האָט קיין רוה זיך ניט געקענט געפינען אין'ם הויז...

די שמוציגסטע ווערטער און קללות זיינען נאָכאַנאַנד געפאַלען אין הויז, ווי שטיקער קלעפּיגע בלאָטע, דאָ פון דער מאַמען און דאָ פון דעם טאַטען. און אַמאָל, אין די הייסע, שטיקענדיגע זומער נעכט, ווען אין'ם טענעמענט־הויז איז ניט מעגליך געווען צו אָטהעמען, איז דער קוואַרטיראַנט אַרומגעגאַנגען איבער'ן שטוב אין זיינע אונטערוועש. דאַן האָט דער טאַטע אויפגעהויבען אַ גוואַלד: „דאָ איז אַן אָנשטענ־דיג הויז", און אַפּט זיך אַ כאַפּ געטהאָן צום קוואַרטיראַנט, שלאָגען. די מאַמע האָט זיך דאַן אָנגענומען פיר דעם קוואַרטיראַנט, האָט דער טאַטע זי אָנגערופען מיט די שמוציגסטע נעמען. איין קוואַרטיראַנט אוועק, איז אַ צווייטער אַריינגעצויגען און עס איז ווייטער געווען די אייגענע געשיכטע. און האָט נאָך אַמאָל דער קוואַרטיראַנט אַרויסגענו־מען די מאַמען אין טהעאַטער, איז דער טאַטע שיער אינגאַנצען ניט משוגע געוואָרען און ער האָט דאַן אויסגעפּרעגט די קינדער, צי דער קוואַרטיראַנט קומט ניט אַמאָל בייטאָג אַהיים, בעת ער, דער טאַטע איז אין'ם שאָפּ, און פאַר סערע'ן, ווי פאַר דאָס עלטסטע קינד, האָט ער זיין גאַנץ פערביטערט האַרץ אויסגעגאָסען, ניט היטענדיג זיך מיט קיין ווערטער און אָנצוהערענישען...

און ביינאַכט, ווען סערע איז געקומען אַהיים פון פּעדלען און האָט געטראָפען די מאַמע'ן שפּיעלענדיג אין קאָרטען מיט'ן קוואַרטי־

ראַנט, האָט זי פון צווייטען צימער אויך געהערט דעם טאַטען׳ס זיפצען. זי, דאָס אַכט יאָהריגע קינד, האָט שוין דאַן פערשטאַנען, פאַרוואָס ער זיפצט דאָרט...

זי האָט אַלע מאָל אָבגעגעבען דער מאַמע׳ן די געלייזטע פּענים. און אַמאָל, ווען עמיצער האָט פאַר רחמנות איהר צוגעוואָרפען אַנ־שטאַדט אַ פּעני אַ פינף־סענט־שטיק, איז די קליינע סערע געקומען אַהיים מיט צוברענטע אויגלאַך און צופלאַמטע בעקעלאַך פאַר שמחה.

ווען זי איז אַלט געוואָרען צוועלף יאָהר, זיינען די סקאַנדאַלען אין דערהיים נאָך געווען גרעסער. דער טאַטע איז נאָך ווילדער געווען און די מאַמע האָט איהם נאָך מורא׳דיגער געשאָלטען. פון קיין שבת און יום טוב האָט מען אין׳ם שטוב ניט געוואוסט, פון קיין אַנדער פרייד, פון קיין אַנדער פערגעניגען, פון קיין אַנדער רוה... זונטאָג האָט דער טאַטע ניט געאַרבייט, איז אָבער דער קוואַרטיראַנט אויך אַ גאַנצען טאָג אין׳ם שטוב געווען, איז דער טאָג געווען דער שרעק־ליכסטער פון דער גאַנצער וואָך פיר אַלעמען אין׳ם הויז. נור דריי טעג אין׳ם יאָהר האָט דער טאַטע זיך ריכטיג אויסגערוהט: די צוויי טעג פון׳ם ראש השנה און דעם טאָג פון׳ם יום כפור. דאַן האָט דער טאַטע, וועלכער איז ניט פרום געווען און איז אין שול ניט געגאַנגען, זיך אויסגערוהט פיר דעם גאַנצען יאָהר, האָט רוהיג געקענט שלאָפען, ווייל דער קוואַרטיראַנט איז אין שוהל געווען... סערע׳ס יונג הער־צעלע, וואָס האָט זיך געגוויטיגט אין עפּעס אַ פערגעניגען, אין עפּעס אַ יום טוב׳דיגער שטימונג, האָט, ניט געפינענדיג עס אין ד ע ר־ה י י ם, געזוכט עס אין דרויסען... צו יענער צייט האָט זי אָפטער געכאַפּט אַ פינף־סענט־שטיק אין די קאָפע־הייזער. ווייל גאָר אָפט האָט איינער פון די דאָרטיגע געסט, ס׳רוב ניט קיין יונגערמאַן, ס׳רוב אַ בכבוד׳ער אַלטינקער, ווען זי איז פאַר איהם געשטאַנען מיט׳ן שאַקאַ־לאַד אויסגעשטרעקט, אַ געוויקסיגע, שוין מיט אַ דייטליך געפאָרמטער ברוסט הינטער דעם קינדערשען קליידעל און מיט שוואַרצע, גרויסע אויגען, האָט ער זי אָנגענומען מיט אַ קאַלטער האַנד ביי די וואָרימע מאָרדעטשקע, האָט געשטעלט איהר פּראַגען גלאַט אין דער וועלט אריין, און מיט פייכטע אויגען, אין וועלכע אַ שמוציגער געדאַנק האָט זיך געצאַפּעלט, ווי אַ חזיר אין בלאָטע, האָט ער זי בעשמוצט. פון אַזוינע

האָט זי תמיד פינף סענטיגע בעקומען... אַט די דאָזיגע פינף סענטיגע האָט זי שוין איצט אין גאַנצען דער מאַמע'ן ניט אָבגעגעבען. אַלע מאָל האָט זי פיר זיך אָרונטערגענומען אַ צעהן, אַ פופצעהן סענט, און מיט דעם געלד איז זי איצט צו די מואווינג פּיקטשורס געגאַנגען, האָט אייז־קרים און אַנדערע נאַשערייען זיך געקויפט, מכבד געווען אַנדערע מיידלאַך פון איהר עלטער, וואָס האָבען שמוציגע רייד צווישען זיך גערעדט, און „באָיעס" פון איהר עלטער, וואָס האָבען עקעלדיגע ווערטער אויף די ווענד געשריעבען... מיט זיי האָט זי זיך דאָס איצט אָרומ־געטריבען, צווישען זיי האָט איהר קינדערש האַרץ זיין פערגעניגען געשעפּט, די שבת און יום טוב'דיגע שטימונג, די ריינע קינדערשע פּאָעזיע פון אַנדערע אידישע קינדער מיט אַ נאָרמאַלער ערציהונג אויסגעפּילט. אין דער דאָזיגער קראַנקער אַטמאָספערא האָט זי זיך ערצויגען... ווען זי האָט געענדיגט „פּאַבליק סקוהל", איז זי שוין געווען 14 יאָהר אַלט און האָט אויסגעזעהן ווי אַ יאָהר 17, אַ פּאָלקאָם פיזיש ענטוויקעלטע מיידעל. זי איז דאַן אַנגעקומען אין אַ שאַפּ אַלס פּאַקערין און האָט שוין באַלד די ערשטע וואָך איהר פּלאַץ פערלאָרען, מחמת איהרע שמוציגע רייד. דאַן איז זי אַנגעקומען אַלס פערקוי־פערין אין אַ גרויסען געשעפט, וואו מען האָט פינף סענטיגע אַרטיקלען פערקויפט. דאָ איז זי אָפּגעשטאַנען אַ יאָהר און דערנאָך איהם אַליין פערלאָזען, ווייל די פינף דאָלאַר אַ וואָך, וואָס זי האָט דאָרט בעקומען, פון וועלכע זי האָט דריי איהר מאַמע'ן געמוזט אָפּגעבען, איז איהר ניט גענוג געווען אויף די קליידער און היט, וואָס זי האָט איצט געוואָלט טראָגען, און אויף דער טאַנץ־אַקאַדעמיע, וואוהין זי איז איצט צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך געגאַנגען. דערצו נאָך האָט זי איצט גע'חלום'ט פון אַ גאָלדענעם בראַסלעט, פון אַ זייגער'ל און פון אַנדערע „דזשולערי", און האָט שטאַרק מקנא געווען די אַנדערע מיידלאַך, וואָס האָבען דאָס אַלסדינג געהאַט.

דערנאָך האָט זי אַנדערע פּלעצער געפונען, אָבער מעהר ווי זעקס דאָלאַר אַ וואָך האָט זי ניט פערדיענט. און אין דער־היים האָבען טאַטע־מאַמע ביי איהר געפאָדערט, זי זאָל מעהר געלד, ווי די דריי דאָלאַר געבען און זי האָט זיי אַנגעהייבען צו געבען גאָר צוויי דאָלאַר, האָבען זיך דאָרט מעשים געטהאָן: די מאַמע האָט זי געשאָלטען, דער טאַטע האָט זי געפּאַטשט. זי האָט צוריק געשאָלטען און בעת דער טאַטע

האָט זי געפּאַטשט, האָט זי געכאַפּט די גלעזער און די אַנדערע געשיר פון׳ם טיש און זיי אָן ד׳ערד געוואָרפען...

זי האָט דאָס הויז, איהר טאַטע־מאַמען, אָנגעהויבען צו האַסען און פערבראַכט אָפטער אין דער טאַנץ־אַקאַדעמיע, ביי די מואווינג־פּיקטשורס און אין די בורלעסק־טהעאַטערס.

און אומעדום האָבען אויגען פון יונגעלייט זי געבריהט, און אין דער טאַנץ־אַקאַדעמיע האָבען אַלע יונגע־לייט מיט איהר טאַנצען געזוכט, מיט נאַשערייען זי מכבד געווען און אין טהעאַטערס און אויף בעלער זי געלאַדען. זי אָבער האָט זיך אָפּגעהיט. דעם ריכטיגען מאַן, וואָס זאָל זי בערוישען, האָט זי נאָך ניט געטראָפען...

דאַן איז ער געקומען. זי איז דאַן אַלט געווען 17 יאָהר, א שענהייט צום משוגע מאַכען. ער איז געווען אַן איטאַליענער מיט שווארצע פייערדיגע אויגען און שווארצע געקרויזטע האָאר. אַ הויכער און אַ שלאַנקער, אַ פּראַנט מיט אַ בלוט־רויטער בלום אין לאַץ און לאַקירטע, געלע שיך. מיט בעללאַ׳ן, אַ מיידעל, מיט וועלכער סערע האָט זיך נאָהענט בעפריינדעט אין דער טאַנץ־אַקאַדעמיע, איז ער גע־קומען. געווען אַ גוטער טענצער. סערע׳ן האָט ער גלייך גענומען מיט זיינע פייערדיגע אויגען, ווי מיט זיין טאַנצען. מיט איהם איז זי שוין אַמאָל ארויסגעגאַנגען אין טהעאַטער, אימער אין דער בעגלייטונג פון בעללאַ׳ן, און האָט הנאה געהאַט, ווען ער פלעגט זי צודריקען צו זיך, און האָט ציניש געלאַכט, ווען ער האָט אַ שמוציגען וויץ געזאָגט.

ביז איין מאָל איז זי מיט איהם און בעללאַ׳ן אין אַ בורלעסק־טהעאַטער אויף בראַדוויי סטריט אַוועק. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ער זיי איינגעלאַדען אין אַ האָטעל, סאַפּער צו עסען. אין׳ם האָטעל האָבען שוין געוואַרט דריי פון זיינע און בעללאַ׳ס פריינד, אַ צווייטער איטאַליענער, אַ איד און אַ אירלענדער. דעם אָבענד האָט סערע צום ערשטען מאָל אויף איהר לעבען שאַמפּאַניער געטרונקען, פיעל שאַמפּאַניער, ווי אויף אַ גרויסארטיגער חתונה... און ווען בעללא האָט זיך געזעצט אויף די קניע צו איינעם פון די „פריינד", די אָרמס אַרום זיין האַלז, און געזאָגט: „טראָג מיך", האָט סערע, פער׳שיכור׳ט, צו איהר איטאַליענער זיך אויף די קניע געזעצט און אויך געזאָגט: „טראָג מיך!"...

און ווען זי איז שפּעטער צו זיך געקומען, האָט זי נעבען זיך דערזעהן אַן אַנדערען, ניט איהר איטאַליענער. זי האָט ניט געוויינט, נור האָט איהם אָפּגעשטופּט פון זיך, האָט ער איהר אָבער געוויזען, אַז ער איז שטאַרקער פון איהר...

קיין גרויסע חרטה האָט זי אויף דעם ניט געהאַט, אַזוי ווי זי וואָלט אויף דעם שוין לאַנג געהאַט געוואַרט, אַזוי ווי זי וואָלט אויף דעם געהאַט געהאָפט...

אויף מאָרגען האָט שוין דער איטאַליענער זי אָפּגעהיט, ווען זי איז פון דער אַרבייט געגאַנגען, און איהר אַ בריליאַנטענעם רינגעלע געשענקט. און אין דעם אייגענעם אָבענד האָט זי מיט איהם אין זיין צימער אויף דער אַכטער סטריט פערבראַכט, ווידער זיך בערוישט און אַזוי אַ וואָך נאָכאַנאַנד, ביז זי האָט איינגעווילינט צו אַנדערע זיך אויך אָפּצוגעבען. און איינמאָל אַזייגער איינס נאָך האַלבע נאַכט, ווען זי איז אַהיים געגאַנגען, איז זי געווען שיכור׳לאַך און אין דער קעשענע האָט זי ביי זיך געהאַט אַ פופצעהן דאָלאַר, וואָס זי האָט די נאַכט „פערדיענט“.

אין׳ם שטוב האָט געליאַרמט, ווען זי איז אַריינגעקומען. טאַטע־מאַמע האָבען זיך געקריגט. די קלענערע קינדער האָבען געוויינט. זיי האָבען זי דערזעהן, זיינען זיי מיט אַמאָל אַלע אַנשוויגען געוואָרען. עפּעס האָט זי זיי אויסגעזעהן אונגעוועהנליך. דער טאַטע איז צו איהר צוגעגאַנגען: „וואו שלעפּסטו זיך אַרום אַזוי שפּעט ביינאַכט?“ — איז אָפּגעשפּרונגען מיט אַ שרעק: „גוואַלד, זי איז שיכור!“ די מאַמע האָט פערבראָכען די הענד: „וואו ביזטו געווען?“ זי האָט געענטפערט שיכור: „ניט אייערע ביזנעס!“ דער טאַטע האָט אַ כאַפּ געטהאָן איהר געלד־טאַש, געפונען דאָרט דאָס געלד און דאָס בריליאַנטען רינגעלע, איז בלייך געוואָרען, האָט עס אויסגעשטעלט צו זיין פרוי, די אויגען ווייט און מיט שרעק אויסגעגלאָצט, דאָס מויל ווייט געעפענט, און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברייינגען. די מאַמע איז פערסאָפּעט צו איהר צוגעלאָפען, האָט געטרויסעלט זי ביי די אַקסלען און געשעפּטשעט פערצווייפעלט: „וואו האָסטו עס גענומען, וואו?... קוק מיר גלייך אין די אויגען אַריין און זאָג!“

סערע האָט געהאַלטען די אויגען אַרונטערגעלאָזען און עפּעס געמורמעלט אונטער דער נאָז.

— „זאג, רוצח׳טע, זאג! ווער האט דיך איינגע׳שיכור׳ט? ווער האט דיך איינגע׳שיכור׳ט? וואו האסטו דאס געלד גענומען, דאס רינגעל? זאג, איך׳ל דיר דעם טויט מאכען!“

און זי האט זי א כאפ געטהאן ביי די האאר.

סערע האט זיך א ריס געטהאן פון איהר:

— „נו, יא! יא! דו מעגסט מיט די בארדערס, הע?...“

סערע׳ס מאמע האט זיך דאן גענומען פערצווייפעלט שלאגען מיטביידע הענד אין׳ם קאפ און שרייען:

— דאס איז א ליגען, א ליגען! דיין טאטע, דער משוגענער, זאגט עס נור! אבער גאט וויים דעם אמת! גאטעניו, גאטעניו — האט זי גענומען לויפען איבער׳ן שטוב און פאטשען פערצווייפעלט אין די הענד: — דו ווייסט דאך אודאי דעם אמת; דו ווייסט דאך, אז איך בין אן עהרליכע פרוי צו מיין מאן, אן עהרליכע מאמע צו מיינע קינדער, הייגט פארוואס שטראפסטו מיך אזוי שווער? פארוואס?! איך׳ל דאך משוגע ווערען, איך׳ל דאך פון׳ם זינען אראב! אי, מיין טאכטער! אי, מיין סערעלע!...

און מיט א פערצווייפעלטען יאמער איז זי ארייגגעלאפען אין דאס צווייטע צימער.

דאן האט זיך דער טאטע א כאפ געטהאן און, אזוי ווי ער האט געהאלטען דאס געלד מיט׳ן רינגעלע אין דער האנד, איז ער צוגע־לאפען צו דעם ברענענדיגען אויווען, האט ארונטערגעכאפט אן אנ־געברענטע דעקעל מיט די היילע פינגער, ניט פיהלענדיג אפילו דעם ברען, און אין דאס רויטע פייער מיט א ווילדען קרעכץ עס אריינגע־ווארפען. דערנאך איז ער צוגעלאפען צו איהר, אנגעכאפט זי ביי די אקסלען, געמורמעלט: „ארוים, ארוים, דו וועסט מיר די אנדערע קינדער קוילען! ארוים, דיין פוס זאל ביי מיר אין׳ם שטוב ניט זיין!“

— אלל רייט! אלל רייט! — האט זי געשריען אויף ענגליש מיט א צו׳להכעיס־קול און שיכור׳לאך — אלל רייט! אי העיט יו! אי העיט יו אלל! — איך האס אייך! איך האס אייך אלעמען! אלל ר־רייי־יימ־ט!...

האט א ציה געטהאן אויפ׳ן שענעם קאפ דעם הוט און איז אוועק.

דער טאַטע האָט זיך געוואָרפען אויף אַ שטוהל, פּעררוקט ביידע הענד אונטער׳ן בוזים, געקלאַפּט זיך פּערצווייפעלט אין׳ם האַרצען און געריסען דאָס פלייש אויף זיך און געקרעכצט, אַזוי ווי ער וואָלט אַ וואונד געריסען.

זי איז צוריק אַוועק צו איהר איטאַליענער. ער האָט נאָך ניט געשלאָפען, איז געזעסען מיט חברה, בעני אויך צווישען זיי, און האָט געשפּיעלט אין קאָרטען. זי האָט אַלסדינג דערצעהלט דעם איטאַליענער, ער איז געווען דערפון צופריעדען און האָט זי אַ קוש געטהאָן. בעני האָט אויף איהר אויסגעשטעלט זיינע דורכדרינ־גענדיגע אויגען פערוואונדערט. דאַן האָט ער אָפּגערופען דעם אי־טאַליענער אָן אַ זייט און זיך געגומען מיט איהם סוד׳ען. יענער האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

זי איז געבליבען ביי דעם איטאַליענער. ער האָט צו איהר מענער געבראַכט און זי האָט זיך פּערקויפט. אויף דער צווייטער וואָך אָבער האָט ער אָנגעפאַנגען צוצונעהמען פיר זיך דאָס גאַנצע געלד, זי האָט עס ניט געוואָלט ליידען, האָט ער זי געשלאָגען. זי איז אָבער ניט געווען פון יענע אומגליקליכע, וואָס לאָזען זיך טרעטען פון זייערע אַלפאָנסען; זי האָט גערעכענט, אַז דאָס איז איהר „פערדיענסט", וואָס קיינער האָט קיין רעכט ניט אויף דעם, אויסער זי אַליין, און געטראַכט, ווי צו בעפרייען זיך פון איהם.

און איינמאָל, ווען בעני איז דאָרט געזעסען און האָט קאָרטען געשפּיעלט, האָט זי איהם איינגערוימט: „נעהם מיך אוועק פון דאַנען". און אין צוויי וואָכען שפּעטער איז זי שוין ביי מיסעס גוט־מאַן אין׳ם הויז געווען. בעני האָט זי אַליין ניט געטאָרט אוועקנעה־מען: דאָס וואָלט געווען געגען דער מאָראַל פון די „קאַדעטען", פון די אַלפאָנסען. זי איז אַליין אַנטלאָפען, נאַטירליך מיט בעני׳ס הילף, אָבער דער איטאַליענער האָט דערפון ניט געוואוסט, האָט אַ לאַנגע צייט אין גאַנצען ניט געוואוסט, וואו זי איז אהינגעקומען.

---

.5

ביי מיסעס גוטמאַן האָט מען סערען דעם נאָמען געביטען אויף מייביל. עס איז איהר דאָרט גוט געווען. פאַר מיסעס גוטמאַן איז זי געווען אַ טהייערער אוצר. דאָס געלד, וואָס זי האָט פערדיענט, האָט זי העלפט זיך גענומען און העלפט מיסעס גוטמאַן געגעבען. בעני האָט זי בעהאַנדעלט זעהר פריינדליך. דאָ האָט זי זיך אויסגעלערענט די אַלע סודות פון איהר פּראָפעסיאָן. מיסעס גוטמאַן איז געווען אַ לעהרערין מיט גרויסער ערפאַהרונג. איז אַ „גאַסט“ געקומען, האָט מייביל געוואוסט, ווי אַזוי איהם צו בעצויבערען, ווי אַזוי צו שפּיעלען ליעבע מיט די אויגען און שמייכעל. אַמאָל האָט זי זיך אַליין היגגעריסען; געוועהנליך אָבער איז זי געווען גלייכגילטיג און האָט נור „געשפּיעלט“ די ליעבע; און ניט איינמאָל, ווען דער גאַסט איז געווען אַן עלטערער מענש, האָט זי חשק געהאַט, אַ וואָרף צו טהאָן זיך איהם אויפ'ן האַלז מיט איהרע שאַרפע צייהן און איבערביי־סען איהם דעם גאָרגעל פאַר עקעל און האַס; זי האָט עס אָבער ניט געטהאָן, און וואָס עלטער און עקעלדיגער ער איז געווען, אַלץ „פערליעבטער“ האָט זי זיך צו איהם געוויזען, ווייל אַזוינע האָבען גוט געצאָהלט... זי האָט זיך אַריינגעצויגען אין דעם דאָזיגען לעבען, ווי אַ שיכור אין שיכרות... איבערהויפּט האָט מיסעס גוטמאַן אויף איהר אַ שטאַרקען איינפלוס געהאַט מיט איהרע גוטע רייד. זי האָט זי אמת ליעב געקראָגען. קיינמאָל האָט זי איהר אייגענע מאַמע אַזוי ניט ליעב געהאַט. און, מערקווירדיג, וואָס אין דעם דאָזיגען הויז, אין דעם דאָזיגען טיעפען זומפּ, האָט זי, מייביל, וועלכע איז אויס־געוואַקסען אין אַ הויז אָהן אַ גאָט, נור פון קללות און קריעגערייען, צום ערשטען מאָל די עהרפורכט פאַר גאָט אין זיך דערפיהלט. פון דעם שטענדיגען רעדען וועגען גאָט, וואָס מיסעס גוטמאַן האָט פאַר איהר גערעדט, פון איהר פרומקייט, האָט צייטענווייז זיך אויפגע־כאַפּט אין איהר נשמה אַ רעליגיעזער געפיהל, וואָס האָט דאָרט טיעף ערגעץ ביי איהר געשלומערט, און ראש השנה און יום כפור איז זי אין גאַנצען אַנגעשטעקט געוואָרען פון מיסעס גוטמאַן מיט פּחד פאַר גאָט און וואָלט פיר טויזענדער צו זיך קיין מאָן ניט צוגעלאָזען.

אזוי אָבער א גאַנץ יאָהר האָט זי, געוועהנליך, זיך געפיהלט אין דער דאָזיגער לופט פון אויסגעלאַסענהייט און שאַמלאָזיגקייט, ווי א פיש אין'ם וואסער, האָט זיך געפרעהט מיט פרישער „סחורה", דעם פערפיהרען פון דער רויטער ברכה'ן און פון מיסעם דראבקין און, ווען זי וואָלט געקענט, האָט זי געפיהלט, וואָלט זי אליין אויך פער־פיהרט, טהיילוויין פאר ספּאָרט און טהיילוויין, ווייל דאָס וואָלט אריינ־געבראכט „ביזנעס" מיסעס גוטמאַן.

זי האָט זיך אָפט א נאַקעטע געדרעהט פיר די „געסט', ווי איצט פיר מיסעס דראבקין. די נאַקעטקייט איז איהר סחורה געווען, דאָס האָט זי פערקויפט, פיר דאָס האָט מען איהר געלד געצאָהלט.

נור איין אבענד מיט דריי וואָכען צוריק האָט זי זיך אָבגעזאָגט איהר נאַקעטקייט צו פערקויפען. זי איז ארויסגעפאָהרען מיט בעני'ן אין אַן אויטאָמאָביל אין קוני־איילאַנד. פּלוצים, ווי זי איז דאָרט געשטאַנען אזוי מיט בעני'ן נעבען אויטאָמאָביל, איז צו איהר צוגע־גאַנגען איהר אַמאָליגער איטאַליענער און האָט געפאָדערט, זי זאָל געהן מיט איהם. ניט לאַנג האָט ער זיך געהאַט דערוואוסט, וואו זי איז, און געפאָדערט ביי בעני'ן, ער זאָל זי איהם צוריקגעבען. בעני האָט געענטפערט, אז ער האָט זי ביי איהם ניט אוועקגענומען. זי איז פריהער געווען ביי אַן אַנדערען און דערנאָך ערשט צו איהם אַנגעקומען, דאָס איז געווען פאָלקאָם געזעצליך, פאָלקאָם „מאָראַליש". דאַן האָט דער איטאַליענער אַנגעהויבען זי צו פערפאָלגען ביי מיסעס גוטמאַן אין הויז. בעני האָט איהם געוואָרענט, ער זאָל זי צו־רוה לאָ־זען, ווייל איצט געהערט זי צו איהם. איצט, אין קוני־איילאַנד, ווען דער איטאַליענער איז ווידער צו איהם צוגעגאַנגען, האָט איהם בעני נאָך אַמאָל געזאָגט: „פרענק, דו בעסער לאָז זי צו־רוה". האָט דער איטאַליענער פּלוצים אויפגעהויבען די האנד און איהר א פּאטש גע־געבען, און איידער דער פּאטש איז פערהילכט געוואָרען, איז פרענק געפאַלען מיט א מעסער ביז'ן הענטעל אין זיין ברוסט.

מייביל איז געשטאַנען צוטומעלט, די האַנד אויף דער באַק. בעני, בלייך, מיט צונויפגעדריקטע ליפּען, קוקענדיג אויף דעם איטאַ־ליענער, וואָס איז אויף דער ערד געלעגען מיט פערגלאָצטע אויגען און ווייס, אזוי ווי דאָס גאַנצע בלוט פון זיין גוף וואָלט דורך זיין דורכגעלעכערטער ברוסט אויף דאָס ווייסע העמד ארויסגעשטראָמט.

דאָס העמד איז בעדעקט געוואָרען מיט נאַסע, רויטע פלעקען דאָרט, וואו דאָס מעסער האָט געשטעקט. דער איטאַליענער האָט מיט אַלע בוחות זיך אויפגעזעצט, דעם פערבלוטיגטען מעסער ארויסגעשלעפּט, שוואַך פון צווישען די פינגער איהם אויף דער ערד ארויסגעלאָזט און צוריק אַ פאַל געטהאָן אויף אַ זייט מיט אַן אויער און אַ זייט קאָפּ. די שווארצע געקרויזטע האָאר האָבען זיך אין דעם טרוקענעם זאמד איינגעגראָבען, די פיס ווייט אויסגעצויגען. מייביל האָט שיער ניט גע'חלש'ט. בעני איז געשטאַנען אין דער זעלביגער פּאָזע. מענ־שען האָבען זיך צונויפגעקליבען אין די הונדערטער. דאָס איז געווען בייטאָג. ביינאַכט וואָלט מען זיך צונויפגעקליבען אין די טויזענדער. אַ פּאָליסמאַן איז אָנגעקומען, האָט ארויפגעלעגט אַ שווערע האַנד אויף בעני'ן, צוגעשלעפּט איהם צום איטאַליענער, געהאַלטען איהם דעם קאָפּ מיט די פערגלאַצטע אויגען אויפהויבען און איהם געפרעגט: „האָט ער עס געטהאָן?“ דער איטאַליענער האָט אָנגעשטעלט זיינע גלעזערנע אויגען אויף בעני'ן, און שטיל ארויסגערעדט: „ניין, ניט ער. איך האָב עס אליין געטהאָן!“ און דאַן האָט ער מעהר ניט גערעדט. און אין צעהן מינוטען שפּעטער, ווען אַן אמבולאַנס איז אָנגעקומען, איז ער שוין געווען טויט...

אַט יענעם אויף דער־נאַכט איז מייביל געווען אויסער זיך, האָט אַלץ געוויינט איבער דעם איטאַליענער און גע'טענה'ט: „הי וואָז ע הירא, אי לאָוו'ד הים!“ (ער איז געווען אַ העלד, איך האָב איהם געליעבט!) און בשום אופן איז זי יענעם אבענד מיט קיינעם נישט געגאַנגען.

אויף מאָרגען אָבער האָט זי שוין געטאַנצט פיר איינעם אַ גאַסט, אַ מאַן פון די מיטעלע יאָהרען, וועלכער האָט איהר דערפאַר עקסטרא געצאָהלט, נאַקעט־פרעד, ווי זי האָט ערשט פאַר מיסעם דראַבקין געטאַנצט...

---

6.

אין אַ ווייסע ארום, ווען זי איז ווידער אריינגעקומען אין אַ ראַ־זעווען מאָרגען־קלייד, וואָס איז געווען שטייף אָנגעצויגען ארום איהרע רונדע, דיקע היפטען, אין ווייסע שיכלאַך מיט ראָזעווע שלייפען.

די שווארצע האָאר צולאָזט איבער די אקסלען, איז מיסעס דראבקין שוין געזעסען ביים טיש מיט מיסעס גוטמאַן און זיי האָבען געטרונקען טהעע און פערביסען מיט קייק.

מייבעל האָט פעררויכערט א סיגארעט, זיך אויסגעצויגען אויף דער זאָפע און פערריםסען איין פוס הויך איבער'ן ווענטעל פון דער זאָפע. בעני איז אריינגעקומען. מיסעס דראבקין האָט צושראָקען א ציטער געטהאָן.

— אהאָ! — האָט ער אויסגעשריען — די שטארקע איז דאָ?

איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זי א כאַפּ געטהאָן ביים דיקען ארם.

זי איז אויפגעשפרונגען און האָט געקוקט אויף איהם אי צו־שראָקען, אי עפּעס בייז, ווי א קאַץ אויף א הונד, וואָס, בעת ער בעפאַלט זי, וואָלט זי וועלען אַנטלויפען פון איהם און דאָך שטעהט זי אָנגעגרייט מיט די נעגעל צו בעשיצען זיך געגען איהם...

— נו, שטארקע? — האָט ער ווידער געזאָגט, געדריקט איהר דעם ארם, געקוקט איהר גלייך אין די אויגען אריין מיט זיינע דורכ־דרינגענדע בליקען און אויסגעשטעלט זיינע ווייסע לאַבענדיגע צייהנ.

— בעני, א גדולה אויף דיר. לאָז איהר טרינקען טהעע — האָט מיסעס גוטמאַן זיך אָנגערופען.

— אָה, יעס, אָה, יעס! — האָט זיך בעני א כאַפּ געטהאָן און איהר ארם איינגעלאָזט — איך האָב גאָר ניט בעמערקט, אַז זי טרינקט. אי בעג יור פּארדאָן. טרינקט אייער טהעע!

זי האָט זיך צוריקגעזעצט אויף איהר אָרט, נישט ארונטערנעה־מענדיג איהרע צושראָקענע און בייזע אויגען פון בעני'ן.

— בעני! — האָט מייביל א רוף געטהאָן איהם און א וואונק געטהאָן מיט אַן אויג אויף מיסעס דראבקין און צוריק אויף דער זאָפע.

— עס איז שוין אָלל־רייט! — האָט ער געענטפערט.

מיסעס גוטמאַן האָט עס בעמערקט און א שמייכעל געטהאָן:

— א שטיף טהאָן מיט איהר מעגסטו, זאָגט זי, אָבער נור ווי א מענש.

— נו, געוויס ווי א מענש — האָט ער אונטערגעכאַפּט, זיך ווידער א קעהר געטהאָן צו מיסעס דראבקין און וואויל יונגעריש פערשאָרט

די שווארצע גלאנציגע טשופרינע אויף א זייט פון׳ם קאפ — עס וועט שוין זיין אלל־רייט. ניט אזוי, הע?...

ער האט צו איהר ווידער ארויסגעשטעלט זיינע ווייסע לאכענדיגע צייהן.

— געהט אוועק, איך האב פאר אייך מורא — האט זי ארויס־געדעדט.

ער האט זי ארומגענומען:

— דאס מעג איך דאך?

— געהט אוועק! גיט מען אייך נור א פינגער, ווילט איהר די גאנצע האנד — האט זי געזאגט.

— ביידע הענד, דארלינג! — האט ער זיך אנגערופען, און זי א זעץ געטהאן צו זיך אויף די קניע.

מיסעס דראבקין האט זיך א ריס געטהאן פון בעני׳ס קניע:

— שוין ווידער?...

מען האט אנגעקלאפט אין טהיר. בעני איז אויפגעשפרונגען.

— מסתמא יענער — האט מיסעס גוטמאן זיך אנגערופען — מיסעס דראבקין, א גדולה אויף אייך. געהט אויף א ווייל־ע ארײן אין קיך.

מיסעס דראבקין איז ארויסגעלאפען אין קיך און איז הינטער דער טהיר געבליבען שטעהן מיט א שטארק־קלאפענדען הארצען. זי האט פער׳גנב׳עט ארויסגעקוקט פון דארט, צו זעהן, ווער איז „יענער“.

א מאן איז אריינגעקומען אין א העלען אנצוג. מיסעס דראבקין האט צוערשט דערזעהן זיין פיגור, א הויכע, ברייטע פיגור מיט א דיקען, רויטען שטארקען נאקען, ווי ביי א פאליסמאן. מייבעל האט זיך א ווארף געטהאן איהם אויפ׳ן האלז. דערנאך האט מיסעס דראב־קין דערזעהן זיין פנים אויך, און עס האט איהר עפעס היים א מיש געטהאן אין׳ם מוח. ער איז געווען זעהר א געזונטער מאן, א יאהר עטליכע און פערציג, מיט א רונדען, ריין־געראזירטען און רויטען פנים, וועלכער איז אין גאנצען געווען אין ברייטער שמייכעל. ער האט געהאלטען איין קורצע דיקע האנד מיט פינקלענדיגע רינגען אויף

קורצע דיקע פינגער ביי מייביל'ן אויפ'ן קאָפּ און איהר די האָאר געגלעט.

בעני איז אין אַ זייטיגען צימער פערשוואונדען. מיסעס גוטמאַן האָט זיך רוהיג ביים טיש איהר טהעע געטרונקען. דערנאָך איז דער מאַן אין דעם פראָנט־צימער אריין. מייביל האָט אַ ציה געטהאָן דאָס קלייד ביים הויכען בוזים, פעררוּיכערט אַ פרישען סיגארעט און איז אריינגעלאָפען אין דעם פראָנט־צימער, דרעהענדיג מיט איהרע דיקע רונדע היפטען. דערנאָך האָט מיסעס דראבקין דערזעהן ווי די טהיר פון'ם פראָנט צימער האָט זיך צוגעמאַכט...

מיסעס דראבקין האָט דערפיהלט אין די אויגען די ווארימקייט פון איהר בלוט און איבער איהר רוקען ביז צום מוח אונטער די האָאר האָבען זיך הייסע שטראָמען דורכגעטראָגען, און זי האָט געאָטהעמט אזוי הייס.

פּלוצים איז זי ארויסגעלאָפען פון דער קיך־טהיר אין קארידאָר אריין און צו זיך אין די טהיר אריינגעלאָפען. דאָרט האָט זי זיך אויפ'ן בעט געוואָרפען, אומגעדרעהט זיך מיט'ן פּנים צו דער וואנד, צוגעמאכט די אויגען און איז געבליבען אזוי ליגען מיט צופלאמטע באַקען און אַ ברענענדיגען אָטהעם.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן: — גוואלד! — און גענומען פערצווייפעלט רייסען אויף זיך די האָאר.

דאַן האָט זי זיך צוואויינט אין דאָס קישען אריין:

— אָ, בעסער וואָלט איך בלינד געוואָרען! בעסער וואָלט מיך אַ דונער דערשלאָגען, איידער איך האָב זיי גאָר דערקענט!...

און ביי איהר איז געבליעבען: גענוג! נאָך דעם חודש וועט זי אין גאנצען ארויסציהען פון דאנען, אנטלויפען פון דער דאזיגער קליפּה, ווי פאר פייער.

פארנאכט אָבער, ווען איהר מאַן איז פון'ם פּעדלען געקומען, איהר קראנקער, בלייכער, האלב־טויטער מאַן, וועלכען זי האָט איצט אָנקוקען ניט געקענט, האָט איהר ווידער גענומען ציהען אהין. זי האָט זיך קוים דערוואַרט, ביז איהר מאַן האָט מעריב אבגעדאווענט און איז שלאָפען אוועק, ווי געוועהנליך.

דאַן האָט זי פאר דעם שפּיעגעל די האָאר זיך פערקאַמט (פריהער,

אז זי איז אהין געגאנגען, האט זי דאס קיינמאל ניט געטהאן) און איז אהין אוועק.

גראד איז אין יענעם אבענד דארט געווען שטארק „ביזי“. צוויי מיידלעך, אויסער מייביל׳ן, זיינען דארט געווען און אלע זיינען געווען פארנומען. די „געסט“ האט מען ארויסגעלאזען איינציגווייז, דורך די טהיר פונ׳ם עס־צימער, כדי איינער זאל דעם אנדערען ניט בעגעג־גענען, ניט זעהן, סיידען ווען צוויי־דריי פריינד זיינען געקומען צו־זאמען, האט זיי מיסעס גוטמאן אריינגעפיהרט אין דעם זייטיגען צימער, וואו בעני האט זיי אונטערהאלטען מיט זיין געשפרעך וועגען בייז־באל, „פייטס“, פאליטיק און זאגאר וועגען אקטיארען און פיעסען. האט א נייער „גאסט“ אין דער טהיר אנגעקלאפט און די צימערן זיינען פערנומען געווען, האט מיסעס גוטמאן דעם קאפ פון צווישען דער טהיר ארויסגעשטעקט און דעם „גאסט“ שטיל געזאגט: „קומט, א גדולה אויף אייך, אין צעהן מינוט. דא איז דא איינער, וועלכען איהר קענט׳. און ער איז אוועק און צוריקגעקומען א צעהן מינוט שפעטער. די „געסט“ זיינען אלע געווען בעקאנטע, אדער אזוינע, וואס זיינען רעקא־מענדירט געווארען פון בעקאנטע. אהן א רעקאמענדאציאן האט מיסעס גוטמאן קיינעם ניט אריינגעלאזען, אויס מורא, מען זאל זי ניט מסור׳ן.

מיסעס דראבקין איז געזעסען הינטער דער טהיר פון דער קיך און פער׳גנב׳עט ארויסגעקוקט. און זי האט געזעהן, ווי די מענער זיינען פערשוואונדען מיט די מיידלעך הינטער די טהירען, ווי זיי האבען זיך צוגעמאכט. האט געפיהלט דאס צאפלען זיך הינטער זיי, געשפירט קושען און אומארמונגען, פון וועלכע אין איהר מוח האט זיך געמישט. יעדעסמאל, ווען א מיידעל האט געזאלט געהן מיט א נייעם „גאסט“, האט מיסעס דראבקין געהערט ווי מיסעס גוטמאן האט איהר שטיל געזאגט:

— שנעלער, מען דארף די קישען!

און מיסעס דראבקין האט זיך געוואונדערט: וואס מיינט זי מיט דעם.

שפעטער, ווען דארט זיינען שוין קיין געסט ניט געווען, האט מיסעס דראבקין ביי איהר געפרעגט, וואס זי האט געמיינט מיט דעם,

האָט מיסעס גוטמאַן מיט איהר צנועות'דיגען שמייכעל דאָס איהר ער־קלעהרט.

א זייגער צוועלף האָט אַנגעקלאַפּט אין דער טהיר א נייער גאַסט. די אַנדערע מיידלעך זיינען שוין געווען אַוועק. מיסעס דראבקין, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַט פערערדט מיט מיסעס גוטמאַן, און טאַקע מכוח די דאָזיגע ביזנעס, וועגען וועלכער זי האָט איצט גערעדט און זיך צוגעהערט מיט א מין קראַנקהאַפטער נייגעריגקייט, איז גלייך אין קיך אריינגעלאָפען.

דער נייער „גאַסט" איז געווען עפּעס א מין פערזעהניש: א קליין, מאָגער נפש'ל מיט א פערקרימטען מויל, שמאָלע, שפּיציגע אַקסלען און מיט הענד און פיס, ווי שפּענער. און ווי זי האָט זיך פערוואונדערט, וואָס מייבעל איז מיט א פערליעבטער מינע אין דעם פראָנט־צימער מיט איהם פערשוואונדען.

— וועה איז מיר! — האָט זי געטראַכט, — ווען מען זאָל מיך אין גאַנצען אָפּשיטען מיט גאָלד, וואָלט איך מיט אזא ניט געגאַנגען. אפילו מיין מאַן איז דאָך א מאַנארכע געגען איהם!...

און שפּעטער, ווען זי האָט דאָס געזאָגט מיסעס גוטמאַן, האָט יענע איהר געענטפערט:

— אַי, א גדולה אויף אייך, וואָס רעדט איהר? א חתן קלייבט מען זיך אויס, אָבער ניט אין ביזנעס. זיינע צוויי דאָלאַר זיינען אויך כשר'ע אַמעריקאַנישע...

זי האָט אָנגעהויבען צו געהן אהין אָפּטער, ווען געסט זיינען דאָרט געווען. עס האָט זי געצויגען אהין, ווי עס ציהט דעם ליידענשאַפט־ליכען שפּיעלער, וואָס האָט זיך אין גאַנצען אין קאָרטען אריינגעטהאָן, צום קאָרטען שפּיעל. זי האָט געשפּיעלט, געשפּיעלט מיט איהרע געפיהלען און געדאַנקען אַן אונרוהיגען און ברענענדיגען שפּיעל... זי האָט זיך געשראָקען פאַר דעם דאָזיגען שפּיעל און, אַזוי ווי א קאָרטען־שפּיעלער, וועלכער פיהלט, אַז דאָס שפּיעלען מאַכט איהם אונגליקליך, טרייבט איהם צום אונטערגאַנג, זאָגט זיך צום צעהנטען און צום הונדערטען מאָל, אַז ער וועט מעהר ניט שפּיעלען און צום סוף שפּיעלט ער דאָך און פערלירט נאָך און נאָך, אַזוי האָט זי זיך אויך געזאָגט: „אַנטלויפען פון דאַנען! אַנטלויפען וואָס גיכער!"

הונדערט מאָל אַ טאָג זיך דאָס געזאָגט, הילף ביי גאָט געבעטען, תחינות געלייענט, צו איהר קינד מיט טרערען גע'טענה'ט, און, צום סוף, איז זי דאָך אַהין געגאַנגען, די האָאָר צוגעקאַמט, אין דער שבת־דיגער בלוזקע, געזעסען דאָרט הינטער דער קיך־טהיר און האָט פערגנב'עט ארויסגעקוקט...

זי האָט שוין איצט פיעל סודות פון דאָרט געוואוסט, אויך דאָס, אַז בעני לעבט מיט דער דיקער רויטער ברכה פון די טהיר נומער 2 און אַז מען קלייבט זיך זי צו מאַכען פאַר „סחורה“.

און, מערקווירדיג, ווי עס האָט איהר ניט געצוויגען צו בעני'ן, האָט זי איהם איצט אַנגעהויבען אויסמיידען פיעל מעהר ווי פריהער. אַזוי ווי זי וואָלט געפיהלט, אַז איהר הויפּט סכנה איז ער. זי האָט איהם אפילו איצט ניט געלאָזט מיט איהר גראָב אַ שטיעף צו טהאָן, ווי פריהער. און האָט ער עס געוואָלט טהאָן, איז זי אָדער צו זיך אַנטלאָפען און האָט די טהיר פערשפּאַרט, אָדער האָט איהם מיט אַ מין פערצווייפלונג אפּגעשטויסען פון זיך.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע פערצווייפעלטע ראַנגלען זיך פון די צניעות, וואָס זי האָט מיט זיך פון איהר קליין שטעדטעל געבראַכט, געגען די מורא'דיגע הפקרות, וואָס האָט זי איצט ארומגערינגעלט און געזוכט זי צו פערשלינגען...

---

## 7.

עס איז געווען אַ הייסער שבת נאָכמיטאָג אין מיטען זומער. הינטער אַנדערע טהירען פון דעם טענעמענט־הויז האָט דער שבת קודש גערוהט, הינטער די מייסטע איז קיין זכר פון איהם ניט געווען. דאָרט, וואו ער האָט גערוהט, האָבען די מענשען געטראָגען שבת'דיגע פּנים'ער, רוהיגע, ניט־פערדאַגה'טע, און קליידער אויך שבת'דיגע, זיינען געגאַנגען אין שוהל מיט די טליתים אונטער די פּאַכוועס, האָבען קידוש געמאַכט, אָבגעגעסען און זיך אויסרוהען צוגעלעגט, אָדער זיינען געזעסען איבער אַ ספר ביים אָפענעם פענסטער, אָדער אין דער־הויך פאַר דאָס ווייב און פאַר אַנדערע אינ'ם הויז אַ צייטונג געלעזען, צי גאָר

אויף דרויסען ארויס, די הענד אויף הינטען פערלעגט און לאנגזאם מיט שבת'דיגער מינע איבער'ן טראָטואר ארום הויז געשפּאציערט, ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים איבער'ן שאָססע, צי איבער די רוהיגע שבת'דיגע גאַסען, און אַ ניגעלע אין דעם ארומיגען טומעל געברומט. די יונגע טעכטער זייערע זיינען אין דער גאס־טהיר געשטאַנען אויס־געפּוצט, צי זיינען געזעסען אויף די טרעפּ און דרויסען און האָבען גערעדט מיט אַ פריינדין, צי מיט אַ בעקאַנטען יונגענמאַן. אנדערע פון די דאָזיגע מיידלעך, אין אַ הוט פון דער לעצטער מאָדע און אין אַ העל, זיידען, שאַרשענדיג קלייד מיט שפּיעלענדיגע פאַרבען, איז מיט אַ חתן אין אַ פּארק אָדער צו אַ פּיק־ניק געגאַנגען. און דאָרט, וואו דער שבת האָט ניט גערוהט, איז די וואכעדיגקייט שווער געלעגען אין יעדען ווינקעלע פון די צימערן און דער אונרוהיגער טומעל פון דער גאַנצער וואָך האָט זיך דאָרט געטראָגען, און פון די פּנים'ער איז ניט אָבגעוואַשען געוועןן די וואָכעדיגע דאגות, און די נשמות האָבען פון זיך ניט ארונטערגעטרייסעלט די וואָכעדיגע זאָרגען, און די קערפּערס— די וואָכעדיגע מלבושים. די מענער האָבען געאַרבייט אין די שעפּער און די פרויען האָבען געקאָכט און געוואַשען, און ניט גערוהט הינטער זייערע טהירען, ווי יעדען טאָג פון אַ גאַנצען יאָהר.

אין דעם טענעמענט־הויז האָט די הייליגקייט פון'ם שבת זיך אויסגעמישט מעט דער שווערער וואָכעדיגקייט, ווי, בכלל, די זויבער־קייט און ריינקייט מיט שמוץ און אונצוכט...

הינטער דער טהיר נומער 3 האָט אויך דער שבת גערוהט. אויפ'ן ווייס־געדעקטען טיש אינ'ם עס־צימער זיינען געשטאַנען דריי בלישצע־דיגע לייכטער מיט פערגליווערטע שטיקלאַך חלב פון אוסגעברענטע ליכט ארום די מיילער, אזוי ווי די מעשענע מיילער וואָלטען די דאָזיגע פעטע ליכט געהאַט פערשלונגען און סמנים פון דעם פעטס וואָלטען ארום זייערע ווינקלען פערבליבען.

די ליכט האָט נעכטען געבענשט די אַלטע מיסעס גוטמאַן און ביז דער שבת איז ניט געוועןן פאָראיבער, האָט מען די לייכטער פון'ם טיש ניט געטאָרט ארונטערנעהמען.

מיסעס גוטמאַן, אין אַ געבלומטען מאָרגען־קלייד און מיט אַ שבת'דיגען שייטעל אויפ'ן קאָפּ, איז געזעסען אויף אַ שטוהלביים טיש

איבער אַן אָפענעם טייטש־חומש, ביידע דיקע אָרעמס פערלייגט אונ־טער די ווייסע שפּיצען פון׳ם מאָרגען־קלייד ביים בוזים, האָט געשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ און לאַנגזאַם, מיט אַ תחינה־ניגון, געלייענט אויפ׳ן קול. גאַנץ אָפט האָט זי אין מיטען לייענען אַ שווערען זיפץ אַרויס־געלאָזט און פון צייט צו צייט האָט זי איינע פון איהרע דיקע הענד פון אונטער די שפּיצען אַרויסגענומען און מיט איהר די ווינקלען פון די אויגען געווישט.

ביי דער זייט אויף דער זאָפע איז געלעגען מייביל אין אַ ראָזעווע בלוזקע און האָט געקוקט אַרויף צו דער סטעליע מיט אַ סיגאַרעט אינ׳ם מויל. איין פוס, שלאַנק און רייצענד, אין אַ שוואַרצען, זיי־דענעם און דורכזיכטיגען זאָק מיט אַ ראָזאַווען בענדעל, האָט זי פון דעם שמאָלען, שוואַרצען קליידעל אַרויסגעשטעלט און אין דער וואַנד איבער דער זאָפע מיט איהר געקלאַפּט.

זי האָט זיך ערשט צוריקגעקעהרט פון דער גאַס, וואו זי האָט זיך אַ נייעם הוט געקויפט פאַר 25 דאָלאַר, און נאָך געהאַט אויף די פינגער פון ביידע הענד די רינגען מיט אמת׳ע און פאַלשע בריליאַנטען און דעם לאָוועליר מיט פאַלשע בריליאַנטען אויפ׳ן האַלז, וואָס זי פלעגט טראָגען יעדעס מאָל, ווען זי איז געגאַנגען אין אַ גרויסען גע־שעפט, עפּעס קויפען.

די פענסטער פונ׳ם צימער זיינען געווען צוגעמאַכט, די פאָרהאַנ־גען איבער זיי אַרונטערגעלאָזט, און דאָרט איז געווען האַלב דונקעל און הייס, און עס האָט געשמעקט מיט אָדעקאָלאָן, פּודרע, קאַרבאָל און מיט נאָך עפּעס אַ שטאַרקען שטאָף.

אין די שטילקייט פונ׳ם צימער זיינען שווער, אָהן אַ טאַקט און סדר און געפּלאָנטערט, געפאַלען די ווערטער פונ׳ם טייטש־חומש, וואָס מיסעס גוטמאַן האָט אַרויסגעזונגען מיט אַ תחינה־ניגון. און מייביל׳ס קלאַפּען מיט׳ן פוס אין די וואַנד האָט ווי אַקאָמפּאַנירט איהר. ציי־טענווייז האָט די סטעליע אויפגעציטערט פון דומפּפע טריט; דאַן האָבען די געז־רעהרען, וואָס האָבען זיך געצויגען פון אויבען, אַרויס־געלאָזט אַ פערזשאַווערטען, פערשלאָפענעם קלאַנג; אָדער אַן די צו־געמאַכטע פענסטער האָט אַ טומעל פון דער גאַס זיך אָנגעקלאַפּט; צי פון דער טהיר נומער 4 האָט זיך דערהערט דראַבקין׳ס קול, וואָס האָט דאָרט מיט אַ געשמאַקען ניגון מעביר די סדרה געווען.

און אז מיסעס גוטמאַן האָט דערהערט דעם דאָזיגען געשמאַקען ניגון, מיט וועלכען די הויז־קיפּערין׳ס פרומער מאַן האָט דאָרט מעביר די סדרה געווען, האָט זי אַליין אויך גענומען זאָגען הארציגער און העכער, אזוי הארציג, דאָס יעדע ווײַלע האָט זי געמוזט די אויגען ווישען מיט איהר דיקער האַנד.

— די חכמים זאָגען — אַי, וועה איז מיר! — האָט זי געלייענט מיט אַ תחינה־ניגון — דרום שטעהט תש־תש־ט־טה, צו ווייזען, דאָס קיין מענש טהוט ניט קיין עבירה, סיידון עס געהט איהם אריין אַ נאַרושו דעה. אַי, וועה איז מיר! — האָט זי זיך אונטערבראָכען און געלייענט ווייטער. — דען תש־תש־ט־טה הייסט זי וועט פער נאַרושון. עס איז געווען אַ מעשה. צוויי שוועסטער האָבען געהאַט איין גישטאַלט. האָט איינע מזנה גיוועז. האָט מען איהר געוואָלט געבען טרינקען דאָס ביטערע וואַסער פון דעם בית המקדש. — אַי, וועה איז מיר! — האָט זי גיזוגט צו איהר שוועסטער: געה דו אויף מיין אָרט, דען דו האָסט ניט מזנה געווען, וועט דאָס ביטערע וואַסער דיר ניט שאַטען. איז די שוועסטער גיגאַנגען אין בית המקדש אריין און מען האָט איהר גיגעבון צו טרינקען דאָס וואַסער און עס האָט איהר ניט געשאַט.

— וואָס דען? — האָט מיסעס גוטמאַן אונטערבראָכען איהר לייענען — זי האָט דאָך נישט געזינדיגט, אַ כשר׳ע נשמה געווען. אודאי וועט דאָס ביטער׳ע וואַסער איהר נישט שאַדען.

און זי האָט ווייטער געלייענט מיט׳ן אייגענעם ניגון:

— אַי, וועה איז מיר!... און אז זי איז גיקומען, האָט זי די שוועסטער אנגיהייבען צו האַלזען און צו קושען, ווייל זי האָט זי מציל גיוועז פון דעם טויט, אזוי איז אין איהר אריין דער ריח פון דעם וואַסער, וואָס איהר שוועסטער האָט גיטרונקען, און זי איז גיוואָרען גישוואָלען און איז געשטאָרבען פון דעם ריח פון דעם וואַסער.

מיסעס גוטמאַן איז דאָ אויסער זיך געוואָרען, האָט געקרעכצט: אַי, וועה איז מיר, וועה איז מיר. געווישט די אויגען מיטביידע הענד און גע׳טענה׳ט צו זיך:

— פון דעם ריח נור! נור פון אַ שמעק! וואָס דען? מען קען עפּעס גאָט אָפּנאַרען? ער זעהט אַלסדינג און מיט קיין דאָלאַר כשר זיך מאַכען ביי איהם קען מען אויך ניט! פון איין שמעק! אַי־אַי־אַי! גאָר ווי פון דער מיאוס׳ער קראַנקהייט!... איך זאָג דאָס שוין לאַנג:

צו דעם זינדיגען מענשען קלעפּט זיך. די זינד אַליין זיינען קלעפּעדיג. זאָל איינער נור איין פוס אַריינשטעלען אין די זינד, איז פערפאַלען — קריכט ער דערנאָך מיט ביידע פיס אַריין, נישט אַרויסצורייסען! ווערט אין גאַנצען אין דעם איינגעטונקט! ווער פון אונז ווייסט עס ניט, ברוך השם?

מייביל האָט געלאַכט אויף אַ הייזעריגליכען קול און זיך געקייקעלט אויפ'ן בויך. זי האָט זיך האַלב אַרונטערגעלאָזט פון דער זאָפע די שווארצע האָאָר צושאָטען איבער די באַקען און אַקסלען, געקוקט אויף מיסעס גוטמאַן מיט שווארצע, ברענענדיגע און לאַכעדיגע אויגען, געדריגעוועט מיט ביידע שלאַנקע פיס איבער דער זאָפע אין דער וואַנד, געקייקעלט זיך אויפ'ן בויך און געלאַכט, געלאַכט. דאָס שמאָלע שווארצע קלייד האָט זיך אויף איהר פערקאַשערט און אַרויסגעוויזען אַ ברעג פון איהר זיידענעם אונטער־קלייד פון אַ פייער־קאָליר. איין בלישצענדיגע האַנד מיט'ן רויכיגען סיגאַרעט האָט זי אין גאַנצען פון דער זאָפע אַרונטערגעהאַנגען, און דינע בלויע רינגעלאַך רויך האָבּען זיך געשלענגעלט פון אונטען אַרויף, פערבלאָנדזשעט אונטער די זאָפע און זיינען דאָרט פערשוואונדען.

— וואָס לאַכסטו, מייביל, אַ גדולה אויף דיר, איז אפשר ניט אמת, האַ?

— דאָס איז אַזוי פאַני — האָט מייביל זיך אָנגערופען אויף איהר אַמעריקאַנישען אידיש און געזאָגט דאָס אייגענע וואָס אַלע מאָל בעת מיסעס גוטמאַן האָט זיך צו'טענה'ט וועגען די מענשליכע זינד: — פאַרוואָס דו ניט אַ ראַבּי? — און זי האָט ווייטער געלאַכט.

— זאָג איך טאַקע, אַ גדולה אויף דיר, אַז מען קריכט אַריין מיט איין פוס, קריכט מען שוין מיט דער צווייטער. אי, קינדעלע, שווער זיך דערנאָך אַרויסצורייסען, שווער! שוין אַ יאָהר 25 ווי איך ריים זיך. אַלע מיינע יאָהרען אין אַדעם זיך געריסען. קיינמאָל אַן גאָט זיך ניט פערגעסען. נאַרעלע דו, איך בין ניט אַבי ווער. מיין מאַמע, מיר צו לאַנגע יאָהר, איז געווען אַ פרומע אידענע, אַן אמת'ע צדקנית, מיין טאַטע — אַ שענער איד, אַ צדיק. נור איך בין אַריינגעפאַלען, ווי דו: יונגע בלוט, יונגער שכל — אַריינגעפאַלען, פערפאַלען, בעשערט געווען אַזוי. נו, האָב איך געוואָלט זיך אַרויסרייסען און חתונה האָבען. נו, האָב איך חתונה געהאַט מיט מיינעם, פוילען זאָל ער דאָרט, וואו ער

איז. און אפשר האָט ער שוין טאַקע דאָרט איינגענומען, אין אדעס? ווייס איך, דער שד וועט איהם אזוי גיך ניט נעהמען, אזא!... נו, איז נאָך דער חתונה האָט ער געוואָלט דוקא אזא געשעפט. בין איך אַ פּאָר מאָל דערנאָך אוועק פון איהם, געפּרובט עפּעס טהאָן אַנדערש, אוועק אין אַנדער שטאָדט, אויסגעליהען געלד אויף פּראָצענט, אַ שניט־קראָם געהאַט, אָבער קיין מזל איז ניט געווען. געמוזט צוריק פאָהרען צום מאַן, צוריק צום אַלטען געשעפט. און פאר פינף יאָהרען, אז איך בין געקומען קיין אמעריקא, האָב איך אודאי פון אזא ביזנעס נישט גע־טראַכט. אזוי וואָלט איך גאָר קיין אַמעריקא ניט אַנגעהויבען צו פאָהרען. געהאַט אביסעל געלד מיט זיך. בין איך געזעסען און געגעסען מיין געלד. צו־וואָס מען נעהמט זיך דאָ האָב איך ניט גע־וואוסט. האָב איך שוין געוואָלט פאָהרען צוריק קיין אַדעס צו מיינעם, ערשט איך טרעף דאָ אַן אַלטען בעקאַנטען, געווען אמאָל מיין מאַן'ס אַ שותף אין אדעס. דאָ איז ער אויך אין די אייגענע ביזנעס געווען. נו — מאַכט ער — שותפות. זאָל זיין שותפות. וואָס איז דער חילוק— דאָ צי אין אדעס? נאָך מיינעם בענק איך דאָך ניט, פון מיינטוועגען מעג ער דאָרט אפילו פוילען. און קיין קינדער האָב איך דאָרט אויך ניט איבערגעלאָזט. אַ דאַנק גאָט כאָטש דערפאַר, וואָס איך האָב זיי קיינמאָל ניט געהאַט — וואָס פאַר אַ לייט וואָלט פון זיי, ברוך השם, געקענט ארויסקומען. בין איך מיט איהם אָפּגעווען דריי יאָהר אין דער ניינטער סטריט. דערנאָך, אז בעני האָט אונז געבראַכט דריי מיידלעך, האָבען מיר זיך מישב געווען, אז ער קאָן זיין פאַר אונז אַ פיינער שותף, האָבען מיר איהם אריינגענומען און איך מיט איהם האָבען אַהער אריינגעמופט און יענער פיהרט זיך דאָרט דעם געשעפט. געלד, אַ דאַנק גאָט, ברענגען ארייןביידע געשעפטען, אבער, קינדערלע, אַ גדולה אויף דיר, מען ווערט איינגעטונקט אַלץ מעהר און מעהר אין זינד. מען רעדט צו אַנדערע צו זינדיגען. מען פערשלעפּט. אָט וועט די רויטע ברכה'קע מסתמא היינט אויך אריינגעשלעפּט ווערען. בעני ריכט זיך דאָ היינט אויף איהר. און פאַראַכטאָגען ענני, און פריהער— די קליינע רחל'ע... און דו מיינסט, אז מיסעס דראַבקין וועט זיך ארויסדרעהען? מיינע און דיינע שונאים זאָלען אזוי לעבען! אז בעני האָט זיך אריינגענומען אינ'ם קאָפּ, איז פערפאַלען. און מען מוז איהם נאָך העלפען. שוין אזא ביזנעס, אַ גדולה אויף דיר. ווייסט

טאקי, אז עס איז א גרויסע, א מורא'דיגע זינד, פיהלסט טאקי א וועהטאג אינ'ם הארצען, דו וואלסט אודאי דאס ניט וועלען טהאן, אבער וואס קען מען זיך העלפען? די ביזנעס איז אזא. דארפסט האבען סחורה, וואס בעסערע, וואס שענערע און וואס ביליגערע. דער דאקטאר וויל מען זאל קרענקען, דער קברות־מאן — מען זאל שטארבען, און מיר — מען זאל זינדיגען...

מייביל איז שוין געלעגען מיט די פיס אונטער זיך און האט זי ניט געהערט. אין'ם מויל האט ביי איהר געשטעקט א פרישער סיגא־רעט'ל. אזוינע רייד האבען אויף איהר נור געווירקט די צעהן טעג צווישען ראש השנה און יום כיפור, ווען אינ'ם הויז איז געווען „ריין" און ווען דארט האט זיך שטארק געפיהלט דער פחד פאר גאט'ם צארן; איצט אבער האט זי געטראכט וועגען די רויטע ברכה'ן, וועלכע האט געזאלט היינט געמאכט ווערען פאר א „סחורה", און האט געווארט אויף דעם מיט א מין בעזונדערער אונגעדולד, אזוי ווי אינ'ם טהעאטער ביי א פארשטעלונג אויף זעהר א אינטערעסאנטע, אויפרעגענדע סצענע. זי האט שוין געזעהן ווי מען האט „טריף" געמאכט, ווי זי און בעני האבען עס גערופען, ענני'ן און די קליינע רחל'ען און זי האט דערפון שטארק הנאה געהאט. אפשר נאך אויך דערפאר, ווייל אזוי וועלען נאך אנדערע מיידלעך ווערען ניט בעסער פון איהר...

מיסעס גוטמאן האט געלייענט ווייטער איהר טייטש־חומש.

פלוצים האט מייביל זיך צולאכט און אויסגעשריען אויף ענגליש:

— ווען איך וואלט געווען היינט א באי... עס וועט זיין זעהר „פאני", ווען די רויטע ברכה... הע?...

מיסעס גוטמאן האט זיך א כאפ געטהאן:

— אי, געוואלד, געוואלד! שטן מקטרג דו, וואס קומסטו מיט דיינע רייד, ווען איך לייען דעם טייטש־חומש? אי, מייביל, א גדולה אויף דיר, דו ווייסט דאך, אז ווען איך נעהם א הייליגען ווארט אין מויל, וויל איך אזוינע רייד ניט הערען!...

זי האט זיך אויפגעהויבען פונ'ם שטול און איז מיט'ן טייטש־חומש ארוים אין די קיך.

מייביל האט זיך נאך העכער צולאכט.

---

8.

מען האָט אַ קלאַפּ געטהאָן אין דער טהיר. מייביל האָט זיך פון דער זאָפע ראַפּטאַם אַ כאַפּ געטהאָן, שיער זיך ניט ארונטערגעקייקעלט, איז צוגעלאָפען צו דער טהיר און זי געעפענט. בעני איז אריין פער־שוויצט מיט דעם שטרויענעם הוט אין די הענד, מיט אַ ווייס טיכעל ארום האַלז, הינטערען קראַגען פעררוקט. ער איז אריין אין דעם זייטיגען צימער און באַלד ווידער פון דאָרט ארויס אָהן אַ רעקעל און הוט מיט אַ פערהאַוועטער מינע אויף זיין רונדען, ווייסען, ריין געראַזירטען פּנים, אויף וועלכען עס איז געלעגען אַ בעזונדערער אויסדרוק פון עפּעס אַ מין פרעכער און קריעגערישער' ענטשלאָסענהייט. דער דאָזיגער אויסדרוק איז אויך געלעגען אין זיינע קאַרע, שטעכיגע, דורכדרינגענדע אויגען און אין יעדער בעוועגונג, אין יעדען ריהר, האָט זיך געדאַכט, פון זיין שלאַנקען, שטאַרקען און בויגיגען קערפּער, ווי ביי אַן אַקראָבאַט.

ער האָט ארונטערגעצויגען דאָס טיכעל פון'ם האַלז, ארומגעווישט זיך דעם שטאַרקען נאַקען פון הינטען, ארום דער קורצער, רונדער און עקשנות'דיגער מאָרדע, ווי ביי אַ בולדאָג, דערנאָך באַק־ארויף ביז'ן שטערען, אויף וועלכען עס איז ארונטערגעהאַנגען אַ שווערער לאָקען פון שוואַרצע, גלאַנציגע האָאָר. דערנאָך האָט ער צושפּיעלעט דעם ווייכען קראַגען פון דעם ווייסען זיידענעם העמד, פערקאַטשעט הויך ביידע אַרבעל איבער די האָאָריגע אָרעמס, אַ וואָרף געטהאָן זיך אויף די זאָפע, פערלעגט ביידע אָרעמס הינטערען נאַקען און געזאָגט:

— אַ, מיעד!...

— פור באָי! — האָט מייביל זיך אַנגערופען און זיך געזעצט נעבען איהם.

— פארוואָס טהוסטו זיך ניט אָן?

— עס איז נאָך גענוג צייט. די מיידלאַך זיינען נאָך אויך ניטאָ.

— זיי וועלען היינט קומען שפּעטער. איך האָב זיי געהייסען קומען נאָך אכט. אפריהער וויל איך פאַרטיג ווערן מיט דער רויטער. ביז נאָך אכט זאָל מען קיינעם אָהער ניט אריינלאָזען, אויסער טשארלי'ן.

— ווידער טשארלי?

— הי איז דהי אָנלי מען... — דער איינציגער מאַן פאר אזוינע זאכען. שטענדיג איז ער דער ערשטער אונבעקאַנטער, וועלכער געהט מיט מיינער א מיידעל. ער בעצאָהלט גוט און איז א גוטער טריף־מאַכער...

— וויים די רויטע, וואָס דו ווילסט פון איהר?

— געוויס. שוין זייט א וואָך, ווי זי ווייסט, ווער איך בין און ווער דו ביזט... אַפריהער, ווען זי האָט זיך דאָס דערוואוסט, האָט זי גאַנצע הויפענס האָאר זיך פון'ם קאָפּ אויסגעריסען, שיער ניט גע'חלוש'ט, געוויינט, געזאָגט, אַז זי וועט ניט לעבען, וועט זיך פער־גיפטען — זי האָט געמיינט, פערשטעהסטו מיך, אַז איך וועל מיט איהר הייראַטען. איצט אָבער רעדט זי דאָס שוין מעהר נים. זי בעט מיך נור, אַז איך זאָל בלויז איין יאָהר מיט איהר זיין און דער־נאָך וועט זי שטאַרבען. דו וואָלסט זעהן, ווי זי קומט צו מיר, ווען איך בעשטעל זי ערגעץ אין א האָטעל. ווי א נאַכט־וואַנדלערין בע־וועגט זי זיך, די אויגען אזוי מאָדנע אויסגעגלאָצט אויף מיר...

— אויב אזוי, קען זי מיט אַן אַנדערען גאָר ניט וועלען געהן?

— זי וועט מוזען וועלען. נעכטען האָב איך געהאַט טשאַרלין מיט זיך אין'ם האָטעל. זי האָט מיר אָבער די הענד געקושט, איך זאָל דאָס אָבלעגען אויף היינט. האָב איך פון איהר פערלאַנגט, אַז זי זאָל היינט קומען אום זעקס און דוקא אַהער...

— בעני, וואָלט ניט בעסער געווען ערגעץ אַנדערש? זי וואָהנט דאָך אין דעם הויז.

— ווייל זי האָט מיך נעכטען ניט געפאָלגט, וויל איך דוקא אין דעם הויז. און דאָ איז די אַלטע אויך דאָ, טאָמער דאַרף מען זי נאָך איינרעדען. די אַלטע מיט איהרע גוטע רייד קען פיעל ארויס־העלפען...

— זי וועט ניט קומען, בעני! — האָט פלוצים מייביל געזאָגט מיט א זיכערקייט אין'ם קול און א מאַך געטהאַן מיט'ן שווארצען קאָפּ.

— זי וועט יאָ קומען. וויפיעל איז דער זייגער?

ער האָט ארויסגענומען א קליין זייגערעל פון א זייטיגער קעשענע און א קוק געטהאָן:

— באַלד זעקס. איך ווייס, אז זי וועט זיין.

מיסעס גוטמאן איז אריינגעקומען מיט'ן טייטש־חומש אין די הענד, האָט איהם א קוש געטהאָן און בעהאַלטען אין א שופלאַד פון דער קאָמאָדע, וואו עס איז געלעגען איהר ציערונג, איהר געלד, איהר סידור, איהר מחזור און איהר תחינה.

— זיינען דאָ א פּאָר פלעשער שאַמפּאַניער פאר דעם היינטיגען יום־טוב? — האָט בעני זיך צו איהר געווענדעט.

— דאָ — האָט זי געענטפערט.

— מייביל — האָט ער זיך דאן ווידער געווענדעט צו איהר — נעהם ארויס די בילדער. דו וועסט איהר ווייזען — דאָס העלפט אויך.

מייביל איז צוגעלאָפען, דרעהענדיג מיט די היפטען, צו דער זעלביגער קאָמאָדע, וואו עס זיינען געלעגען דער סידור, דער מחזור, דער טייטש־חומש און די תחינה, און האָט פון אן אנדערען שופלאַד ארויסגעשלעפּט א פּעקעל שמוציגע בילדער, וועלכע מען האָט אין דעם דאָזיגען הויז געוויזען עלטערע מענשען, כדי די „ליעבע" אין זיי צו ערוועקען.

זי האָט דאָס פּעקעלע צוגעטראָגען צו בעני'ן און עס איהם אונטער זיין צו־קאָפּענס אוועקגעלעגט.

— זי וועט ניט קומען — האָט זי ווידער געזאָגט.

— זי וועט יאָ קומען. דו ווילסט זיך וועטען? — האָט ער געענטפערט.

מיסעס גוטמאן האָט זיך אריינגעמישט:

— מיר דאַכט זיך, אז מיר וועלען פון איהר צרות האָבען. עפּעס געפעלט זי מיר ניט, די רויטע ברכה'קע. איצט איז זי נאָך אביסעל „אפּאָכמעליעט" פון דיר, אָבער זי קען זיך נאָך אָטשוכען... איך האָב שוין גענוג געזעהן אזוינע זאכען אויף מיין לעבען.

— נעווער מיינד, אַלטע, זי וועט שוין זיין אָלל־רייט, גלויב מיר. אז איך זאָל איהר הייסען אין פייער שפּרינגען, וועט זי דאָס מוזען טהאָן. דו געדענקסט, ווי די קליינע רחל'ע האָט מיך געליעבט?

זי, די רויטע, ליעבט מיך נאך מעהר. דו וואלסט געזעהן, ווי זי האט מיר נעכטען די הענד געקושט...

— בעני, א גדולה אויף דיר, עס זיינען פאראן מיידלאך, וואס זיינען ווי די בייזע הינט: זיי לעקען די הענד זייערע בעלי־בתים און בייסען די הענד פרעמדע. עס קען גרייליך זיין, אז די רויטע איז אויך אזא. און מיר דארפען דאך, זי זאל קושען די הענד פרעמדע. נישט אזוי, א גדולה אויף דיר?

— עס וועט שוין זיין אלל־רייט, אלטע, גלויב מיר. אבער פארוואס איז זי נאך נימא? — האט ער זיך אונטערבראכען מיט אונ־געדולד — אלע מאל איז זי געווען צו דער מינוט!...

— זי וועט ניט קומען — האט מייביל ווידער געזאגט.

— אי סטאפ! — האט בעני זיך א בייזער געטהאן אויף איהר און זיך אויפגעזעצט אויף דער זאפע.

זי האט שטיל און צושראקען א לאך געטהאן אין זיך און איז אנשוויגען געווארען. עס איז קענטיג געוועז, אז זי האט פאר איהם מורא געהאט.

נאך א פערטעל שטונדע איז פאראיבער, זי איז ניט געוועזן. בעני איז ארונטערגעשפרונגען פון דער זאפע און האט אויפגערעגט גענר־מען שפרייזען איבער'ן צימער. מייביל האט זיך עפעס גע'סוד'עט מיט מיסעס גוטמאן. איצט, ווען בעני איז אויפגערעגט געוועזן, האט מייביל מורא געהאט מיט איהם צו ריידען.

מען האט א קלאפ געטהאן אין די טהיר. בעני האט געעפענט. טשארלי איז אריין.

ער איז געוועזן א ניעדריגער, שטארק־געבויטער מאן, א יאהר פערציג אלט, מיט ברייטע פלייצעס, צווישען וועלכע זיין קורצער די־קער האלז האט זיך קוים ארויסגעזעהן אזוי, דאס עס האט זיך גע־דאכט, אז זיין גרויסער בלאנדער קאפ איז געלעגען אויף די סאמע אקסלען, מיט א ברייטער מעכטיגער ברוסט, ווי פון שטיין אויסגע־האקט, און א ברייטען, רויטען, ריין־געראזירטען פנים, אויף וועלכען עס איז געזעסען א רויטע, פלאציגע נאז, און קליינע שמייכלענדיגע אויגעלאך, וואס זיינען פלינק ארומגעלאפען אונטער א שמאלען שטע־רען. ער איז אריינגעגאנגען, קאטשענדיג זיך אויף זיינע קורצע, דיקע פיס און ווארפענדיג מיט זיינע קורצע דיקע אָרעמס. געוועזן איז ער

אָנגעטהאָן מעשה פראנט, אין א טהייערען העלען אנצוג מיט א בלום אין'ם לאַטיץ, אין א פּאַנאַמאַ־הוט און לאַקירטע שיך.

— העללאָ! — האָט ער געזאָגט מיט א באַסאָווער שטימע — הײם!...

און בעמערקט, אַז בעני איז אויפגערעגט, האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז דער מעהר, בעני?

— זי איז נאָך ניטאָ.

— די רויטע?

בעני האָט א מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— דו דענקסט, אַז זי וועט ניט קומען?

בעני האָט א דריק געטהאָן די אַקסלען און אויסגעשטרעקט צו איהם די האַנד:

— גיב מיר א סיגאַר.

זיי האָבען ביידע פּעררויכערט. טשאַרלי האָט אַרונטערגעוואָר־פען דעם ראָק און הוט, זיך געזעצט אויף די זאָפע מיט'ן סיגאַר אין'ם מויל, אויסגעשטעלט זיין דיקע קורצע קניע אין פאָראויס, א פּאַטש געטהאָן איבער איהר מיט דער האַנד, אויף וועלכער עס האָט גע־בלישצעט א רינג מיט א גרויסען בריליאַנט, און א רוף געטהאָן מייביל'ן:

— קום אַהער, דאַרלינג.

זי האָט זיך געזעצט ביי איהם אויף דער אויסגעשטעלטער קניע.

— שוין לאַנג דיך ניט געזעהן, טשאַרלי — האָט זי זיך אָנ־גערופען און איהם א גלעט געטהאָן איבער די בלאָנדע האָאר אויפ'ן קאָפּ.

זיינע שמייכלענדיגע, קליינינקע און פלינק־אַרומלויפּענדיגע אויג־געלאַך, ווי ביי א ראַט, האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף איהר און ער האָט געזאָגט:

— אָט, ווען די רויטע וועט ניט קומען, וועלען מיר זיך היינט זעהען.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי ניט „לאָקי", ניט מזל'דיג, ער איז געווען די לעצטע נאַכט אין קאָרטען (דאָס איז געווען זיין ערשטע און הויפּט פּראָפעסיאָן). דאַן האָט ער גערעדט וועגען

די ארעסטירטע מיידלאך און בעל הבית׳טעס, פאר וועלכע ער האט אין די לעצטע פאר וואכען „בייל“ געגעבען (דאס איז געווען זיין צווייטע פּראפעסיאן). צולעצט האט ער גענומען ריידען פון געוויסע פאליטי־שענס און פאליס־לייט, מיט וועלכע ער איז בעפריינדעט געווען, און וועגען געוויסע באנדיטען פון דעם אידישע קווארטאל, מיט וועלכע ער איז אויסגעבונדען געווען.

דערווייל איז געווארען זיעבען, און ברכה איז נאך אלץ ניט געווען. בעני איז אלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט גע־ווארען, האט געדרייכערט די סיגארען איינעם נאכ׳ן אנדערן, איז ארומגעלאפען איבער׳ן צימער, האט געשפּייט, געמורמעלט: „זי וועט ניט קומען! זי וועט ניט קומען!“ און האט זי געזידעלט מיט די שמוציגסטע ווערטער. יעדע ווײלע האט ער די טהיר געעפענט, און דעם קאפ ווייט אין דעם קארידאר ארויסגערוקט, טאמער וועט ער זי דערזעהן, דערנאך ווידער פערהאקט די טהיר און געמורמעלט: „אזא רויטע חיה! מיך בעטריעגען, מיך? ! אזא רויטע חיה!“...

און צום סוף איז ער גאר צוקאכט געווארען און האט גענומען זיך אליין זידלען, פארוואס האט ער זיך נעכטען מיט איהר צערע־מאניעט. ער האט דאס שוין לאנג געדארפט טהאן. אבער זאל די רויטע חיה ניט מיינען, אז זי איז שוין מיט איהם פארטיג. ער איז בעני! אלל־רייט! „אי׳ל נאק הער אוט דהי קישקעס!“ — האט ער גערעדט אויף זיין בעזונדערען זשארגאן — איך וועל איהר די קישקעס ארויסזעצען, סיידען זי וועט ניט לעבען!...

טשארלי האט זיך געקלאפּט מיטביידע הענד איבער די דיקע קניע און געלאכט מיט זיין באסאווער שטימע:

— ווען דו וואלסט נעכטען ניט געווען אזוי גוט צו איהר, וואלסטו היינט ניט געדארפט זיין אזוי בייז, בעני! — האט ער געדונערט מיט זיין קול, לאבענדיג.

מייביל, וועלכע האט זיך איצט געוויעגט אויפ׳ן שאקעל־שטוהל מיט א סיגארעט אינ׳ם מויל, ריידענדיג עפּעס מיט מיסעס גוטמאן, האט זיך פּלוצים אנגערופען:

— האב איך דיר געזאגט, בעני, אז זי וועט ניט קומען?

מיט אמאל האט זיך בעני א ווארף געטהאן צו איהר מיט אן

אויפגעהייבענער האנד און מיט אויגען, וואָס האָבען געברענט מיט ווילדער רציחה:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט האַלטען דיין שמוציגען מויל!...

מייבעל האָט אַנגעבויגען דעם קאָפּ אונטער זיין האנד, ערוואַר־טענדיג מיט שרעק זיין שטאַרקען קלאַפּ. אָבער דאָ איז צוגעשפּרונגען צו איהם מיסעס גוטמאַן מיט אַ פלינקייט פון אַ קאַץ, וואָס מען וואָלט גאָר ניט געקענט ערוואַרטען פון דעם דאָזיגען דיקען, אַלטען גוף, האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן ביים אָרם און מיט לאַבענדיגע אויגען איהם אריינגעקוקט גלייך אין דעם רוצח'דיגען פּנים:

— אַ גדולה אויף דיר, בענעלע — האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ ווייכקייט אינ'ם קול, אַזוי ווי זי וואָלט אַ קינד געלאַסצעט: — וואָס האָסטו צו איהר? זי איז דאָך ניט שולדיג. זיי ווייטער ניט אַזאַ גוטער, אַ גדולה אויף דיר. טשאַרלי איז נעבכטען דאָרט געווען, האָסטו עם געדאַרפט אָפּ'פּטר'ן און פאַרטיג. דו האָסט אַ צו גוט־האַרץ, בענעלע, אַ גדולה אויף דיר.

— איך בין געווען אַ נאַר — האָט ער אַ בורטשע געטהאָן שוין רוהינער.

זי האָט איהם אַ גלעט געטהאָן איבער'ן אַקסעל:

— נו, נו, מילא, אַז עם וועט בעשערט זיין, וועט זי נאָך צו דיר קומען. וועסטו שוין דאַמאָלט ניט זיין אַזוי גוט...

זי האָט איהם אָפּגעשלעפּט אָן אַ זייט, ווען זי האָט בעמערקט אַז ער איז רוהיגער, און איהם שטיל געזאָגט מיט פאַרוואורף:

— בעני, דו ביזט משוגע? דו דאַרפסט ניט הייבען קיין האנד אויף מייביל'ן. זי האָט עם ניט פערדיענט. זי איז איבערגעגעבען די ביזנעס מיט לייב און לעבען. אפילו אַ בהמה, וואָס גיט פיעל מילך, היט מען אויך אָפּ, אַ גדולה אויף דיר!...

— דו ביזט גערעכט — האָט ער אויסגעמורמעלט און איז צו־געגאַנגען צו מייביל'ן:

— מייביל, איך האָב עם ניט געמיינט...

זי האָט איהם ניט געענטפערט, איז געבליבען זיצען מיט אַ ברוגז'ער מינע.

פלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטילער, גאַנץ שטילער קלאַפּ אין דער טהיר, מיסעס גוטמאַן האָט זי געעפענט און דעם קאָפּ ארויס־געשטעלט:

— קומט אריין, קומט אריין — האָט זיך דערהערט איהר פריינד־ליכער קול — ער איז דאָ!

— זי! — האָט זיך בעני אַ כאַפּ געטהאָן — פּאָרט געקומען! טשארלי, אריין אין פראָנט־רום, שנעל! זאָל זי דיך דערוויייל ניט זעהן! — האָט ער ארויסגעשעפּצעט.

טשארלי האָט אויף די שפּיץ־פינגער און קייקלענדיג זיך אויף די קורצע דיקע פיס, ווי קלעצעלאך, זיך אָפּגעטראָגען אין דעם פראָנט־צימער.

דאָס איז טאַקע געווען די רויטע ברכה. זי איז אריינגעקומען, קוים שלעפּענדיג די פיס, אַזוי ווי זי וואָלט נור־וואָס פון אַ שווערע קראַנקהייט אויפגעשטאַנען, און דער פּנים מיט די זומער־שפּרינקלאך איז וויים געווען, ווי קאַלך, און די גרויע אויגען, פון וועלכע רחמנות'־דיגע הילפלאָזיגקייט, פערצווייפלונג און שרעק האָבען ארויסגעקוקט, זיינען געווען ווייט אויסגעשצירעט און ווי גלעזערנע, און די רויטע האָאָר אויפ'ן קאָפּ זיינען צופלאָנטערט און אויפגעשטעלט געווען, אַזוי ווי פאַר מורא'דיגען שרעק, און דער בוזים אונטער דער ווייסער זיידענער בלוזקע האָט זיך שווער בעוועגט ארויף און אראָב.

בעני, וועלכער האָט זיך געהאַט אַ וואָרף געטהאָן צו איהר, איז פּלוצים שטעהן געבליבען ווען ער האָט דערזעהן, ווי זי קוקט אויס. מייביל האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר שאָקעל־שטוהל און מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל געקוקט אויף איהר, און מיסעס גוטמאַן האָט זיך געטראַכט, קוקענדיג ברכה'ן גלייך אין פּנים אריין מיט איהר גוטען און צניעות'דיגען שמייכעל: „אַ כשר'ע בהמה'לע, קוקט אויס נעבאַך, ווי מען וואָלט זי צו דער שחיטה געפיהרט!"

צום סוף איז בעני צו איהר צוגעגאַנגען:

— דאַרלינג, פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

האָט זי ארומגענומען און אַ קוש געטהאָן.

זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און ארויסגעריסען זיך פון אונטער זיינע הענד:

— איך בעט אייך, טשעפּעט מיך ניט... האָט רחמנות -- האָט זי זיך געטרייסעלט און געמורמעלט מיט א דומפּפען און צוריסענעם קול, אַזוי ווי פון ערגעץ טיעף, טיעף פון איהר נשמה וואָלט ער זיך געטראָגען און, טראָגענדיג זיך, וואָלט ער זיך דאָרט ערגעץ פער־טשעפּעט, אפשר אָן פרישע בלוטענדיגע וואונדען, און זיך צוריסען:

— איך האָב ניט געוואָלט געהן אהער... ניט געטאָרט געהן אהער... עס האָט מיך אָבער געשלעפּט... ווי מיט א קייט... ווי איהר וואָלט מיך פער׳שכור׳ט... די האָאר אויף זיך צוריסען... די קישען צו־ביסען... אָי, אז איך וואָלט געשטאָרבען... וואָס האָט איהר געהאָט צו מיר?...

און בעת זי האָט עס גערעדט, האָט ער געקוקט איהר גלייך אין פּנים אריין, די האַנד ארום איהר טאַליע, און אויסגעשטעלט צו איהר זיינע לאַכענדיגע ווייסע און געזונדע צייהן.

דאַן האָט ער אויסגעשריען: „דאַרלינג, דו ביזט היינט אביסעלע צו נערוועז, איך ליעב דאָס ניט!“ — א כאַפּ געטאָן זי מיט א מערקווירדיגער קראַפט, ווי שווער זי איז ניט געווען, אויף די הענד, ווי, א קליין קינד, איהר רויטען קאָפּ אַנגעלעהנט אויף איין אָרם זיינעם, איהרע פּיס אויף זיין צווייטען, איהר גאַנצען קערפּער געגען זיין ברוסט, האָט זי אַזוי געקאַטשעט, ווי מען טהוט עס, בעת מען וויל איינשטילען א שרייענדיגע קינד, און געזונגען:

— ליו־לו־לו, מיי דאַרלינג, ליו־לו־לו־לו־לו!...

מייביל און מיסעס גוטמאַן האָבען געלאַכט און ברכה׳ן האָט זיך אויסגעדוכט, אז א מורא׳דיגע קראַפט, געגען וועלכער זי האָט זיך וועהרען ניט געקענט, טראָגט זי און וויעגט זי איבער א טיעפען און מורא׳דיגען אָבגרונד, וויל זי אהין א שליידער טהאָן, און זי האָט שרייען געוואָלט: „ראַטעוועט מיך“ און אָנשטאָדט דעם האָט זי קוים־קוים געשעפּצעט:

— איך בעט אייך... איך בעט אייך... האָט רחמנות... איך בעט אייך...

דאַן האָט ער זיך מיט איהר אויף די זאָפע אַרונטערגעלאָזט, אויף די קניע צו זיך א זעץ געטהאָן, אַרויפגעדריקט זיין רונדע שטאַרקע מאָרדע, ווי ביי א בולדאָג, אויף איהרער, מיט זיינע פרעכע און דורכ־דרינגענדע אויגען איינגעזויגט זיך אין איהר רחמנות׳דיגע הילפלאָזע,

צושראָקענע, געסאָפּעט אויף איהר מיט א הייסען אטהעם און דורך זיינע אויסגעשטעלטע און פערשצעמעטע ווייסע צייהן ארויסגערעדט:

— דו, דאַרלינג, איך ליעב דאָך דיך אזוי, דו...

— איך בעט אייך... האָט זי אַלץ גע'טענה'ט דאָס אייגענע, אזוי ווי איהרע אַלע געפיהלען און געדאַנקען, איהר גאַנצע פער־צווייפלונג, איהר גאַנצע שרעק וואָלטען אין די דאָזיגע פּאָאָר ווערטער פערגליווערט געוואָרען.

און זי האָט ארונטערגעלאָזט נידריג דעם רויטען קאָפּ און זיך אין גאַנצען געטרייסעלט, זיצענדיג ביי איהם אויף די קניע.

— וואו איז דער שאַמפּאַניער? זי וועט אויסטרינקען א גלאָז, וועט זי זיך בערוהיגען — האָט בעני פּלוצים געזאָגט.

מייביל האָט זיך מיט אימפּעט א וואָרף געטהאָן אין די קיך אריין און באַלד צוריק ארייננעלאָפען מיט צוויי פלעשער. מיסעס גוטמאַן האָט זיך געזעצט אויפן שאַקעל־שטוהל מיט אַזא מינע, אזוי ווי די גאַנצע געשיכטע וואָלט איהר ניט אָנגעגאַנגען. דאַן האָט מייביל גלעזער אויך אויפ'ן טיש אוועקגעשטעלט.

— קום אהער, מייביל — האָט בעני זי ארוף געטהאָן — בעקענט זיך!

מייביל איז צו איהם צוגעלאָפען. בעני האָט אָנגענומען ברכה'ן פון אונטען פאַר דער מאָרדע און אזוי איהר דעם קאָפּ אויפגעהויבען:

— בעקען זיך מיט א פריינדין!...

ברכה'ס אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט מייביל'ס שוואַרצע ברענענדיגע און זי האָט איהרע גלייך ווידער ארונטערגעלאָזט.

— דו זיך שעהמסט? — האָט מייבעל זיך אָנגערופען צו ברכה'ן אויף איהר אידיש — דו א נאַר, ע דעם פול. בעני, דו מיך לאָז, איך זיך בעקענען מיט דיין פריינדין. זי אזוי ליעב און איך זי ליעב. אָנעסט טו גאָד!...

און זי האָט צו איהם פער'גנב'עט א ווינק געטהאָן מיט די אויגען.

ער האָט אוועקגעזעצט ברכה'ן אויף די זאָפע, זיך אויפגעהויבען און איז אין דעם פראָנט־צימער אריין. מייביל האָט זיין אָרט פערנומען.

ברכה האָט זיך ווידער א צאַפּעל געטהאָן און איהרע גרויסע אויגען האָבען זיך ווידער בעגעגענט מיט מייביל'ס, און דאָס מאָל

האָבען זיי זיך גלייך ניט ארונטערגעלאָזט, ווי פריהער, נור זיי זיינען געבליבען הענגען איבער מייביל'ס ברענענדיגע אויגען און מיט אמאָל האָבען זיי זיך פונאנדערגעעפענט נאָך גרעסער, פערוואונדערט און צוטומעלט, אזוי ווי זי וואָלט מייביל'ן ערשט דערזעהן.

א היבשע ווייל האָבען זיי זיך אָנגעקוקט, מייביל מיט א שמייכעל און ברכה פערוואונדערט און צוטומעלט.

דאַן האָט ברכה ארויסגעשעפּצעט:

— ניין, דאָס קען ניט זיין... איהר זייט ניט אזא... איהר קוקט ניט אוים אזא... איהר זייט אזוי שען... צו וואָס דארפט איהר עס?... ניין, דאָס מוז זיין א חלום... איהר זייט דאָך בעני'ס שוועסטער, איאָ?...

— ניין. בעני האָט דאָך אייך געזאָגט. ער האָט אייך ניט אָבגענארט...

— ניט אָבגענארט? איהר זאָגט: ניט אָפּגענארט?... ווען ער האָט מיך אונגליקליך געמאכט? ווען ער האָט מיך משוגע געמאכט? ווען מיר קומט איצט א מיתה זיך אָנצוטהאָן? איך בין געווען עלענד דאָ ווי א שטיין, אָהן פריינד, אָהן קרובים. איך בין משוגע געוואָרען פאַר בענקעניש, פאַר עלענדקייט... און ווען א פריינד איז ענדליך געקומען, איז ער גאָר מיין מלאך המות... אָי, זאָגט, אז דאָס איז ניט אמת... איהר קוקט דאָך אוים א ריינע, כשר'ע טויב — האָט די אונגליקליכע, עהרליכע, פּשוטע מיידעל פערצווייפעלט גערעדט.

מייביל האָט געענטפערט מיט א ציניש[ע]ן געלעכטער:

— אָי, דו איז אזוי פאָני!...

דערנאָך האָט זי ארונטערגענומען איהרע פינקלענדיגע רינגען פון די הענד און זיי אלע אָנגעטהאָן ברכה'ן אויף די פינגער, וועלכע איז ווידער געזעסען צוטומעלט פון מייביל'ס געלעכטער און גאָר ניט געפיהלט, ווי יענע האָט איהר אויף די הענד דאָס ציערונג ארויפגעטהאָן...

— אָי ווי שען! — האָט זי גערעדט אויף ענגליש — איהר זעהט? אין איין יאָהר האָב איך דאָס אלסדינג פערדיענט. ווערטה פיעל טויזענדער. און איהר וועט עס אויך האָבען. איהר דארפט ניט זיין נאריש.

— וואָרום ביזטו זי ניט מכבד מיט אַ גלעזעלע שאַמפּאַניער, אַ גדולה אויף דיר? — האָט מיסעס גוטמאַן זיך פּלוצים אַנגערופֿען, וויעגענדיג זיך אויף איהר שאָקעל־שטוהל.

— שור. וואו איז בעני?

און זי האָט צוריק אַרונטערגענומען די רינגען פון ברכה'ס פינגער, אויף זיך אַרויפגעטהאָן און איז אויך אַריינגעלאָפען אין דעם פראָנט־צימער.

— מיסעס — האָט ברכה אַרויסגעשעפּצעט — זאָגט מיר... איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך... אַלע זאָגען, איהר זייט אַן עהרליכע, פרומע אידענע... און איהר זעהט אויס אַזאַ גוטע, ווי מיין אייגענע מאַמע דאָרט אין דער היים... זי איז דאָך אייער טאָכטער און ער איז אייער זוהן, ניט אמת, האַ?...

— זיי זיינען מיר טהייערער, ווי מיינע אייגענע קינדער, אַ גדולה אויף דיר! — האָט די אַלטע געענטפערט מיט איהר צניעות'דיגען שמייכעל — ווען דו וועסט דאָ זיין, וועסטו אויך זיין ביי מיר טהייער. צו אַלע מיידלאַך ביי מיר אין'ם געשעפט בין איך בעסער, ווי אַ ליעב־ליכע מאַמע, אַ גדולה אויף דיר...

— וואָס מיינט איהר? — האָט ברכה אַרויסגעשעפּצעט און שוין געקוקט ווידער צוטומעלט.

— וואָס איך מיין? אַ גדולה אויף דיר, וואָס ביזטו עפּעס אַ קינד? אַליין פערשטעהסטו ניט?

— האַ? אָבער דאָך ניט, וואָס... בעני זאָגט?...

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?...

— אפריהער, אַז ער האָט מיך ליעב... וועט מיט מיר חתונה האָבען... ביז... ביז... דערנאָך...

— פאַרוואָס־זשע, קרוינעלע מיינע, אַ גדולה אויף דיר, האָסט זיך געלאָזט?

— ער האָט מיר דעם מוח אין גאַנצען צומישט...

— און אויף דיר, נעבאַך, קען מען אויך ניט קיין פאַראיבעל האָבען — האָט מיסעס גוטמאַן מיט אַמאָל אַ דרעה געטהאָן דעם געשפּרעך אין אַנאַנדער ריכטונג — אַן עלטערע מיידעל... קיין שידוך מאַכט זיך ניט, מען דאַרף אַרבייטען, נעבאַך, שווער אין'ם שאָפּ. און וואָס, אומשטיינס געזאָגט, פערדיענט מען דאָרט? און די נשמה איז ניט קיין

ראָזיג. לעבען ווילט זיך אַן עלטערע מיידעל נאָך מעהר. איך פער־שטעה גאַנץ גוט, אַ גדולה אויף דיר. קומט אַ יונגערמאַן, פערליבט מען דעם פערשטאַנד. האָט טאַקי דיר אָבגעגליקט, וואָס דאָס איז בעני געוועזען און ניט קיין אַנדערער. וואָס וואָלסטו נעבאַך געטהאָן, ווען דאָס וואָלט געהאַט געטהאָן סתם אַ באַי? ער וואָלט דיך דערנאָך אין גאַנצען געוואָרפען און דו וואָלסט געבליבען ביי דער ארבייט אינ׳ם שאָפּ, ביי די אַלע צרות. מיט בעני׳ן אָבער קענסטו פערדיענען אַ סך געלד, האָבען ציערונג און לעבען פרעהלאַך. האָסט געזעהן מייביל׳ן? אַ יונגע מיידעל, אַ שענע, פונדעסטוועגען איז זי צופריעדען און האָט קיין חרטה ניט. דאַנקען גאָט, קיינע פון מיינע מיידלאַך האָבען חרטה...

בעני און מייביל האָבען פער׳גנב׳עט ארויסגעקוקט פונ׳ם פראָנט־צימער און זיך צוגעהערט.

ברכה האָט זיך אַ פּאַטש געטהאָן מיט ביידע הענד אינם קאָפּ:

— גאָט מיינער, גאָט מיינער, וואָס טהוט זיך דאָ?!...

„וואָס טהוט זיך דאָ!“ אַ גדולה אויף דיר, וואָס זאָל זיך דאָ טהאָן? קיין עהרליך מיידעל ביזט דאָך שוין מעהר ניט, דאַרפסטו האָבען שכל און זעהן, ווי זיך בעסער צו מאַכען. קיינער, חלילה, נויט דיר ניט, ווילסטו, איז גוט, אַניט וועט בעני׳ן אויך ניט אַארען. גאָר נישט, ווען דו האָסט איהם ליעב, וועסטו איהם דאָ אַלע מאָל קענען ליעבען. מיט די אַנדערע טאַקע איז נור ביזנעס און ליעבען וועסטו איהם. אַזוי טהוען אַלע, אַ גדולה אויף דיר!...

— ניין, ניין! — האָט זי ארויסגעשעפּצעט, געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ און זיך אין גאַנצען געטרייסעלט.

— היינט וואָס־זשע, אַ גדולה אויף דיר, ביזטו געקומען? ער האָט דאָך דיר מסתמא געזאָגט, וואָס ער וויל פון דיר?...

— איך האָב ניט געוואָלט קומען... איך האָב שוין געהאַט גע־קויפט סם אַ פלעשעלע... איך קען אָבער ניט... קיין מוטה ניטאָ... איך וויל נאָך לעבען... און מיין מאַמע וואָלט עס אויך דאָרט ניט איבערגעלעבט... איך האָב מיך זיך פאַרגעשטעלט, ווי זי קריגט דאָרט אַ בריעף וועגען דעם... ווי זי רייסט זיך די האָאר, ווי זי קלאָגט... איך האָב קיין מוטה ניט געהאַט... און דערנאָך האָט מיך גענומען ציהען, ציהען, ציהען אַהער... ווי מיט קייטען!...

מיסעס גוטמאַן האָט זיך אויפגעהויבען פון׳ם שאַקעל־שטוהל, איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט איהר אַ גלעט געטהאָן די באַקען:

— אַזוינע מיידלאַך, וואָס האָבען אַזוי ליעב זייער מאַמען, האָב איך ליעב, זי איז מסתמא ניט רייך, הא?

— זעהר אָרעם, זייט דער טאַטע איז געשטאָרבען.

— אַן אלמנה נאָך אויך? אַי אַ וועהטאָג איז מיר! נו וועסט איהר קענען איצט העלפען, אַ גדולה אויף דיר. אַן אייגענע מאַמע׳ן צו העלפען איז די גרעסטע מצוה. מיט דער מצוה, טהייערינקע מיינע, וועסטו זיך אויסקויפען אַ סך, אַ סך עבירות... בעני, וואו ביזטו? קום אריין, ברכה׳קע וויל אַ גלעזעלע שאַמפּאַניער!...

בעני און מייביל זיינען אריינגעלאָפען פון׳ם פראָנט־צימער און ביז בעני האָט דאָרט געעפענט די פלעשער, האָט מייביל צוגעפיהרט ברכה׳ן, וועלכע האָט זיך בעוועגט ווי אַ צומישטע, צו דער זאָפע, זיך געזעצט נעבען איהר, ארויסגענומען דאָס פעקעלע בילדער פון אונטער׳ן קישעלע און עס גענומען ווייזען. ברכה האָט אַ בליק געטהאָן אויף דאָס ערשטע בילד און זיך צו דעם אַ כאַפּ געטהאָן, ווי אַ שכור צו אַ גלעזעל שנאַפּס. גלייך אָבער האָט זי אָבגעשטופּט פון זיך מייביל׳ן, אָבגערוקט זיך אויף די אַנדערע זייט און פערדעקט דעם פנים מיטביידע הענד.

די פלאַש האָט אויסגעשאָסען מיט אַ קנאַק. באַלד האָט בעני צוגעטראָגען צו ברכה׳ן אַ גלאָז שאַמפּאַניער, וואָס האָט געקאָכט מיט אַ ווייסען שוים. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַנגעקוקט איהם מיט אַ אויגען פול פערצווייפלונג און ניט געוואָלט טרינקען. ער האָט צוגעטראָגען די גלאָז צו איהרע ליפּען, זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ און די גלאָז שאַמפּאַניער האָט זיך אויסגעגאָסען אויף איהר בלוזקע.

— טהו אוים דיין ווייסט — האָט ער דאַן געזאָגט — זי איז נאַס. מען וועט דיר אַנאַנדערע געבען...

און ער האָט איהר אָבגעשפּילעט אַ קנאַפּ ביים בוזים.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט שרעק:

— טשעפּעט מיך ניט... האָט רחמנות...

— אַך, וואָס מאַכסטו דאָרט פאַר אַ „מאַנקי ביזנעס“ — האָט

ער פּלוצים אויסגעשריען מיט רציחה — טהו אוים דיין ווייסט, טייפעל!...

און ער האָט איהר בלוזקע אזוי א ריס געטהאָן ביים בוזים, דאָס די קנעפּ האָבען גענומען פליהען אויף אַלע זייטען און די נאַקעטע ברוסט האָט זיך ווייט אויפגעפּעענט.

און מיט אמאָל האָט זי גענומען שרייען היסטעריש:

— לאָזט מיך! לאָזט מיך! איך וועל אויפהייבען א געוואַלד!...

און זי האָט זיך אַליין פערשטעלט דעם מויל מיט׳ן פראַנט פון דער בלוזקע, פערשטיקט איהר היסטערישען געוויין און זיך גע־טרייסעלט.

טשארלי איז ארויסגעלאָפען פון זיין בעהעלטעניש און אין עס־צימער אריינגעקומען. מיסעס גוטמאַן איז צוגעלאָפען צו איהר מיט׳ן פויסט נעבען איהרע ליפּען:

— שאַ, שאַ, שרייט ניט, שרייט ניט! קרוינעלע־הארצעלע, א גדולה אויף אייך, איך האָב אייך ניט גערופען! געהט געזונדערהייט פון דאנען, שאַ, שרייט ניט! מען קען נאָך, חלילה, מיינען, אז מען וויל דאָ בייז טהאָן אן עהרליכער מיידעל!...

— אי׳ל גיוו האר ע נאַק אין דהי קישקעס! — האָט זיך בעני א כאַפּ געטהאָן נאָכדעם, ווי ער איז א רגע געשטאַנען צוטומעלט פון ברכה׳ס געשריי.

מיסעס גוטמאַן האָט איהם דאָ א כאַפּ געטהאָן מיט א מין רציחה, וואָס מען האָט נאָך פון איהר ניט געזעהן, ביים אַקסעל און איהם געשטופּט צום זייטיגען צימער, איהם אריינגעשטופּט און געזאָגט:

— טשארלי, לאָזט איהם ניט ארויס. עס קען נאָך אן אונגליק פּאַסירען.

טשארלי איז אריין אין יענעם צימער.

דאַן האָט מיסעס גוטמאַן געעפענט די טהיר:

— געהט זיך געזונטערהייט. פערמאַכט די ווייסטעל, א גדולה אויף אייך. עס איז ניט שעהן, א מיידעל זאָל אזוי ארויסגעהן.

און מיט אמאָל האָט ברכה מיט ווילדע אויגען און מיט אימפּעט זיך א וואָרף געטהאָן דורך די טהיר און איז ארויסגעלאָפען.

— טפוי! — האָט די אַלטע א שפּיי געטהאָן און צוגעשלאָסען הינטער איהר די טהיר.

בעני איז ארויסגעלאָפען מיט אויגען, וואָס האָבען געשפּריצט פייער:

— וואָס האָסטו זי ארויסגעלאָזען?

— וואָס איז? דו האָסט געוואָלט, אַז די מענשען, וואו זי וואוינט, זאָלען דערהערען איהרע געשרייען? דו האָסט עס געדאַרפט ערגעץ אַנדערש טהאָן, אַ גדולה אויף דיר. זי וואוינט דאָ אין דער אַנדער טהיר. און דו ביזט אַליין שולדיג, בעני, אַ גדולה אויף דיר! זי איז שוין געווען אויף אַלסדינג מרוצה, ביזטו געקומען מיט דיין געוואַלד. ניט אַלע מיידלאַך זיינען גלייך, בעני. איינע נעהמט מען מיט אַ גוט וואָרט און אַן אַנדערע מיט געוואַלד. דו אָבער ווילסט נעהמען אַלעמען מיט געוואַלד, אַ גדולה אויף דיר!...

בעני האָט מיט די צייהן אַ ריס געטהאָן דעם ארבעל פון זיין העמד, איז צוגעלאָפען צום טיש און האָט אַ שמיץ געטהאָן אַ פלאַש שאַמפּאַניער אין דער ערד. דער גאַנצער פּנים זיינער איז פערקרימט געווען פאַר רציחה.

מייביל האָט זיך צושראָקען אָבגערוקט אין אַ זייט. טשאַרלי האָט גערויכערט אַ סיגאַר, געקוקט און געשמייכעלט.

מיסעס גוטמאַן האָט זיך פּלוצים צולאַכט, איז ווידער צוגעגאַנגען צו בעני'ן און איהם אַ גלעט געטהאָן אויפ'ן אַקסעל.

— בענעלע, אַ גדולה אויף דיר, דו ביזט משוגע געוואָרען, וואָס? נו, וועט זי מאָרגען קומען. גלויב מיר, אַז זי וועט שוין קומען. איך קען אַזוינע מיידלאַך. זי וועט דיר נאָך זוכען. דו נעהם זי אָבער אריין אין דעם צווייטען געשעפט.

אַ מורא'דיגער געשריי האָט זיך פון דרויסען דערהערט, אַ טומעל, אַ ליאַרם... אינ'ם קאָרידאָר האָט זיך דערהערט אַ געלאַף און אַ געפּילדער. פון אַלע שטאָקען האָט זיך געהערט אַ קלאַפּען פון טהירען, אַ געלאַף פון מענשען איבער די טרעפּ. די סטעליע ביי מיסעס גוטמאַן אין צימער האָט זיך געטרייסעלט.

— צי ניט קיין פייער? — האָט מיסעס גוטמאַן ארויסגערעדט, און גלייך טאַקע האָט זיך אַ קלאַפּ אין דער טהיר דערהערט און, ווען מיסעס גוטמאַן האָט זי געעפענט, איז מיסעס דראַבקין אריינגעלאָפען בלייך און פערסאָפּעט און האָט קוים ארויסגערעדט:

— די רויטע ברכה האָט זיך אַרונטערגעוואָרפען פון׳ם רוף. זי ליגט דאָרט אויף די שטיינער טויט מיט אַ צובראָכענעם שאַרבען!

און געזאָגט עס, איז זי גלייך אַרויסגעלאָפען.

מיסעס גוטמאַן איז געבליבען שטעהן, ווי איינגעגראָבען, דער פּנים איז ביי איהר רויט און וויים געוואָרען, די ליפּען האָבען זיך ביי איהר בעוועגט; קענטיג, זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען און ניט געקענט, די אויגען האָבען זיך אויסגעגלאָצט און זיינען געבליבען שטעהן אויף די טהיר צוטומעלט. דערנאָך האָט זי די הענד פערבראָכען, אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אריין אין קיך.

בעני האָט אַרויסגעמורמעלט: וואָס איז דאָס? משוגע געוואָרען?

מייביל האָט בעמערקט:

— פון אַזאַ .נאַר האָט מען אַלעם געקענט ערוואַרטען, פּור גוירל!...

טשאַרלי האָט פערדרויבערט אַ נייע סיגאַר און אַ שאָקעל געטהאָן פערטראַכט מיט׳ן קאָפּ:

— טייפּעל, דעם זומער איז דאָס שוין דאָס פערטע מיידעל, וואָס איך וויים!...

נאַכט איז צוגעפאַלען. די מיידלאָך האָבען זיך איינציגווייז און שטילינקערהייט אריינגעגנב׳עט צו מיסעס גוטמאַן אין דער טהיר. זי האָט זיי אָבער אַלעמען צוריקגעשיקט. ביז איבער זונטאָג, ביז אַלסדינג וועט זיך בערוהיגען און פערגעסען ווערען אין דעם טומעל פון דעם אידישען קוואַרטאַל און ביז נאָך דער לויה, האָט זי קיין ביזנעם ניט געוואָלט האָבען ביי איהר אינ׳ם הויז.

צו ברכה׳ם לויה איז זי געפאָהרען מיט מיסעס דראַבקין אין אַ בעזונדערען קערידזש. אויסער נחום׳ן, וואו ברכה האָט געוואוינט, זיינען זיי געווען די איינציגע צו דער לויה פון דער עלענדער אונגליקליכער מיידעל...

און הויך אויפ׳ן קול האָט מיסעס גוטמאַן געוויינט אויף ברכה׳ס פרישען קבר, מחילה און משתדל זיין זיך דאָרט פאַר איהר זינדיגע נשמה האָט זי געבעטען די אונגליקליכע, וואָס האָט זיך דאָרט אונטער׳ן געלען בערגעלע אויסגערוהט.

ברכה׳ס לייבליכע מאַמע וואָלט מיט מעהר האַרץ ניט געוויינט...



צוויי טעג שפעטער, מאָנטאג נאָכמיטאָג, איז שוין געזעסען מיסעס גוטמאַן און האָט אין איהר געוועהנליכען רוהיגען טאָן און מיט איהר צניעות'דיגען שמייכעל גערעדט וועגען ברכה'ס טויט מיט מיסעס דראבקין (אַזוינע קאַטאַסטראָפעס אין איהר וועלטעל האָבען זי נור אויף אַ ווײַלע אויפגעטרייסעלט). זי האָט דערצעהלט מיסעס דראבקין, אַז ברכה איז זעלבסטמאָרד בעגאַנגען, ווייל בעני האָט מעהר ניט געוואָלט פון איהר וויסען און פאַר דיזעם איז זי אויך ניט געווען קיין סחורה, ווייל זי איז געווען אַן עלטערע, ניט קיין שענע מיידעל מיט רויטע האָאר. מענער האָבען ניט ליעב אַזוינע, האָט בעני זיך פון איהר אויך אָבגעטרייסעלט.

— וואָס ווייסט איהר, מיסעס דראבקין — האָט זי גערעדט מיט אַ געהיימער מינע — ווי זיי שטאַרבען אַוועק נאָך בעני'ן, אַ גדולה אויף אייך! איין פרוי קען איך, וועלכע האָט אַ שוואַכען מאַן, נעבאָך — דוקא אַ גאַנץ רייכע פרוי — קומט זי עטליכע מאָל אַ וואָך אין דעם צווייטען געשעפט, נור צוליעב איהם. איהר פערשטעהט? ניט, חלילה, צוליעב דאָס געלד, נור צוליעב איהם. אַז מען האָט אַ שוואַכען מאַן און מען טרעפט אַזאַ העלדישען יונג מיט ביינער, איז דען אַ חידוש?... אָט איהר אַליין, אַ גדולה אויף אייך, ווייסט דאָך, נעבאָך, ווי געשמאַק דאָס איז צו האָבען אַ קראַנקען, שוואַכען מאַן!...

ביי מיסעס דראבקין האָבען די באַקען געברענט פלאַם־פייער און זי האָט געהאַלטען די אויגען אַרונטערגעלאָזט, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, איהרע אויגען זאָלען ניט אַרויסגעבען די געפיהלען און די געדאַנקען, וואָס האָבען אין איהר יעצט געבושעוועט.

מייביל, וועלכע איז געלעגען אויף דער זאָפע מיט אַ סיגאַרעט אינ'ם מויל און האָט זיך צוגעהערט, האָט געוואוסט, וואָס די אַלטע האָט געמיינט מיט איהרע איצטיגע רייד און זי האָט אויך פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפען אַ ציניטשען וואָרט וועגען בעני'ן, וועלכער איז גע־פאַלען ווי אַ ברענענדיגער פונק אויף מיסעס דראבקין'ס פאַנטאַזיע און אויף איהר האַרצען, וועלכעס איז אויסגעמוטשעט געווען פון דעם לאַנגען קאַמפף, וואָס די איינגעבאָרענע צניעות און פרומקייט האָבען דאָרט געפיהרט געגען די מורא'דיגע אומגעבונג, אין וועלכע זי איז

צופעליג אַריינגעפאַלען און פון וועלכע זי האָט קיין כוח ניט געהאַט צוריקהאַלטען זיך, ווי אַ פליעג פונ'ם פייער...

דערוויל איז בעני אריינגעקומען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און געוואָלט ארויסגעהן, ווי יעדעס מאָל די לעצטע צייט, זייט זי האָט דערפיהלט, אַז זי האָט שוין קיין כוחות ניט, איהם בייצושטעהן... אין דעם דאָזיגען מאָמענט האָט זי דאָס נאָך ברענענדיגער געפיהלט אונטער דעם איינדרוק פון מיסעס גוטמאַנ'ס רייד.

מיסעס גוטמאַן האָט זי אָבגעהאַלטען:

— וואָס אַנטלויפט איהר? זיצט נאָך אַ ווײַלע, אַ גדולה אויף אייך.

און געגען איהר ווילען האָט זי זיך ווידער געזעצט.

בעני איז אריין אין דעם זייטיגען צימער, מייביל איז אריינגעלאָפען נאָך איהם. באַלד זיינען זיי ווידער ארויסגעקומען פון דאָרט, ער אָהן אַ רעקעל און הוט, די אַרבעל הויך פערקאַטשעט איבער די שטאַרקע האָאָריגע אָרמס, זי מיט'ן סיגאַרעט צווישען די פינגער און מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען און אין די שוואַרצע ברענענדיגע אויגען.

— העללאָ! — איז בעני צוגעגאַנגען צו מיסעס דראַבקין און זי אָנגענומען ביי דער טאַליע. זי איז אויפגעשפרונגען און האָט געוואָלט ארויסרייסען זיך.

— שטעהט איין! ווי שען איהר זייט היינט! און פון אַזאַ שען ווייבעל זאָל קיינער ניט הנאה האָבען? דאָס דאַרף ניט זיין! דאָס טאָר ניט זיין!

— לאָזט! — האָט זי ארויסגעשעפּעצעט און זיך ווידער אַ ריס געטהאָן פון איהם, אָפּדרעהענדיג פון איהם דעם צופלאַמטען פּנים מיט די צומישטע אויגען.

— וויל איך ניט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ געלעכטער, זי געצויגען צו זיך נאָך נעהענטער, געדריקט די מאָרדע איהר אויפ'ן בוזים, ארויפגעקוקט איהר אין די אויגען און געהערט איהר הייסען סאָפּען.

— האָסטו שוין געקראָגען דיינע פינף דאָלאַר? — האָט ער פּלוצים אָנגעהויבען צו ריידען צו איהר אויף „דו“ — פינף דאָלער איז אַ שפּיי. פינף הונדערט איז גאָר נישט. פינף טויזענד איז עפּעס.

און רינגען, און בריליאנטען, און ליעבע, פייערדיגע, ברענענדיגע, ניט פון א מאן, וואס איז שוין מעהר טויט ווי לעבעדיג. דו ביזט אזוי יונג, אזוי שען, און איך האב דיך אזוי ליעב, טייפעל, דו ווייסט דאך גאר ניט, וואס ריכטיגע ליעבע איז!...

און מיט אמאל האט ער זי א כאפ געטהאן אויף זיינע ארמס. זי האט איהם גענומען שלאגען מיט די הענד און די פיס, געריסען זיך פון איהם און הייזעריג און מיט שרעק געשעפצעט:

— לאזט איין, איהר הערט? לאזט איין!

ער האט זי אבער דאס מאל ניט איינגעלאזט און איז מיט איהר פערשוואונדען אינ׳ם פראנט־צימער.

עס האבען זיך דערהערט א פאלען פון שטולען, א בריאזג פון עפעס א גלעזערנער כלי, דאן בעני׳ס ווילדער געשריי און ווידער א פאלען פון שטולען...

— זי וועט נאך חרב מאבען דאס הויז — האט מיסעס גוטמאן ארויסגעמורמעלט, איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט נאך אמאל א דרעה געטהאן דעם שליסעל.

מייביל האט זיך אווארף געטהאן אויף דער זאפע און זיך צולאכט.

הינטער דער טהיר פונ׳ם פראנט־צימער איז שטיל געווארען. הינטער די פערשפארטע פענסטער האט די גאס געשריען...

אפריל 17, 1914, ברוקלין, נ. י.



# טהיר נומ. 4.

א ווײלע שפּעטער איז זי ארויסגעלאָפען פון דעם פראָנט צימער, מיט די געדיכטע שווארצע האָאר צוואָוארפען און צושאָטען איבער די אַקסלען, מיט אַ פּנים פלאַם־פייער און מיט אויגען, אין וועלכע עס איז פערגליווערט געוועזען דער שטומער צער פון אַ פערוואונדעטער חיה. זי האָט זיך אין גאַנצען געטרייסעלט. די קאָפּטע אויף איהר האָט אין עטליכע פלעצער געהאַט גוואַלד־ריסען, דער רעכטער אַרבעל איז ארונטערגעריסען געווען פון'ם שולטער אין דער גאַנצער לענג פון'ם אָרם אַרונטער און אויף דעם ווייסען לייב, וואָס האָט זיך ארויסגעזעהן, זיינען קענטיג געווען פרישע, רויטע צייכענס פון איינגעשצעמעטע פינגער. עס איז קענטיג געווען, אַז זי האָט זיך פערצווייפעלט געראַנגעלט...

מייביל, וועלכע איז געלעגען אויף דער זאָפע מיט אַ סיגאַרעט אין'ם מויל, האָט זי בעגעגענט מיט אַ „מזל טוב" און, אַז זי האָט דערזעהן ווי זי, מיסעס דראבקין, קוקט אויס, האָט זי אַ געשריי געטהאָן: „אָהאָ"! און זיך צולאַכט.

מיסעס גוטמאַן האָט אויך אָנגעקוקט מיסעס דראבקין מיט לאַבעדיגע אויגען, ארויסגעמורמעלט: „אַ וועהטאָג איז מיר!" — אַ כאַפּ געטהאָן פלינק אַ שטוהל, פערשטעלט מיט איהם מיסעס דראבקין דעם וועג און ארויסגערעדט:

— אַ גדולה אויף דיר, זעץ זיך צו! רוה זיך אביסעל אָפּ!

און מיסעס דראבקין האָט ניט געפּיהלט, מיט וואָס פאַר אַ פערצווייפעלטען האַסט זי האָט אַ שטויס געטהאָן פון זיך מיסעס גוטמאַן און איהר שטול און איז צו דער טהיר צוגעלאָפען און זי אַ ריס געטהאָן.

אָבער די טהיר איז געווען פערשלאָסען, האָט זי מיסעס דראבקין נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אַ ריס געטהאָן, נאָך שטאַרקער, נאָך פער־צווייפעלטער, און גאָר ניט בעמערקט, אַז אין דער טהיר שטעקט דאָס שליסעל און זי דאַרף עס נור אַ דרעה טהאָן. פאַר צומישטקייט האָט זי אויך פערגעסען, אַז עס איז דאָ אַ צווייטער ארויסגאַנג דורך דער קיך.

— לאָזט מיך ארויסגעהן! — האָט זי געוואָלט אויסשרייען, אָבער איהר קול איז פערהאַלטען געוואָרען פון די טרערען, וואָס האָבען איהר האַלז געוואָרגען. זי האָט פערדעקט דעם פלאַמענדען פּנים מיט די הענד, אויסגעבויגען זיך אין גאַנצען און אויפגעציטערט מיט די אַקסלען.

— זי שעהמט זיך, אַ גדולה אויף איהר! — האָט מיסעס גוטמאַן זיך אָנגערופען מיט איהר מוטערליכען און תמימות'דיגען שמייכעל — נעבאַך נאָך אַ פריץ... זי וועט זיך שוין מיט גאָט'ס הילף שפּעטער צוגעוועהנען....

מייביל האָט זיך נאָך העכער צולאַכט:

— איך וועל וועטען! — האָט זי אויסגעשריען און זיך ארונטער־געקייקעלט פון דער זאָפע.

בעני איז אריינגעקומען מיט אַ מינע פון אַ זיעגרייכען העלד, וואָס האָט זיך ערשט צוריקגעקעהרט פון אַ מלחמה. מייביל האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהם, איז צוגעפאַלען מיט'ן פּנים צו זיין אַקסעל, האָט געלאַכט און אונטערגעטאַנצט.

און דערפיהלט איהם הינטער זיך, האָט מיסעס דראבקין ווידער גענומען רייסען פערצווייפעלט די טהיר און ווען איהר האַנד האָט זיך אָנגעשטויסען אָן דאָס שליסעל, האָט זי זיך פּלוצים געכאַפּט אַז עס שטעקט אין דער טהיר, מיט אַן אימפּעט עס אַ דרעה געטהאָן, אויפגעעפענט די טהיר מיט אַזאַ האַסט, דאָס דער שליסעל איז פון דאָרט מיט אַ קלינגעריי אויף דער ערד ארונטערגעפאַלען, און זי איז ארויסגעלאָפען.

פון הינטער דער טהיר נומער 4 האָט זיך געהערט דאָס געוויין פון אַ קינד. מיסעס דראבקין האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן: „אַי מיין קינד!" — זיך אַ זעץ געטהאָן מיטביידע הענד אין'ם קאָפּ און איז אַהין אריינגעלאָפען.

.2

אין דעם צווייטען האַלב־דונקעלען צימער איז אין אַ וויגעלע, וואָס איז געשטאַנען צווישען אַ בעט און אַ קאָמאָדע, געזעסען איהר עופה'לע, אַ מיידעלע מיט בלאָנדע, געקרויזטע הערעלאַך, האָט געדריקט ביידע קליינינקע פויסטעלעך צום נעזעל פון ביידע זייטען און רחמנות'־דיג געוויינט.

מיסעס דראַבקין האָט עס ארויסגעכאַפּט פון דער וויגעלע און גערעדט ניט הערענדיג אַליין, וואָס זי רעדט: אַ בראָך איז צו מיר! אַ קלאָג איז צו מיר! פּערעלע מיינע! פייגעלע מיינע! אַי אַ בראָך איז צו דיין מאַמען! אַי אַ קלאָג איז צו דיין מאַמען! — האָט זי איבערגע־חזר'ט נאָך מעהר פערצווייפעלטער און שוין געהערט וואָס זי רעדט: — גוואַלד, וואָס איז עס מיט מיר געווען? וואָס פאַר אַ טומאה, וואָס פיר אַ כשוף — געוואַלד! געוואַלד!

זי האָט גענומען לויפען פון איין צימער אין דעם אַנדערען, פון'ם שלאָף־צימער אין עס־צימער און פון דאָרט אין קיך אריין און צוריק, און הגם איהר קינד, וואָס איז הונגעריג געווען, האָט געוויינט ביי איהר אויף די הענד, האָט זי איצט נור געהערט דעם פערצווייפעלטען גוואַלד פון איהר האַרצען, פון איהר נשמה.

צום סוף אָבער האָט זי זיך דאָך געכאַפּט, אַז דאָס קינד וויינט, אַז עס איז הונגעריג, האָט זי אוים געוואָהנהייט אָבגעשפּילעט די קאָפּטע, וואו אַ פּאָר קנעפּלאַך האָבען יעצט געפעהלט, אום עס אָנצו־זויגען, און דאַן האָט זי פּלוצים בעמערקט דאָרט אַ רויטען צייכען פון יענעם פינגער, און זי האָט אַ שוידער געטהאָן, ווי קין'ם צייכען וואָלט זי אויף זיך דאָרט דערזעהן, און דאָס פערשטעלט מיט אַ פּאָלע פון איהר קאָפּטע.

די איינגעבאָרענע צניעות און פרומקייט, וואָס האָבען אין איהר די גאַנצע צייט אַזוי געקעמפּפט געגען דעם געפיהל פון דער ער־וואַכטער ליידענשאַפט און וועלכע זיינען אין דעם דאָזיגען מאָמענט אויסערגעוועהנליך שאַרף אויפגעוועקט געווען אין איהר, האָבען זי ניט דערלאָזען צו געבען די דאָזיגע ברוסט איהר אונשולדיגען, ריינעם קינד אין'ם מויל אריין.

זי איז אריין מיט דעם וויינענדיגען קינד אויף די הענד אין קיך, דאָרט איז אין אייז־באָקס געשטאַנען אַ פענדעלע מילך, האָט זי עס ארויסגענומען און ארויפגעשטעלט אויפ'ן ברענענדיגען אויווען, וואו עס איז אויך געשטאַנען אַ גרויסער קעסעל מיט וועש, וואָס זי האָט יעדען מאָנטאָג געוואַשען.

אין דער קיך האָט זיך געטראָגען אַ שאַרפער און הייסער גערוך פון אַ פאַרעדיגע געזייפטע וועש.

דאָס קינד האָט נאָך געוויינט; זי האָט עס גענומען איינשטילען, געשאָקעלט עס אויף די הענד אויס געוואָהנהייט, געזונגען צו איהר, איצט מיט טרערען אין'ם קול.

ווען דאָס מילך אין'ם פענדעלע איז הייס געוואָרען, האָט זי עס ארייננעגאָסען אין אַ פלעשעל און געגעבען דעם קינד. עס האָט זיך מיט אַ טיעפען זיפץ צו דעם צוגעכאַפּט.

דערנאָך האָט זי זיך מיט'ן קינד אויף די הענד געזעצט אין'ם עס־צימער אויף אַ שטוהל אין אַ ווינקעלע און, פיהלענדיג אַ גוואַלדיגע בעדערפניש אויסצוגיסען איהר פערצווייפלונג פאַר אַ לעבעדיגען נפש, האָט זי צום קינד גענומען ריידען, וועלכעס האָט מיט ביידע הענ־טעלאך געשטופּט דאָס פלעשעל אין מויל אריין:

— מיין טהייער קינד... אַי האָט מיך אַן אונגליק געטראָפען, כאָטש געה און בעגראָב זיך לעבעדיגערהייט... ווען דיין פרומע באָבע, דיר צו לאַנג יאָהר, וואָלט עס געוואוסט... ווען דיין פרומער זיידע, דיר צו לאַנגע יאָהר, וואָלט עס געוואוסט.... גוואַלד, זיי וואָלטען זיך גיכער געריכט אויף מיר אַ מיתה משונה! איך אַליין וואָלט גיכער אַ מיתה משונה אויף זיך געריכט!.... אַ פרומע פרוי! אַ טאַטע־מאַמע'ס פרומע טאָכטער! פון אַזאַ פרומע משפחה! אָט האָסטו דיר! אַ מצוה אויף מיר, אַ מצוה! האָב איך זיך ניט געזאָלט שפּיעלען מיט פייער! האָב איך ניט געזאָלט קריכען, וואו מען דאַרף ניט! האָב איך ניט געזאָלט ביי זיי נעהמען אַזאַ טריפה'נע געלד, געדאַרפט גלייך זאָגען... גלייך זאָגען...

זי איז אַנשוויגען געוואָרען, האָט זיך פּלוצים דערמאָהנט אַז די פינף דאָלאַר, וואָס זי האָט פריהער בעקומען פון מיסעס גוטמאַן,

דאָס „טריפה'נע געלד", און זי האָט עס מיט אַ רציחה אַ ריס געטהאָן פון איהר קעשענע אַרויס, געוואָלט עס אַפּריהער צורייסען, אָבער פּלוצים זיינען איהרע שמערצפולע אויגען שטעהן געבליבען אויף אַ צדקה-פּושקע, וואָס איז צוגעשלאָגען געווען אויף דער פּריטעלקע פון דער טהיר אַנטקעגען, אויף רבי מאיר בעל הנס צדקה-פּושקע.

זי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען, ארייגעלעגט דאָס קינד אין וויעג און איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו דער צדקה-פּושקע.

זי האָט אויפגעהויבען איהרעביידע הענד צום באַלקען, געקוקט אַרויף מיט אויגען, פול עקסטאַז, און אַרויסגעפּליסטערט:

— רבונו של עולם, דו ווייסט דאָך אודאי, דו זעהסט דאָך, וואָס עס טהוט זיך ביי מיר אין'ם האַרצען! איך בין שולדיג, אודאי בין איך שולדיג. געדאַרפט אַנטלויפען פון זיי, וועה איז מיר, און איך בין ניט אַנטלאָפען! געזינדיגט מיט די מחשבות, אַ וועהטאָג איז צו מיר, אַ אשת איש! אָבער דאָס, גאַטוניו, האָב איך דאָך ניט גע-וואָלט... ווי אַ רוצח איז ער דאָך מיך בעפאַלען, מעהר צו ראַנגלען זיך האָב איך קיין כח ניט געהאַט!

זי האָט זיך מיט גרויס צער צואוויינט:

— גאָטוניו, מעהר ניט! זאָל איך מיין קינד אַזוי אויפהאָדע-ווען! אָט פון די פינף דאָלאַר וויל איך אויך ניט הנאה האָבען, זאָלען עהרליכע אידען פון זיי הנאה האָבען, צוליעב דיין נאָמען וועגען! און יענע פינף דאָלאַרדיגע וועלען מיר דאָך איצט אויך באַקאָם אַרויס! זיי מיר מוחל, גאָטוניו, זיי מיר מוחל! — האָט זי ליידענ-שאַפטליך זיך צוזאַמערט און אַריינגעשפּאַרט דעם פינף-דאָלאַרדיגען אין דעם שפּאַלט פון דער צדקה-פּושקע.

---

3.

אין אַ ווייל ארום האָט זי אָנגעטהאָן אַנאַנדער קאָפּטע און האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפ'ן בעט נעבען וויעגעלע אין דעם האַלב-דונקעלען שלאָף-צימער. איצט איז זי מיט אַמאָל פון דעם פריהער-

דיגען שאַרף־אויפגערעגטען צושטאַנד אַריבער אין א צושטאַנד פון הילפלאָזיגקייט און צוטומעלטקייט.

זי איז געזעסען, ווי אַ דער־הרג׳עטע, מיט אַ צוטומולטען אויס־דרוק אין די אויגען און האָט פון צייט צו צייט אויפגעציטערט.

זי האָט יעצט אין איהרע געדאַנקען ניט ווילענדיג דורכגע־לעבט דעם קאַמפף, די הילפלאָזיגקייט און די שרעק און צוטומעלט־קייט, וואָס זי האָט פריהער דאָרט הינטער דער טהיר נומער דריי דורכגעלעבט. איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי פיהלט נאָך זיינע שטאַרקע אָרמס ארום איהר קערפּער, זיין הייסען אָטהעם אויף איהר פנים, זעהט נאָך זיינע פייערדיגע אויגען נאָהענט פאַר זיך און הערט נאָך זיינע ווילדע ווערטער, און זי האָט זיך געפיהלט אַזוי הילפ־לאָז געגען דעם, אַזוי הילפלאָז....

— גאָט מיינער, גאָט מיינער, וואָס פאַר אַן אונגליק, וואָס פאַר אַן אונגליק! — האָט זי געקרעכצט.

זי האָט געפיהלט, אַז ווען ער זאָל איצט ווידער קומען, וועט זי איצט נאָך ווייניגער כוחות האָבען צו ראַנגלען זיך געגען איהם ווי פריהער...

זי וועט משוגע ווערען, זי וועט פון׳ם זינען אַראָב. זי וועט זיך אַ מיתה אָנטהאָן. זי וועט זיך אויך אַרונטערוואַרפען ווי די רויטע ברכה! גוואַלד, ווי קען זי נאָך איצט טראַכטען וועגען איהם, איצט, ווען זי האָט זיך ערשט מיט איהר קינד געשוואָרען, ווען זי האָט ערשט אַזוי תשובה געטהאָן!

גוואַלד, מען האָט איהר סיידען עפּעס אונטערגעטהאָן, אַ כשוף, אַ קליפּה, זי איז געקוילעט, אָהן אַ מעסער געקוילעט!....

און זי האָט זיך בעמיהט אַרויסצורופען אין איהרע געדאַנקען די אַלע העסליכע מענער, די אַלטע און פערקריפּעלטע, וואָס זי האָט געזעהן אהין קומען, געוואָלט מיט דעם זיך אָנשרעקען, אָבער ע ר האָט זיי אַלעמען מיט זיך פערשטעלט, ער, בעני, מיט זיין יונגען שלאַנקען קערפּער; נור איהם האָט זי געזעהן, נור איהם אליין האָט זי געקענט זעהן!...

גוואַלד, ווען איהר מאַן וואָלט געווען אַנ׳אַנדערער!... אָדער

וואָלט ער איהר כאַטש דעם קאָפּ צושפּאָלטען, אויף טויט דער־הרג'עט, צוליעב איהם, צוליעב זייער קינד און צוליעב איהר אליין !...

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן בעט און איינגעשצעמעט די צייהן אין די קישען.

---

.4

אין דעם גרויסען טענעמענט־הויז איז איצט געווען שטיל, ווי עס קען נור זיין שטיל אין אַזא טענעמענט הויז. דאָ און דאָרט האָט אַ טהיר אַ קלאַפּ געטהאָן. אויף די טרעפּ איז עמיצער ארויף, פון די טרעפּ איז עמיצער געגאַנגען, אָבער דער געוועהנליכער ליאַרם, דער געוועהנליכער געפּילדער, וואָס עס טראָגט זיך דאָרט אין אַנ'אַנדער צייט, איז איצט דאָרט ניט געווען.

פּלוצים האָט אויפ'ן פינפטען שטאָק אַ גראַמאָפאָן גענומען שפּיעלען. אַ אידישער חזן האָט מיט משוררים „כל נדרי" געזונגען. און הערליך און הייליג, און הארציג האָבען די שטימען זיך פון אויבען געטראָגען, ווי פון הימעל ארונטער וואָלטען זיי זיך מיט האַר־ציגען געבעט געגאָסען...

מיסעס דראבקין האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און זיך אויפ'ן בעט אויפגעזעצט. זי האָט זיך איינגעהערט. און די דאָזיגע בעקאַנטע טענער האָבען אַ ווייהע געטהאָן אויף איהר מיט דער היים, מיט דער ערנסטער, מורא'דיגער יום כיפור'דיגער שטימונג פון איהר שטעדטעל, און פאַר איהר האָבען אויפגעלעבט די אַלע בעקאַנטע פרומע אידען פון איהר שטעדטעל אין ווייסע קיטלען און איהר טאַטע אין ווייסען און איהר מאַמע אין ווייסען, און זיי אַלע שטעהען אין שוהל, וואו ווּעקסענע יום כיפור־ליכט ברענען, און שאָקלען זיך, און וויינען, און שלאָגען זיך אין הארצען, בעת די דאָזיגע בעקאַנטע טענער פון דעם חזן און זיינע משוררים טראָגען זיך איבער זיי אַלעמען...

און דאָ האָט זי זיך מיט אַמאָל דערמאָהנט, אַז אין אַ חודש ארום איז ראש השנה.

— גאָטוניו, ראַטעווע מיך!... האָט זי ארויסגעפּליסטערט, אַ קלאַפּ געטהאָן זיך אין'ם הארצען און זיך צונויפגעקאָרטשעט. און

פון אויבען האָבען זיך נאָך געגאָסען די פייערליבע טענער פון „כל נדרי“.

הינטער דער טהיר אין דעם האלב דונקעלען צימער איז געהאַנ־גען אַ ווייס אונטער־קלייד. און מיט אַמאָל האָט זיך מיסעס דראַבקין אויסגעוויזען, אַז דאָס הענגט ניט איהר אונטערקלייד, נור איהר מאַמע שטעהט דאָרט אין ווייסע תכריכים, קוקט אויף איהר מיט שרעקליכע אויגען און פליסטערט צו איהר עפּעס, פליסטערט. זי איז אויפגעטרויסעלט געוואָרען און האָט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ. אָבער דאָס פליסטערען האָט זיך נאָך געטראָגען. זי האָט עס קלאָהר געהערט, פון ערגעץ הינטער דער טהיר האָט זיך עס געטראָגען, פון'ם צווייטען צימער, צו פון דער קיך, צו גאָר פון אונטער'ן בעט. עס האָט זי גענומען וואַרפען אין קעלט און אין היץ.

דער גראַמאַפאָן איז אַנטשוויגען געוואָרען און דאָס פליסטערען האָט זיך נאָך אַלץ געהערט. איהר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי הערט איהר נאָמען אַרויסגעפליסטערט.

ציטערענדיג, איז זי פון'ם בעט אַרונטער, צוגעגאַנגען צום אונטער־קלייד און האָט עס אַרונטערגעריסען פון דער וואַנד. אָבער דאָס פליסטערען האָט ניט אויפגעהערט.

פּלוצים האָט זי דערזעהן אין דעם אַנדערען צימער בעני'ן: ער האָט דאָס צו איהר געפליסטערט, געפרעגט, אויב זי איז אַליין און זי גערופען. זי האָט מיט שרעק אַ געשריי געטהאָן און זיך צוגעדריקט צו דער וואַנד, די אויגען אויף איהם אויסגעגלאָצט.

ער האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון איהר שלאָף־צימער, געשמייכעלט צו איהר און גערעדט:

— קום, וועסט אָנקוקען, וואָס פאַר אַ קלייד איך האָב געבראַכט פיר דיר! קום, איך האָב דאָך דיך אַזוי ליעב, דאַרלינג, און באַלד קומט דאָך מסתמא דיין מאַנקי פון פעדלען, קום, דאַרלינג!

און ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן אין זיינע שטאַרקע ארמס.

זי האָט זיך געריסען פון איהם, געכאַפּט בייסען זיין האַנד און אַרויסגעלאָזט דערביי אַזוינע פערשטיקטע ווילדע קלאַנגען, ווי אַ פערוואונדעטע חיה. ער האָט אַ געשריי געטהאָן, איינגעלאָזען זי,

אַ הויב געטהאָן די האַנד איבער איהר, אַזוי ווי ער וואָלט זי שלאָגען געוואָלט, האָט אָבער גלייך זי אַרונטערגעלאָזט און זיך צולאַכט. זי איז אַריינגעלאָפען אין קיך, ער נאָך איהר.

— וואָס אַנטלויפסטו? איך וועל דאָך דיך כאַפּען! — האָט ער געזאָגט — און ביי מיר איז אַזוי: האָט מען מיך איינמאָל גע־קושט, וועט מען מיך אַ צווייטען און אַ דריטען און אַ הונדערטען מאָל קושען!

— עס איז אַ ליגען — האָט זי אויסגעשריען — איך האָב אייך קיינמאָל ניט געקושט. באָם!

און זי האָט זיך אַוועקגערוקט פון איהם נעהנטער צום אויווען, ער צו איהר לאַכענדיג.

— איך וועל זיך פון'ם פענסטער ארויסוואַרפען — האָט זי געזאָגט.

— עט! — האָט ער געענטפערט.

— איך וועל זיך אַ מיתה אָנטהאָן...

— עט!

— איך וועל אויפהויבען אַ גוואַלד און דערציעהלען אַלעמען, ווער איהר זייט!...

— עט...

— באָם, אַרויס פון דאַנען!

— עט!

און ער האָט זי אַ שלעפּ געטהאָן צו זיך.

און פּלוצים, וואו האָט זי די כוחות גענומען, האָט זי איהם אַזאַ שטויס געגעבען פון זיך, דאָס ער האָט מיט'ן קאָפּ שיער די וואַנד ניט דורכגעזעצט, און איידער ער איז צו זיך געקומען, האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן דעם שווערען קאָכעדיגען קעסעל וועש און אויף איהם איבער־געקעהרט. ער האָט אַ געשריי געטהאָן, געפאַלען אויף דער ערד, גע־דרעהט זיך און געקאָרטשעט זיך ווי אַ שלאַנג און געשריען מיט אימה'דיגע קולות. זי האָט אויך גענומען שרייען און דאָס קינד אין דער וויעג האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט און געשריען.

און איבער דעם דאָזיגען געשריי האָט זיך א פּארע געטראָגען, ווי אין אַ באָד, פון דעם אויסגעקעהרטען קאָכעדיגען קעסעל...

באַלד זיינען אַריינגעלאָפען מענער און פרויען, און קינדער, אי שכנים פון דעם הויז, אי מענשען פון דער גאַס, און מיסעס גוטמאַן און מייביל זיינען אויך אריינגעלאָפען.

— בעני! — האָט מיסעס גוטמאַן אַ געשריי געטהאָן.

מייביל האָט גענומען וויינען אויפ'ן קול און איז ארויסגעלאָפען.

— אַן אַמבולאַנס! אַ פּאָליסמאַן! — האָט עמיצער אויס־געשריען.

עטליכע מענשען זיינען אַרויסגעלאָפען.

מיט אַמאָל האָט זיך אין דעם אַרומיגען ליאַרם דערהערט מיסעס דראַבקין'ס פּערצווייפעלטער, כמעט היסטערישער יאָמער:

— אידישע קינדער, אידישע טעכטער! זייט וויסען... אָט די מיסעס גוטמאַנקע־גנב... אָט זי... אָט די גאָט'ס גנב... אָט זי... האָט אַ הייזעל דאָ אין'ם הויז... פערפיהרט... מאַכט אונגליקליך אידישע עהרליכע טעכטער...אָט דער באָם, וואָס פּגר'ט דאָרט, איז געווען איהר פּאַרטנער... צוליעב איהם האָט די רויטע ברכה זיך אויך אַרונטערגעוואָרפען פון'ם הויז... ער האָט זי פּעראונגליקט... מיך איז ער אויך איצט בעפאַלען: געבעטען זיך ביי איהם ווי ביי אַ גזלן... „לאָזט מיך אָפּ“, ביז איך האָב אויף איהם איבערגעקעהרט דעם קעסעל וועש!

זי האָט מעהר ניט געקענט ריידען, דער אָטהעם האָט איהר פערכאַפּט, און זי האָט זיך צואַמערט, מיט ווילדע קולות אָהן ווער־טער, ווי אַ חיה, וואָס איז אויף טויט פערוואונדעט געוואָרען.

עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ גוואַלדיגער ליאַרם. מיסעס גוט־מאַן האָט זיך אַ צוטומעלטע אַרויסגערוקט פון דער טהיר.

אַ פּאָליסמאַן איז געקומען, דערנאָך אַן אַמבולאַנס.

און שפּעטער אַ ווייַלע האָט מען אויף אַ טראָגער אַרויסגעטראָגען בעני'ן, אָדער ריכטיגער אַ באַרג וואַטע, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט שוואַכע קרעכצען. מען האָט דעם באַרג וואַטע אין אַמבולאַנס אַריינ־געשטופּט. פאַר'ן הויז איז שוואַרץ געווען פון מענשען. פון דער

טהיר נומער דריי האָבען צוויי דעטעקטיווס ארויסגעפיהרט מיסעם גוטמאַן און מייביל'ן, וועלכע דער עולם אין דרויסען, וואָס האָט שוין געוואוסט, ווער זיי זיינען, האָט בעגעגענט מיט אַ הוזשען און קוויטשע־רייען. דערנאָך איז פון דער טהיר נומער פיער מיסעם דראבקין אַרויסגעקומען מיט אַ פּאָליסמאַן, אַ שכנה האָט איהר נאָכגעטראָגען איהר קינד.

**זיי זיינען אַוועק. די גאַס האָט נאָך געשריען און געקוויטשעט...**

**18טען אָקטאָבער, 1914.**

**ברוקלין, נ. י.**

